י. פינער

# צוויי משפחות

ראָמאַן

צווייטער באַנד: — מלחמה

פאַרלאַג
י.ל. פרץ
ישראל

1976

פאַר מיין משפחה:
עליז און אַנרי שטריגלער,
רעזשין און לעאָן בורשטין,
מאַרי און שיקאַ שטאָקמאַן —

דער מחבר

# קאַפּיטל 1

יענעם זונטיק האָט דניאל זיך אויפגעכאַפּט אַ שפּראָץ אויף טאָג, פריער נאָך, הייסט עס, ווי אין די איבעריקע טעג פון דער וואָך, ווען ער דאַרף אַוועק צו דער אַרבעט, לויפן כאַפּ־לאַפּ — איידער נאָך ער באַוויזט אַפילו אויסצוטרינקען ווי געהעריק די קאַווע און אַראָפּשלינגען אַ קרואַסאַן.

אַ שפּראָץ אויף טאָג אין מיטן זומער באַדייט: כמעט טיף אין דער נאַכט. פאַר וואָס זשע האָט ער זיך אויפגעכאַפּט אַזוי פרי, אויב נישט די טאָג־טעגלעכע אַרבעט זיינע, און נישט עפּעס אַנדערש, האָט אים דערצו געצווונגען ?

געוויס דער ווינט. ער האָט דאָס אַרויסגעריסן אים פון שלאָף, ער האָט דאָס אים אַרויסגעשלעפּט פון בעט. וואָרעם פּונקט אַזוי ווי אַלע מאָל, האָט ער אויך די נאַכט געלאָזט אָפן דאָס פענצטער פון זיין צימער. און אָט ליגן די פּלענער, אויף וועלכע ער אַרבעט שוין וואָכן און מאָנאַטן, צעוואָרפן אויף דער ערד.

נאָך גוט, טראַכט דניאל, וואָס דער ווינט האָט זיי נישט פאַרשלעפּט אין דרויסן. אַ דאַנק דעם באַגינען־ווינט דערפאַר. אָבער איז ער שוין טאַקע זיכער, אַז קיין איין פּאַפּירעלע, קיין איין פּלאַן זיינער, איז נישט פאַרשלעפּט געוואָרן דורכן אָפענעם פענצטער ? מען דאַרף אַ קוק טאָן, צי עס פעלט נישט עפּעס.

אַ באַנומענער פון שלאָף, און דאָך פריש און מונטער, בייגט זיך דניאל אַראָפּ, כדי צו זען, צי אים פעלט נישט עפּעס, אים דוכט זיך בעת מעשׂה, אַז ער האַלט נאָך אין מיטן אַ חלום. אפשר איז ער גופא אויך אַ חלום, אפשר...

ניין, ווער און וואָס אים פעלט, דאָס איז זי, שאַרלאָט. זי איז אַוועק־געפלויגן פון אים מיטן ווינט צו גלייך... מיט צען טעג צוריק איז זי אַוועקגעפאָרן אין איר קינדער־קאָלאָניע, ווי נאָר זי האָט פאַרענדיקט איר

שטודיום און אַרויסבאַקומען איר דאָקטאָר־דיפּלאָם. אָוועקגעפאָרן איז זי, נישט כדי זיך אָפּצורוען, ווי אַן אַנדערער אויף איר אָרט וואָלט געטאָן, נאָר פאַרדינען איז זי געפאָרן. און דאָס אויך נישט אַזוי צוליב געלט, וואָרעם ער האָט זיך דאָך אָנגעבאָטן, דניאל, איר צו באַצאָלן דאָפּלט וויפל זי וועט דאָרט באַקומען, אַבי נאָר זי זאָל פאָרן זיך אָפּרוען.

זי האָט אים נישט געהערט. אַן עקשנטע אַ גרויסע איז זי. ער ווייסט דאָס שוין פון לאַנג.

— נאַרעלע! — האָט זי, ווי ס׳איז איר געוווינהייט, מיטן שפּיץ וויז־פינגער אָנגערירט זיין נאָז — וואָלט איך געוואָלט געלט, וואָלט איך דאָס געקאָנט נעמען ביי די עלטערן מיינע. זיי וואָלטן געווען גליקלעך ווען איך זאָל מסכים זיין זיך צו לאָזן אויסהאַלטן פון זיי. איך וויל קיינעם נישט פאַלן צו לאַסט.

— אַזוי גאָר?! — האָט ער פּראָטעסטירט — פּלוצלינג בין איך גאָר געוואָרן ביי דיר אַ „קיינער נישט״!

— שוין, שוין... — האָט זי זיך געבעטן ביי אים — וואָס האָב איך דען געזאָגט?

און ער? תיכף האָט ער זיך געלאָזט איבערבעטן. כאָטש זיי זענען דעמאָלט געווען אַליין, האָבן זיי גענומען זיך שושקען, גלייך זיי וואָלטן געדאַרפט זיך היטן מיט אַ וואָרט, וואָרעם אַ פאָרל, וואָס האָט זיך אַזוי שטאַרק ליב ווי זיי, דאַרף טאַקע מורא האָבן פאַר אַן עין־הרע.

און שאַרלאָט איז געפאָרן אין איר קינדער־קאָלאָניע, בעת ער...

דניאל כאַפּט זיך, אַז ער זיצט אויפן דיל. עס קוקט אויס, ווי ער וואָלט נאָך אַלץ געהאַלטן אין אַרויסרייסן פון דעם ווינט פאַפּירן, פלעגער... אַ שמייכל באַווייזט זיך אויף זיינע ליפּן: שיר נישט האָט ער געזאָגט צו זיך, אַז ער דאַרף ראַטעווען זיינע געדאַנקען, וואָס דער ווינט וויל זיי פאַר־שלעפּן ווער ווייסט ווו אַהין, אפשר טאַקע אין דער קינדער־קאָלאָניע...

הייבט ער זיך אויף פון דיל, פּאַמעלעך, גלייך ער וואָלט נישט געווען זיכער, אַז אים וועט זיך איינגעבן זיך צו האַלטן אויף די פיס. ער וואַרפט אַ בליק אויף זיין טיש־קאַלענדאַר: ס׳איז דער דריטער יולי 1939. זומער, נישט צו הייס, נישט צו קיל, ווי עס פּאַסט פאַר אַ דריטן יולי אין פּאַריז.

לוינט זיך צו טראַכטן פון עפּעס אַ ווינט, פון פּאַפּירן? אים איז גוט אויפן האַרצן. יענעם טאָג האָט ער באַקומען אַ מתנה פון דער דירעקציע, פון דער אויטאָ־פאַבריק רענאָ, ווו ער אַרבעט, — אַן אויטאָמאָביל, לעצטע מאַרקע. איצט איז געקומען די צייט, ער זאָל גיין אַרויספירן פון גאַראַזש דעם אויטאָמאָביל און מיט אים אַ שפּאַציר טאָן אין פּאַריז, כדי פילן דעם טעם פון פאָרן אין אַן אייגענעם אויטאָמאָביל.

נישט קיין שלעכטער געדאַנק. ער וועט זיך לאָזן דאָס ערשטע מאָל מיט זיין אייגענעם אויטאָ אויף אַ שפּאַציר, און נישט הינטער פּאַריז כאַפּן פרישע לופט, נאָר טאַקע אין פּאַריז גופא, טאַקע איבער די גאַסן און געסלעך פון דעם היימישן קוואַרטאַל זיינעם, ווו ער איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרן און וואָס ער האָט ליב באַקומען אַזוי, אַז אים איז אַ שאָד זיך צו צעשיידן מיט אים אַפילו אויף איין זונטיק.

יאָ, דניאל האָט ליב בעלוויל, ער האָט ליב אירע גאַסן, אירע מענטשן און אירע שפּראַכן. וואָס איז דער וווּנדער? שטאַמט ער דאָך פון אַ פאַמיליע, וואָס איר האָט זיך איינגעגעבן זיך איינצוואָרצלען דאָ, דווקא צוליב דעם, וואָס זי איז נישט קיין עכט פראַנצויזישע און אַפילו נישט קיין ייִדיש־פראַנצויזישע פאַמיליע. בעלוויל איז קאָסמאָפּאָליטיש און געהערט דער גאַנצער וועלט. אַ ריינער צופאַל האָט איינגעגלידערט דעם דאָזיקן קוואַרטאַל אין פּאַריז. עס האָט משמעות אויסגעפּעלט פּאַריז אַ צוואַנציקסטער פערטל, איז דער גורל געפאַלן אויף בעלוויל.

און טאַקע אַזוי: בעלוויל באַקומט אַלע פּאָר יאָר אַ נייע קעגנוואַרט, אַ גאַסן־בילד — אמת בלויז פון דרויסן, אויבן־אויף. דערלאַנגט מען אָבער גוט אַ קוק, קאָן מען אין איר אַנטדעקן גאָר אַן אַנדער פאַרגאַנגענהייט: אַנדערע גאַסן, פּלעצער און הייזער. אויך אַנדערע איינוווינער, אַנדערע מנהגים און אַן אַנדער לעבנס־שטייגער.

אַפילו אין דעם קורצן שפּאַן פון דניאלס לעבן האָט זיך בעלוויל אויך גאַנץ היפּשלעך געביטן. נאָך דער וועלט־מלחמה האָט זיך בעלוויל פאַר־מאָסטן צו ווערן אַן אויסגעשפּראָכענע עמיגראַנטן־געגנט. און זאָגט מען „עמיגראַנטן", מיינט מען דאָך קודם־כל ייִדישע עמיגראַנטן. פאַר די איבע־ריקע געגנטן איז דער דאָזיקער כלל נישט גילטיק.

אָט למשל איז פאַראַן אַן אַראַנדיסמאַן — דער פופצנטער, וווינען אין אים כמעט בלויז רוסישע עמיגראַנטן, ווייסע רוסן. געוויס, אויך אין דעם קוואַרטאַל קאָן מען, פון צייט צו צייט, באַגעגענען אַ פליט נישט קיין רוס — אַן אַרמענער, אַ ייד, וואָס בלויז רעדן רעדט ער רוסיש, אָבער אין אַלע אַנדערע הינזיכטן איז ער אַ ייד דורך און דורך.

און אָט איז אַן אַראַנדיסמאַן, וואָס אין אים האָבן זיך צונויפגעקליבן איטאַליענער, אַנטלאָפענע פונעם פאַשיסטישן רעזשים. צווישן זיי באַגעגנט מען נאָך אַ סך זעלטענער אַ ייד. אויף יעדן פאַל וואָלט דער דאָזיקער קוואַרטאַל קיין מאָל נישט געקאָנט פאַרביטן ווערן מיט בעלוויל, דורך איינעם, וואָס איז געקומען פלוצלינג צו פאָרן אַהער, דורך אַן אונגאַר אַ נישט־ייד, למשל, וואָס איז אויך אַן עמיגראַנט אַ פליט, אָן פאַפירן, אָן געלט און אָן אַ פאַך אין דער האַנט.

און אַז ער ווייסט נישט וווּ זיך צו קערן און זיך צו ווענדן, טאָ וווהין װעלן אים פירן זיינע טריט? קיין בעלוויל? צום פלעצל אפשר? ביין, אַלץ וועט אים אָפשטויסן פון אָט דיביידע געגנטן. די ריחות דאָרט זענען דאָך גאָר אַנדערע ווי די, צו וועלכע ער איז צוגעוווינט, אָדער צו וועלכע ער האָט צוטרוי. פרעמדע ריחות פון רעסטאָראַנען, אַן אָפקלאַנג פון אַ שפּראַך, וואָס איז נישט זיינע, און נאָך און נאָך אַזעלכע אייגנטימלעכקייטן, וואָס קיין ענציקלאָפּעדיע רעדט נישט וועגן זיי.

נאָר אין דניאלס מוח קאָנען זיך פאַרוואַלגערן אַזעלכע מאָדנע געדאַנקען. אמת, ס׳איז זונטיק היינט. אין דרויסן איז וואַרעם, אויפן האַרצן איז לייכט. פאָרן מיטן אויטאָ שפּאַצירן אין מיטן פּאַריז, באַטראַכט ער זיך, האָט נישט קיין שום זין. ס׳איז דען דאָס ערשטע מאָל, וואָס ער פירט אַן אויטאָ? שוין מער ווי צוויי יאָר ווי ער האָט אַ דערלויבעניש צו פירן און פאַר דער דאָזיקער צייט איז ער גענוג אַרומגעפאָרן אין געדונגענע אָדער אין אויסגעבאָרגטע אויטאָמאָבילן.

אמת, זיצן אין אַן אייגענעם אויטאָ, דערצו נאָך אין אַן אויטאָ, וואָס איז אַ מתנה פון דער וועלט־באַרימטער אויטאָ־פאַבריק רענאָ, האָט גאָר אַן אַנדער טעם. אָבער פאַר וואָס דווקא אין פּאַריז? פאַר וואָס פאָרן אים אויספּרובירן צו פאָרט דע לילאַ, אָדער צום פּאַרק ביטשאָמאָן?

און טאַמער וועט אים באַגעגענען אַ באַקאַנטער — וואָס וועט אים דניאל זאָגן? וועט ער זיך נישט שעמען זיך צו גרויסן מיט זיין אויטאָמאָביל? נאַרישקייטן, ווער האָט דען היינטיקע צייטן נישט קיין אייגענעם אויטאָ?! פון דעסטוועגן זענען פאַרט נישט פאַראַן קיין סך יונגע לייט אין זיינע יאָרן, אינזשעניִרן, וואָס באַקומען פון זייער פירמע אַ מתנה אַן אויטאָמאָביל — טענהט דניאל שטיל אַריין אין זיך שטייענדיק בעת מעשה ביים שפיגל, און עפּעס ווי שמייכלענדיק צו זיך איינער אַליין, אַ סימן, אַז ער געפעלט זיך גאַנץ גוט.

יאָ, היינט אין דער פרי געפעלט ער זיך מער ווי אַלע מאָל. ער איז, זאָגט ער זיך, נישט מיאוס, און אויב מען וויל, קאָן מען אַפילו זאָגן אויף אים אַן חניפה: „פאַ מאַל", גאַנץ נישקשה און טאַקע אַ שיינער בחור!

אויסערלעך טאַקע, אָבער אויך דאָס שפּילט אַ גרויסע ראָלע אין לעבן. אַלע וויסן דאָס, און די פרויען, נישט נאָר זיי וויסן דאָס, נאָר זיי שטעלן אויך אין זייער באַציִונג צו אַ יונגן מאַן לויט זיין אויסזען.

יאָ, דניאל איז צופרידן מיט זיך. מער ווי איין פרוי האָט דאָס אים שוין געגעבן אָנצוהערן. ער ווייסט עס אַליין אויך. און ווען קיינער זעט נישט, קאָן ער בלייבן שטיין, ווי אַ פרוי, ביים שפּיגל און שמייכלען צו זיך אַליין מיט זיינע גרויסע ברוינע אויגן, זיך אַ גלעט טאָן די שוואַרצע טשופּרינע זיינע.

אויך אינערלעך איז ער נישט אַבי ווער אין זיינע אייגענע אויגן און אין די אויגן פון אַנדערע מענטשן. „ער האָט אַ צוקונפט" — זאָגט מען וועגן אים. אַ צוקונפט. וואָס הייסט עס אָבער האָבן אַ צוקונפט?

דניאל האַלט, אַז ער איז זייער אַ גוטער שאַפער, זיינע רעפלעקסן זענען אויסגעצייכנטע. ער פליט נישט הענדום־פענדום, ווי אַנדערע, וואָס ווילן רק איינשלינגען וואָס מער קילאָמעטערס. ער איז פאַרזיכטיק, ער יאָגט זיך נישט... מיט אים האָט קיינער קיין מורא נישט צו פאָרן. אַפילו זיין מאַמע, וואָס טרויט זיך נישט צו פאָרן מיט אַ טאַקסי.

זיין מאַמע — דאָס איז די שווער־געפּרוווטע יוכבד, יאָסל גראָסמאַנס

ווייב. ער אַליין, דניאל, איז אייגנטלעך דער זעלבער שעפּסעלע, איר יינגסטער זון, אויף וועלכן טאַטע־מאַמע האָבן איבערגעטראָגן גאָר די ליבשאַפט צו זייער טראַגיש־אומגעקומענעם הירשקען.

געהייסן האָט ער דניאל־שעפּסל, נאָךביידע זיינע זיידעס. די מאַמע אָבער האָט גערן געהאַט צו רופן איר יינגסטן זון — שעפּסעלע, אי צוליב דעם, ווייל דאָס איז געווען דער נאָמען נאָך איר טאַטן, און אויך דערפאַר ווייל אין דעם נאָמען האָט זי געקאָנט אַריינגעבן מער מוטערלעכע צאַרטקייט און ליבשאַפט.

אָבער אים אַליין, דניאלן, איז בעסער געפעלן געוואָרן דער נאָמען נאָכן טאַטנס טאַטן. אין פראַנקרייך קלינגט נישט דער נאָמען שעפּסל שטאַרק אימפּאָנירנדיק. דאַקעגן דניאל, אָדער דאַניעל, איז אַ נאָמען, וואָס איז זייער פּאָפּולער.

ווען ער איז עלטער געוואָרן, און דער עיקר, ווען ער האָט אָנגעהויבן גיין אין ליצײ, האָט ער זיך שוין גערופן דניאל. אַזוי האָבן אים גערופן די שול־חברים, אַזוי האָבן אים גערופן אַפילו די שוועסטער. יאָסלען האָט אויך הנאה געטאָן, וואָס זיין בן־יחיד איז איצט אַ נאָמען נאָך זיין טאַטן.

בלויז די מאַמע זיינע האָט אים כמעט שטענדיק נאָך גערופן שעפּסעלע. איר איז געווען מער ליב און ניחא דער קלאַנג פונעם נאָמען, וואָס האָט דערמאָנט אין דער קינדהייט פון איר מיזינעק. אַפילו יאָסלען איז געווען נאַטירלעך, וואָס זי רופט אים אַזוי.

טראַכטנדיק וועגן זיין מאַמען, הייבט אים אָן צו פאַרדריסן, פאַר וואָס ער קומט צו איר אַזוי זעלטן, כאָטש ווינען ווינט ער גאָר דערנעבן. וואָלט ער געווען אַ גוטער זון, טראַכט ער, וואָלט ער געדאַרפט זיך אַריינכאַפּן כמעט יעדן אָוונט צו איר, און נישט דריי־פיר מאָל אַ וואָך, און נישט כאַפּ־לאַפּ, אַ שפּרונג אויף אַ מינוט: „וואָס מאַכסטו, מאַמע? וואָס מאַכסטו, טאַטע? וואָס הערט זיך ביי אייך"? אומזיסט בעט זיך יעדעס מאָל ביי אים זיין מאַמע:

— בלייב־זשע נאָך אַ רגע, נאָך אַ ווײלע...

זיין טאַטע מורמלט בעת מעשה, ווי ער וואָלט גערעדט צו זיך אַליין:

— נו, טאַקע אַזוי, פאַר וואָס לויפט מען שוין צוריק?

— ערשט געקומען — באַקלאָגט זיך ווייטער די מאַמע — ערשט אַריין, און שוין ווילסטו גיין? וואָס איילסטו זיך? וואָס ווערסטו פאַרזאַמען? ס׳איז דאָך אַ חרפּה צו האָבן אַ זון נישט ווייט פון דאַנען, און עס גייען אַוועק וואָכן, חדשים...

— וואָס רעדסטו, מאַמע? פּרוּווט זיך דניאל פאַרטיידיקן — איך בין דאָך געקומען נעכטן, אייערנעכטן...

— אַלץ הייסט ביי דיר קומען, מיין קינד...

נאָך אַ רגע, און זיין מאַמע וועט אָנהייבן וויינען. איר קול איז שוין פייכט פון טרערן, זי בעט זיך, אַז ער זאָל בלייבן אויף אָוונטברויט.

— דאָס נישט, מאַמע, היינט נישט, אַן אַנדער מאָל... היינט קאָן איך נישט... איך האָב צוגעזאָגט...

— איך וויס... זאָגט זיין מאַמע מיט אַ נאָכגיביק קול — אַלע אָוונט זאָגסטו איר צו. אפשר ביסטו טאַקע גערעכט. וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן קאָנסטו דען האָבן צו פאַרברענגען מיט אונדז? זי האָט דיך אַריינגעכאַפּט...

— מאַמעשי, נישט זי האָט מיך אַריינגעכאַפּט, איך האָב זי אַריינגעכאַפּט. דו קאָנסט זיך נישט פאָרשטעלן ווי גוט, ווי איידל, ווי שיין זי איז...

— מיר זאָגן גאָרנישט קעגן איר — רופט זיך אָפּ זיין טאַטע — ביסט שוין נישט מער קיין ייִנגעלע, דו ווייסט אַליין וואָס דו האָסט צו טאָן.

יאָסל דרייט זיך אויס מיטן פּנים צו דער וואַנט, ער וויל נישט, מען זאָל אים האַלטן פאַר אַ ייִדענע...

דניאל דערמאָנט זיך, ווי אַזוי זיין טאַטע פלעגט מיט יאָרן צוריק זיך באַנעמען צו דער מאַמען, צו הירשקען, צו די איבעריקע קינדער. אָבער זינט הירשקעס אומקום איז זיין טאַטע אַן אַנדערער מענטש, גאָרנישט צו דערקענען. מען קריגט זיך נישט מער אין שטוב. שלום־בית. דער טאַטע איז געוואָרן אַ גאַנצער פּאָליטיקער, שיר נישט אַ קעמפער...

אָבער איצט קומט ער יעדן אָוונט אַהיים. זינט שאַרלאָט איז אַוועק־געפאָרן אין איר קינדער־קאָלאָניע, עסט ער אַלע טאָג אָוונטברויט ביי טאַטע־מאַמע. אייערנעכטן איז געווען אַ פרייטיק־צו־נאַכטס.

ווידער פאַרטראַכט זיך דניאל. ער טראַכט וועגן דער שטוב אויפן

בעלוויל, ווו ער האָט זיך אויפגעהאָדעוועט, וועגן די פרייטיק־צו־נאַכטסן און די שבתדיקע סעודות אויף דעם שנייווייסן געדעקטן טיש מיט די צווי בלאַנקענדיקע בענטש־לייכטערס. דאָס מאָל האָט ער, דוכט זיך אים, פאַרבראַכט ביי טאַטע־מאַמע אַ גאַנץ באַזונדערן פרייטיק־צו־נאַכטס.

מיט וואָס איז ער געווען באַזונדער? אפשר דערמיט, וואָס כמעט די גאַנצע משפחה גראָסמאַן איז זיך דאָרט צוזאַמענגעקומען, — מיט די קינדער און אייניקלעך. אַן אמת „יידישער" פרייטיק־צו־נאַכטס איז דאָס געווען — טראַכט דניאל, און עס ווערט אים וואַרעם אויפן געמיט. ער האָט זיי ליב, זיין טאַטן און זיין מאַמען. אויס קאַמף צווישן דורות, אויס קאָנפליקטן. זיין טאַטע און מאַמע זענען געבליבן ווי זיי זענען געווען. די מאַמע, אויף יעדן פאַל, איז פאַרבליבן אַזאַ, ווי אַ יידישע מאַמע דאַרף צו זיין, בעת די קינדער — ער, דניאל, דער עיקר — זענען אַוועק ווייט — ווייט פון די אַמאָליקע השגות און דרכים...

כאָטש צוריק געשמועסט, האָט דאָס לעבן זיך גאָר נישט אַזוי שטאַרק געביטן. אינערלעך האָט דאָס לעבן אַוודאי קיין סך זיך נישט געביטן. איצט אָבער איז זומער. ווידער זומער. שאַרלאָט, זיין שאַרלאָט, איז ווייט פון אים, און ער בענקט אַזוי שטאַרק נאָך איר.

דניאל פירט שפּאַצירן טאַטע־מאַמע אין זיין אויטאָ. דווקא הינטער פאַריז פאָרט ער מיט זיי. קיין ברינואַ האָט ער זיי אַוועקגעפירט אויף אַ גאַנצן טאָג, קיין בויבעריק, ווי די יידן האָבן אַ נאָמען געגעבן די דאָזיקע פאַריזער פאָרשטאָט־דאַטשע. טרעפן זיי זיך דאָרט מיט באַקאַנטע יידן פון בעלוויל, אויך מיט יידן פון דעם פלעצל און פון מאָנמאַרטר.

און ווידער גייען אַוועק וואָכן פון אַרבעט... נאָר אָט איז געקומען די צייט ווען דניאל קאָן נעמען זיינע פעריען. ער וועט זיי פאַרברענגען לעבן זיין שאַרלאָט, נישט ווייט פון דער קינדער־קאָלאָניע, ווו זי איז באַשעפטיקט ווי אַ דאָקטאָר.

אַן אויטאָ האָט ער אַן אייגענעם, אַ שפּאָגל נייעם אויטאָ. וועט דאָך דער וועג פון פאַריז ביז צו קאַרנאַק, וואָס ליגט נישט ווייט פון דעם האַלב־אינדזל קעבראָן און פון אועסאָן, נישט דויערן מער ווי אַ קאַצנשפרונג.

אַ קאַצנשפּרונג? עס רעדט זיך אַזוי, קאַרנאַק איז אַ פישער־דערפל ביים ברעג ים, אַן אויטאָ איז נישט קיין בליץ און נישט קיין פייל־פון־בויגן, איז נישט שייך צו שפּרינגען פון פּאַריז קיין ברעטאַניע. אָבער זיצט מען שוין ביים רודער פון אַן אויטאָ, קאָן מען שניידן פון דעם גרעסטן מהלך שטיקערווייז און מען זעט זיך נישט אַרום ווי די צייט גייט אַוועק.

ווי שוין דערמאָנט, האַלט נישט דניאל פון שלינגען קילאָמעטערס. ער האָט צייט, ער יאָגט זיך נישט נאָכן ווינט. אָבער ער מוז זיך מודה זיין, אַז אויך אים פאַרשאַפט דער איבערגאַנג פון איין געשווינדקייט צו דער צווייטער אַ סך פאַרגעניגן. ער האָט דאָס געפיל גלייך ווי ער וואָלט גובר געווען די צייט און אפשר אויך די שווערקראַפט. ער קומט זיך פאָר ווי אַ מאַכט, מיט וועלכער עס מוזן זיך רעכענען די פעלדער, די וועלדער, די טייכלעך, וואָס ער באַגעגנט אין וועג. זיי מוזן בלייבן הינטערשטעליק, בעת ער זיצט ביים קאָמאַנדאָ־פּאָסטן און יעדע פאַרבייגייענדיקע מינוט דערנענטערט אים אַלץ מער צום ציל, וואָס ער האָט זיך געשטעלט.

היינט איז זיין ציל צו קומען וואָס גיכער צו שאַרלאָט. אַ געניטער שאָפער איז ער, זיינע רעפלעקסן זענען זיכערע, קאָן ער זיך דאָס מאָל פאַרגינען צו פאָרן געשווינדער ווי געוויינלעך. ער וועט דעם דאָזיקן וועג דורכמאַכן אין איין טאָג און אָנקומען וועט ער אין קאַרנאַק איידער נאָך די זון וועט האָבן אונטערגעגאַנגען.

ביים זון־אונטערגאַנג וועט ער זי טרעפן. „שאַרלאָט" וועט ער זי פון וייטן צורופן. דאָס איז איר נאָמען אין פראַנצויזיש, אין יידיש־העברעיש הייסט זי אָבער שושנה. דאָס איז דער טייטש: רויז, רייזעלע.

וועט ער זי באַגעגענען, טראַכט זיך דניאל, מיטן צורוף: שושנה־רייזעלע! ער קאָן שווערן, אַז דערמיט וועט ער איר פאַרשאַפן דעם גרעסטן תענוג.

דערנאָך וועט זיין נאַכט. זי האָט אים טעלעפאָנירט, אַז זי האָט באַשטעלט פאַר אים אַ צימערל אין דעם איינציקן האָטעל, וואָס דער פישער־דאָרף קאַרנאַק פאַרמאָגט. פרייט ער זיך באַצייטנס מיטן צימערל, וואָס זיין פענצטער קוקט אַוודאי זיך איבער מיטן ים.

ער איז גליקלעך, דניאל, גליקלעך, וואָס ער איז יונג, שטאַרק און

וואָס „ער האָט אַ צוקונפט״, ווי מען זאָגט אויף אים. וואָס זאָל ער זיך זאָרגן? די גאַנצע וועלט געהערט דאָך אים.

— פאַר געזונטערהייט! — ווינטשן אים צו די ביימער אויפן וועג, די פעלדער, די הימלען, דער האָריזאָנט — פאַר געזונטערהייט!

## קאַפּיטל 2

מיטן אָוונט איז דניאל געקומען צו פאָרן מיט זיין אייגענעם אויטאָ אין קאַרנאַק. וויטער ים פון איין זייט, הויכע פעלדזן פון דער צווייטער זייט, און אָט לויפט אים אַנטקעגן זיין שושנה־רייזעלע!

איצט גייען זיי האַנט אין האַנט, נישט גלייך צו דער קינדער־קאָלאָניע, אָדער צו אים אין זיין צימערל, וואָס זי האָט פאַר אים געדונגען ביי אַ פויער, נאָר מיט אַ זייטיקן וועג — צום ים גייען זיי. נישט ער, נישט זי האָבן אויסגעקליבן דעם דאָזיקן וועג, נאָר זייערע טריט זענען געשטעלט געוואָרן ווי פון זיך אַליין.

מיט איין מאָל שטעלט זיך דניאל אָפּ, גלייך ער וואָלט עפּעס געהאַט פאַרגעסן. ער קוקט אָן שאַרלאָטן, ער קוקט איר טיף אין די אויגן אַריין. ער דערמאָנט זיך, אַז אייגנטלעך האָט ער פאַרגעסן אָדער נישט באַוויזן זי אָנצוקוקן ווי געהעריק, כדי צו זען, ווי זי זעט טאַקע אויס, צי האָט זי זיך נישט פאַרענדערט אין קאַרנאַק פאַר דער צייט, וואָס ער האָט זי נישט געזען.

ניין, די זעלביקע שושנה־רייזעלע וואָס געווען. בלויז אָפּגעברענט איז זי געוואָרן פון דער זון און אירע בלויע אויגן זענען מער נאָך בלוי.

דניאל נעמט אַריין איר לענגלעך פּנים אין זיינע הענט. ער טרינקט זיך אָן מיט איר בליק, מיטן גלאַנץ פון אירע שניי־ווייסע ציין. אַזוי שיין, אַזוי חנעוודיק, דוכט זיך אים, האָט ער זי נאָך קיין מאָל נישט געזען.

דער קאָפּ דרייט זיך אים, שיכור איז ער פון גליק.

— דו אויך? — גיט ער אויף טשעקאַוועס אַ פרעג כדי צו זען, צי זי האָט באַוויזן אַ לייען צו טאָן זיינע געדאַנקען, צי האָט זי פאַרשטאַנען, וואָס ער האָט זי געפרעגט.

— יאָ — האָט זי אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. געוויס, זי איז אויך אַזוי גליקלעך ווי ער. — דו אָבער — האָט זי אין אַ רגע אַרום צוגעגעבן, נישט אַראָפּלאָזנדיק די אויגן פון אים — ביסט בלייך, בלאַס...

— פאַר וואָס „אָבער״? — פרעגט ער זי און לאַכט זיך בעת מעשׂה פונאַנדער, גלייך זי וואָלט ווער ווייסט וואָס געהאַט אַנטדעקט אויף זיין פּנים, און ער וווּנדערט זיך סיי איבער איר אָריענטיר־פעיִקייט און סיי איבער איר „אָבער״, וואָס האָט ווייזט אויס, מיט זייער ביידנס גליק קיין שום שייכות נישט. אָבער וואָס פאַר אַן אונטערשיד? געגנוג געלאָפן צום ים. צייט זיך אומצוקערן און צו פאַרקירעווען צום פעלדז.

שאַרלאָט ווייזט מיטן פינגער אויפן בנין פון דער קינדער־קאָלאָניע צופוסנס פון פעלדז.

— איבער זעכציק שוועלבעלעך — דערציילט זי אים — האָבן דאָרט זייער נעסט. און אָט איז — ווייזט זי ווידער מיטן פינגער — דיין האָטעל. האָב צו מיר קיין טענות נישט. קיין פּאַלאַץ איז דאָס נישט. עס איז אַפילו נישט קיין האָטעל, אַזוינס איז אין דעם דערפל בכלל נישט פאַראַן, אָבער באַקוועמער וועט דיר דאָ זיין, מיין איך, אַ סך מער ווי אין ריץ למשל, פריילעכער אויך מסתמא. הכלל: דאָס איז אַלץ, וואָס איך האָב געקאָנט געפינען פאַר דיינעטוועגן.

— נאָר פאַר מיינעטוועגן? — וווּנדערט ער זיך.

— אויך פאַר מיר אַ ביסעלע — שטימט זי איין — אָבער נאָר אַ ביסעלע...

—פאַר וואָס נאָר אַ ביסעלע?

— דו ווייסט דאָך, דאַני ליבינקער, אַז מיין צייט געהערט נישט מיר. מיינע זעכציק קינדערלעך...

— איך ווייס... דערפאַר טאַקע האָב איך דיך אַזוי שטאַרק געבעטן, אַז דו זאָלסט זי רעזערווירן, דיין צייט, פאַר מיינעטוועגן.

— שאַ, שאַ! — פּרוּווט שאַרלאָט אים איינשטילן — היינט פאַרברענג איך מיט דיר דעם גאַנצן אָוונט. איך וועל היינט נישט עסן צוזאַמען מיט די קינדערלעך, נאָר מיט דיר.

— אַ דאַנק דיר כאָטש דערפאַר...

— כאַפּ נישט! — האָט זי אים איבער די רייד — איל זיך נישט מיט דיין דאַנק, מיט דיין איראָניע. נישט בלויז היינטיקן אָוונט וועלן מיר זיין צוזאַמען, נאָר אַלע אָוונטן, אַזוי לאַנג ווי מיר וועלן דאָ פאַרבלייבן. און איך וועל דיר אָנטרויען אַ סוד, וואָס דו ווייסט, איבעריקנס, אַליין אויך...

— וואָס אַזוינס? — ווערט ער נייגעריק.

— דו וועסט דאָס באַלד זען מיט דיינע אייגענע אויגן. אָט זענען מיר שוין אָנגעקומען צו דיין... צו אונדזער... צימערל...

די טעג, ווי די טעג. נישטאָ קיין סך צו דערציילן וועגן טעג, פאַר־בראַכטע אין קאַרנאַק, וועגן טעג פון דאָרף־איינוווינער און פון פישער. זייער לעבן פאַרלויפט און ציט זיך אינעם זעלביקן ריטעם שוין יאָר־הונדערטער־לאַנג, זומער־איין, זומער־אויס: הימל, ים און פיש. געוויס, עפּעס קומט פאָר פון צייט צו צייט אין אַזאַ קאַרנאַק, אויף דער גרענעץ פון ים און יבשה. וואָס פאַר אַ וווּנדער? ווו נאָר אַ ישוב, ווו נאָר אַ דערפל, מוז עפּעס וואָס פּאַסירן. געבורטן, טויטן, חתונות, ליבעס, שטורעמס, קראַנ־קייטן, פאַרצווייפלונג, אייפערזוכט, יסורים... אָבער חוץ דעם גייט אַלץ מיט זיין נאַטירלעכן גאַנג.

אויך די טעג אין דער קינדער־קאָלאָניע גייען אַדורך אָן שווערקייטן, אָן געשיכטעס. זעלטן, זעלטן ווען אַ קינד דאַרף אָנקומען צו אַ דאָקטאָר.

אויב שאַרלאָט האָט געהאָפט, לאָמיר זאָגן, צו קאָנען אין דער קינדער־קאָלאָניע זאַמלען מעדיצינישע דערפאַרונג, מוז זי זיך איצט פילן אַנטוישט, אָבער ווער ווייסט דען נישט, אַז אויך פון זיך שפּילן מיט די קינדער, פון לויפן, פון טאַנצן מיט זיי, און דער עיקר — פון דערציילן זיי מעשׂהלעך און לאַכן צוזאַמען מיט זיי, און טייל מאָל נאָך מער ווי זיי — ווערט מען אויך קליגער, דערפאַרענער, געניטער?

אויך דניאל איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער שפּיל, וואָס וועט זיך פאַרענדיקן נאָר דעמאָלט ווען די קינדער־קאָלאָניע וועט זיך געזעגענען מיט קאַרנאַק, מיטן ים, מיטן הימל און וועט צוריקפאָרן קיין פּאַריז.

צוויי־דריי טעג נאָך דעם ווי דניאל איז געקומען פאַרברענגען זיינע פעריען־טעג אין קאַרנאַק לעבן שאַרלאָטן האָט אים שוין מער נישט געאַרט,

וואָס זי האָט פאַרקויפט כמעט גאָר איר צייט דער קינדער־קאָלאָניע. ביין, איצט האַלט ער, אַז די צייט, וואָס ער פאַרברענגט אין דער קינדער־קאָלאָניע אין איינעם מיט איר, מיט די איבעריקע דערציִערינס און דערציִער, אין איינעם מיט די זעכציק קינדער, ייִנגלעך און מיידלעך, נוצט ער אויס אויך פאַר דעם אייגענעם נוצן ווען, פאַר זיין און פאַר איר, שאַרלאָטס, פרייד.

אָבער פול און גאַנץ לעבן און זיך פרייען קאָן ער נאָר דאַן, ווען ער געפינט זיך מיט איר אַליין, ווען זיי שפּאַצירן צוזאַמען מיטן ים צום פעלדז און פון פעלדז צום ים. ווען זיי דערציילן איינער דעם צווייטן וואָס עס זאָל נישט זיין און אויך דאַן ווען עס פאַרווילט זיך זיי שווייגן צוזאַמען. אין אַזאַ מין שווייגעניש קאָנען נישט בלויז אַלע רייד זיך באַהאַלטן, נאָר אויך אַלץ, וואָס איז נישט דערטראַכט און נישט דערזאָגט געוואָרן. דאָרט בלייבט איבער אָרט פאַר סתם געדאַנקען און אויך פאַר אזוינס, וואָס גראָבט שטילערהייט, נאָגט און ווייסט אַליין נישט ווהין זיך אַהינצוטאָן פאַר שרעק און פאַר זאָרג.

שרעק און זאָרג איז דעם זומער גראָד פאַראַן אַ סך. דער זומער 1939 איז נישט גלייך צו אַלע פאַרגאַנגענע זומערס, חוץ צום זומער 1914, פאַר־שטייט זיך. זומער וואָרט מען געוויינטלעך אויפן האַרבסט, וואָס ברענגט מיט זיך אַ גערעטעניש. דאָס מאָל אָבער וויל מען, אַז דער זומער זאָל קיין מאָל נישט אויפהערן, ווייל מיטן אָנקומען פון האַרבסט וועט אפשר געשען אין דער וועלט עפּעס אַזוינס, וואָס קאָן חרוב און וויסט מאַכן דאָס לעבן, מאַכן אַ סוף צו דער וועלט.

דעם זומער איז פאַראַן אַ גערעטעניש אויף שרעק און אויף זאָרג. נישטאָ קיין איין צייטונג, נישט אין פּאַריז, נישט אין דער פּראָווינץ, וואָס זאָל דעם גאַנצן חודש אויגוסט, טאָג נאָך טאָג, נישט האַלטן אין שפּאַנונג דעם עולם לייענער מיט אַלערליי טעלעגראַמעס און דערקלערונגען פון מיניסטאָרן און פּאָליטיקער וועגן דעם באַלדיקן אָנקום פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

דניאל לייענט זיי, די דאָזיקע איוב־טעלעגראַמעס, און ווי ער זאָל זיך נישט ווערן קעגן דער מאַטעמאַטישער גענויקייט, מיט וועלכער די דאָזיקע בייזע נביאות אָפּעריִרט, מוז ער זיך מודה זיין, אַז וואָס אַ טאָג ווייטער

צעברעקלט זיך אַלץ מער און מער זײַן גליק, ווערט אַלץ מער און מער חרוב זײַן צוקונפט, וואָס ער האַלט אין שאַפן שוין עטלעכע יאָר, זינט ער האָט זיך דערנענטערט צו שאַרלאָט און זינט ער האָט אָנגעהויבן בויען אין געדאַנק אַ רויִקע בשותפותדיקע היים פאַר זיי ביידן.

ליגן זיי ביידע אויף דעם גילדערנעם זאַמד ביים ברעג ים און זיי טראַכטן. ווער קאָן גאַראַנטירן, אַז אין איינעם פון די קומענדיקע פרימאָרגנס אָדער נאָכמיטאָגס וועט מען נישט מוזן פאַרלאָזן דעם שטראַנד, און נאָך איידער מען וועט זיך כאַפּן, וואָס עס איז אייגנטלעך געשען אויף דער וועלט, וועט מען זײַן געצוווּנגען צו לויפן אין צימערל, כדי צונויפּפּאַקן די פּאָר העמדער, די עטלעכע ביכער און... זיי געזונט, שאַרלאָט!

— וועגן וואָס טראַכסטו איצט, דאַני? — פרעגט זי אים.

— איך טראַכט... איך טראַכט... לאָמיר זאָגן, אַז איך טראַכט איצט פון אָט די אַלע קליינטשינקע פליגעלעך, וואָס טאַנצן און דרייען זיך אין דער לופטן... לאָמיר זאָגן, אַז איך טראַכט אויך פון דעם וואָלקנדל, וואָס רוקט זיך איצט אַרויס אויפן לויטערן הימל. באַלד וועט עס ווערן גרעסער און דיקער, און עס וועט פאַרדעקן די זון... דאָס דאָזיקע קליינע וואָלקנדל שרעקט מיך...

— איך האָב פאַרגעסן הײַנט צו לייענען די צײַטונג. וואָס שוין ווידער?...

— ניין, הײַנט איז דווקא גאָרנישט נישט פאַראַן אין דער צײַטונג, וואָס וואָלט געקאָנט אָנוואַרפן אַ מורא...

— טאָקע אַזוי, די וועלט איז דאָך פאָרט נישט משוגע... דאָס איז אוממעגלעך...

— ניין, שאַרלאָט, די וועלט איז יאָ משוגע! תמיד איז די וועלט משוגע. וואָלט מען געלאָזט טאָן די וועלט, וואָס זי וויל, וואָלט מען קיין מאָל פון די קאַטאַסטראָפעס און פון די חורבנות נישט אַרויסגעקראָכן. אַ יחיד איז נאָך אַ מאָל פעיִק צו באַטראַכטן, צו באַקלערן וואָס ער גייט טאָן. ביז צום לעצטן אויגנבליק קאָן ער נאָך זיך באַזינען. אָבער די וועלט, האָט זי אָנגעהויבן זיך צו קייקלען באַרג־אַראָפּ — ווערט אויס מיט אַלע אירע אייגנעניש און מיט אַלע אירע גוטע כוונות. אַזאַ איז זי, די וועלט, דו וועסט זי שוין נישט איבערמאַכן!

— איך פֿאַרשטיי דיך נישט, דאַני. ס'איז דאָך פּונקט דער היפּוך פֿון דעם, וואָס דו זאָגסט מיר אַלע מאָל: די וועלט אין אַלגעמיין איז גוט, זי וויל נישט אונטערגיין. נאָר אַן איינצלנער, אַ נעראָן, אַ היטלער, אַ פֿראַנקאָ, אַ מוסאָליני, ווען זיינע אַמביציעס צעשפּילן זיך און ער גייט אַרויס פֿון די כלים, איז פּעיִק נישט בלויז אומצוברענגען אַלע אַנדערע מיט־מענטשן, נאָר אויך זיך גופֿא.

— דאָס איז אויך אמת, עס ווענדט זיך ווי אַזוי מען קוקט אויף דער וועלט און ווי אַזוי מען קוקט אויף זיך גופֿא.

— פֿאַר וואָס ביסטו היינט אומרויִקער ווי אַלע אַנדערע טעג?

— ווייל די מלחמה רוקט זיך אָן אַלץ נענטער, אָט פֿאַר וואָס!

דער נאָכמיטאָג איז שוין נישט אַזאַ ווי אַלע טעג. די שרעק פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, וואָס רוקט זיך אָן — אין דעם איז איצט שוין קיין שום ספק נישט געווען — וואַקסט פֿון שעה צו שעה, פֿון מינוט צו מינוט. און קומען קומט זי איצט נישט פֿון דעם קליינעם וואָלקנדל, וואָס האָט פֿאַר מיטאָג זיך עפּעס ווי פֿאַרגענומען צו וואַקסן און צו פֿאַרדעקן די זון אין הימל — און איז, אגב, גיך פֿאַרשוווּנדן און האָט קיין שפּור נישט איבער־געלאָזט נאָך זיך — נאָר פֿון דער טיפֿעניש פֿונעם האַרצן, פֿון אינעווייניק...

דער אָוונט אויך אַזוי, די נאַכט אויך אַזוי. יאָ, די צווייטע וועלט־מלחמה האָט זיך באַזעצט אין דניאלס און אין שאַרלאָטס געמיט נאָך איידער זי האָט געלאָזט פֿון זיך וויסן אויף די מאָביליזאַציע־אַפּישן און אין די צייטונגען.

## קאַפּיטל 3

כאָטש דער באַגינען אין די הייסע זומער־חדשים און אין אַזאַ ים־שטעטל ווי קאַרנאַק איז אַ פֿריִקער, און די רויטע זון גייט דאָ אויף איידער נאָך די לבנה באַוויזט אונטערצוגיין, האָט זיך אָבער די נאַכט, וועגן וועלכער דאָ וועט גערעדט ווערן, געצויגן לאַנג, און עס האָט זיך געדוכט, זי וועט זיך גאָר קיין מאָל נישט ענדיקן.

און דאָך האָט דניאל אין דער דאָזיקער זייער לאַנגער נאַכט נישט

באַוויזן צו דערציילן שאַרלאָטן אַפילו די העלפט פון דעם, וואָס האָט זיך געהאַט אָנגעקליבן אויף זיין געמיט. ער האָט נישט באַוויזן איר צו זאָגן אַפילו דאָס סאַמע וויכטיקסטע, וואָס זי האָט געדאַרפט וויסן וועגן זיין לעבן, וועגן זיין באַציִונג צו איר. דאָס האָט אים שטאַרק פאַרדראָסן, ווי אַזוי, האָט ער נישט אויפגעהערט זיך צו פרעגן, ווי אַזוי געלינגט מיר נישט איצט, ווען אַלץ הענגט אויף אַ האָר, אויפצוזוכן דאָס, וואָס באַהאַלט זיך בחדרי חדרים אין האַרצן?

דניאל האָט דאָס געפיל, ווי ער וואָלט, זוכנדיק זיינע מחשבות, זיך אַליין אַרומגעזוכט. אויך שאַרלאָטן האָט ער געזוכט, כאָטש זי איז געלעגן לעבן אים און האָט זיך געטוליעט צו אים. איצט, ווען מען דאַרף זיך מתוודה זיין און זיך געזעגענען, איז זי פאַרשוווּנדן, פאַרפאַלן געוואָרן. די פרוי, וואָס טוליעט זיך צו אים, איז נישט זי, נאָר אַ צווייטע. ער ווייסט אַליין נישט פון וואַנען זי האָט זיך גענומען צו אים.

אַזוי אַרום, נישט געקוקט אויף די אַלע רייד, וואָס הערן נישט אויף צו פליסן פון זיין מויל מיט אַ שטיל-געלאַסענער, פאַרטרוילעכער שטים, באַווייזט ער נישט זיך מתוודה צו זיין פאַר איר, זיך צו געזעגענען מיט איר. אַלץ איז, הייסט עס, געווען אומזיסט. אַ שאָד איטלעך וואָרט. דניאל טראַכט צו אַ געפערלעכן געדאַנק, פאַר וועלכן ער דערשרעקט זיך, אָבער נישט בלויז קאָן ער אים נישט אָפּשטויסן, נאָר ער קאָן אים אַפילו נישט פאַרווערן אַרויסצוטרעטן פראַנק און פריי מיט די געהעריקע דיבורים.

— דו ווייסט גאָר וואָס — שושקעט איר דניאל אין אויער אין אַ טאָן, אין וועלכן געליבטע פאַרטרויען איינער דעם צווייטן סודות, וועלכע זענען זיי ביידן פון לאַנג אָן שוין באַקאַנט. — דו ווייסט, מיין טייערע, אַ דיקע וואַנט טיילט פונאַנדער איין מענטשן פון דעם צווייטן, און ליבע איז נישט מער ווי אַ מיטל, וואָס מען ווענדט אָן דורכצוברעכן די דאָזיקע דיקע וואַנט, אַ מיטל, וואָס געלינגט זייער זעלטן.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ שפּאָגל נייע פילאָסאָפיע? — לאַכט זיך שאַרלאָט פונאַנדער — אַבי איך האָב געמיינט, אַז ליבע איז אַ מיטל, וואָס מען ווענדט אָן, כדי זיך צו ליבן, כדי צו האָבן פאַרגעניגן, אָדער כדי צו האָבן קינדער, אָדער... לאָמיר זאָגן אָן גריבלענישן — ווייל מען האָט חשק...

— נישט דאָס האָב איך געוואָלט זאָגן. וואָס אייגנטלעך איך האָב יאָ געוואָלט זאָגן, ווייס איך אַליין נישט. די נאַכט איז אַזאַ שווערע, אַז זי דערשטיקט יעדן געדאַנק.

— ביסט אַ פּאָעט, מײַן טײַערינקער! — טוליעט זיך שאַרלאָט צו אים צו נאָך ענגער, ווי זי וואָלט געוואָלט דורכברעכן די נישט אַנזעעוודיקע וואַנט, וואָס דניאל האָט דערמאָנט, אָבער די וואַנט איז געבליבן וואַנט. אַ וואַנט צווישן צוויי מענטשן, דאַרף מען וויסן, אַז זי שטעלט זיך אויף ווי פון זיך אַליין, שפּירט מען נאָך דעם נישט מער, ווי אַזוי זי וואַקסט אַלץ העכער און העכער. צו פּרוּוון זי אומוואַרפן, מוז מען זיך נעמען זאַלבע־צווייט, איינער פון איין זייט, דער צווייטער פון דער אַנדערער זייט. ס׳איז נישט גענוג דער גוטער ווילן, מען דאַרף אויך זיין גענוג שטאַרק. עס טרעפט אָבער אויך, אַז מען וויל זי גאַרנישט באַזייטיקן אויף אַן אמת, וואָרעם איינזאַמקייט האָט צוויי זייטן: זי צעשיידט און זי שיצט צו גלייכער צייט.

אָט וואָס עס פּלאָנטערט זיך אין דניאלס געדאַנקען. ער זוכט, ווייזט אויס, אַן אויסוועג פון דער נאַכט און פון דער שטיקעניש אירער.

— נישט דאָס האָב איך געוואָלט זאָגן — מאַכט דניאל מיט אַ זיך פּיעשטשענדיקער שטים, גלייך ער וואָלט געזוכט ווערטער זיך צו פאַר־ענטפערן — נישט דאָס האָב איך געוואָלט זאָגן, ניין, ס׳איז אַזוי שווער...

— וואָס מוטשעט דיך — ווערט שאַרלאָט אומרויִק — וואָס פּייניקט דיך, דאַני?

זי גלעט אים איבער די האָר, זי קושט אים אין די אויגן. זי זוכט, ווייזט אויס, דאָס קליינע מענטשעלע אין זיינע שוואַרצאַפּלען, אָבער צוליב דער פינצטערניש קאָן זי נישט כאַפּן דניאלס בליק. טאַפּט זי אים אַרום דאָס פּנים מיט אירע לאַנגע פינגער, ווי זי וואָלט אין זיין געזיכט געזוכט עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל איר קאָנען דערקלערן די סיבה פאַר וואָס דניאל איז די נאַכט אַנדערש ווי אַלע נעכט, פאַר וואָס ער קאָן נישט איינשלאָפן, פאַר וואָס ער פילט אַ באַדערפעניש צו רעדן. פילט ער זיך ווייטער איינזאַם, פאַרלאָזן? האָט זי אפשר, נישט ווילנדיק, אָפּגעקערט אויף אַ רגע איר געדאַנק פון אים? אַזוינס ווערט תיכף סיגנאַליזירט דווקא בעת אינטימע

מאָמענטן, אַפילו ווען מען פאַרראָט זיך נישט מיט קיין איין וואָרט, מיט קיין איין בליק, מיט קיין איין באַוועגונג.

— איך פיל — רופט ער זיך פלוצלינג אָפּ אָן שום צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס האָט אים ביז איצט געצופּט פאַר די ליפּן — איך פיל, אַז עס האַלט שמאָל אין דער וועלט... איך קום זיך פאָר ווי אַ מין סייסמאָגראַף... די מלחמה רוקט זיך אָן, אַ מלחמה, וואָס איר גלייכן איז קיין מאָל נישט געווען...

— ניין, ליבינקער! — בעט זיך שאַרלאָט ביי אים, גלייך ווי דער אויסברוך פון דער מלחמה וואָלט געווען אָפּהענגיק פון זיין באַשלוס — ניין, דאַנילע מיינס...

אַ מוטערלעך געפיל איז איר פלוצלינג באַפאַלן. פון איר לייב־און־לעבן איז דאָס דאָזיקע געפיל אַרויסגעקראָכן, ווי אַ קינד, וואָס ווערט געבוירן. דניאל איז נישט מער איר געליבטער, איר מאַן, ניין, ער איז אירס אַ ניי־געבוירן קינד, און איצט זוכט זי מיטלען ווי אַזוי אים צו באַשיצן, ווי אַזוי אים צו פאַרטיידיקן פון די סכנות, וואָס לויערן אויף אים.

די מלחמה? אויב אַזוי טאָר מען דאָך נישט פאַרלירן קיין איין מינוט. אויב אַזוי דאַרף מען דאָך אַלץ טאָן, כדי אים אַרויסצוראַטעווען פון דער שריפה, אים, דאָס הייסט איר קינד, ניין, איר געליבטן, איר דאַנין... אָבער דאָס אַלץ איז מסתמא אַ ליגן, אָדער אַ קאָשמאַר, וואָס איז שוין צערונען...

פון דעסטוועגן האָט זי פאָרט מורא אים צו פרעגן, דאַנין, פאַר וואָס ער מיינט, אַז די מלחמה האָט זיך שוין אָנגעהויבן, אין דער צייט ווען אי דער ראַדיאָ, אי די צייטונגען שווייגן. פאַר וואָס מיינט ער, אַז די מלחמה איז אומפאַרמיידלעך?...

היות אָבער ווי זי פרעגט אים נישט, ענטפערט ער איר אויך נישט. די מלחמה איז דאָך ביי אים אויך נישט מער ווי אַ פאָרגעפיל. וואָס איז ער דען? אַ פּאָליטיקער? אַ פּאָליטיקער, ווי עס איז געווען זיין ברודער, הירשקע? אָדער אַ היסטאָריקער, אַ פּראָפעסאָר פון געשיכטע, ווי דאָס איז זיין שוואָגער, האַנס? ניין, דניאל איז אַן אינזשעניר, אַ גוטער אינזשעניר, זאָגט מען... ווייסט דען אַן אינזשעניר ווען און פאַר וואָס וועלט־מלחמות ברעכן אויס?

אמת, נישט מער ווי אַ פּאַראַגעפיל, אָבער אַזאַ, וואָס באַהערשט די גאַנצע נאכט, די לעצטע נאַכט מסתמא, וואָס זיי זענען צוזאַמען, דניאל און שאַרלאָט.

דעם אַנדערן מאָרגן באַגינען האָט מען אין גאַנץ קאַרנאַק שוין געוווּסט, אַז די צווייטע וועלט־מלחמה הייבט זיך אָן. ראַדיאָ, צייטונגען און גלאָט פאַרשידענע קלאַנגען און קולות. אין אַלץ און אין אַלעמען געוואַלטעוועט דאָס שרעקלעכע וואָרט: מלחמה, כאָטש עס זשיפּעט נאָך אַלץ אַ פּיצעלע האָפענונג, אַז אין דער לעצטער סעקונדע וועט מען זיך דאָך באַזינען, אַז היטלער וועט דאָך נישט וואַגן צו מאַכן דעם לעצטן שריט. אין דער אמתן האָט ער שוין געוואַגט, אָבער אין פראַנקרייך רעדט מען דערווייל בלויז וועגן אַן אַלגעמיינער מאָביליזאַציע. מען וואַגט נישט אַרויסצורעדן דאָס וואָרט „מלחמה״. אָבער דאָס איז נישט מער אַזוינס, וואָס מען קאָן אפשר אָפּשרייען און פאַרטרייבן. ניין, דאָס איז שוין אַ שטיקווירקלעכקייט. מען הערט שוין אַפילו אויף זיך צו שרעקן פאַר דעם. פאַרקערט, אַ שווערע משׂא גייט אַראָפּ פון די פּלייצעס און מען פילט זיך איצט לייכטער. און מאָדנע, בלויז די, וואָס דאַרפן ווערן מאָביליזירט, פילן זיך דערלייכטערט און ווי באַפרייט פון אַ שווערן יאָך, און נישט יענע, וואָס דאַרפן נישט גיין אויפן פראָנט, וואָס וועלן פאַרבלייבן אויף זייערע ערטער, אין הינטערלאַנד.

דניאל ווערט מאָביליזירט פּונקט ווי אַנדערע הונדערטער טויזנטער פראַנצויזישע יונגע לייט. ער איז אַ פראַנצויזישער בירגער. און וואָלט ער נישט געווען קיין פראַנצויזישער בירגער, וואָלט ער אויך געלאָפן זיך פאַר־שרייבן פאַר אַ סאָלדאַט, ווי דאָס טוען אַוודאי — אין דעם צווייפלט ער נישט קיין רגע, כאָטש ער איז ווייט איצטער פון פאַריז — די יידן פון בעלוויל, פון פּלעצל און אַלע יידן־אויסלענדער, וואָס זענען נאָך נישט נאַטוראַליזירט געוואָרן. פרייוויליק וואָלט ער זיך געמאָלדן, און וואָס גיכער געוואָלט זיין אויפן פראָנט.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה — געדענק האָט דניאל זיך אָנגעהערט דערפון — האָבן אויך טויזנטער יידן־אויסלענדער זיך געמאָלדן פרייוויליק.

זיי זענען גרייט געווען צו שטאַרבן, אַבי פראַנקרייך זאָל זיין פריי און שטאַרק. דאָס ווילן זיי טאָן איצט, אפשר נאָך מער ווי בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווייל דאָס מאָל לויערט דאָך נישט בלויז אויף פראַנקרייך די סכנה פון אונטערגאַנג, נאָר אויף דער גאַנצער וועלט, און גאָר באַזונ־דער — אויף די יידן.

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט מען נאַטוראַליזירט די גאַנצע פאַמיליע גראָסמאַן. אַ מין פאַרגיטיקונג איז דאָס געווען פאַר הירשקעס טויט, אַ מתנה פון פראַנקרייך. שבעס פאַמיליע האָט מען נישט געדאַרפט נאַטוראַ־זירן, ווייל אַלע אין דער שטיין־משפחה זענען שוין געווען פראַנצויזן פון פריִער. אויך שאַרלאָט איז געווען אַ פראַנצויזין. זי איז אפרימס טאָכטער און אפרים איז פנחסעס אַ זון.

וואָס וועט איצט ווערן פון שאַרלאָטן? יאָ, וואָס וועט מיט איר זיין?

אין מיטן פאַקן זיינע זאַכן איז די דאָזיקע פראַגע אַריינגעפאַלן אין זיינע געדאַנקען מיט אַזאַ געבייזער, ווי ער וואָלט געהאַט באַגאַנגען לגבי איר וועער ווייסט וועלכע אַכזריותדיקע עוולה. איז דאָס אָבער זיין שולד, אַז ער ווערט מאָביליזירט?

פון דעסטוועגן האָט ער געמעגט זיין פאַרזיכטיקער, נישט אַזוי לייכט־זיניק. אַ ליאַדע טאָג האָט מען געקאָנט זיך ריכטן אויפן אויסברוך פון דער מלחמה. וואָס וועט זיין אויב שאַרלאָט וועט שוואַנגערן? זי ווינטשט זיך דאָך דאָס. אַ קינד וויל זי פון אים... יעדן טאָג האָט זי אים דאָס געזאָגט. טאָמער פאַלט ער? אויך נאָך זיין טויט וועט די וועלט נישט אונטערגיין, אָבער זי, שאַרלאָט, וועט בלייבן אַן אַלמנה נאָך איידער זי האָט באַוויזן חתונה צו האָבן, און זייערביידנס קינד וועט זיין אַ יתום...

וואָלט מען אפשר געדאַרפט אַ שמועס טאָן מיט איר... וואָס אָבער קאָן דאָס העלפן? ניין, נישט זי, נישט ער, קיינער האָט דאָ קיין דעה נישט.

אים דוכט זיך, אַז שוין אַ רעכטע ווײַלע, ווי ער פאַקט זיין וואַליזקע, געדויערט האָט דאָס נישט מער ווי פינף מינוט. אויך שאַרלאָט האָט פאַר־פאַקט אירע זאַכן. זי פאַרט מיט דניאלן. זי האָט אויסגעפועלט ביי דער דירעקציע פון דער קינדערהיים זיבן טעג אורלויב — פונקט אַזוי פיל צייט וויפל עס דאַרף אָנהאַלטן, לויט איר אויסרעכענונג, דער מאָביליזאַציע־אַלאַרם

אין איינעם שוין מיט דער דעמאָביליזאַציע־פּראָצעדור. היטלער וועט זיך דאָך אַוודאי דערשרעקן פאַר אַ צוויי־פראָנטן־מלחמה און ער וועט נאָכגעבן. דאָס איז קלאָר. פאָרט זי אים באַגלייטן, נאָך דעם וועט זי קומען צוריק קיין קאַרנאַק צו איר קינדער־קאָלאָניע, וואָס וועט דאָ זיין טעטיק נאָך צוויי וואָכן.

דערוויל אָבער שטייען זיי ביידע אין מיטן צימער און וויסן נישט וואָס ווייטער צו טאָן. פאַרבליבן זענען נאָך דריי שעה ביז צום אָפּפאָר פונעם באַרגצוג. פרעמד איז זיי פּלוצלינג געוואָרן דער ים מיט זיין גערויש, פרעמד און עפּעס ווי נישט צוגענגלעך. זיי וואָלטן ביידע געוואָלט שוין זיצן אין צוג.

— וויסטו גאָר וואָס? — רופט זיך אָן דניאל מיט אַ כמעט פריידיקן קול — איך האָב געפונען אַן אויסוועג ווי אַזוי צו פאַרטרייבן די צייט ביז צו אונדזער אָפּפאָר: לאָמיר שפּילן אַ פּאַרטיע שאַך.

שאַרלאָט איז מסכים. פּאַקט ער אויס צוריק זיין קליינעם שאַך, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט, און זיי זעצן זיך אַוועק שפּילן. אָבער דאָס מאָל קלעפּט זיך נישט די שפּיל. נישט זי, נישט ער האָבן חשק צו געווינען. פאַרקערט, ביידע ווילן זיי פאַרלירן, כדי צו באַווייזן, אַז עס זענען פאַראַן פּאַרטיעס, ביי וועלכע מען מוז פאַרשפּילן — וואָס פאַר אַ צוג מען זאָל נישט מאַכן.

היות אָבער ווי ביידע פאַרשפּילן די זעלביקע פּאַרטיע קאָנען זיי נישט, ווערט זיי די שפּיל באַלד מיאוס און ביידע קומען זיי צום באַשלוס, אַז עס האָט נישט קיין זין ווייטער צו שפּילן.

— איידער מיר האָבן אָנגעהויבן — מאַכט זי גלייך ווי זי וואָלט זיך פאַרענטפערט — האָבן מיר שוין פאַרלוירן די שפּיל.

— ביידע פאַרלוירן? — פרעגט ער זי שמייכלענדיק מאָדנע.

— ביידע — ענטפערט זי.

— איך מיין אויך אַזוי — איז ער מסכים.

זיי באַשליסן צו גיין אָפּוואַרטן דעם אָפּפאָר פון צוג אויפן וואָקזאַל אין קאַרנאַק.

סאָ'יז נישט פריילעך אויפן האַרצן. סיי ער, סיי זי, ווערן באַהערשט פון

דעם זעלביקן פאַרגעפּיל, וואָס האָט נאָך נישט באַקומען פון זיי קיין נאָמען, און זיי וועלן געוויס קיין מאָל נישט וויסן, ווי עס האָט געדאַרפט זיך אָנרופן. זיצן זיי איינער לעבן דעם צווייטן, אַ האַנט אין אַ האַנט, און שווייגן. נישטאָ מער וואָס צו רעדן. איינס פון די ביידע, טראַכט זיך דניאל, וועט זיין אַ מלחמה, איז אַ סימן, אַז היטלער האָט צו שטאַרק אָנגעצויגן די סטרונע... וועט אָבער היטלער נאָכגעבן, און אַלע וועלן ווערן דעמאָביליזירט, וועט ער, באַשליסט דניאל, זיך צואײַלן מיט דער חתונה. נישט ווײַל ער האָט מורא פאַר בייזע צינגער, נאָר פאַר וואָס טאַקע נישט?

אַן אומזין, פאַרדריסט דניאלן אויף זיך אַליין. איך טראַכט צו פיל וועגן שאַרלאָטס שוואַנגערשאַפט. דערווייל הייבט זיך נישט אָן און ס׳לאָזט זיך נישט אויס, און טאָמער האָט זיך פאַרהאַלטן ביי איר דאָס מאָנאַטלעכע פינף־זעקס טעג, איז וואָס?

דניאל קוקט זי אָן. זי שמייכלט. זיין שטומע פראַגע איז פאַרבליבן אָן אַן ענטפער. דעם אמת געזאָגט, האָט שאַרלאָט יאָ פאַרשטאַנען זיין פראַגע, כאָטש קיין איין וואָרט איז נישט אַרויסגעגאַנגען פון זיינע ליפּן. זיין בליק איז איצט געווען דער זעלביקער ווי היינט אין דער פרי, ווען זי האָט מיט אַ צופרידענעם טאָן אין דער שטים אים דערציילט, אַז אויך היינט האָט זיך נישט באַוויזן קיין בלוטיקונג...

ער אָבער קאָן פון איר איצטיקן שמייכעלע גאָרנישט נישט אַרויס־דרינגען. נישט יאָ, נישט ניין. און פרעגן זי, שעמט ער זיך אַ ביסל...

אַ געווירבל אין זיינע געדאַנקען. אַלץ איז זינלאָז, אַזוי זינלאָז. וואָלט ער זיך נישט געשעמט, וואָלט ער זיך פונאַנדערגעוויינט. רחמנות האָט ער אויף זיך אַליין, אויף שאַרלאָטן, אויף דעם נאָך נישט געבוירענעם קינד — אויף דער גאַנצער וועלט.

ער איז מיד. ער לייגט אַרויף דעם קאָפּ אויף איר פּלייצע און דרעמלט איין. נישט אויף לאַנג. וואָרעם אין עטלעכע מינוט אַרום נעמט זיך אים דוכטן, אַז ס׳איז נישט שיין, נישט מענעריש, אָנצושפּאַרן זיין קאָפּ אויף איר פּלייצע. הייבט ער אים אויף, קוקט זי אָן און טוט איר אַ קוש אויפן שטערן.

ווידער שמייכלט זי זיך פונאַנדער אַ גליקלעכע, אין אַ רגע אַרום שפּאַרט

זי אָן איר קאָפּ אויף זיין פּלייצע. זי מאַכט דעם אָנשטעל, ווי זי וואָלט איינגעדרעמלט.

אפשר שלאָפט זי טאַקע, טראַכט דניאל. זאָל זי שלאָפן, זאָל זי שלאָפן געזונטערהייט.

באַלד איז דער צוג, אַ פּאַרסאָפּעטער, צוגעקומען צום עקספּרעס־צוג, וואָס גייט דירעקט קיין פּאַריז. אין דעם עקספּרעס־צוג, וואָס פאַרבינדט אין שטאָט מיט דער צווייטער ווערן זיי צוריק גרויסשטאָט־מענטשן, פּאַריזער, וואָס וויסן גאַנץ גוט ווי טייער ס'איז די צייט און ווי ערנסט מען דאַרף זיך באַציִען צו אַ וועלט־מלחמה.

## קאַפּיטל 4

ווען שאַרלאָט און דניאל זענען צוריקגעקומען קיין פּאַריז, איז שוין געווען שפּעט ביי נאַכט. נישט געווען מער קיין אונטערגרונדבאַן און נישט קיין אויטאָבוס, טאַקסיס האָט מען אויך נישט געזען ביים וואָקזאַל.

ערשט איצט כאַפּט זיך דניאל וואָס פאַר אַ נאַרישקייט ער האָט אָפּגעטאָן דערמיט, וואָס ער האָט זיין אויטאָ איבערגעלאָזט אין קאַרנאַק. ווער ווייסט ווען און צי וועט ער בכלל נאָך האָבן אַ מעגלעכקייט צו פאָרן אים ברענגען קיין פּאַריז. אים האָט זיך געדוכט, אַז פאָרן זיך מאָביליזירן טאָר מען נישט אין אַ פּריוואַטן אויטאָ. פאַר וואָס ? אפשר איז דאָס נישט שיין, ס'איז עפּעס ווי חוזק געמאַכט פון דער אַרמיי, פון דער מלחמה. צו אַ מאָביליזאַציע פאָרט מען מיט דער באַן אָדער מיט אַ לאַסטאויטאָ.

איצט דאַרף מען טראַכטן וועגן קריגן אַ טאַקסי, וואָס זאָל ביידן צוריקפירן אַהיים. דערוויל וווינען ביידע באַזונדער, ער אין זיין בחורישער סטודיאָ, און זי ביי אירע עלטערן. אָבער אַזוי ווי עס איז שוין זייער שפּעט, וועט זי אַריינפאָרן צו אים. זי האָט אירע עלטערן דאָך נישט אָנגעזאָגט, אַז זי קומט צו פאָרן, וועט זי מאָרגן אויך נישט פאַרשפּעטיקן צו קומען אַהיים.

נישט זי, נישט ער האָבן קיינעם נישט געגעבן צו וויסן, אַז זיי קומען.

מחמת דעם פילן זיי זיך איצט אויך נאָך ווי אויף פעריען. פון קאַרנאַק ביז פּאַריז, פון אין דער פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין האָט זיך בלויז דער אַרום געביטן, ווייטער איז אַלץ געבליבן ביים אַלטן. נישט פאַרגעסן זאָל מען אָבער, אַז דער גאַר ד׳אויסטערליך צוויי אַ זייגער ביי נאַכט קוקט אויס נאָך גרעסער און נאָך מער אימפּאָזאַנט ווי ביי טאָג.

— האָסטו איצט — מאַכט דניאל צו שאַרלאָטן — אַ „פּאַריז ביי נאַכט״ אַן טוריסטן, אָן אַמעריקאַנער, אָן ענגלענדער.

— אָט איז אַ פרייע טאַקסי — וועקט זי אים אויף ווי פון שלאָף.

פאָרן זיי אַהיים, צו אים אַהיים. ליידיקע גאַסן, ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַ געגנט, וואָס האָט קיין מאָל מיטן פריילעכן „פּאַריז ביי נאַכט״ נישט געהאַט צו טאָן, אָבער די גאַסן־לאַמטערנס — וואָס פאַר אַ וווּנדער — זענען נישט אויסגעלאָשן, כאָטש היינט הייבט זיך אָן די אַלגעמיינע מאָביליזאַציע. אָבער מאָביליזאַציע איז אין ערגסטן פאַל, ערב מלחמה, אָבער נישט מלחמה ממש. זענען דעריבער די גאַסן נישט פאַרטונקלט געוואָרן, און אויב אין די פענצטער פון די הייזער זעט זיך נישט קיין ליכט, איז דאָס דערפאַר, ווייל צוויי אַזייגער ביי נאַכט שלאָפט מען אין די געגנטן, וואָס געהערן נישט צו „פּאַריז ביי נאַכט״.

אין פוילן בושעוועט שוין די מלחמה. דייטשלאַנד האָט דעם ערשטן סעפּטעמבער באַגינען זיך אַרויפגעוואָרפן אויף פוילן, נישט געקוקט אויף דעם פריינדשאַפט־ און נישט אָנגריף־פּאַקט, וואָס עקזיסטירט צווישן ביידע מדינות זינט 1934. יעדע מינוט ווערט דורך די דייטשן איינגעשלונגען אַ שטיק פוילישע טעריטאָריע. אָבער נישט ענגלאַנד, נישט פראַנקרייך האָבן ביז איצט דערקלערט דייטשלאַנד קריג. ווען יאָ, וואָלטן דאָך אַלע פּאַסאַזשירן פון דעם עקספּרעס־צוג עס שוין געוווּסט. אַזאַ געשעעניש דערוויסט מען זיך צו יעדער צייט און אומעטום.

די אַלגעמיינע מאָביליזאַציע דאַרף זיך אָנהייבן ערשט היינט אין דער פרי. איצט איז בלויז צוויי אַ זייגער אין דער נאַכט. ס׳איז נאָך נישט באַגינען, ס׳איז נאָך נישט אין דער פרי. אין די פּאָר שעה, וואָס וועלן נאָך פאַרבלייבן אין רשות פון דער נאַכט, קאָן נאָך אַ סך זיך ענדערן... דערווייל קאָן מען אַ פרעג טאָן דעם שאָפער, וואָס עס הערט זיך אין פּאַריז.

— מיסיע! — פּרוּווט דניאל איינפּעדעמען אַ שמועס מיטן שאָפער פון דער טאַקסי — וואָס הערט זיך דאָ נייעס אין פּאַריז?

— גערררר! מלחמה! — ענטפערט דער שאָפער קייקלענדיק דעם ר׳ אין זיין גאָרגל. דעם „גערר״ האָט ער אַ שליידער געטאָן מיט אַזאַ כוח, ווי דאָס איינע וואָרט וואָלט געווען אין שטאַנד צו פאַרענטפערן אַלע פראַגעס, וואָס דאָס רוב פּאַסאַזשירן שטעלן דעם שאָפער.

— שוין מלחמה? — וווּנדערט זיך דניאל — די מאָביליזאַציע הייבט זיך דאָך אָן ערשט היינט...

— מלחמה! — חזרט איבער דער שאָפער — אויף וואָס דען, מיין הער, מאָביליזירט מען? ס׳איז נישט קיין שפּיל אַ מאָביליזאַציע. דאָס איז שוין פון לאַנג געווען פּאַרויסצוזען...

— וואָס איז געווען פּאַרויסצוזען? — פרעגט דניאל איבער, ווי ער וואָלט נישט פאַרשטאַנען.

— דאָס אַלץ. די מאָביליזאַציע, די מלחמה...

דניאל פאַרטראַכט זיך, אָבער נישט אַזוי וועגן וויפל איבער דעם וואָס עס איז פון לאַנג שוין געווען פּאַרויסצוזען, ווי איבער דעם „רר״, וואָס דער שאָפער האָט אַרויסגעגאָרגלט — ווי אַלע רוסישע טאַקסי־שאָפערן אין פּאַריז.

דניאל וואָלט אפשר געוואָלט וויסן וואָס און ווי אַזוי אַ ווייסער רוס, אַ שאָפער, וואָס וווינט זינט דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין פּאַריז, טראַכט וועגן די איצטיקע געשעענישן. וואָס טראַכט ער, צום ביישפּיל, וועגן דעם דייטש־רוסישן אָפּמאַך? עפּעס וואָס האַלט אָבער אָפּ דניאלן און ער איז נישט ממשיך דעם שמועס.

אפשר איז דאָס טאַקע דער פּלאָנטער אין זיינע אייגענע געדאַנקען. איבער דעם דאָזיקן פּלאָנטער איז ער דאָך ביז צום היינטיקן טאָג נישט שלום געוואָרן מיט עצם פאַקט פון דעם דייטש־רוסישן אָפּמאַך. ביז איצט טאַקע האָט ער נישט געפונען אַ געהעריקן צופרידנשטעלנדיקן ענטפער אויף דער האַרבער קשיה: ווי שיקט זיך עס? וואָס לאָזט דאָס אונדז צו הערן?

אויב דניאל ווייסט נישט דעם טעם און דעם פּאַרוואָס פון דעם דאָזיקן אומגעריכטן אויסטערלישן פּאַקט, טאָ ווי אַזוי זאָל ער וועלן, אַז דער

רוסישער שאַפער זאָל יאָ וויסן וואָס דאָ איז פאָרגעקומען און פאַר וואָס דאָס איז פאָרגעקומען?

ווער ווייסט, ווער קאָן וויסן, וואָס עס קומט פאַר הינטער די קוליסן? אין גרונד גענומען זענען דאָך סיי די מאָביליזאַציע, סיי די מלחמה, סיי דער קדחת־צושטאַנד צווישן שלום און מלחמה, וואָס באַווייזט זיך אויף דער סצענע פאַר אַלעמענס אויגן, נישט מער ווי די שאָטנס פון די אמתע געשעענישן. וויכטיק און אַנטשיידנדיק איז דאָס, וואָס קומט פאַר הינטער די קוליסן. טאָמער קאָן מען נישט צו דעם צוקומען, טראַכט דניאל, טאָר מען גאָרנישט זוכן צו דערגיין דעם אמת, ווייל וואָס מען זאָל נישט צו־טראַכטן, מוז זיך אַרויסווייזן פאַר פאַלש.

בעלוויל, צוויי אַזייגער ביי נאַכט — שאַ־שטיל! קיינער איז נאָך נישט מאָביליזירט געוואָרן צו דער צווייטער וועלט־מלחמה. די מאָביליזאַציע, ווי געזאָגט, הייבט זיך אָן ערשט אין עטלעכע שעה אַרום. קיינער איז נאָך נישט זעלנער — סיידן ער מאַכט ממילא איצט דורך זיין מיליטער־דינסט — אָבער קיינער איז שוין אויך נישט מער קיין ציווילער, נישט מער דער, וואָס געווען.

אפשר לוינט נישט זיך אויסצוטאָן, זיך צו לייגן שלאָפן. אָבער עס קאָן דאָך זיין, אַז גראָד אין די פאָר שעה, וואָס זענען פאַרבליבן ביז צום סוף פונעם ציווילן לעבן, וועט זיך חלומען עפּעס אַזוינס, וואָס וועט געבן האָפענונג, כוח, חיות.

פלוצלינג לעשט שאַרלאָט אויס די ליכט און נישט אויסרעדנדיק אַ וואָרט טוען זיי זיך אויס אין דער פינצטער. דאָס געפיל, פון וועלכן זיי ווערן באַהערשט, איז שווער צו באַשרייבן. זיי גופא הייבן נישט אָן צו וויסן פון וואַנען עס נעמט זיך ביי זיי אַ געפיל, וואָס לאָזט זיך נישט אַנאַליזירן, אַ געפיל, וואָס האָט מער צו טאָן מיט חלום, ווי מיט וואָר.

דניאל און שאַרלאָט האָבן זיך צוגעהערט איינער צו דעם צווייטנס האַרץ־קלאַפּן, און אָט אַזוי, אין אַ דרעמלדיקן און האַלב־וואַכן צושטאַנד, האָבן זיי זיך געזעגנט מיט יעדער מינוט, וואָס איז אַוועקגעגאַנגען. פון שלאָפן האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין.

עס האָט גענומען שפּראָצן אויף טאָג. ביז צו דער אַלגעמיינער מאָבי־ליזאַציע איז געבליבן צייט בלויז זיך אָנצוטאָן, זיך צו ראַזירן און אויס־צוטרינקען אַ גלעזל קאַווע.

געוויינטלעך אין דער פרי טרינקט דניאל זיין גלאָז קאַווע מיט מילך אין דרויסן. היינט אָבער האָט זיך אים דווקא פאַרוואָלט דער פרישטיק זאָל אַרויסקומען אינטימער. דערפאַר האָט ער געלאָזט שאַרלאָטן אַראָפּגיין קויפן אַלץ, וואָס עס איז נייטיק צו אַ באַלעבאַטישן פרישטיק. זי האָט געלאָזט אין גאַנג דניאלס קאַווע־מילכל, אויפגעקאָכט וואַסער, פאַרבריט די קאַווע און אין געציילטע מינוטן איז דניאלס סטודיאָ־צימער געוואָרן אַ דירהלע פון אַ פאָרפּאָלק. אַ פאַרלעגנהייט־שמייכעלע באַווייזט זיך אויףביידנס ליפּן מיט אַ מאָל. עס קומט זיי פאָר ווי זיי וואָלטן דאָ אָפּגעטאָן עפּעס אַזוינס, וואָס מען דאַרף קיינעם נישט דערציילן. נישט ווייל זיי זענען דערמיט קעגן עמעצן באַגאַנגען אַן עוולה, נאָר ווייל אויפגעהילטערהייט, קאָן עס אפשר פאַרלירן דעם חן. דאָס איז געווען אַ פרישטיק, וואָס האָט אויסגעקוקט אי ווי די ערשטע סעודה פון אַ יונגן פאָרפּאָלק ביי זיך אין דער היים, אי ווי אַ געזעגן־מאָלצייט. דערפאַר האָט דער דאָזיקער פרישטיק געדאַרפט בלייבן אַ סוד, און קיינער האָט דאָ נישט געטאָרט זיך אַריינמישן, אַפילו נישט דער נאָענטסטער חבר אָדער פריינד.

אָפּגעגעסן, אָפּגעטרונקען, האָבן ביידע אָנגעהויבן אָרגאַניזירן דעם וויטערדיקן לויף פון טאָג. אַ שאָד בלויז, וואָס ביידנס וועגן זענען זיך צעגאַנגען: ער האָט געדאַרפט גיין צו זיין טאַטע־מאַמע, און זי צו אירע עלטערן. דערנאָך האָט ער געזאָלט גיין זיך מאָביליזירן אין דער קאַזאַרמע פון רויאַי, דערנאָך... דערנאָך...

## קאַפּיטל 5

דער ערשטער סעפּטעמבער איז אַוועק, ווי דער סאַמע לעצטער טאָג פון אַ שלום־צייט, און — ווי דער סאַמע ערשטער טאָג פון אַ שפּאָגל נייער — פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

די היטלער־חיילות האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אויף פוילן מיט פלאַם און פייער. ווו נאָר זייער באַשטיוולטער פוס האָט אַ טראָט געטאָן, האָבן זיי געזייט טויט, מאָרד, אומגליק.

ווי נאָר דניאל און שאַרלאָט זענען דעם צווייטן סעפּטעמבער, וואָס איז גראָד אויסגעפאַלן אַ שבת, אַראָפּ אין בעלוויל אויפן גאַס, האָבן זיי זיך אַ וואָרף געטאָן אויף די מאָרגן־צייטונגען, וואָס זענען אַלע פול געווען מיט די ערשטע מלחמה־ידיעות. זיי האָט זיך ווי געדוכט, אַז זיי מוזן לייענען אַלע צייטונגען, כדי צו פאַרפּילן דעם בלויז, וואָס דער נעכטיקער פּוסטער טאָג אין דעם שנעלצוג האָט גורם געווען אין זייערע מוחות.

שאַרלאָט האָט אָבער נישט געקאָנט פועלן ביי זיך נישט צו גיין באַלד זיך ווייזן אין דער היים, האָט זי זיך שנעל געזעגנט מיט דניאלן און איז אַראָפּגעגאַנגען אין מעטראָ.

דניאל האָט נישט געקאָנט באַשליסן וווהין ער זאָל גיין פריער: צו טאַטע־מאַמע, זיי אָנזאָגן, אַז ער האָט געמוזט צוריקקומען פון זיין קאַרנאַק־דאַטשע, אָדער זאָל ער צו ערשט טאַקע לויפן זיך מאָביליזירן. איז ער גאָר אַריינגעגאַנגען אין אַ קאַפע מיטן פּאַק מאָרגן־צייטונגען און האָט זיך אַנידערגעזעצט לייענען.

ווי ער זאָל זיך נישט ווערן קעגן דער צביעותדיקער פראַגע, וואָס די צוויי „בעאָ־סאָציאַליסטן", ווי זיי האָבן זיך אַ נאָמען געגעבן, מאַרסעל דעאָ און פיער דאָמיניק, האָבן מיט אַ יאָר צוריק נאָך אַ וואָרף געטאָן, „צי עס לוינט זיך צו שטאַרבן צוליב דאַנציק", איז אַפילו דניאל פון איר אַטאַקירט געוואָרן עפּעס ווי פון הינטערוויילעכטס: פונקט ווי ביי אַלע אַנדערע פראַנצויזן נישט־יידן, איז אויך אין דניאלס געדאַנק געבליבן הענגען די גיפטיקע קלאָץ־קשיא: „לוינט זיך צו שטאַרבן צוליב דאַנציק?"

אַפילו די פראַנצויזן, וואָס שטייען דאָ ביים טאָנבאַנק אין קאַפע אויפן בעלוויל און זופן זייער רויטן וויין — הענדלער און בעלי־מלאכות — און וואָס באַמיִען זיך אין אָט דעם געשריי, אין אָט דעם טומל אויפצווייזן ווי פאַלש ס'איז די דאָזיקע נישט אומגעשיקט פאָרמולירטע קשיא, זענען, ווייזט אויס, אויך נישט אין שטאַנד צו פאַרענטפערן זי. פּלאָנטערן זיי מיט דער צונג, כעסן זיך, כאָטש זיי ווייסן אַליין נישט פאַר וואָס און פאַר ווען.

דניאל האָט זיך צוגעזעצט ביי אַ טישל, ער פאַרטיפט זיך אין די צייטונגען, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט, אָבער עס גייט נישט. זיינע געדאַנקען, כאַפּט ער זיך, שוועבן גאָר אַרום אַנדערש וווּ, גלייך ווי דאָס, וואָס שטייט געשריבן שוואַרץ אויף ווייס אין אַלע צייטונגען וועגן דעם דייטשן איבער־פאַל אויף דער פּוילישער מדינה, וואָלט מיט זיי דאָ אין זיין מוח קיין שום שייכות נישט געהאַט.

טראַכט ער... פון וואָס? וועגן וואָס? ער טראַכט פון זיין אויטאָ, וואָס ער ווייסט איצט אַליין נישט אין נאָמען פון וועלכער לאָגיק ער האָט איבער־געלאָזט אויף גאָטס באַראָט און ער וועט אַוודאי קיין מאָל שוין נישט מער זען פאַר די אויגן... אָבער דער אויטאָ ווי דער אויטאָ, וואָס טוט מען מיט דאַנציק? דאַרף מען זי אויך איבערלאָזן אויף הפקר? מיט אַנדערע ווערטער: דאַרף מען טאַקע גיין שטאַרבן פאַר דאַנציק?

ס׳איז נאָך גוט, באַקלערט ער זיך, וואָס ער איז אַ פראַנצויז און נישט קיין אויסלענדער אין פראַנקרייך, ווי זיין שוואָגער צום ביישפּיל, און ווי דאָס רוב בעלווילער יידן; ער פאַרשפּאָרט אַזוי אַרום זיך צו ברעכן דעם קאָפּ צי ס׳איז רעכט דאָס, וואָס ער גייט צוליב דאַנציק זיך מאָביליזירן, אָדער ניין. סיי ווי, מיט גוטן אָדער מיט בייזן, וועט ער מאָביליזירט ווערן — האָט ער טאַקע נישט וואָס צו טראַכטן. ס׳איז נישט זיין עסק און נישט אים פרעגט מען אַ דעה. מען וועט הייסן גיין, וועט ער גיין. קיין לאָגיק איז אין דעם נישטאָ.

פאַרקערט, דאָס, וואָס די יידן־אויסלענדער לויפן זיך פאַרשרייבן פריי־וויליק צו גיין אויפן פראָנט, דאָס איז אין גאַנצן לאָגיש. פון פאַר אַ יאָרן, געדענקט ער נאָך, ווען עס האָט שיר נישט געהאַלטן ערב אַן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווי אַזוי יידן־אויסלענדער, אַפילו די, וואָס האָבן קיין מאָל קיין ביקס נישט געהאַלטן אין דער האַנט, זענען געלאָפן, זיך געבעטן, מען זאָל זיי נעמען פאַר סאָלדאַטן. זייער קאַמף־חשק איז אַ סך מער לאָגיש, ווי די איילעניש, מיט וועלכער ער, דניאל, דער פראַנצויז, איז געקומען צו לויפן קיין פּאַריז.

און דאָ מישט זיך אַריין אַ צווייטער און ערגעץ ווו אַנטרונענער געדאַנק:

— דו, דניאל, דו קאָנסט עס נישט פאַרשטיין. דו ביסט געקומען אַהער

ווען דו ביסט נאָך געווען אַ ייִנגל, ווייסטו נישט וואָס דאָס באַדייט צו האָבן איבערגעלאָזן אין פּוילן אַ טאַטע, אַ מאַמע, ברידער, שוועסטער, פעטערס, מומעס און ווייטערע קרובים. אַ ראַיה האָסטו צו מיינע רייד: אָט ביסטו געקומען צו פאָרן פון דיין קאַרנאַק־דאַטשע נעכטן אין אָוונט און אַנשטאָט צו גיין זען תיכף וואָס עס מאַכן די פּוילישע יידן אין פּאַריז, ווי זיי איז אויפן האַרצן נאָכן איבערפאַל אויף פּוילן, אַנשטאָט צו גיין זען דיין טאַטע און דיין מאַמע, ביסטו געגאַנגען שלאָפן. אַ תירוץ האָסטו געהאַט: דו ביסט נישט געווען אַליין, שאַרלאָט איז געווען מיט דיר. אָבער היינט אין דער פרי, איצט, נאָך דעם ווי שאַרלאָט איז שוין אַוועק צו זיך אַהיים, פאַר וואָס זיצסטו אין עפּעס אַ קאַפע, אין אַ נישט קיין יידישער קאַפע דערצו, אַנשטאָט צו לויפן וואָס גיכער זען וואָס דיין טאַטע־מאַמע מאַכן?

ווי אָפּגעבריט האָט דניאל זיך אַ הייב געטאָן פון אָרט, ער האָט שנעל באַצאָלט פאַר זיין קאַווע און איז מיט האַסטיקע טריט אַרויסגעלאָפן אין גאַס.

אויבן־אויף האָט אין די בעלווילער גאַסן אַלץ אויסגעקוקט נאָרמאַל, גלייך ווי דער דאָזיקער טאָג, דער צווייטער סעפּטעמבער, וואָס איז אויס־געפאַלן שבת, וואָלט געווען אַ טאָג, ווי אַלע טעג פון יאָר. אָבער דניאלס געניט אויג האָט תיכף באַמערקט, אַז אין די בעלווילער גאַסן איז פאַר־געקומען אַן איבערקערעניש. די מענטשן דאָ זענען נישט מער די זעלביקע וואָס אַלע מאָל. מען שטויסט זיך אָן אויף אַנטשלאָסענע פּנימער, האַרטע בליקן, אויף קאַנטיקע באַוועגונגען, אָבער אויך אויף פּנימער מיט גרימאַסעס, אויף זיך קווענקלענדיקע געזיכטער און אומזיכערע טריט.

קיינעם גלוסט זיך נישט, מיר נישט דיר נישט, אַוועקוואַרפן אַלץ און גיין שטאַרבן פאַר דאַנציק. אַפילו די יידן, וואָס זיי זענען אין דער גרעסטער מערהייט גרייט איינצושטעלן זייער לעבן, אַבי נאָר צו פאַרצאַמען היטלערן דעם וועג, זענען אויך נישט קיין גרויסע בעלנים אומצוקומען צוליב דאַנציק. זיי ווייסן אָבער, אַז די פראַגע איז בכיוון פאַלש געשטעלט געוואָרן. נישט פאַר דאַנציק גייט מען איינשטעלן דאָס לעבן, און אַפילו נישט פאַר פּוילן, וואָס איז ביז נעכטן באַגינען נאָך געווען דייטשלאַנדס פאַרבינדעטע, זענען די יידן גרייט צו ריזיקירן מיטן לעבן, נאָר כדי אונטערצוהאַקן היטלערס

פליגל און אַזוי אַרום ראַטעווען מיליאָנען יידן, אין פוילן, ווי אין אַנדערע לענדער, פון אַ זיכערן טויט.

פון דעסטוועגן הערט זיי דאָך נישט אויף צו פייניקן די פראַגע: ווי אַזוי גייט מען דאָס פלוצלינג „שטאַרבן פאַר דאַנציק"? אַ סלאָגאַן, האַרט און שפּיציק ווי אַ קלין. ווי אַזוי זאָל מען אים אויסמיידן?

דער ערשטער טאָג פון דער אַלגעמיינער מאָביליזאַציע אין 1939 איז נישט צום פאַרגלייכן מיטן ערשטן טאָג פון דער אַלגעמיינער מאָביליזאַציע אין 1914. פון באַגייסטערונג ביי דער פראַנצויזישער באַפעלקערונג איז קיין שפּור נישטאָ. מען האָט איינגערעדט די פראַנצויזן, אַז מען הייסט זיי לייגן דעם קאָפּ פאַר דאַנציק און פאַר די יידן — און זיי גלייבן אין דעם.

אַ מער טיפערן אָפּקלאַנג האָט די נייע מלחמה אַרויסגערופן ביי יידן, ביי די „לינקע", ווי ביי די בירגערלעכע, ביי די נישט־ציוניסטישע עלעמענטן, ביי די אַלט־איינגעזעסענע, ווי ביי די איינגעוואַנדערטע, דער עיקר טאַקע ביי די נישט לאַנג געקומענע, ביי די, וואָס האָבן קוים געקאָנט זיך צוזאַמענרעדן אין פראַנצויזיש, ביי די „סאָסיעטע"־יידן, וואָס האָבן מיט דער אַלטער היים זייערער נאָך נישט געהאַט איבערגעריסן אַלע פעדעם. און אויפן בעלוויל ווערנען דאָך בלויז אַזעלכע און נישט קיין אַנדערע יידן.

די באַוועגונג אַרום די יידישע קאַפעס, אַרום די יידישע רעסטאָראַנען, בעקערייען און סתם געוועלבער, איז אַ סך אַ גרעסערע ווי שטענדיק. מען שטופּט זיך אויף די טראָטואַרן מער ווי געוויינטלעך. אַלע רגע פורעמט זיך אויס און צעגייט זיך אַ נײַ רעדל מיט מענטשן.

— איר האָט געלייענט?

— איר האָט געהערט?

— וואָס איז דען?

— ווו שטייט ער שוין, היטלער? וואָס פאַר אַן אָרט האָט ער שוין ווידער איינגענומען?

— אַ רחמנות אויף די פוילישע יידן.

— אַ מלחמה, און דערצו נאָך אַזאַ מלחמה, איז נישט קיין שפּילכעלע...

— ס'איז דאָך אַ וועלט־מלחמה.

— דערווייל נאָך נישט, אָבער עס קאָן זיין, אַז עס וועט טאַקע אויס־ברעכן היינט־מאָרגן אַ צווייטע וועלט־מלחמה.

## קאַפּיטל 6

אַריינגעפאַלן אין שטוב איז דניאל אין גאַנצן אומגעריכט. טאַטע־מאַמע האָבן אים אַריינגעכאַפּט אין זייערע אָרעמס אי מיט פרייד און אי מיט פאַרוווּנדערונג איבער דער אומגעריכטקייט פון זיין קומען. זיי האָבן נישט געוווּסט, ווי אַזוי אים איבערצוגעבן די ידיעה וועגן דער אַלגעמיינער מאָביליזאַציע. ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט קלינגען, האָט זיי זיך געדוכט אין דער ערשטער מינוט, איבערהויפּט איר, זיין מאַמען, אַז ער ווייסט נאָך נישט ווו מען האַלט אין דער וועלט. און אויב ער ווייסט עס נישט, צו וואָס זאָל זי עס אים זאָגן? די טייערע בשורה וועט ער נישט פאַרשפּעטיקן צו הערן שפּעטער, און טרערן, יענע טרערן, וואָס פלעגן געוויינלעך רינען, ווען נאָר דער זון אירער, נאָך עטלעכע טעג ווייט זיין פון אירע אויגן, פלעגט זיך ווידער באַווייזן, האָבן גענומען רינען אויף איר פּנים.

— ביסטו הייסט עס, געקומען נעכטן, און זען זעט מען דיך ערשט היינט? — מוסרט אים די מאַמע.

— אָבער איך האָב דיר דאָך שוין געזאָגט, מאַמעשי, — פּרוּווט דניאל זיך פאַרענטפערן — ס׳איז געווען שפּעט ביי נאַכט ווען איך בין געקומען מיטן צוג.

— דו זאָגסט „איך בין געקומען״ — פרעגט אים יאָסל — אַליין ביסטו געקומען? און ווו איז זי? ווו איז שאַרלאָט?

— וואָס דרייסטו אים איצט אַ קאָפּ מיט שאַרלאָטן? — בייזערט זיך יוכבד אויף איר מאַן — פאַראַן היינט אַנדערע דאגות. מיין זונעלע, מיין אָרעם קינד.

— לאָז שוין געמאַך — שמייכלט דניאל — געקומען בין איך פריִער ווי פאַרויסגעזען. וואָלט נישט געווען קיין מאָביליזאַציע, וואָלט איך אין קאַרנאַק געקאָנט פאַרבלייבן נאָך עטלעכע טעג.

— יאָ, יאָ — כאַפּט זיך יוכבד אויף ווי פון אַ קאָשמאַר — שוין ווידער מלחמה? — אַ חורבן! מיין אָרעם קינד, וואָס וועלן מיר טאָן?

— ווייַן נישט, מאַמעשי! מאָביליזאַציע איז נאָך נישט מלחמה. און טאָמער אַפילו יאָ, איז אפשר בעסער אַזוי. ס'איז געקומען די צייט אויס־צושניידן דעם געשוויר...

— דו רעדסט שוין ווי דיין שוואָגער, האַנסל. מילא, ער, וואָס דען זאָל ער זאָגן? ער איז דאָך אַ שרייבער, אַ פּראָפעסאָר... אַ דייטשער ייד איז ער...

אַ שמייכעלע באַווייזט זיך אויף דניאלס ליפּן. אַפילו ער גופא, דוכט זיך אויס, וווּנדערט זיך אויך, וואָס איינער פון זיינע שוואָגערס איז אַ דייטשער ייד, אַ געוועזענער פּראָפעסאָר, וואָס הייסט האַנס בוימאַן, אַלץ איז אַזוי אויסטערליש, אַלץ איז אַזוי מאָדנע אויף דער וועלט.

— איך האָב זיך אַריינגעכאַפּט אויף אַ מינוט — זאָגט דניאל און מאַכט אַ באַוועגונג צום אַרויסגיין.

— וואָס? דו ווילסט שוין גיין? — כאַפּט אים די מאַמע אָן פאַר די לאַצן פון זיין רעקל — דו האָסט דאָך אַפילו זיך נישט אָנגעזעגנט, אַפילו נישט אויסגעטרונקען אַ גלעזל קאַווע.

— מאַמעשי — נעמט דניאל אומגעשיקט זי גלעטן די פּלייצע, ווי ער וואָלט געוואָלט פאַרגלעטן עפּעס וואָס — איך דאַרף גיין זיך מעלדן, זיך מאָביליזירן...

— נישקשה, די מאָביליזאַציע דיינע וועט נישט אַנטלויפן... און פון וואַנען ווייסטו, פרעג איך דיך, אַז דו דאַרפסט זיך אויך מאָביליזירן? אפשר וועט מען זיך באַגיין אָן דיר?

— וואָס רעדסטו, מאַמעשי, וואָס רעדסטו?

— איך זאָג דיר דען עפּעס? איך מיין נאָר דיך צו פרעגן פון וואַנען דו ווייסט, אַז מען רופט דיך?

— וואָס הייסט? מען רופט אַלע פראַנצויזן אין מיין עלטער, רופט מען מיך אויך, און די, וואָס וועלן זיך נישט מעלדן, וועלן באַטראַכט ווערן ווי דעזערטירן.

— וואָס פאַר אַ פראַנצויז ביסטו, וואָס פאַר אַ פראַנצויזן זענען מיר דען אַלע?

— געוויס זענען מיר פראַנצויזן — מישט זיך יאָסל אַריין אין דעם וויכוח — האָסט שוין אפשר פאַרגעסן, אַז מיר זענען געוואָרן נאַטוראַליזירט.

— בעסער וואָלט געווען — פּלאַצט יוכבד אַרויס מיט אַ נייעם געוויין, ווען הירשקע לעבט און מיר פאַרבלייבן פּוילישע יידן.

— פּוילישע יידן... — כאַפּט דניאל אונטער — דאָס טאַקע האָב איך דיר געוואָלט זאָגן! דו הערסט, מאַמעשי, אַפילו ווען מען זאָל וועלן מיך באַפרייען, וועל איך אַליין בעטן, מען זאָל מיך שיקן אויפן פראָנט. קיינער האָט נישט דאָס רעכט זיך אָפּצוזאָגן פון דער מלחמה קעגן היטלערן, בפרט אַ ייד...

— דאָס איז גערעדט! — מישט זיך יאָסל אַריין אין שמועס. — גוט, מיין זון. גיי געזונטערהייט! — איך אַליין, ווי דו זעסט מיך, כאָטש איך בין שוין נישט מער קיין בחור, וועל אויך גיין שלאָגן די היטלעריסטן.

יאָסל און טויזנטער אַנדערע יידן פון זיין גלייכן, יידן אויסלענדער אָדער יידן נאַטוראַליזירטע, באַגנוגענען זיך נישט מיט רייד. די גאַסן פון בעלוויל, איבערהויפּט פון בולוואַר בעלוויל און בולוואַר מעגילמאָנטאַן, זענען פול מיט יידן. אַלע רגע מאַכט זיך אַ ניי רעדל און אין אים קומט אויף אַ קרייזל, ווי אין אַ טייך, אין וועלכן מען וואַרפט אַריין שטיינדלעך.

— קום, לאָמיר גיין זיך פאַרשרייבן!

— דאַרפסט האָבן קאַמפּאַניע, וואָס? אין קאַזאַרמע וועסטו געפינען גענוג זעלנער... איך וועל גיין מאָרגן. היינט האָב איך נאָך עפּעס וואָס צו דערליידיקן.

— און איך, מיינסטו, האָב גאָרנישט צו דערליידיקן? איך האָב נישט קיין ווייב? קיין קינד?

און אָט נעמען זיך הערן שטימען פון אַ צווייטער קופּקע יידן לעבן דעם ציַיטונגס־קיאָסק. אויך פון די דאָזיקע שטימען אין יידיש, אויסגעמישט מיט פראַנצויזישע בולוואַר־אויסדרוקן, רייסן זיך אַרויס די ווערטער „מלחמה", „מאָביליזאַציע", „היטלער", „פאַשיזם" און „נאַציזם". ניין, די שטימונג, וואָס הערשט אויפן בעלוויל צווישן די יידן, איז וויַיט נישט קיין פּאַניק־שטימונג. אמת, מען טומלט זיך טאַקע, איין ייד לויפט צום צווייטן

אין דער האָפענונג, אַז ער וועט אים אונטערטראָגן גאָר פרישע נייעס. רעדלעך נייע אַנטשטייען און פאַרגייען באַלד, אָבער פון שרעק איז קיין שפור נישטאָ, פאַרקערט. כאָטש די אויסלענדישע יידן זענען באַפרייט פון מיליטער־דינסט, לויפן זיי זיך פאַרשרייבן, און זיי וועלן פּראָטעסטירן אויב מען וועט זיי אויסבראַקירן. זיי וועלן שיר נישט באַשולדיקן אין אַנטיסע־מיטיזם די מאָביליזאַציע־קאָמיסיע, וואָס וואָגט זיי שיקן צוריק אַהיים. אָט וועלן באַלד אַלע יידן זיך אַ לאָז טאָן צו דער קאַזאַרמע רויאי, פּונקט ווי זיי האָבן דאָס געטאָן ביי דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. נישט וויניק פון די, וואָס וועלן זיך מעלדן פרייוויליק צו גיין אויפן פראָנט זיך שלאָגן פאַר פראַנקרייך, זענען געוועזענע פראָנטקעמפער. אין 1914 האָט זיך זיי, ווי אויסלענדער, קוים איינגעגעבן, מען זאָל זיי נעמען אין דער אַרמיי. איצט, ווען זיי זענען שוין געוואָרן פראַנצויזן, וועלן זיי ווידער דאַרפן זוכן אַ זכות, מען זאָל זיי צונעמען, דאָס מאָל — צוליב דעם, וואָס זייער עלטער באַפרייט זיי אויטאָמאַטיש פון מיליטער־דינסט.

וועגן דניאלס טויגלעכקייט איז אין דער מאָביליזאַציע־קאָמיסיע נישט געווען קיין פראַגע: מען האָט אים אויפגענומען, אַזוי צו זאָגן, מיט ביידע הענט, פּונקט ווי טויזנטער אַנדערע יידן און ווי צענדליקער טויזנטער פראַנצויזן.

אויף וואָס ער האָט זיך יאָ אַ ביסל געוווּנדערט, איז איבער דער באַ־געגעניש מיט ד״ר שטיין, וואָס איז אויך געקומען אין דער זעלביקער קאַזאַרמע זיך מאָביליזירן, ווי אַ דאָקטאָר, פאַרשטייט זיך. דערנאָך האָט דניאל זיך געוווּנדערט אויף זיין אייגענער פאַרוווּנדערונג: ס׳איז דאָך אַ גאַנץ נאַטירלעכע זאַך. אויב ד״ר זשאַק שטיין איז געפאָרן העלפן ארויסיאָגן היטלערן פון רעפּובליקאַנישן שפּאַניע, וועט ער איצט נישט גיין אים פאַר־טרייבן פון פּוילן, פון וואַנען ער שטאַמט? וועט ער אים אַריינלאָזן אין פראַנקרייך, טאָמער גרייפט ער אָן אויפן פראַנצויזישן פראָנט?

אַ פאַקט איז, אַז דניאל חברט זיך נישט שטאַרק מיט שאַרלאָטס פעטער. עטלעכע מאָל האָט ער אים געטראָפן ביי זיין שוואָגער בוימאַן אין שטוב.

מען האָט אויסגערעדט אַ פּאָר ווערטער און ווייטער האָט זיך עפּעס נישט געקלעפּט.

סיי ד״ר זשאַק שטיין, סיי דניאל גראָסמאַן, פילן זיך אין אַן אומבאַקוועמער לאַגע איטלעך מאָל ווען זיי באַגעגענען זיך. הירשקעס און בת־שבעס טראַגישער טויט דריקט אויף זיי ביידן. און איצט איז דניאל אינטים באַפריינדט מיט שאַרלאָטן. וואָס וועט אַרויסקומען דערפון?

אָבער איצט זענען פאַראַן אַנדערע דאגות, אָדער בעסער געזאָגט: איין גרויסע זאָרג איז דאָ, וואָס פאַריאָגט אַלע אַנדערע דאגות. באַגעגנט, צום ביישפּיל, אין אַזאַ מין פאַל דניאל אַ ד״ר זשאַק, וואָס איז שאַרלאָטס פעטער, מיידט ער אויס צו רעדן מיט אים וועגן איר. נישקשה, פאַראַן אין זייערע ביידנס משפחות געגנוג אַנדערע פאַרשוינען, אויף וועמען זיך נאָכצופרעגן.

דער ערשטער, וואָס קאָן אַרויסקומען אויפן זינען, איז האַנס, ווי וועט איצטער זיין זיין סטאַטוס?

— איך האָב מורא, — זאָגט זשאַק — אַז מען וועט אים אינטערנירן, ווי אַ פיינטלעכן אויסלענדער.

— דאָס איז אויסגעשלאָסן — פּראָטעסטירט דניאל גלייך ווי זשאַק וואָלט געווען שולדיק אין דעם — דאָס איז אוממעגלעך. ער איז דאָך אַ פּליט, אַ ייד, אַ קעגנער, אַ דם־שונא פון היטלערן...

— דאָס אַלץ איז טאַקע אמת — מיינט זשאַק — אָבער די מיליטערישע אַדמיניסטראַציע רעכנט זיך נישט מיט דער מיינונג און אַפילו נישט מיט דער פּאָליטישער איינשטעלונג פון אויסלענדער, נאָר מיט דער מעטריקע זייערער, מיטן אָרט, ווו זיי זענען געבוירן געוואָרן, אויב זיי האָבן נישט באַוויזן זיך צו נאַטוראַליזירן.

— אָבער היטלער גופא האַלט די יידן — אַלע יידן אין דער גאָרער וועלט — פאַר זיינע גרעסטע שונאים, טאָ ווי אַזוי?...

— ביי מיר האָט איר געפּועלט — מאַכט זשאַק — אַז דאָס איז אַ שרעקלעכע עוולה. נאָך מער: אַ נאַרישקייט אַ גרויסע איז נישט צו מאַכן קיין אונטערשייד צווישן פאַרפאָלגער און פאַרפאָלגטע, אָבער אַזוי איז דאָס און מען קאָן דאָ גאָרנישט נישט העלפן. איבעריקנס, ווער קאָן גאַראַנטירן,

אַז צווישן די דייטשע פליטים, צווישן די, וואָס גיבן זיך אַרויס ווי פליטים, געפינט זיך נישט אַ דייטשער שפּיאָן?

— צווישן די דייטש־יידישע פליטים?

— צווישן זיי אפשר נישט, כאָטש דאָס קאָן אויך פּאַסירן, אָבער פראַנקרייך טאָר נישט אויסטיילן די יידן באַזונדער. דערמיט וואָלט זי באַוויזן, אַז זי נעמט ערנסט דעם ראַסן־שגעון.

## קאַפּיטל 7

גאַנץ פּאַריז האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם בעת דעם דאָזיקן אויסער־געוויינלעכן שבת. מען האָט געוואַרט אויף עפּעס אַ צייכן פון יענער זייט ריין, וואָס האָט געזאָלט אַראָפּבייגן די וואָגשאָל פון שלום, אָדער די וואָגשאָל פון מלחמה.

אָבער דער גאַנצער ענטפער האָט געדאַרפט קומען נישט בלויז פון היטלערן. אויך אַנדערע מלוכות און פעלקער דאַרפן היינט באַשליסן וואָס זיי איז ליבער: שלום אָדער מלחמה? האָבן דאָך סיי פראַנקרייך סיי ענגלאַנד נאָך מיט אַ טאָג צוריק, דעם ערשטן סעפּטעמבער, ווי נאָר זיי האָבן זיך דערוווּסט פון היטלערס איבערפאַל אויף פּוילן, דורך זייערע אַמבאַסאַדאָרן אין בערלין איבערגעגעבן דעם דייטשן אויסערן־מיניסטער אַ נאָטע, וואָס פאַרענדיקט זיך מיט די ווערטער:

„...אויב די דייטשע רעגירונג וועט נישט דערקלערן, אַז זי איז גרייט צו געבן באַפרידיקנדיקע פאַרזיכערונגען וועגן אָפּשטעלן תיכף ומיד אַלע אירע אַגרעסיווע אַקציעס קעגן פּוילן און וועט נישט צוריקציִען גאָר שנעל אירע חיילות פון דער פּוילישער טעריטאָריע, וועלן די פראַנצויזישע און ענגלישע רעגירונגען אָן קווענקלעניש נאָכקומען אַלע זייערע התחייבותן”.

מאָרגן וועט דאָך שוין געוויס נישט מער זיין קיין שום ספק, אַז די נייע מלחמה איז אַ וועלט־מלחמה. שוין היינט, שבת, דעם צווייטן סעפּטעמ־בער, איז זי אין פולן גאַנג. היטלער באָמבאַרדירט איין פּוילישע געגנט נאָך

דער צווייטער און מאַרשירט פאָרויס, כאָטש די איבעריקע לענדער האָבן זיך נאָך נישט אַריינגעמישט.

איבערחזרן וועלן זיך די זעלביקע סצענעס, ווי אין 1914 אין פאַריז. מען וועט זיך שטופּן ביי די טירן פון די רעקרוטיר־ביוראָס, מען וועט זיך רייסן צו ווערן סאָלדאַטן, כדי אָפּגעשיקט צו ווערן צום פראָנט.

דאַרף מען אָפּוואַרטן ביז מאָרגן. היינט איז דאָך סיי ווי אַ טאָג פון „ערב", ערב פון עפּעס אַזוינס, וואָס איז מסוגל חרוב צו מאַכן אַ האַלבע נישט־יידישע וועלט און די גאַנצע יידישע וועלט.

אַלע דערמאָנען זיך די בייזע נביאות פון היטלערן און פון געבעלסן, וואָס הייבט שוין אָן מקוים ווערן אין פּוילן — אַז אויב די יידן וועלן מיט זייערע העץ־קאַמפּאַניעס אַרויסרופן אַ נייע מלחמה, וועלן זיי נישט האָבן מער וואָס צו לאַכן, וואָרעם אַלע וועלן זיי אויסגעראָטן ווערן.

דערווייל וואַרט מען נאָך אויפן צייכן פון יענער זייט ריין.

די רעגירונגען פון פראַנקרייך און פון ענגלאַנד האָבן דעם ערשטן סעפּטעמבער, ווי שוין דערמאָנט, אָנגעפרעגט היטלערן, צי ער איז יאָ אָדער נישט גרייט צוריקצוציִען זיינע חיילות, וואָס האָבן פאַרפלייצט פּוילן. דעם גאַנצן שבת, אויף וועלכן דער שלום איז געהאָנגען ווי אויף אַ האָר, האָבן אין בערלין זיך געפירט אונטערהאַנדלונגען צווישן פראַנקרייך און ענגלאַנד פון איין זייט און דייטשלאַנד פון דער צווייטער זייט: מלחמה אָדער שלום?

אַזוי אַרום האָט מען דורכן ראַדיאָ זיך דערוווּסט, אַז היטלער האָט זיך אָנגעפרעגט ביי די צוויי רעגירונגען, צי זייער נאָטע פונעם ערשטן סעפּ־טעמבער האָט יאָ אָדער נישט געטראָגן אַן אולטימאַטיוון כאַראַקטער. אויב יאָ, האָט ער דערקלערט, וועט ער ענטפערן אַ קאַטעגאָרישן ניין. צווייטנס, האָט ער געפרעגט, צי זיי זענען גענייגט צו וואַרטן אויף זיין ענטפער ביז צום דריטן סעפּטעמבער מיטאָג־צייט.

וואָס שייך דער ערשטער פראַגע, האָבן פראַנקרייך און ענגלאַנד געענטפערט, אַז זייער בשותפותדיקע נאָטע האָט נישט געטראָגן קיין אולטימאַטיוון כאַראַקטער. אויף דער צווייטער פראַגע זיינער האָבן זיי געענטפערט, אַז זיי וועלן וואַרטן ביז זונטיק צוועלף אַ זייגער, ווי ער האָט

געבעטן, אָבער אונטער דעם באַדינג, אַז ער זאָל שוין אָנהייבן עוואַקויִרן די דורך אים אָקופּירטע געביטן פון פּוילן. דעם דאָזיקן באַדינג האָט ער אָפּגעוואָרפן, פון דעסטוועגן האָבן פראַנקרייך און ענגלאַנד דאָך נישט אויפגעהערט צו וואַרטן.

די איצטיקע וואָך זשיפּעט נאָך אַלץ. באַלד וועט זי זיך אויסלעשן ווי אַ ליכט. דניאל איז היינט שוין צוויי מאָל געווען צו גאַסט ביי זיין טאַטע־מאַמע, איין מאָל איידער ער איז געגאַנגען זיך מאָביליזירן און אַ צווייט מאָל, ווען ער איז צוריקגעקומען שוין אַ מאָביליזירטער. ער איז שפּעטער געגאַנגען באַגעגענען שאַרלאָטן אין אַ קאַפע אין דעם לאַטיינישן פערטל.

אָבער אויך די דאָזיקע באַגעגעניש זייערע איז אַנדערש ווי אַלע מאָל. דעם היינטיקן שמועס זייערן פאַרפּעלט אָטעם. געוויס פרייען זיי זיך איינער מיטן צווייטן. אָבער סיי ער, סיי זי וויסן, אַז עפּעס וואָס טיילט זיי שוין פונאַנדער. די ווערטער זייערע זענען ווי געוואָרן ווייניקער מיטטיילנדיק, האָבן זיך ווי אָפּגעפרעמדט פון זיי.

אַלע פאַמיליעס אויפן בעלוויל און אויפן פּלעצל האָבן זיך באַמיט אויף ווי וויט מעגלעך צו זיין צוזאַמען. אויך אין דער משפחה גראָסמאַן אויפן בעלוויל און אין דער משפחה שטיין אויפן פּלעצל האָבן דעם שבת זיך אויסגעמישט טאַטעס, מאַמעס, זין, טעכטער, איידעמס, שנירן און אייניקלעך, כדי אַלע אין איינעם צו וואַרטן ביים ראַדיאָ אויף היטלערס ענטפער.

נישט ביי גראָסמאַן אויפן בעלוויל און נישט ביי שטיין אויפן פּלעצל האָט מען זיך געריכט אויפן צוזאַמענקום פון אַזוי פיל קינדער און קינדס־קינדער, קיין עין הרע. האָט מען טאַקע גאָרנישט צוגעגרייט פאַר זייערט־וועגן. שבת איז אין דיביידע פאַמיליעס נאָך אַלץ אַ טאָג ווען עס ווערט נישט געקאָכט. מען גייט אויך נישט אַרויס עפּעס קויפן, טאָמער עס קומט צו גיין אַן אומגעריכטער גאַסט. כאָטש וואָס שייך דער משפחה גראָסמאַן, איז דאָרט שוין נישט דאָס ווי עס איז געווען אַ מאָל. זינט עס האָט געטראָפן דאָס אומגליק מיט הירשקען, האָט יאָסל, זעט אויס, זיך צעקריגט מיט דער אַמאָליקער היימישער יידישקייט זיינער און איז שיר נישט געוואָרן אַ גאַנצער אַפּיקורס. דערפאַר אָבער האָט יוכבד נאָך אַלץ אָפּגעהיט דעם שבת מיט

אַלע קליפּערלעך, און אירע קינדער, די פריידענקער, זענען געווען אויף אַזוי פיל טאָלעראַנט, אַז זיי האָבן איר נישט געשטערט.

פאַרשטייט זיך, אין דער משפחה גראָסמאַן זענען אַלעמענס אויגן געווען געווענדט אין דער ריכטונג פון בוימאַן, וואָרעם ער האָט דאָך געגאָלטן אין דער פאַמיליע ווי אַ פּאָליטיקער איינער אין דער וועלט, און ווי אַ מומחה איבער אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות מיט די געשעענישן אין און אַרום דייטשלאַנד און אויך איבער די געשעענישן, וואָס ווערן אַרויסגערופן דורך היטלער־דייטשלאַנד.

אַלע האָבן געוווּסט, אַז ער פירט זינט אַ לאַנגער צייט אַ טאָגבוך. ווער ווייסט, וואָס ער האָט אין דעם דאָזיקן טאָגבוך שוין אַריינגעשריבן. אַ טאָג־בוך איז אַ סוד, און מען איז נייגעריק צו דערגיין דעם דאָזיקן סוד.

דאָס מאָל אָבער האָט האָנס בוימאַן געשוויגן. נישט דערפאַר, חלילה, ווייל ער האָט געוואָלט פאַרשווייגן אַ סוד, וואָס נאָר ער איינער האָט געקענט, נאָר ווייל ער האָט געוווּסט, אַז אויב עס וועט זיך אָנהייבן די מלחמה צווישן פראַנקרייך און דייטשלאַנד — און זי האָט זיך דאָך שוין אָנגעהויבן — וועט מען אינטערנירן אַלע דייטשע און עסטרייכישע פּליטים, די יידישע ווי די נישט־יידישע. אַלע וועלן זיי ווערן באַטראַכט ווי פיינטלעכע אויסלענדער.

אין אָנבליק פון דעם דאָזיקן אַבסורד האָט זיך אים גענומען דוכטן, אַז אַלץ, וואָס ער האָט אַריינגעשריבן אין זיין טאָגבוך, זיינע דיאַגנאָזן ווי זיינע פּראָגנאָזן, די כלערליי באַטראַכטונגען וואָס שייך דער רעאַקציע פון ענגלאַנד און פראַנקרייך, דאָס אַלץ איז הבל הבלים און גאָרנישט נישט ווערט.

מען האָט פון אים נישט געקאָנט אַרויסקריגן קיין וואָרט, וואָס שייך דער פּאָליטישער לאַגע, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס זיין שוועגערין און זיין שוואָגער, די פּאָפּאָווסקיס, זענען שטאַרק צוגעשטאַנען צו אים, ער זאָל זיי דערקלערן פון וואַנען עס נעמט זיך ביי היטלערן אַזאַ טייוולאָנישע מאַכט, אַזאַ היפּנאָטישער כוח... פון וואַנען?

יוכבד האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן צו קלאָגן סיי אויף די קרובים אירע, וואָס זענען פאַרבליבן אין פוילן און סיי אויף אירע קינדער, וואָס געפינען זיך אין פּאַריז ווייט פאַרוואָרפן פון זייער אמתער היים. יוכבד האָט נאָך

אַלץ באַטראַכט פוילן נישט ווי איר אַמאָליקע, נאָר ווי איר איצטיקע היים. איר זיין און איר ווייבען אין פּאַריז האָט קיין שום האָפט נישט געהאַט אין אירע אויגן. זי האָט אפשר, האָט זי געטענהט, נישט געזאָלט פאַרלאָזן פוילן מיט זיבעצן יאָר צוריק. אין פוילן וואָלט איר הירשקע אַוודאי נישט אומגעקומען, ער וואָלט עד היום נאָך געלעבט...

דער בין־השמשות איז צוגעפאַלן. אין שטוב איז געוואָרן טונקל. שווער צו זאָגן, ווי אַזוי דאָס איז געשען, אָבער ס'איז נישט פאַרבייגעגאַנגען אַ פערטל שעה, ווי יאָסל און יוכבד האָבן זיך געכאַפּט, אַז זיי זענען פאַרבליבן אַליין. זייערע קינדער, איידעמס און שנירן זענען פאַרשוווּנדן נאָך דעם ווי זיי האָבן אייליק אַ מורמל געטאָן עטלעכע געזעגן־ווערטער.

## קאַפּיטל 8

די נאַכט פון צווייטן אויפן דריטן סעפּטעמבער איז נישט געווען ענלעך צו אַלע אַנדערע נעכט פון אַ גאַנץ יאָר. זי איז ווי באַשאַפן געוואָרן, וואָלט מען געזאָגט, צו קאָנען אַריינקריצן זיך מיט אירע בייז־פינצטערע קאָנטורן אין די געמיטער אויף לאַנגע, לאַנגע יאָרן.

גרויס איז געווען די צאָל פון די יעניקע, וואָס האָבן אין דער דאָזיקער נאַכט נישט געקאָנט צומאַכן אַן אויג. אַ שלאָפלאָזע נאַכט, אַפילו ווען זי פאַלט אויס אין מיטן זומער, איז אויך זייער אַ לאַנגע נאַכט. מען דרייט זיך פון איין זייט אויף דער צווייטער, און דאָס וואָס מען טראַכט, איז פאַרדרייט, די געדאַנקען, אַלץ איינס וועלכע, האָבן נישט קיין אָנהייב און נישט קיין סוף. צייטן מישן זיך אויס. דאָס וואָס איז געשען מיט יאָרן צוריק, קומט אויס, ווי עס וואָלט געשען נעכטן; און דאָס, וואָס איז געשען ערשט ערב דער שלאָפלאָזער נאַכט, איז ווי באַדעקט מיט אַ שלייער, הינטער וועלכן מען כאַפּט אויף בלויז די צעשוווּמענע קאָנטורן, אַזוי, אַז מען קאָן טאַקע נישט אונטערשיידן צווישן פריִער און שפּעטער.

גראָד אָבער אין דער דאָזיקער נאַכט, פון דעם צווייטן אויפן דריטן סעפּטעמבער, ווען דער שלום פון דער וועלט איז געהאָנגען ממש אויף אַ

האַר, האָט זיך געפּאָדערט פון אַלעמען, און נישט בלויז פון די גרויסע דעה־זאָגער, קלאָרזיכטיקייט, אַ פעיִקייט צו קאָנען אונטערשיידן צווישן אַ פריִער און אַ שפּעטער. אַלע האָבן אין דער דאָזיקער שלאָפלאָזער נאַכט געזאָלט פילן און וויסן, אַז פון דער וואַכזאַמקייט זייערער הענגט אָפּ אַלץ, און קודם כל, די גרויסע אַחריות, וואָס זיי טראָגן אויף זיך, פאַר זייער אייגענער צוקונפט.

בוימאַן האָט זיך געלייגט שלאָפן שפּעטער נאָך ווי געוויינלעך. ביז אין דער טיפער נאַכט איז ער געבליבן זיצן מיט די נאָך נישט באַשריבענע זייטלעך פון זיין טאָגבוך, אַן אויסגעשעפּטער, אומפעיִק אָנצושרייבן אַ זאַך ווי געהעריק.

אין דער דאָזיקער נאַכט, האָט ער איינגעזען, וועט שוין קיין רייד נישט קאָנען זיין פון איינשלאָפן. ער איז דעריבער געבליבן זיצן אויף זיין שטול לעבן דעם פענצטער.

ער, וואָס שטענדיק האָט ער זיך געמיט — און זייער אָפט איז עס אים אויך געלונגען — נישט בלויז פאַרצוזעצן אַ וועלכע נישט איז פּאָליטישע, אָדער ווי ער פּלעגט זיך אויסדריקן — געשיכטלעכע, געשעעניש ביז אין אירע ווייטסטע פאַרצווייגונגען, נאָר אויך זי צו פאַלמעסן, כדי אַריינצוקוקן וואָס אינעווייניק אין איר טוט זיך, איז דאָס מאָל ווייטער ווי ביז צו זיין אינטערנירונג אין אַ ציווילן געפאַנגען־לאַגער נישט אַוועק. איז ער, פרעגט ער זיך, אַ ראַסיש פאַרפאָלגטער? איז ער דען נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ פיינטלעכער אויסלענדער? אַ געשטאַפּאָ־אַגענט אפשר? אַ נאַצי־שפּיאָן?

ווו איז יושר? ווו איז די לאָגיק פון אַזאַ מין מאָסמיטל? אמת, צווישן די פּליטים קאָנען זיך געפינען שפּיאָנען, אפשר טאַקע אויך יידישע. אָבער אים, בוימאַנען, אים זאָל מען פאַרדעכטיקן אין שפּיאָנאַזש לטובת נאַצי־דייטשלאַנד? — דאָס פאַרשטייט ער נישט.

וואָס שייך ר׳ פּנחס שטיין, איז פאַר אים די לעצטע יאָרן אַ שלאָפלאָזע נאַכט נישט געווען אַזאַ זעלטענע דערשיינונג. וואָלט ער געהאַט צו טאָן מיט אַזאַ מין נאַכט, למשל, נישט אין דעם צוואַנציקסטן, נאָר אין דעם נײַנצטן

יאָרהונדערט, אין לאָדזש און נישט אין פּאַריז, וואָלט ער זיך שוין מיט איר אָן עצה געגעבן. וואָרעם היינט צו טאָג, און אין פּאַריז נאָך דערצו, האָט ער, בעוונותינו הרבים, זיך שוין געכאַפּט, אַז מיט זיין אַלטער יידישקייט גייט באַרג־אַראָפּ. ס'איז פּאָרט נישט מער דאָס, וואָס אין לאָדזש. אַליין איז מען אויך נישט מער דער זעלביקער.

וואָס וואָלט ער געהאַט געטאָן, ר' פּנחס, אין דער פאַרגאַנגענער צייט, אין לאָדזש, למשל? ער וואָלט אויפגעשטאַנען און זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ נידעריק בענקעלע אָפּריכטן חצות, קלאָגן אויפן חורבן בית המקדש, וואָס איז געשען מיט קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר צוריק.

און איצט טראַכט ער אָבער און ווידער וועגן יענעם אומגליק, דעם טויט פון בת־שבע, און ער שעלט בעת מעשה מיט טויטע קללות די דייטשן, די היטלעריסטן.

ס'איז דאָך פשוט נישט צו גלייבן. ער, ר' פּנחס, געדענקט נאָך גאַנץ גוט ווי איידל, אין פאַרגלייך מיט די רוסן, די דייטשן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן זיך באַצויגן צו די יידן. דעמאָלט, ווען זיי האָבן באַזעצט לאָדזש, און ווען זיי האָבן דערקלערט אַז די שטאָט איז דורך און דורך אַ דייטשע, וואָלט דאָס אַלץ, וואָס מען דערציילט וועגן זיי היינט, נישט געווען מעגלעך. ווי אַזוי זשע זענען זיי געוואָרן אַזעלכע רוצחים, אַזעלכע מערדער?

ר' פּנחס קאָן אויך נישט באַגרייפן פאַר וואָס דווקא יאָסל גראָסמאַן פון בעלוויל האָט זיך צו אים צוגעטשעפּעט, פאַר וואָס ער איז מיט זיינע גראָבע שטיוול, ווי מען זאָגט, אַריינגעקראָכן צו אים אין זיין משפּחה אַריין. וואָס פאַר אַ מחותן איז ער מיט אים? ווי שיקט זיך דאָס, צום ביישפּיל, אַז זיין אייניקל שושנה זאָל שפּילן אַ ליבע מיט גראָסמאַנס אַ זון? ווער ווייסט, וואָס פון דעם קאָן נאָך אַרויסקומען? נישט געווג, וואָס זיין טעכטערל, בת־שבע איז אומגעקומען נאָר דורך דעם, וואָס זי האָט זיך געהאַט געחברט מיט הירשקען, וויל איצט זיין זון דניאל, אַז ר' פּנחסעס אייניקל שושנה, זאָל מיט אים חתונה האָבן!

נאָך ערגער איז דאָס, וואָס אויך זי, ווייזט זיך אַרויס, וויל אים פאַר אַ מאַן, און וואָס איר טאַטע, אפרים, שטעלט זיך נישט ווי געהעריק קעגן דעם שידוך.

זונטיק, דריטער סעפּטעמבער. ענגלאַנד זינט עלף אַ זייגער פאַר מיטאָג, און פראַנקרייך זינט פינף אַ זייגער נאָך מיטאָג, געפינען זיך אין מלחמה־צושטאַנד מיט דייטשלאַנד.

דעם זעלבן טאָג, אַכט אַ זייגער אין אָוונט, באַלאַגערן מיליאָנען צו־הערער די ראַדיאָ־קעסטלעך. דער מיניסטער־פּרעזידענט עדואַרד דאַלאַדיע ווענדט זיך מיט אַן אויפרוף צו דער פראַנצויזישער באַפעלקערונג:

„פראַנצויזינס און פראַנצויזן! זינט דעם זונאויפגאַנג פון דעם ערשטן סעפּטעמבער איז פּוילן געפאַלן אַ קרבן פון דעם סאַמע ברוטאַלסטן און סאַמע צינישסטן איבערפאַל, וואָס מען קאָן זיך פאָרשטעלן. אירע גרענעצן זענען פאַרגוואַלדיקט און אירע שטעט זענען באָמבאַרדירט געוואָרן. איר אַרמיי אָבער שטעלט אַ העלדישן ווידערשטאַנד.

פראַנקרייך און ענגלאַנד האָבן געמאַכט אַלערליי אָנשטרענגונגען, כדי צו ראַטעווען דעם פרידן. היינט אין דער פרי האָבן זיי געמאַכט דעם לעצטן דרינגענדיקן פּרוּוו, זיי האָבן ווידער אַ מאָל זיך געווענדט צו דער דייטשער רעגירונג און זיך ביי איר געבעטן זי זאָל זיך צוהערן צו דער שטים פון דער פאַרנונפט: זי זאָל אָפּשטעלן אירע אַגרעסיווע אַקציעס קעגן פּוילן און עפענען שלום־אונטערהאַנדלונגען.

„...דערמיט וואָס מיר שטעלן זיך אַנטקעגן דער שרעקלעכסטער טיראַניי, וואָס האָט ווען נישט איז געבושעוועט אין דער וועלט, און דערמיט, וואָס מיר ברעכן נישט דאָס וואָרט, וואָס מיר האָבן געגעבן פּוילן, קעמפן מיר אויך פאַר דער פאַרטיידיקונג פון אונדזער לאַנד, אונדזערע היימען און אונדזערע פרייהייטן".

די ענגשאַפט, די שטופעניש אויפן מזרח־וואָקזאַל איז פונקט אַזוי גרויס, און אפשר נאָך גרעסער, ווי אין יענע זומער־טעג ווען האַלב פּאַריז איילט זיך צו אַנטלויפן פון די היצן, פונעם שטויב, פונעם רויך און פון די געררוישן פון דער גרויסשטאָט.

די וואַגאָנעס אָבער, אין וועלכע עס באַזעצן זיך היינט די אָנטיילנעמער פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, זענען, ווי זייערע איבערשריפטן זאָגן עדות אויף זיי, נישט באַשטימט פאַר צווייפיסיקע פּאַסאַזשירן, נאָר פאַר בהמות.

דאָס אַליין איז שוין אויך אַ גאַנץ גוטער סימן, אַז מען פאָרט נישט אויף דאַטשע, נאָר צום שלאַכטפעלד. דער פאַרגלייך מיט בהמות איז דעריבער גאָרנישט אַזאַ קרומער, ווי עס קאָן זיך אויסדוכטן אויפן ערשטן בליק.

כאָטש די סאָלדאַטן קוקן אויס אַ ביסל אומרויִק און צעטראָגן, זענען זיי פאָרט נישט אַזוי טרויעריק, אַזוי אומגליקלעך, ווי די פאַמיליעס, וואָס באַגלייטן זיי, די פאַמיליעס, וואָס בלייבן אין פאַריז.

ביידע משפחות, גראָסמאַן און שטיין, געפינען זיך כמעט אין זייער פולן באַשטאַנד אויפן מזרח־וואָקזאַל. פּאָפּאָווסקי, ד״ר שטיין, מאָריס און די אַלטע; יאָסל און יוכבד, ר׳ פּנחס און זיין דריט ווייב, חוץ דעם: טעכטער, אייניקלעך, חברים און סתם גוטע־פריינד.

די וואַגאָנעס זענען שוין פול געפּאַקט. רעקרוטן און רעזערוויסטן זענען אויסגעמישט. אַלע זענען איצטער גלייך. אַלע פאָרן זיי צו דער מלחמה. אמת, אָן גרויסער באַגייסטערונג, אָבער אויך אָן פאַרצווייפלונג.

די געזעגן־סצענעס זענען געוויינלעכע, אָבער אַזוי ווי אויף אַ וואָקזאַל דאַרף מען זיך איילן, ווייל מען האָט שטענדיק מורא, אַז מען וועט פאַר־שפּעטיקן דעם אָפּפאָר פון דעם צוג, איילט מען זיך איצטער אויך. אַלע איילן זיך, שטופּן זיך, זאָגן אָן איינער דעם צווייטן אויף שנעל.

די אָפּפאָרנדיקע באַדויערן די, וואָס בלייבן, ווייל אין דער איצטיקער מלחמה, שמועסט מען, וועלן די סאָלדאַטן אויפן פראָנט זיין זיכערער מיטן לעבן ווי די ציווילע באַפעלקערונג.

די, וואָס בלייבן, מיינען פאַרקערט. האָבן זיי רחמנות מיט די „באַשיצער פון פאָטערלאַנד". וואָלטן זיי זיך נישט געשעמט, וואָלטן זיי אָנגעזאָגט זייערע קינדער, זייערע חתנים, זייערע מענער, זייערע ברידער, אַז ווי עס זאָל נישט אויסקומען, פאַר דאַנציק האָבן זיי זיך נישט וואָס צו שלאָגן. פאַר פאַריז יאָ, אָבער פאַר דאַנציק נישט.

שאַרלאָט איז געקומען די לעצטע אויפן וואָקזאַל, גראָד האָט זיך גע־מאַכט, אַז זי איז פאַרהאַלטן געוואָרן ביי אַ קראַנקן. וואָלט זי געהאַט געניטע און שטאַרקע עלנבויגנס, וואָלט זי אפשר זיך נאָך דערשלאָגן צו דער אָפענער וואַגאָן־טיר, דורך וועלכער דניאל האָט אַרויסגעקוקט. אָבער איידער וואָס־ווען, האָט דער צוג גענומען רירן פון אָרט, און פון אַלע

וואַגאָנעס האָבן אָנגעהויבן הענט צו פאָכען. ס׳האָט אויסגעקוקט ווי אַ מחנה ווייסע פייגל וואָלט זיך צעפּאָכעט מיט פליגל.

— אַוועקגעפאָרן, אַוועקגעפלויגן — האָט שאַרלאָט געמורמלט צו זיך אַליין, און מער האָט זי גאָרנישט נישט געזען. פון אירע אויגן האָבן געגומען פליסן טרערן, וואָס האָבן אויפגעשטעלט אַ מין שיידוואַנט צווישן איר און דער איבעריקער וועלט.

## קאַפּיטל 9

יאָ, בוימאַן וויל זיך אַריינרייסן מיט געוואַלט אין היטלערס געדאַנקען־גאַנג, כאָטש ער איז איבערצייגט, אַז דאָס טאָר אים נישט געלינגען, ווייל טאָמער, חלילה, גיט זיך אים דאָס יאָ איין, וועט דאָס גופא זיין דער בעסטער באַווייז, אַז ערגעץ ווו, אין זיין אונטערבאַוווסטזיין וויניקסטנס, איז ער נאָך פאַרבליבן אַ דייטש, וואָס פאַרמאָגט אַ געוויסע פאַרשטענדעניש פאַר וואָטאַן־אויסברוכן.

אין דער רגע דערמאָנט ער זיך אָן הערמאַן ראַושנינגס בוך „געשפּרעכע מיט היטלער", וואָס איז מיט צוויי־דריי יאָר צוריק דערשינען אין אַ שוויי־צאַריש־דייטשן פאַרלאַג און דערנאָך אויך אין אַ פראַנצויזישער איבער־זעצונג אונטער דעם טיטל „היטלער מ׳אַ די" (היטלער האָט מיר געזאָגט).

דאָס דאָזיקע בוך האָט ער געלייענט, באַלד נאָך דעם ווי ס׳איז דער־שינען, צוויי מאָל, און ביידע מאָל אַזוי אינטענסיוו און מיט אַזוי פיל אימפּעט, ווי ער האָט ביז איצט נאָך נישט געהאַט געלייענט קיין אַנדער בוך. און דאָך, ווען ער דערמאָנט זיך די אַלע סודות, וואָס דער געוועזענער באַצישער פּרעזידענט פון דאַנציקער סענאַט זאָגט אויס פון היטלערס חדר, קאָן ער זיך פון אַ געוויסן עקל־געפיל נישט באַפרייען. נאָך מער: וואָס מער אמת בוימאַן אַנטדעקט אין דעם, וואָס היטלערס געוועזענער פּאַרטיי־חבר און אינטימער פריינד דערציילט, אַלץ מער וווּנדערט ער זיך און אַלץ מער פרעגט ער זיך, וויאַזוי דאָס קאָן מעגלעך זיין.

„מיר דאַרפן זיין גרויזאַם!" איז דער טיטל פון איינעם פון די קאַפּיטלען

אין ראַושנינגס בוך, און מיט די דאָזיקע ווערטער הייבט זיך טאַקע אָן איינער פון היטלערס מאָנאָלאָגן, וואָס ער פלעגט דעקלאַמירן פאַר אַ קליינער גרופּע צוהערער.

„מיר דאַרפן זיין גרויזאַם!" — האָט היטלער אויסגערופן, דערציילט ראַושנינג, — מיר דאַרפן עס זיין מיט אַ רויִקן געוויסן. וואָרעם נאָר אַזוי אָרום וועלן מיר זיין אין שטאַנד אויסצוּוואָרצלען פון אונדזער פאָלק די ווייכע נאָכגיביקייט, דעם סענטימענטאַליזם פונעם קליינבירגער; נאָר אויף דעם אופן וועט זיך אונדז איינגעבן צו צעשטערן אין אים די „געמיטלעכ־קייט" און די צופרידנקייט, וואָס ער געפינט אויפן דעק פונעם בירקרוג. די צייט פון פיינע געפילן איז אַוועק. אונדזער פליכט איז צו שטויסן אונדזער פאָלק צו גרויסע טאָטן, אויב מיר ווילן, אַז עס זאָל אויספירן זיין היסטאָרישע שליחות".

און אָט איז נאָך אַ כאַראַקטעריסטישער זאַץ אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל:

„איך ווייס, אַז איך דאַרף שפּילן די ראָלע פון אַן אומברחמנותדיקן, נישט בייגעוודיקן דיקטאַטאָר. איך גופא דאַרף זיך צווינגען צו זיין האַרט. מיין אויפגאַבע איז אַ שווערערע ווי די אויפגאַבע, וואָס ביסמאַרק און אַלע די, וואָס זענען נאָך אים געקומען האָבן געהאַט צו דערפילן. און טאַקע אַזוי, איידער איך טרעט צו צו פאַרענטפערן אָט די אַלע פּראָבלעמען, וואָס שטעלן זיך אַוועק היינט צו טאָג פאַר אונדזער נאַציע, דאַרף איך צו ערשט אויספורעמען אונדזער פאָלק".

אינעם קאַפּיטל, וואָס טראָגט דעם נאָמען: „וואַגנערישע שגעונות, אָדער פּאַרסיפאַל ביי דער מאַכט", שטעלט זיך הערמאַן ראַושנינג אָפּ אויף היטלערס וואַגנער־קולט.

אויך היטלער איז אַ מעלאָמאַן. זייענדיק אַ מעלאָמאַן, אַ יידן־פרעסער און פאַנגערמאַניש, איז נישט קיין וווּנדער, וואָס ער האַלט אַזוי שטאַרק פון ריכאַרד וואַגנער, וואָס חוץ אַ קאָמפּאָזיטאָר איז ער נאָך דערצו געווען אַ יידן־פרעסער, און אויך אַ פאַנגערמאַניסט.

ווי עס שטעלט זיך אַרויס פון ראַושנינגס רעוואָלוציעס איז היטלער מיט יאָרן צוריק פאַרכאַפּט געוואָרן נישט אַזוי פיל פון וואַגנער דעם קאָמ־

פּאָזיטאָר פון דער אָפּערע פּאַרסיפאַל, ווי פון דער וואַגנערישער קאָנצעפּציע פון דער גערמאַנישער קולטור.

נאָך אין איין פּונקט האָט היטלער אַ סך געלערנט פון וואַגנערן. אויך ריכאַרד וואַגנער איז געווען אַ וועגעטאַריער, נישט צוליב היגיענישע טעמים, נאָר אין נאָמען פון אַ „צער־בעלי־חיים״־קאָנצעפּציע. וואָלט היטלער זיך געפילט גענוג שטאַרק, וואָלט ער אַלעמען פאַרבאָטן צו עסן פליש, טרינקען אַלקאָהאָל און רויכערן. וואַגנער, אַזוי גוט ווי זיין תלמיד היטלער, באַטראַכטן דעם פלייש־אַלקאָהאָל־און טאַבאַק־גענוס, ווי די סיבה און דעם רעזולטאַט פון דער דעגענעראַציע פון דייטשן פאָלקס־קערפּער.

לויט ראַושנינגס עדות־זאָגן איז וואַגנער אין היטלערס אויגן נישט בלויז אַ געניאַלער מוזיקער און געניאַלער פּאָעט, נאָר ער איז, דער עיקר, דער סאַמע גרעסטער נביא, וואָס דייטשלאַנד האָט ווען נישט איז פאַרמאָגט. היטלער האָט זיך באַרימט פאַר ראַושנינגן, אַז לייענענדיק און זיך פאַר־טיפנדיק אין וואַגנערס ווערק, האָט ער דאָרט אַנטדעקט דאָס, וואָס ער גופא האָט פאַרויסגעפילט און פאַרויסגעטראַכט.

דאָס פּראָבלעם, וואָס היטלער באַמיט זיך צו פאַרענטפערן, איז, ווי ראַושנינג דערציילט, ווי אַזוי אָפּצושטעלן די ראַסישע דעגענעראַציע. „מיר האָבן באַוויזן, האָט היטלער געזאָגט צו ראַושנינגן, ארויסצוציען פון דער ראַסישער קאָרופּציע, אין וועלכער מיר זענען אַלע אַריינגעפאַלן, די געהע־ריקע פּאָליטישע קאָנסעקווענצן: קיין מאָל וועט מער נישט זיין ביי אונדז קיין דעמאָקראַטיע!״. חוץ דעם איז היטלער צוגעטראָטן צו שאַפן אַ מין גערמאַנישן אָרדן, וואָס זיין אויפגאַבע דאַרף זיין אָפּצוהיטן מיט אַלע מיטלען די ריינקייט פון דעם גערמאַנישן בלוט.

„מיר דאַרפן אויך, האָט היטלער ווייטער דערקלערט, אויסטייטשן וואַגנערס פּאַרסיפאַל־אָפּערע אַנדערש, ווי דאָס טוען די פּאַטענטירטע קריטיקער. אין דעם דאָזיקן ווערק ווערט נישט גלאָריפיצירט די רעליגיע פון רחמנות און חסד, דאָס קריסטנטום הייסט עס, ווי דאָס מיינט דער נעאָ־קריסט שאָפּענהויער, נאָר פּונקט פאַרקערט. פאַרהערלעכט ווערט דאָרט דער קולט פון דעם איידעלן און קאָסטבאַרן בלוט, פון דעם דאָזיקן לויטערן און לויכטנדיקן בריליאַנט, וואָס אַרום אים גרופּירן זיך אַלע מיטלעלטער־

לעבע מוטיקע ריטער. דער קעניג אמפארטאס ליידט פון אַן אומהיילבאַרער קרענק: די קאָרופּציע פון זיין בלוט. פּאַרסיפאַל, דער דאָזיקער אומוויסנ־דיקער, אָבער תמימותדיק ריינער העלד, דאַרף אויסקלייבן צווישן די ליידנשאַפטלעכע תענוגים פון דעם גאָרטן פון קלינגזאָר, וואָס סימבאָליזירט אַלע אויסגעלאַסנקייטן פון דער קאָרומפּירטער ציוויליזאַציע, און דעם שטרענגן און ערנסטן דינסט פון די ריטער, וואָס גיבן אַכטונג אויף דער לויטערקייט פון בלוט, וואָס איז דער מיסטישער קוואַל פון גאַר דעם לעבן אונדזערן. דאָס איז אונדזער אַלעמענס דראַמע. אַלע זענען מיר אָנגעשטעקט געוואָרן דורך דער דאָזיקער בלוט־פּעסט, אַלע זענען מיר פאַראומרייניקט דורך דער ראַסן־אָנשטעקונג...״

בוימאַן האַלט אָפן די אויגן. ער בלעטערט ראַושנינגס בוך. עס וואָלט אים אָבער שווער געווען צו זאָגן, צי ער האָט טאַקע דאָס אַלץ אַרויס־געלייענט פון דעם בוך, אָדער ער האָט דאָס געלייענט אויסנווייניק, אַזוי צו זאָגן.

איז ער וואַך? אפשר חלומט זיך אים דאָס אַלץ. אין חלום אָבער ווערן ביכער נישט געלייענט; אין אַ חלום זעט מען בילדער, געשטאַלטן, עס וויקלען זיך פונאַנדער געשעענישן כלערליי. זאָל דער דאָזיקער חלום זיין אַן אויסנאַם צווישן די פאַרשידענע אַנדערע חלומות זיינע?

און ווידער טראַכט ער, ווידער חלומט זיך אים, ווידער הערט ער... דאָס מאָל הערט ער עפּעס ווי די תקיעה גדולה פון אַ שופר, דעם גרויסן יידישן רוף פון אַלע צייטן, דעם אויסגעשריי, מיט וועלכן רבי עקיבא, וואָס איז פאַרפּייניקט געוואָרן דורך די רוימער, האָט אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם, „שמע ישראל...״

דער דאָזיקער אויסגעשריי איז דער טיטל פון איינעם פון די קאַפּיטלען פון ראַושנינגס בוך. „שמע ישראל!״, הייסט דאָס קאַפּיטל, אין וועלכן ראַושנינג גיט איבער די פּרטים פון דעם אויסראָטונגס־פּלאַן, וואָס היטלער האָט געהאַט צוגעטראַכט פאַר דעם יידישן פאָלק.

היטלער, דערציילט ראַושנינג, זעט אין די יידן די פאַרקערפּערונג פון אַל דאָס בייז. זיי זענען די הערשער איבער דער גאַנצער וועלט און

די דאָזיקע הערשאַפט וויל ער אַרויסרייסן פון זייערע הענט. היטלער, זאָגט ראַושנינג, באַמיט זיך שטענדיק צו באַווייזן אויף ווי ווייט ער איז געקעכט דערמיט, וואָס ער האָסט אַזוי שטאַרק די יידן. באַזעסן איז ער פון דער דאָזיקער שׂנאה אויף אַזוי ווייט, אַז ער קאָן קיין מאָל נישט פאַרענדיקן אַ שמועס, נישט זידלענדיק און שעלטנדיק די יידן.

איין טאָג האָט ער אים, שרייבט ראַושנינג, אַנטפּלעקט גאָר זיין געדאַנקען־גאַנג, וואָס שייך זיין אַנטיסעמיטישער טעאָריע און זיין אַנטיסעמיטישער פּראַקטיק: קודם כל איז, לויט היטלערן, דער אַנטיסעמיטיזם אַן אויסגעצייכנטער פּראָפּאַגאַנדע־אַרגומענט. מיט דעם דאָזיקן אַרגומענט האָט ער זיך באַנוצט זייער אָפט נאָך איידער ער איז געקומען צו דער מאַכט.

„מיינע יידן — האָט היטלער זיך באַרימט — זענען די ערבים, וואָס איך פאַרמאָג. די אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע איז אין אַלע לענדער דאָס בעסטע געווער מיינס אין מיין פּאָליטישער אָפּענסיווע. איר וועט זען מיט וועלכער שנעלקייט מיר וועלן איבערקערן און איבערדרייען די ווערטן־סקאַלע אין דער גאַרער וועלט נאָר אַ דאַנק אונדזער קאַמף קעגן דעם יידנטום. איבעריקנס, זענען די יידן אונדזערע בעסטע העלפער. נישט געקוקט אויף די סכנות, וואָס לויערן אומעטום אויף זיי דערפאַר ווייל זיי זענען יידן, מישן זיי זיך אומעטום אַריין. זענען זיי אָרעם, שטעלן זיי זיך אין די ערשטע רייען פון דעם לאַגער פון די שׂונאים פון דער אָרדענונג און זיי ווערן אַגיטאַטאָרן. צו גלייכער צייט זענען זיי די פאַרעקשנטע פאַרטיידיקער פונעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם. עס איז אַזוי אַרום גאָר לייכט פאַר אונדז צו באַרעכטיקן אין אַלע לענדער דעם קאַמף, וואָס מיר פירן קעגן די יידן מיט דער הילף פון עטלעכע ביישפּילן אין יעדן לאַנד באַזונדער, און אַלע פאַרשטייען אונדז. פון דעם מאָמענט אָן, וואָס עס געלינגט אַריינצופויקן אין די מוחות דעם ראַסיסטישן פּרינציפּ, אויפדעקנדיק די יידישע פאַרברעכנס, איז דאָס איבעריקע שוין נישט מער ווי אַ קינדער־שפּיל. שריט נאָך שריט ווערט נאָך דעם צעשטערט די אַלטע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אָרדענונג און מען דערנענטערט זיך צו די נייע אידעען פון דער ביאָלאָגישער פּאָליטיק".

מאָדנע. כאָטש בוימאַן און נישט בלויז ער, נאָר די גאַנצע וועלט חוץ

אים, האָט שוין פון לאַנג אָן געהאַט אַנטדעקט דעם דאָזיקן טייוולאָנישן איינפאַל, וואָס אַ דאַנק אים פונקציאָנירט אַזוי גוט דער מעכאַניזם פון דער היטלערישער ראַסיסטיש־אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע אין אַלע לענדער, האָט ער עד היום נישט אויפגעהערט זיך צו וווּנדערן, און עד היום קאָן ער נישט פאַרשטיין, ווי אַזוי דאָס איז מעגלעך. נישט שוין זשע זענען אַלע אַזוי פאַרבלענדט, אַזוי פאַרכישופט, אַזוי ווייט און אַזוי טיף גערירט געוואָרן אין זייערע געדאַנקען אָדער גאָר אין זייערע געפילן, — אַז זיי זעען נישט אין וואָס פאַר אַ זומפּ דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד זינקט איין?

איז שוין טאַקע נישטאָ מער קיין מיטל ווי אַזוי אויפצודעקן דעם דאָזיקן גראָבן שווינדל? אויב דאָס וועט אַזוי ווייטער גיין, וועט דאָך די גאַנצע וועלט ווערן פאַרסמט. אויב היטלער וועט זיגן, וועט דאָס זיין אָן שום ספק דער פיזישער אונטערגאַנג פונעם יידישן פאָלק.

אין דער לעצטער צייט, כאַפּט זיך בוימאַן, טראַכט ער אַליך מער נישט בלויז וועגן דעם גורל, נאָר אויך וועגן דעם מהות פונעם יידישן פאָלק, וועגן זיין היסטאָרישער שליחות אויף דער וועלט. און ער טראַכט אויך וועגן דעם, אַז נישט בלויז ער שטאַמט אָפּ פון יידן, נאָר ער ציט פון דעם דאָזיקן אָפּשטאַם זיינעם אויך אַרויס די געהעריקע מסקנות. ער ווערט וואָס ווייטער אַליך מער אַ באַוווּסטזיניקער ייד און דער אויסגעשריי „שמע ישראל!" שטויסט זיך אָן נישט בלויז אין זיין אונטערבאַוווּסטזיין, נאָר אַפילו אויך אין זיין קלאָרן באַוווּסטזיין. יעדער „שמע ישראל", אַפילו דער „שמע ישראל", וואָס פיגורירט ווי אַ טיטל פון איינעם פון די סימפּטאָמאַטישסטע קאַפּיטלען פון ראַושנינגס בוך. איצט דוכט זיך בוימאַנען, אַז ער פאַרשטייט בעסער פאַר וואָס די אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע האָט אַזאַ גרויסן דערפאָלג אין דער וועלט, אַפילו אויך אין פראַנקרייך. ער נעמט אויך באַגרייפן אַז, צי מען וויל יאָ, צי מען וויל נישט, די יידן־פראַגע וועט נישט קאָנען פאַרענטפערט ווערן אַנדערשווּ, נאָר אין פּאַלעסטינע. אויב אַזוי טאָ מעג ער שוין אַרויסברענגען אויף זיינע ליפּן דאָס ריכטיקע וואָרט, דעם ריכטיקן נאָמען פון דעם יידישן לאַנד: ארץ־ישראל. שמע ישראל!... ארץ־ישראל!... שמע ישראל!...

אין די דאָזיקע צוויי אויסגעשרייען שפּאַרן זיך דערווייל אָן אַלע

בוימאַנס געדאַנקען, וואָס זענען אפשר בלויז פיצלעך און ברעקלעך פון אַ חלום, וואָס האָט זיך נאָך נישט פאַרענדיקט אין גאַנצן.

לויט ראַושנינגן, הייסט עס, באַטראַכט היטלער דעם ייִד, ווי זיין וועלט־שונא נומער איינס. האָט דעריבער ראַושנינג געוואָלט וויסן, צי היטלער טראַכט טאַקע אויף אַן אמת אויסצוראָטן די גאַנצע יידישע ראַסע.

„ניין, — האָט היטלער אים געענטפערט — פונקט פאַרקערט, וואָלט דער ייד נישט עקזיסטירט, וואָלט מען אים געדאַרפט דערפינדן. מיר נייטיקן זיך אין אַ שונא, וואָס יעדער איינציקער קאָן אים זען און נישט אין אַן אומגעזעענעם שונא.

„די קאַטוילישע קירך האָט אויך נישט געקאָנט זיך באַגנוגענען מיט דער אומגעזעענער עקזיסטענץ פונעם טייוול. זי אויך האָט זיך געניטיקט אין זיכטבאַרע אַפּטריניקע און אַפּיקורסים, כדי אויפצוהאַלטן איר קעמפּעריש ענערגיע. דער ייד רעזידירט נאָך אַלץ אין אונדז. אָבער עס איז אַ סך לייכטער אים צו באַקעמפן אין זיין קערפּערלעכער פאָרעם, ווי אין דער פאָרעם פון אַן אומגעזעענעם שד. דער ייד איז געווען דער שונא פון דער רוימישער אימפעריע, פון מצרים און פון בבל. אָבער איך בין דער ערשטער, וואָס האָב אָנגעהויבן צו פירן אַ מלחמה מיט אים אויף לעבן און אויף טויט".

נאָך איידער, הייסט עס, די צווייטע וועלט־מלחמה האָט זיך פונאַנדערגעפלאַקערט, האָט זיך די מלחמה קעגן דעם יידישן פאָלק אָנגעהויבן. נאָך איידער אַפילו היטלער איז געקומען צו דער מאַכט. מער נישט וואָס? אין דער היינטיקער שלאָפלאָזער נאַכט, אין דער היינטיקער ליל שימורים, וועט באַשלאָסן ווערן, צי די דאָזיקע מלחמה וועט אַריינשלעפּן אין איר קעסלגרוב אויך אַנדערע פעלקער אָדער נישט.

דער ייד... ביז מיט פערציק יאָר אַן ערך צוריק, ווייזט זיך אַרויס, האָט מען דעם ייד פיינט געהאַט אינסטינקטיוו און עפּעס ווי אָן אַ סיבה האָט מען אים פאַרפאָלגט, האָט מען אים פּאָגראָמירט. און כדי דאָס צו באַרעכטיקן, האָט מען אים באַשולדיקט אין גאָטמאָרד און דערנאָך האָט מען אויסגעטראַכט אויף אים כלערליי אַנדערע בלוט־בלבולים, אָבער צווישן דעם ניינצנטן און דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט מען על פּי צופאַל אַנטדעקט אַ דאָקומענט: „די פּראָטאָקאָלן פון די זקני ציון".

אויף ראַושנינגס באַמערקונג, אַז די דאָזיקע פּראָטאָקאָלן זענען פאַר־פאַסט געוואָרן פון דער אַמאָליקער צאַרישער אָכראַנע, און אַז זייער פעלשונג באַווייזט זיך שוין אינעם ערשטן זאַץ, מיט וועלכן זיי הייבן זיך אָן, האָט היטלער געענטפערט:

„עכט אָדער אומעכט — וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט דאָס אין דעם געשיכטלעכן קאָנטעקסט? די אינערלעכע וואָרשיינלעכקייט, דער אינעווייניקסטער אמת פון דעם דאָזיקן אויסערגעוויינלעכן דאָקומענט, וואָלט אַרויס־געקומען נאָך בולטער, ווען עס וואָלט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז אַ פעלשונג. מיר דאַרפן באַקעמפן דעם ייד מיט זיינע אייגענע כלי־זין. דאָס איז מיר געוואָרן קלאָר נאָך דעם ווי איך האָב דורכגעלייענט דאָס דאָזיקע בוך".

„און דאָס זענען טאַקע די פּראָטאָקאָלן — האָט אים ראַושנינג ווידער געפרעגט — וואָס זענען געוואָרן דער אויסגאַנגפּונקט פון אייער קאַמף?"

„אַזוי ווי איר זאָגט — האָט היטלער געענטפערט — זיי האָבן מיך געפירט, די פּראָטאָקאָלן, ביז אין דער קלענסטער איינצלהייט אַריין..."

ביז איצט, טוט בוימאַן אַ טראַכט, האָט מען געוווּסט, אַז עס זענען פאַראַן שריפטשטעלער, וואָס שרייבן שונדראָמאַנען, און עס זענען פאַראַן — און דווקא אין גאַר אַ גרויסער צאָל — לייענער, וואָס לייענען און לעקן די פינגער פון די דאָזיקע שונדראָמאַנען, אָבער אַז עס עקזיסטירן האַלב־סאַטירישע און האַלב־פּאָליציייִשע שענדלעכע און געפעלשטע מאַ־כערייקעס, וואָס קאָנען דערפירן צו אַ וועלט־מלחמה, דאָס וואָלט קיינער נישט געקאָנט זיך פאָרשטעלן.

און ווידער ווייסט ער נישט, צי ער קאָנסטאַטירט עס אין שלאָף אָדער וואַכערהייט. בוימאַן ווייסט נישט אויף וועלכער וועלט ער געפינט זיך. און ער פרעגט זיך ווידער און ווידער, צי מען וועט אים אינטערנירן אין פראַנקרייך ווי אַ פיינטלעכן אויסלענדער אָדער נישט. ווער קאָן אים אויף דעם ענטפערן? אפשר וואָלט ער געדאַרפט וועגן דעם זיך דורכשמועסן מיט הערמאַן ראַושנינג, וואָס אויך ער געפינט זיך דאָ ווי אַ „פיינטלעכער אויס־לענדער" — ווי זיינער אַ גוטער באַקאַנטער, וואָס טרעפט זיך אָפט מיט אים אין איינער פון די קאַפעס אין לאַטיינישן פערטל, האָט אים דערציילט.

ער וואָס ווייס אַזוי פיל נאַציִשע סודות, אפשר וועט ער קאָנען אים אויפ־קלערן אויך דעם דאַזיקן סוד...

## קאַפּיטל 10

אין דער נאַכט פון דעם צווייטן אויפן דריטן סעפּטעמבער 1939, אין דער דאָזיקער גורלדיקער נאַכט, ביי זיך אין צימערל, האָט בוימאַן, מיט זיין כוח הדמיון, געקאָנט אָבסערווירן די האַנדלונגען פון די הויפּטאַקטיאָרן פון דער טראַגעדיע, וואָס פעלקער און מדינות האָבן אָנגעהויבן צו שפּילן אויף דער אייראָפּעיִשער בינע.

די דאָזיקע בינע איז דעקאָרירט ווי אַ שלאַכטפעלד. אינעם צענטראַלן הינטערגרונט פון דער בינע — וואַרשע, די הויפּטשטאָט פון פּוילן. אין דעם הינטערגרונט פון ביידע זייטן בינע ציִען זיך די פּוילישע טעריטאָריעס, ווו די דייטשן שיסן, שטעכן, ממיתן, ברענען און צעטרעטן די אָנגעגריפענע פּאָליאַקן. פון הינטער די דאָזיקע זייטיקע צוויי סצעניִשע הינטערגרונטן הערט זיך דער פייף פון די לאָקאָמאָטיוון, נאָך וועלכע עס שלעפּן זיך וואַגאָנעס אָנגעפּראַפּטע מיט פאַרווונדעטע און גוססדיקע פּוילישע זעלנער. מיט אַ גרילצנדיקן פייף רייסן זיך די דאָזיקע צוגן אַריין אינעם מיטלסטן הינטערגרונט פון דער בינע: מיט אַ געדיכטער פינצטערניש איז וואַרשע באַדעקט.

מחמת דער דאָזיקער פינצטערניש גיט זיך בוימאַנען נישט איין אַריינ־צודרינגען קיין וואַרשע. אַלע קאָמוניקאַציע־מיטלען זענען אָפּגעשניטן אַפילו פאַר אים, דעם העלזעער.

זיין אויפמערקזאַמקייט ווענדט איצט בוימאַן צו דעם פאָדערגרונט פון דער אייראָפּעיִש־פּאָליטישער בינע. וואָס זעט ער דאָרט?

ער זעט „פּאַריז ביי נאַכט", ווי די ענגלישע און אַמעריקאַנער טוריסטן רופן אָן די „שטאָט פון ליכט", ווען זיי פאָרן אין זייערע אויטאָקאָרן פּראַווען חצות אין די געגנטן פון מאָנמאַרטר, מאָנפּאַרנאַס און סען־זשערמען. ניין, נישט די דאָזיקע „פּאַריס אין זע נייט" ציט איצט צו בוימאַנס געדאַנקען,

נאָר דווקא דער קעי ד׳אָרסעי, ווו עס וואַכט איצט אָן ספק דער פראַנצוי־זישער אויסערן־מיניסטער און מיט אים דער גאַנצער פראַנצויזישער דיפּלאָמאַטישער אַפּאַראַט.

בוימאַן איז נישט אין שטאַנד צו זאָגן, צי אויך דער פּוילישער אַמבאַסאַדאָר אין פּאַריז, לוקאַשעוויטש, געפינט זיך אין דער איצטיקער שפּעטער און געפערלעכער שעה ביי דעם פראַנצויזישן אויסערן־מיניסטער באַנע, אָבער עפּעס וואָס רוימט איין אין אויער, אַז יאָ. בוימאַן איז איבער־צייגט, אַז לוקאַשעוויטש, אין אָט דער מינוט טאַקע, באַקלאָגט זיך פאַרן אויסערן־מיניסטער באָנע פאַר וואָס די פראַנצויזישע רעגירונג, נישט געקוקט אויפן פראַנצויזיש־פּוילישן מיליטערישן אָפּמאַך, האָט ביז איצט נאָך נישט דערקלערט דייטשלאַנד מלחמה און שטייט נאָך אַלץ פון דער ווייטנס. אויף וואָס וואַרט ער, דער פראַנצויזישער אויסערן־מיניסטער? אויפן באַשלוס פון לאָנדאָן? און טאָמער וועט די ענגלישע רעגירונג, טענהט מסתמא לוקאַשעוויטש, אָפּשלעפּן איר ענטפער נאָך אַ טאָג און נאָך אַ טאָג, וועט ער, דער פראַנצויזישער אויסערן־מיניסטער, נאָך אַלץ שטיין מיט פאַרלייגטע הענט? דערווייל דרינגט היטלער אַריין אַלץ טיפער אין פּוילן, מענטשן פאַלן ווי די פליגן. פּוילן וועט באַלד נישט מער עקזיסטירן. אויב פראַנקרייך וועט נישט אינטערוועניר̈ן תיכף ומיד, וועט די גאַנצע וועלט וויסן, אַז זי האָט פּוילן פאַרראַטן. די פּאַסיווע האַלטונג פון פראַנקרייך אין אַזאַ געפערלעכן מאָמענט וועט איר געוויס קיין כבוד נישט פאַרשאַפן.

די אייראָפּעיִשע בינע איז אַ מאָדערנע, אַ דרייבינע. אַ דריק געטאָן אָן עלעקטריש קנעפּל — און שוין האָט זיך די בינע איבערגעדרייט און ס׳איז אַרויסגעשווומען אַ נייער דעקאָר, אַ נייער בנין, אַ ניי לאַנד און אַ שפּאָגל נייע סיטואַציע.

דאָס מאָל איז דאָס דער ענגלישער פּאַרלאַמענט. שוין מער ווי אַ האַלבע שעה ווי טשעמבערלענס מיניסטאָרן־קאַבינעט פאַרהאַנדלט. דאַונינג־סטריט איז שטאָק־פינצטער. לויט דער חושכניש, וואָס הילט אַרום לאָנדאָן, וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז ענגלאַנד געפינט זיך שוין אין מלחמה־צושטאַנד מיט דייטשלאַנד. אַ שווערע דילעמע שטייט איצט פאַר טשעמבערלען, וואָס איז ביים מינכענער אָפּמאַך גאַנץ מיאוס אַריינגעפאַלן. פון איין זייט, גלוסט זיך

אים טאַקע נישט אַזוי שטאַרק אַריינצוקריכן אין אַ מלחמה מיט דייטשלאַנד, פון דער אַנדערער זייט, ווייסט ער, אַז טאָמער ער וועט נעמען זוכן אַ תירוץ אַהין און אַהער, וועט אַ גרויסער טייל פון דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי אַרויסטרעטן קעגן זיין רעגירונג.

די שטימונג אין לאַנד איז זייער אַן אָנגעצויגענע. אַלע זענען פאַר אַ מלחמה מיט דייטשלאַנד. אַלע, קאָנסערוואַטיווע, ווי ליבעראַלע און לייבאָריסטן, ציטערן ממש ביי דעם געדאַנק, אַז ענגלאַנד איז מסוגל נישט צו האַלטן וואָרט, וואָרעם ענגלאַנד וואָלט פוילן געדאַרפט קומען מיליטעריש צו הילף, לויט דעם אָפּמאַך, וואָס עקזיסטירט צווישן אָט דיביידע מדינות, תכיף נאָך דעם ווי זי איז אָנגעגריפן געוואָרן דורך היטלערן, „אויטאָמאַטיש", ווי גרינוווד האָט זיך אויסגעדריקט אינעם ענגלישן פּאַרלאַמענט.

„איך בין ממש דערשיטערט — האָט ער אויסגערופן אין פּאַרלאַמענט — שוין 36 שעה, ווי עס איז באַגאַנגען געוואָרן אַן אַגרעסיע־טאַט. אין דעם זעלביקן מאָמענט ווען ס'איז צו שטאַנד געקומען דער דאָזיקער אַגרעסיווער אַקט, האָט איינער פון די סאַמע וויכטיקסטע אָפּמאַכן צווישן צוויי מדינות תיכף ומיד געדאַרפט אויסגעפירט ווערן... איך שטעל זיך די פראַגע: ווי לאַנג נאָך וועלן מיר זיך וואַקלען אין אַ שעה, ווען גרויס־בריטאַניע און די גאַנצע ציוויליזאַציע געפינען זיך אין סכנה".

אַלע האָבן אַפּלאָדירט די דאָזיקע רייד, אַזוי גוט אויף די בענק פון די קאָנסערוואַטיווע ווי אויף די בענק פון דער אָפּאָזיציע. טשעמבערלען האָט תיכף צונויפגערופן דעם מיניסטאָרן־קאַבינעט אויף אַ באַראַטונג.

בינו לבינו איז חצות שוין אויך פאַרביי, אויף דער זיצונג פונעם מיניסטאָרן־קאַבינעט, אַזוי גוט ווי אויפן „קעי ד'אָרסעי" — און ווי אין בוימאַנס דירהלע, וואָרעם אויך האַנס בוימאַן איז פאַרוויקלט אין דער דאָזיקער גרויסער געשיכטלעכער „אַפּערע". אויך ער פרעגט זיך: ווי אַזוי מאַכט מען, אַז ענגלאַנד און פראַנקרייך זאָלן מושווה ווערן וועגן דעם ווען זיי זאָלן ביידע בשותפות אָפּשיקן זייער אולטימאַטום צו דייטשלאַנד, בפועל ממש, וועגן דער שעה ווען דאָס זאָל געשען — וועגן דער שעה ווען זיי זאָלן דעם דאָזיקן אולטימאַטום אָפּשיקן און ביז וועלכער שעה זיי זאָלן זיך מתחייב זיין צו וואַרטן אויף היטלערס ענטפער.

די גאַנצע מניעה, ווייזט אויס, איז פראַנקרייך. זי האָט נאָך איר מאָביליזאַציע נישט פאַרענדיקט און דער פראַנצויזישער גענעראַל־שטאַב פאָדערט אַ נייעם טערמין אָפּצושיקן דעם דאָזיקן אולטימאַטום, בעת דאָס ענגלישע מיליטער, דער עיקר דער ים־פלאָט, איז גרייט צו דער מלחמה. האָר בעלישאַ, וואָס האָט זיך גאָר שטאַרק איינגעשטעלט דערפאָר, אַז די גרענעץ־שעה פאַרן ענטפער אויפן ענגלישן אולטימאַטום זאָל באַשטימט ווערן אויפן צווייטן סעפּטעמבער צו חצות, איז איצט מסכים, אַז ענגלאַנד זאָל באַוויליקן צו וואַרטן אויף אַ תשובה ביז דעם דריטן סעפּטעמבער, זעקס אַ זייגער באַגינען.

טשעמבערלען אָבער וויל, אַז דער ענגלישער אולטימאַטום זאָל זיך פאַר־ענדיקן זעקס שעה שפּעטער, דאָס הייסט מיטאָגצייט, כדי די פראַנצויזן זאָלן קאָנען אָפּשיקן זייער אולטימאַטום צו דער זעלביקער שעה און ער וועט זיך פאַרענדיקן זעקס אַ זייגער אין אָוונט. וואָרעם דער פראַנצויזישער אויסערן־מיניסטער, דערקלערט טשעמבערלען, האָט זיך מתחייב געווען צו וואַרטן אויף דער תשובה פון דער איטאַליענישער רעגירונג, וואָס האָט זיך אונטער־גענומען צו פועלן ביי היטלערן, ער זאָל איינגיין אויף וועלכן נישט איז קאָמפּראָמיס און עס זאָל אַזוי אַרום קאָנען אויסגעמיטן ווערן די צווייטע וועלט־מלחמה.

בוימאַן כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ: וואָס קומט מיט אים פאָר? איז ער אַרייגעפאַלן אין אַ קאָשמאַר, וואָס האָט קיין נאָמען נישט, אין עפּעס אַ פינצטערן גרוב? אויב אַזוי, פאַר וואָס איז ער אַזוי העלזעעווודיק? ווי אַזוי?

וואָס קומט דאָ פאָר מיט אים? וועט מען אים יאָ אינטערנירן ווי אַ פיינטלעכן אויסלענדער, אָדער מען וועט סוף־כל־סוף איינזען אין קעי־ד'אָרסעי אָדער אין דער אַזוי גערופענער צווייטער ביוראָ פונעם פראַנצוי־זישן קאָנטער־שפּיאָנאַזש, אַז ער, בוימאַן, איז מער אַנטי־נאַצי ווי געוויסע דעפּוטאַטן פונעם פראַנצויזישן און פונעם ענגלישן פּאַרלאַמענט אין איינעם גענומען?

ווידער אַ קוועטש אויפן עלעקטרישן קנעפּל פון דער דרייבינע: אין רוים איז אויך חצות. אָבער די גאַסן זענען באַלויכטן, נישט ווי אין לאָנדאָן

און אין פּאַריז. איטאַליע האָלט נאָך נישט ערב מלחמה. פאַרקערט, דער דוטשע לייגט זיך, ווייזט אויס, אין דער לענג און אין דער ברייט אויס־צומיידן אַ מלחמה צווישן פראַנקרייך־ענגלאַנד און דעם בוזעם־פריינד פון פאַשיסטישן איטאַליע. אים לוינט איצט נישט קיין מלחמה. ער ווייסט, אַז אין ביידע פאַלן, סיי נאָך אַ היטלער־נצחון, סיי נאָך אַ זיג פון די אַלייִרטע אַרמייען, וועט ער קיין האַניק נישט לעקן.

די פענצטער אין זיין רוימישער רעזידענץ, אין פּאַלאַציאָ ווענעציאַ, זענען באַלויכטן. דער דוטשע זיצט אַוודאי איצט אַליין אָדער מיט זיינע פּאַרטרויטע און קלערט, ווי אַזוי אויסצוקאָמבינירן אַ מין פּלאַן אַזאַ, אַז דער וואָלף זאָל זיין זאַט און דאָס שעפּעלע גאַנץ. דער וואָלף, פאַרשטייט זיך איז היטלער, וואָס איז אייגנטלעך זיינער אַ תלמיד, האָט אים אָבער ווייט איבערגעשטיגן סיי אין גרויסקייט־מאַניע, סיי אין אַמביציעס, און סיי אין די מאַכט־מעגלעכקייטן. די גאַנצע וועלט ציטערט איצט נישט פאַר דעם דוטשע, נאָר פאַר דעם „פירער", אַ טיטל, וואָס היטלער האָט אויך צוגעגנבעט ביי אים.

מוסאָליני האָט דערפאַר אַרויסגערוקט דעם געדאַנק, עס זאָל צונויפ־גערופן ווערן אַ שפּיצן־קאָנפערענץ, וואָס זאָל זיך פאַרנעמען מיטן אָפּ־ראַטעווען דעם גוססדיקן שלום. אָבער גרויסע האָפענונגען אויף דערפאָלג האָט ער נישט. היטלער הערט אים ווי דעם קאָטער. און פון דער צווייטער זייט איז אַ גרויסער ספק, צי די אַלייִרטע מלוכות וועלן דאָס מאָל ווידער איינגיין אויף דעם בלאָף און זיך לאָזן פירן, פונקט ווי פאַר אַ יאָרן, פון היטלערן פאַר דער נאָז.

מוסאָליני ווייסט, ווי הייס היטלערס ווונטש איז צו באַזיגן וואָס גיכער די גאַנצע וועלט, כדי געקרוינט צו ווערן ווי אַ קאַליגולאַ אין זיין צייט, ווי אַן אמתער גאָט. ווי ער האָט ראַושנינגן געהאַט דערקלערט, איז אים ליבער צו האַלטן מלחמה איצט, איידער אין צען יאָר אַרום, ווען ער וועט אַלט ווערן זעכציק יאָר. טאָ זאָל זיך דער דוטשע נישט אַריינמישן. דערפאַר טאַקע האָט ער אים דעם ערשטן סעפּטעמבער באַפרייט פון זיינע מיליטערישע התחייבותן כלפּי דייטשלאַנד. קיין פּוילן זענען די היטלערישע חיילות אַריינגעדרונגען נישט האָבנדיק זיך באַראַטן פריִער מיטן דוטשע.

מוסאָליני האָט געזידט פון כעס אויף היטלערן. אָט וואָס פאַר אַ מענטש, וואָס פאַר אַ פריינד, וואָס פאַר אַ פאַרבינדעטער היטלער איז!

אויך בוימאַן ווייסט איצט נישט וואָס צו טראַכטן וועגן אָט דיביידע פאַרבינדעטע, היטלער און מוסאָליני. איבעריקנס, הלמאַי זאָל ער זיך ברעכן דעם קאָפּ און זיך אויפרעגן איבער היטלערס אומטריישאַפט? צי לוינט זיך איבער דעם צו פאַרברענגען אַ שלאָפלאָזע נאַכט? צי איז טאַקע נישטאָ קיין אויסזיכט איינצושלאָפן ביז מאָרגן? און מאָרגן? וואָס וועט מאָרגן זיין?

אויף דער דרייבינע באַווייזט זיך אַ בילד, וואָס איז אים זייער היימיש, דערפאַר טאַקע שטעלן זיך אים פאַר שרעק און גרויל די האָר קאַפּויער. איז דאָך בערלין זיין געבוירן־שטאָט און זיין יסורים־שטאָט. זי איז גלייכ־צייטיק דער גן־עדן פון זיין קינדהייט און דער גהינום פון זיינע שפּעטערדיקע יאָרן, פון זיינע שפּעטערדיקע חדשים אייגנטלעך, וואָרעם אין אַ קורצער צייט נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט איז ער אַנטלאָפן פון דייטשלאַנד, געקומען אַהער קיין פּאַריז, האָט דאָ צום ערשטן מאָל זיך באַגעגנט מיט יידן און איז געוואָרן יאָסל גראָסמאַנס אַן איידעם.

בערלין אויף דעם פאָדערגרונט פון דער דרייבינע, וואָס זיין כוח הדמיון האָט באַשאַפן אין מיטן דער נאַכט, אין אַ צושטאַנד, אין וועלכן נישט ער איז וואַך, נישט ער שלאָפט. אָבער אַפילו נישט אַ קוק טוענדיק אויף זיין האַנטזייגערל, ווייסט ער, אַז ס'איז שוין ווייט נאָך חצות און ס'איז שוין מסתמא אַזוי גוט ווי פינף אַ זייגער.

ס'איז בכן פינף אַ זייגער אין בערלין, פינף אַ זייגער באַגינען פון דעם דריטן סעפּטעמבער 1939, דער דריטער טאָג, זינט פּוילן איז באַפאַלן געוואָרן דורך דייטשלאַנד. וואָס אַ טאָג, וואָס אַ שעה און וואָס אַ מינוט מער, אַלץ טיפער שניידן זיך אַריין די היטלערישע חיילות אין פּוילן. מען באַווייזט נישט אויפצושטעלן אַ פראָנט, ווי ער ווערט שוין דורכגעבראָכן דורך דער רייכסווער. ס'איז נישט קיין מלחמה, נאָר אַ וועטלויף. עס זעט אויס, ווי די דייטשע אַרמיי און די פּוילישע אַרמיי וואָלטן זיך געוועט, וועלכע פון אָט די ביידע אַרמייען וועט גיכער אָנקומען אין וואַרשע.

די דייטשן אין זייערע זיג־ביולעטינען ווייצלען זיך און באַמערקן, אַז

נישט געקוקט אויף דער באַרימטער דייטשער ספּאָרט־מייסטערשאַפט אין פּוילן, איז קיין שום ספק נישט, אַז די פּאָליאַקן וועלן אָנקומען די ערשטע אין דער פּוילישער הויפּטשטאָט. סיידן עס זאָל זיך די דייטשע לויפערס פאַרוועלן אַריינקומען פון דער צווייטער זייט שטאָט. דאָס וועט באַדייטן, אַז די היטלער־אַרמייען וועלן האָבן אַרומגערינגלט וואַרשע פון אַלע זייטן, און אַזוי אַרום וועלן די פּוילישע לויפערס מוזן זיך אָפּשטעלן ביים סאַמע אַריינגאַנג פון שטאָט.

אָבער דאָס איז נישט מער ווי אַ וויץ, גיבן די דייטשן גופא צו. צו וואַרשע איז נאָך ווייט, און דער דייטשער שפּאַצירגאַנג דורך פּוילן קאָסט דעם רייכסווער גענוג טייער. אויך די פּאָליאַקן, שטעלט זיך אַרויס, שיסן מיט בלייענע קוילן. ערטערווייז פאַרטיידיקן זיי זיך קעגן דעם אָנגריף זייער העלדיש, טייל מאָל מיט די הוילע הענט און מיט בענזין־פלעשער קעגן די דייטשע טאַנקען.

ס׳איז פאַראַן אַפילו אַ מיינונג, אַז די פּוילישע אַרמיי וואָלט זיך נאָך בעסער פאַרטיידיקט ווען זיי וואָלטן נישט געהאַט געפאָלגט די אַליִירטע, וואָס האָבן אָפּגעראָטן די פּוילישע רעגירונג דורכצופירן ערב דעם דייטשן איבערפאַל אַן אַלגעמיינע מאָביליזאַציע, כדי עס זאָל נישט אויסקוקן ווי אַ מין פּראָוואָקאַציע. בלויז אַ טייל־מאָביליזאַציע איז פאָרגעקומען און נאָך דעם דייטשן איבערפאַל איז דאָס רעקרוטירן די רעזערוו־כוחות אָנגעקומען אַ סך שווערער. אין די שטעט און דערפער, ווו עס האָט נאָך געפלאַטערט דער פּוילישער אָדלער, איז יעדע באַוועגונג און יעדע קאָנצענטראַציע פון מיליטערישע כוחות פון שעה צו שעה געוואָרן אַלץ שווערער מחמת די אומאויפהערלעכע דייטשע לופט־אַטאַקעס.

און בערלין פרייט זיך מיטן גרויסן נצחון פון דער רייכסווער און דער נאַצי־אידעאָלאָגיע. אויך דאָרט, אין בערלין, געפינען זיך מסתמא מענטשן, וואָס ליידן צוליב דער אָדער יענער סיבה פון שלאָפלאָזיקייט און וואָס האָבן די נאַכט פון דעם צווייטן אויפן דריטן סעפּטעמבער נישט צוגעמאַכט קיין אויג. דער וואָרעם פון פאַרצווייפלונג גריזשעט זיי. זיי חלשן נאָך אַ ביסעלע שלאָף, כדי צו אַנטלויפן פון דער טרויעריקער ווירקלעכקייט.

בוימאַן מאַכט צו די אויגן. ער וויל נישט אָנקוקן דאָס בילד, וואָס די פאָדער־סצענע פון זיין דרייבינע טראָגט אים איצטער אונטער. אין פוילן בושעוועט שוין די מלחמה, אין בערלין ווערט מען ממש משוגע פאַר פרייד. אין פאַריז און אין לאָנדאָן איז די שפּאַנונג גרויס. אַלע פרעגן זיך: וואָס וועט געשען אין אַ שעה, אין צוויי שעה אַרום? אין איטאַליע איז מען אויך פאַרזאָרגט, אָבער נישט אַזוי צוליב דער מלחמה, נאָר דערפאַר ווייל היטלער איגנאָרירט דעם דוטשע, רעכנט זיך קנאַפּ מיט זיין מיינונג און האַלט נישט זייער פון דער איטאַליעניש־פאַשיסטישער מיליטערישער אונטערשטיצונג, וואָס ער וואָלט אים געקאָנט ברענגען אויף די שלאַכטפעלדער פון פוילן.

און ער? נישט ווילנדיק לאַכט ער זיך פונאַנדער איבער דער דאָזיקער אומגעריכטער פראַגע. וואָס באַדייט די פראַגע „און איך?". ווער פרעגט ביי אים אַן עצה? ווער רעכנט זיך מיט אים? וואָס פאַר אַ דעה האָט ער דען אין די איצטיקע וועלט־געשעענישן?

און וואָלט ער אַפילו יאָ געקאָנט זיך אַריינמישן אין די ענינים, וואָס וואָלט ער גערעכט דער וועלט?

ער ווייסט נאָר דאָס איינע: ער וויל נישט ווערן אינטערנירט ווי אַ פיינטלעכער אויסלענדער. ער וויל זיך מעלדן ווי אַ פרייוויליקער אין פרעמדן־לעגיאָן, ער וויל קעמפן קעגן היטלערן און זיין קליקע.

אָבער מען פרעגט ביי אים קיין דעה נישט. ער איז געבוירן געוואָרן אין דייטשלאַנד, ער איז אַ געוועזענער דייטשער בירגער.

אַ פאַרקערטע וועלט מיט אַ פאַרקערטן שכל. גיי פאַרשטיי, וואָס דאָ קומט פאָר. נישט פאַראַן אין ערגעץ קיין פאָרויס און אויך נישט קיין צוריק. אַלץ, וואָס ער האָט געלערנט פון געשיכטע, האָט קיין שום ווערט נישט, הבל הבלים...

## קאַפּיטל 11

די ערשטע מלחמה־נאַכט האָט דניאל פאַרבראַכט אינעם בהמות־וואַגאָנען־צוג, וואָס האָט זיך געשלעפּט פון פאַריז צו דער מאַזשינאָ־ליניע.

זי איז זייער אָפּט געבליבן אין מיטן פעלד; אַ פּייף געטאָן און שטיין געבליבן אַ צען־צוואַנציק מינוט. דערנאָך ווידער אַ פּייף געטאָן און זיך ווייטער געלאָזט אין דער נאַכט אַריין. דניאל האָט נישט געקאָנט איינשלאָפן. אַלע אַרום אים זענען שוין פון לאַנג געשלאָפן, אפשר איז דער אָדער יענער געלעגן מיט צוגעמאַכטע אויגן און האָט בלויז געמאַכט דעם אָנשטעל — פאַר זיך אַליין מער ווי פאַר זיינע מיטזעלנער — ווי ער וואָלט געווען פאַרזונקען אין שלאָף. מען דאַרף נאָר שטאַרק וועלן. דניאל דרייט זיך פון איין זייט אויף דער צווייטער, ביז עס גיט זיך אים פאָרט איין אויס־צוגעפינען אין שלאָף אַ ווינקעלע, ווו ער טרעפט זיך צונויף מיט אַ חלום, וואָס איז ווי באַשאַפן געוואָרן פאַר אים.

אים חלומט זיך אַ דעמאָנסטראַציע. אַ ים מיט מענטשן, טראַנספּאַ־רענטן, פענער. בראש פון דער דאָזיקער ריזן־מאַניפעסטאַציע, וואָס ציט זיך שיר נישט לענג־אויס דעם גאַנצן אייראָפּעיִשן קאָנטינענט און כאַפּט אַרום נישט בלויז פראַנקרייך, בעלגיע, איטאַליע, נאָר אויך רוסלאַנד און עס קאָן זיין אַפילו שפּאַניע אויך, זעט מען גיין קודם הירשקע, בת־שבע, האַנס בוימאַן, אויך יאָסל און יוכבד גראָסמאַן און ר׳ פּנחס מיט אַלע זיינע קינדער און אייניקלעך. דניאל לויפט פון איין ברעג מאַניפעסטאַציע צום צווייטן. מאָדנע ביז גאָר: נישט געקוקט אויף דעם גרויסן מהלך — גאַנץ אייראָפּע פון איין עק ביז צום צווייטן! — געלינגט אים, דניאלן, אין עטלעכע מינוט צו טאָן אַ שפּרונג אַהין און צוריק. און פאַר וואָס טוט ער עס? דערפאַר מסתמא ווייל ער דאַרף אַכטונג געבן אויף דער אָרדע־נונג, ווייל ער טראָגט די אַחריות פאַר דעם אויסגאַנג פון דער דאָזיקער ריזן־דעמאָנסטראַציע, פון וועלכער עס איז אָפּהענגיק דער גורל פון דער גאַנצער וועלט.

אַ שפּרונג אַהין און צוריק. ער האָט ערגעץ־ווו געלייענט, אין דער פראַנצויזישער איבערזעצונג, אַ יידישע מעשה פון אַ למד־וואָווניק, פאַר וועמען אַ קפיצת־הדרך פון איין עק וועלט צום צווייטן איז געווען אַ קלייניקייט. פאַר אים אויך אַזוי, דניאל איז אויך אַ למד־וואָווניק. נאָך מער קונץ: דניאל טראַכט וועגן זיך ווי וועגן אַ צווייטן, ווי ער וואָלט נישט

געווען ער, נאָר אַ זייטיקער, אַ פרעמדער, און דאָך ווייסט ער, אַז ער איז עס, נישט קיין אַנדערער. מער נישט וואָס? עס האָט זיך אים איינגעגעבן אַרויסצוקריכן פון דער אייגענער הויט און אַריינצוקוקן אין זיך גופא. איצט דאַרף ער אָנווענדן אַלע זיינע כוחות, כדי צו באַזיגן די פאַשיסטישע חילות. איצט איז ער אין פוילן, אין דעם שטעטל, פון וואַנען זיינע עלטערן קומען. מען האָט אים אָנגעטרויט דאָס גאַנצע שטעטל, אייגנטלעך, אַלע יידישע שטעטלעך אין דער גאַרער וועלט. ער וועט זיי אַלע באַשיצן. אויך פאַריז געפינט זיך אונטער זיין שוץ.

שפרינגט דניאל פון איין עק שלאַכטפעלד ביז צום צווייטן עק. די קוילן האָבן אויף אים קיין שליטה נישט. דערווייל איז נאָך נישטאָ קיין סכנה פאַר זיין לעבן. ער וועט זען וואָס ווייטער וועט זיין.

נאָר אָט ווערט עפּעס קאַליע אין זיין חלום, ער איז געקומען צו אַן אומבאַקאַנטער גרענעץ, ווייטער שפרינגען קאָן ער נישט. באַלד, ווייסט ער, וועט ער זיך אויפכאַפּן, און עס וועט מער נישט זיין קיין חלום...

## קאַפּיטל 12

מיין ליבע און טייערע שאַרלאָט — שושנה!

פריִער פאַר אַלץ, מיין ליבע און טייערע, דאַרף איך דיך בעטן, זאָלסט מיר אַנטשולדיקן, וואָס איך שרייב דיר מיט אַ פאַרשפּעטיקונג פון גאַנצע צוויי טעג. איך האָב דיר צוגעזאָגט צו שרייבן באַלד נאָך מיין אָנקומען אויפן פראָנט. די מיליטערישע פּאָסט וועט, ווי איך שטעל זיך פאָר, דיר צושטעלן מיין בריוו אין עטלעכע טעג אַרום, ווייל זי וועט דאָך זיין שטאַרק איבערגעלאָדן, חוץ דעם וועלן דאָך די בריוו פון פראָנט דורכגיין אַ קאָנטראָל פון דער צענזור, וועט מיין בריוו זיך וואַלגערן וויפל צייט אין וועג איידער ער וועט אָנקומען צו דיר אין די הענט אַריין.

איבער דער דאָזיקער צייט — ווער ווייסט וואָס עס קאָן געשען. נישט אויסגעשלאָסן אַפילו, אַז די מלחמה זאָל זיך האָבן געענדיקט נאָך איידער דו וועסט האָבן באַקומען מיין בריוו; אפשר וועל איך צוריקקומען

צו דיר פריער נאָך ווי מיין בריוו, אָבער דאָס איז נישט וואָרשיינלעך אַפילו אין דעם פאַל, ווען די גאַנצע געשיכטע וואָלט פאָרגעקומען נישט אין דערווירקלעכקייט, נאָר אין חלום.

קודם כל, דאַרף איך מקיים זיין דעם צוזאָג, וואָס איך האָב דיר געגעבן פאַר מיין אָפּפאָר: מיינע ערשטע איינדרוקן פון פראָנט צו רעזערווירן פאַר דיר.

פראָנט. איך ווייס נישט, צי דאָס דאָזיקע וואָרט פּאַסט זיך אַהער. ביז איצט האָבן ביי מיר גופא זיך פאַרבונדן גאָר אַנדערע אַמביציעס מיטן באַגריף „פראָנט". מיר האַלטן נאָך דערווייל אין מאַרשירן און מיר זענען ביז איצט נאָך נישט אָנגעקומען אויף קיין איין באַשטימטן אָרט. איינס, צוויי, איינס, צוויי — קלאַפּן אונדזערע שווערע מיליטערישע שיך־פּאָדעשוועס אויפן מיט זשוויר באַשאָטענעם און פון עפּל־בוימער באַשאָטנטן דאָרפוועג. שוין דעם דריטן טאָג אַזוי, קיינער פון אונדז ווייסט נישט, צי אונדזער מאַרש־גאַנג דאַרף און וועט אונדז פירן ערגעץ צו אַן אָרט, וואָס קאָן באַצייכנט ווערן ווי אַ פראָנט, אָדער דאָס זענען מאַרש־איבונגען. איינער פון אונדז האָט געפּרוווט זיך דערוויסן דאָס ביים קאַפּאָראַל און ביים אונטער־אָפיציר.ביידע, איינער נאָכן אַנדערן, האָבן ביטער־איראָניש אַ שמייכל געטאָן, ווי איינער זאָגט: אַ מכה וועסטו האָבן, נישט קיין ענטפער! אַ פּשוטער סאָלדאַט, אַן אינפאַנטעריסט, דאַרף גיין, ווו מען הייסט אים, און ווייטער דאַרף ער זיך אין זיין אייגענעם גאַנג נישט אַריינמישן. אין מלחמה־צייט, און אַפילו אין פרידנסצייטן אין די קאַזאַרמעס און אויף די מאַנעוורעס, געהערן די פיס פון אַ זעלנער נישט אים, נאָר דעם קאַפּאָראַל און דעם אונטער־אָפיציר. בלויז זיי ביידע האָבן אַ שליטה אויף די פיס פון אַ פּשוטן זעלנער. טאָמער איז ער נישט צופרידן, איז מען גרייט פון אַלע זייטן אים צו געבן אין פּיסק אַריין, אויב נישט נאָך ערגער, ווי ביז צו אַ פעלד־געריכט. וואָרעם כאָטש די מאַרש־איבונגען קומען פאָר, ווייסט אויס, געגנוג ווייט פונעם פראָנט, געפינען מיר זיך דאָך שוין אויפן פראָנט.

מאַרש־איבונגען. האָבן מיר קיינער נישט קיין צייט, נישט קיין חשק אַפילו, זיך אַריינצוטראַכטן אין דעם, וואָס געווען און וואָס עס וואָרט אויף

אונדז אין די נאָענטסטע טעג. דער מוח איז פוסט, די זכרונות, וואָס יעדער איינציקער טראָגט אַרום מיט זיך, זענען דערווייל נאָך צעטומלטע.

איך דערוואַרט פון דיר, מיין טייערע, אַ געגויען ענטפער אויף מיין בריוו. קודם, וואָלט איך וועלן וויסן ווער פון דיין משפחה איז שוין אויך, ווי איך, אויפן פראָנט, און דערנאָך, וואָס דו מאַכסט איצט, וואָס דו טראַכסט, און וואָס עס חלומט זיך דיר — וואָס און ווי און וואָס — ביז אָן אַ שיעור, וואָרעם דיינע בריוו וועלן זיכער זיין דער המשך פון מיינע אייגענע געדאַנקען, און זיי וועלן אפשר אויך האָבן אַ השפעה אויף מיינע איינדרוקן.

מיט ליבשאַפט

דיין דניאל

## קאַפּיטל 13

שאַרלאָט האָט נישט געוואַרט, ווי דניאל, צוויי טעג מיטן שרייבן אַ בריוו — און דאָס מאָל האָט זי דווקא געשריבן, נישט ווי זי איז געוווינט געווען, אַ זייער לאַנגן בריוו. אָנגעהויבן האָט זי שרייבן דעם בריוו אין לאַטיינישן פערטל און פאַרענדיקט האָט זי אים אין אַ צווייטער קאַפע. אַרום און אַרום האָט זי פאַרבראַכט — ווי זי האָט שפּעטער געמאַכט דעם חשבון — גאַנצע פינף שעה ביים שרייבן איר בריוו און אויסגעטרונקען האָט זי דערביי פיר טעפלעך קאַווע, וואָס האָבן איר שפּעטער געשטערט איינצושלאָפן.

...איך ווייס נישט פאַר וואָס, מיין טייערער דניאל, נאָר איך קאָן נישט שרייבן צו דיר זיצנדיק אין מיין באַקוועמען צימער. דיר צו ענטפערן אויף דיין ערשטן קורצינקן בריוועלע, האָב איך געמוזט זיך אַוועקזעצן אין אַ קאַפע. ווי נישט ווי, שטאַמט דאָך מיין צימער נאָך פון די פרידלעכע צייטן, און כדי דיר איבערצוגעבן די שטימונג פון דעם איצטיקן פּאַריז, האָב איך געדאַרפט נעמען צו הילף די גאַס, דעם לאַטיינישן פערטל,

אונדזער בול מיש, מיט זיינע קאַפּעס, מיט זיין געריש, וואָרעם נאָר די גאַס, דוכט מיר, וועט קאָנען מיר העלפן געפינען דאָס נויטיקע וואָרט, דאָס פּאַסיקע בילד.

ס׳איז שוין דער פינפטער טאָג מלחמה און אין עטלעכע שעה אַרום וועט זיך אָנהייבן די זעקסטע מלחמה־נאַכט. די מלחמה, געזען און אָפּ־געשאַצט פּאַריזעריש, איז מעגלעך נאָר ביי נאַכט, ווען אַלע ליכטער אויף די גאַסן, אין די וויטרינעס פון די געשעפטן און אין די פענצטער פון די הייזער לעשן זיך אויס, אַזוי צו זאָגן, נאָך איידער זיי צינדן זיך אָן.

באַלד נאָך דעם ווי דו ביסט אָפּגעפאָרן צום פראָנט איז די נאַכט וואָס האָט זיך אַרונטערגעלאָזט איבער פּאַריז, געווען אַזאַ אויסטערלישע, אַזאַ נישט הימלעכע, אַז מיר האָט דורכגענומען אַ שוידער. די גאַנצע שטאָט איז בלינד געוואָרן. די לאַמטערנעס און די פענצטער האָבן אָנגעטאָן בלויע ברילן, גלייך ווי זיי וואָלטן מיט זייער בלינדקייט זיך געשעמט.

פּאַריז, די שטאָט פון ליכט, האָט נישט מער עקזיסטירט. אַלע זענען געווען ווי איבערגעשראָקן, נייִן, פאַרווונדערט זענען זיי געווען. עס האָט זיך זיי נישט געגלויבט, אַז אַזאַ פאַרטונקעלונג־פענאָמען אין פּאַריז קאָן צו שטאַנד קומען. האָט מען טאַקע פון צייט צו צייט געזען ווי עמעצער שטעלט זיך אָפּ אויפן גאַס און קוקט אַרויף צו אַ פאַרהאָנגענעם פענצטער, כאָטש דאָרט איז אייגנטלעך גאָרנישט נישט געווען צו זען.

בין איך געגאַנגען פון דעם מזרח־וואָקזאַל צו פוס אַהיים. מיר איז געווען, ווי דו קאָנסט זיך פאָרשטעלן, גאָרנישט פריילעך אויפן האַרצן. איך האָב זיך אַרויסגעדרייט פון מיינע אייגענע און אויך פון דיין משפּחה. די פינצטערניש האָט מיר צוגעהאָלפן, און קיינער פון זיי, בין איך זיך משער, האָט מיינע דעזערטיר־מאַנעוורעס, אַזוי צו זאָגן נישט באַמערקט. דער מהלך פונעם וואָקזאַל צו מיר אַהיים איז נישט קיין גרויסער, כאָטש אין דער בלוי־פאַרטונקלטער פינצטערניש איז ער דאָפּלט, און אפשר גאָר דרייפאַך, אַזוי גרויס, ווי בעת אַ נאָרמאַל־באַלויכטענעם אָוונט אין פּאַריז. פון צייט צו צייט האָב איך זיך אָפּגעשטעלט קוקן אויף דעם אָדער אויף יענעם פאַרהאָנגענעם פענצטער.

איצט אָבער הייב איך אָן צווייפלען אין דעם אמת פון דעם דאָזיקן נישט זייער באַדייטנדיקן עפּיזאָד. עס קאָן זיין, אַז איך בין צוריקגעגאַנגען אַהיים מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און האָב בעת מעשה וועגן גאָרנישט נישט געטראַכט. אַן אומעט בלויז האָט מיר גענאָגט אין האַרצן און שטאַרק פאַרדראָסן האָט מיך איך ווייס אַליין נישט וואָס.

אין אַזעלכע מאָמענטן, ווי אַנהייב מלחמה, אַנהייב מגיפה, אָדער בעת אַן ערד־ציטערניש, הייבן אַלע אָן צו באַדויערן, פאַר וואָס זיי האָבן פאַרגעסן צו געניסן ווען עס איז נאָך געווען אַ געלעגנהייט, צו באַדויערן דאָס, וואָס מען האָט פאַרטאַכלעוועט אין לעבן.

אַזוי איז אויך געווען מיט מיר, כאָטש איך ווייס נישט וואָס אַזוינס גענוי מיך האָט פאַרדראָסן. שוין פיר טעג, ווי איך טראָג זיך אַרום מיט אַ געפיל, וואָס דריקט און שטיקט מיך, און איך ווייס נישט, וואָס פאַר אַ נאָמען אים צו געבן.

דאָס דאָזיקע געפיל באַגלייט מיך אויף מיינע איצטיקע לאַנגע שפּאַצירגענג דורך פאַריז. זינט דו ביסט אַוועקגעפאָרן, הער איך נישט אויף זיך אַרומצוטרייבן איבער די גאַסן און געסלעך פון פאַריז (די בולוואַרן, איך ווייס אַליין נישט פאַר וואָס, באַמי איך זיך אויסצומיידן), גלייך ווי איך וואָלט עמעצן געזוכט. אין דער אמתן זוך איך זיך אַליין. טאָג און נאַכט בלאָנדזשע איך אַרום איבער פאַריז. איך פאַרגין זיך קוים די צייט וואָס עס דויערט אַ מיטאָג און אַן אָוונטברויט־עסן. אַ מאָדנע נייגעריקייט איז מיך באַפאַלן צו זען ווי פאַריז קוקט אויס ביי טאָג און ביי נאַכט. איצט, ווען דו, מיין ליבער, מיין טייערער דניאל, געפינסט זיך אויפן פראָנט אָדער אויף דיינע מאַרשרוטן, ווי דו שרייבסט.

נעכטן האָב איך געפרוווט זיך ראַטעווען פון מיין אומעט אין דיין סטודיאָ־צימערל אויפן בעלוויל. מיר האָט זיך געדוכט, אַז איך וועל דאָרט באַגעגענען אַן עכאָ פון אונדזער לעצטן נאַכט־שמועס, וואָס מיר האָבן געפירט. אָבער איך האָב גאָרנישט נישט פאַרנומען. אויב די פאַריזער גאַס איז, ווי איך האָב דיר געשריבן, בלינד, איז דיין סטודיאָ־צימערל טויב. איך האָב גענומען אַ בוך צום בלעטערן, איך האָב געפרוווט אַ לייען טאָן אַן

אַלטע צייטשריפטן, און איך מוז זיך מודה זיין, אַז נישט בלויז האָב איך נישט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין וואָס איך לייען, נאָר אַפילו די טיטלען פון דעם בוך און פון דער אַלטער צייטשריפט האָב איך אויך פאַרגעסן.

נאָך דעם ווי איך האָב אָפּגעשטאַט אַ קורצן וויזיט דיינע עלטערן, האָב איך פאַרלאָזט צו פוס דעם צוואַנציקסטן אַראָנדיסמאַן מיט דער דעה צו גיין זען וואָס מיין זיידע מאַכט.

אָבער היות ווי לויט דעם דאָקטאָרס און לויט מיין אייגענער מיינונג איז מיין זיידנס קראַנקייט נישט קיין אַקוטע, האָב איך, ווי נישט ווילנדיק, אָפּגעווייכט פון דעם קירצסטן וועג, וואָס פירט דירעקט צו אים אין שטוב אַריין, און האָב זיך פאַרקירעוועט צום פּלאַץ נאָטר־דאַם. איך האָב באַוווּנדערט די פאַסאַדע מיט איר צענטראַלן טויער, אין וועלכן עס זענען אויסגעקריצט אין שטיין דער קינפטיקער לעצטער משפט איבער דער וועלט און די קריסטלעך־מיטלעלטערלעכע וויזיעס אי פון גיהנום אי פון גן־עדן.

דערנאָך האָב איך געלאָזט זיך גיין צום פּלעצל לענג־אויס דער סענע, וווּ מיר פלעגן אַזוי אָפט שפּאַצירן — דו דערמאָנסט זיך, מיין ליבער, טייערער דאַני? ביי יעדן ביכער־שטאַנד האָב איך זיך אָפּגעשטעלט, לייענענדיק די טיטלען פון די אויסגעשטעלטע אַלטע ביכער און די נעמען פון די מחברים. האָט זיך מיר געגומען דוכטן, אַז מיר חלומט זיך אַ חלום אין עטלעכע עפּיזאָדן, וואָס קומען נישט איינער נאָך דעם אַנדערן, נאָר איינער אויף דעם צווייטן. וואָס דאָס איז געווען פאַר אַ חלום, ווייס איך נישט. אויך פאַר אים האָב איך קיין נאָמען נישט. אָבער דאָס איז נישט וויכטיק.

איך כאַפּ זיך דערווייל, מיין ליבער דאַני, אַז איך האָב דיר ביז איצט זייער ווייניק געשריבן וועגן די מענטשן. וועגן אונדזערע נאָענטע פריינד, אָבער קודם כל האָב איך געוואָלט פּרובירן שילדערן די נייע פּאַריזער לאַנדשאַפט און אויך מיינע שטימונגען.

...דו קאָנסט זיך פאַרשטעלן, ווי בעלאַן און אונדז אַלעמען איז געווען אויפן האַרצן, ווען די זשאַנדאַרמען זענען געקומען אַרעסטירן האַנסן, כדי אים

צו אינטערנירן צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע דײַטשן און עסטרײַכער, אויך מיט די מיטגלידער פון דער דײַטשער פינפטער קאָלאָנע.

ווער נאָך ווי די פּאָליצײַ ווייסט, אַז האַנס איז געווען און איז פאַרבליבן אײנער פון די ביטערסטע קעגנער פונעם נאַציִשן רעזשים? אָבער זי וויל זיך נישט אָפּשטעלן אויף דעם אָדער אויף יענעם באַזונדערן פאַל. זי מאַכט נישט קײן אונטערשיד צווישן אַ דײַטש אַן אמתן נאַצי אָדער אַ דײַטשן פּליט, צווישן אַ ייִד אָדער אַ נישט־ייִד. זענען דאָך פאַראַן אַזעלכע, וואָס ווייסן ווי אַזוי זיך צו מאַסקירן.

מאָדנע, וואָס מער איך שרײַב דיר, אַלץ מער, דוכט זיך מיר, דאַרף איך דיר נאָך שרײַבן. אָבער צו אַלץ מוז דאָך נעמען אַ סוף. און מאָרגן איז אויך אַ טאָג, און איבער־מאָרגן אויך...

הלוואַי זאָלסטו האָבן צײַט מיר צו ענטפערן כאָטש מיט אײן בריוו אויף דרײַ מײַנע.

איך קוש דיך האַרציק

דײַן שאַרלאָט

## קאַפּיטל 14

שאַרלאָט דערמאָנט זיך די לעצטע שורה פון איר בריוו נאָך דעם ווי זי האָט אים געהאַט אַרײַנגעוואָרפן אין פּאָסטקעסטל — „הלוואַי זאָלסטו האָבן צײַט מיר צו ענטפערן כאָטש מיט אײן בריוו אויף דרײַ מײַנע".

שאַרלאָט פילט, אַז עפּעס וואָס האָט זי נישט דערשריבן, כאָטש נעם און זעץ זיך ווידער אַוועק אין אַ קאַפע און שרײַב פון דאָס נײַ אַ בריוו, אַ לענגערן נאָך ווי דעם ערשטן. וואָס זי האָט נישט דערשריבן — ווייסט זי נישט. זי וויל דאָס אויך נישט וויסן.

דאָס ערשטע מאָל זינט זי קען דניאלן, קומט איר אויס, אַז דאָס איבערשרײַבן זיך מיט אים איז געוואָרן אַ גורל־זאַך, נישט סתם אַזוי אַ קאָרעספּאָנדענץ, אין וועלכער מען שמועסט זיך דורך וועגן נאַטור,

עקסקורסיעס, חלומות, ווי זי האָט עס געטאָן דאָס לעצטע מאָל, ווען זי האָט זיך געפונען אין דער קינדערהיים.

איצט אָבער איז מלחמה־צייט. נאַטור איז נישט מער נאַטור. פון עקסקורסיעס קאָן קיין רייד נישט זיין, נישט בלויז פון אויסערלעכע, נאָר אויך נישט פון אינערלעכע עקסקורסיעס, — פון אויספלוגן אין דער אייגענער נשמה־לאַנדשאַפט, וואָס ציִען זיך אויך באַרג־אַרויף אָדער לאָזן זיך באַרג־אַראָפּ, דאָ איז זונאויפגאַנג, דאָ איז זון־אונטערגאַנג, אַ מאָל אויך בין־השמשות.

איצט דאַרף מען זיך באַנוצן מיט גאָר אַנדערע בילדער, אַנדערע אויסדרוקן און אַנדערע ווערטער. און זי? אין דעם בריוו, וואָס זי האָט נאָר וואָס אַוועקגעשיקט דניאלן, האָט זי זיך באַנוצט מיט די זעלביקע אויסדרוקן און מיט די זעלביקע ווערטער. וואָס זי פלעגט אָנווענדן אין אירע בריוו פון שלום־צייט אָדער אין אירע שמועסן מיט אים.

האָט זי, הייסט עס, עפּעס וואָס „נישט דערשריבן". זי האָט אים בכלל נישט געשריבן אַזוי, ווי מען דאַרף שרייבן צו עמעצן אויפן פראָנט, צו וועמען מען איז אַזוי צוגעבונדן, אַז דאָס לעבן אָן אים איז נישט כדאי געלעבט צו ווערן.

פּאַריז איז געוואָרן אַ הינטערלאַנד, ווי מען דריקט זיך אויס אויפן מיליטערישן לשון. וואָלט שאַרלאָט געדאַרפט שרייבן צו דניאלן וועגן דאָס אַלץ, וואָס עס קומט פאָר אין זיין הינטערלאַנד: טאַטע־מאַמע, שוועסטער, שוואָגערס, חברים און גוטע־פריינד. עס קאָן זיין, אַז אים וואָלט אויך אינטערעסירט צו וויסן, וואָס אין איר משפחה טוט זיך: ווער פון אירע אָנקלס איז מאָביליזירט געוואָרן, ווער קלייבט זיך גיין פרייוויליק צום פראָנט. היינט, נאָך מער ווי ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, באַטראַכטן דאָך אַלע יידן די איצטיקע מלחמה ווי זייער אייגענע מלחמה. פון דעם אויסגאַנג פון דער דאָזיקער וועלט־מלחמה הענגט אָפּ זייער גורל. ס'איז פאַר אַלעמען אַ פראַגע פון לעבן און פון טויט.

אָט וואָס זי דאַרף אים שרייבן. אָבער ווען זי טראַכט זיך אַריין אַ ביסל טיפער, זעט זי באַלד איין, אַז זי ווייסט נאָך אַלץ נישט וואָס אייגנטלעך זי

האָט דניאלן „נישט־דערשריבן", און וואָס אַנדערש זי וואָלט איצטער געדאַרפט אים ווידער שרייבן, איידער נאָך זי האָט פון אים באַקומען אַן ענטפער אויף איר ערשט־עקספּעדירטן בריוו.

## קאַפּיטל 15

אַנשטאָט ווידער זיך אַריינצוזעצן אין אַ קאַפּע, כדי צו „דערשרייבן", צו „דערזאָגן" דאָס אַלץ, וואָס ער דאַרף, לויט איר פאַרשטעלונג, וועלן וויסן און דערגיין, לאָזט זיך שאַרלאָט אַראָפּ אין דער אונטערגרונט־באַן און פאָרט צו דניאלס עלטערן.

יאָסל און יוכבד וויסן ממש נישט וואָס צו טאָן מיט שאַרלאָטן. זי האָט זיי אַריינגעבראַכט מיט איר קומען אין אַ פאַרלעגנהייט. זיי באַטראַכטן עס ווי אַ גרויסן כבוד, כאָטש אין דער אמתן איז זי שוין פון לאַנג אין זייערע אויגן, ווי אַ ריכטיקע שנור. וואָלט נישט פּלוצלינג אויסגעבראָכן די מלחמה, וואָלט זי דאָך טאַקע שוין געווען זייער שנור, ווי אויף צו־להכעיס האָבן זיי נישט באַוויזן חתונה צו האָבן באַצייטנס, ווי עס איז געווען געפּלאַנט.

יוכבד פּאָרעט זיך לאַנג מיט אַ שמאַטקע און ווישט אַ שטול איידער זי טראָגט זי אונטער שאַרלאָטן, זי זאָל זיך אויף איר זעצן. יאָסל שטאַמלט עפּעס, דווקא אין פראַנצויזיש. ער זאָגט, אַז זי איז זייער „זשאַנטי", דאָס הייסט פיין, איידל, וואָס זי איז געקומען זיי באַזוכן.

— אָוודאי ברענגט איר אונדז — זאָגט יאָסל צו איר — גוטע נייעס פון דניאלן. וואָס טוט ער דאָרט אויפן פראָנט ?

— וואָס ? איר האָט געקריגן אַ בריוו פון אים ? — דערלאַנגט זיך יוכבד אַ וואָרף צו שאַרלאָטן — זאָגט אונדז גיכער, וואָס מאַכט ער, מיין זונעלע ?

שאַרלאָט פילט זיך אויך נישט זייער באַקוועם. זי ווייסט נישט וואָס צו ענטפערן. זי דערמאָנט זיך עפּעס אַ שורה אין דניאלס לעצטן בריוו, פון וועלכער מען קאָן אַרויסדרינגען, אַז זי שאַרלאָט, איז די ערשטע, צו וועמען

ער שרייבט. האָבן דאָך זיין טאַטע־מאַמע אַוודאי פון אים נישט באַקומען קיין שום בריוו, טאָ וואָס זאָל זי זיי איצט זאָגן? זאָל זי זיי דערציילן, אַז זי האָט יאָ שוין באַקומען ידיעות פון אים, אַז דער פראָנט איז נאָך נישט קיין פראָנט און אַז דערווייל איז נאָך נישטאָ פאַר וואָס זיך צו שרעקן, וואָרעם ווי עס זעט אויס, האָבן די דייטשן מורא אַנצוגרייפן?...

זי זוכט אַ מיטל, ווי אַזוי זיך אַרויסצודרייען פון אַן ענטפער אויף דער פראַגע, וואָס זיי האָבן איר געשטעלט, כאָטש דאָס, וואָס זי קאָן זיי דערציילן, איז דווקא אַ גוטע בשורה. זי וואָלט וועלן זאָגן עפּעס אַזוינס, וואָס איז אויסמיידנדיק, נישט ליגן, אָבער אויך נישט אמת, וואָרעם דניאל וואָלט דאָך אייגנטלעך זיין ערשטן בריוו פון פראָנט געדאַרפט שיקן צו זיינע עלטערן, נישט צו איר. זי שעמט זיך פאַר זיי.

— באַקומען? דאָס הייסט — שטאַמלט שאַרלאָט — ער האָט מיר אָנגעשריבן... אָבער איר ווייסט דאָך, אַז די בריוו פאַרהאַלטן זיך אין דער צענזור. אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה אַזוי פיל בריוו אויף איין מאָל — געדויערט ביז זיי קומען... דערפאַר האָט איר נאָך פון אים נישט דערהאַלטן... אָבער אין דער אמתן, האָט די מלחמה זיך דאָך נאָך גאָר נישט אָנגעהויבן...

דער שמועס קלעפּט זיך נישט. די פראַגע פון דניאלס עלטערן איז געבליבן ווי הענגען אין דער לופטן, און שאַרלאָטס ענטפער האָט נישט קיין טעם און קיין ריח.

פון דעסטוועגן קומט פאָרט צו רייד אי וועגן האַנס בוימאַן, אי וועגן מאָריס און רייזעלען, אי וועגן פערעלען און איר פאַמיליע. פּאָפּאָווסקי הייסט זי. פּאָפּ אויף רוסיש הייסט אַ גלח. איר מאַנס עלטערן זענען טאַקע עמיגראַנטן פון רוסלאַנד, פון אוקראַיִנע. זיי זענען אַנטלאָפן פון רוסלאַנד אין איין צייט מיט די ווייסע רוסן, די דעניקינצעס און קאָלטשאַקס סאָלדאַטן, אָבער טאַטע־מאַמע און דער זון פּאָפּאָווסקי זענען אַנטלאָפן פון די פּאָגראָמען, פון דעם בירגערקריג.

שאַרלאָט נעמט זוכן אַ תירוץ, ווי אַזוי וואָס גיכער צו אַנטלויפן פון דאַנען, איידער נאָך יוכבד וועט זי צווינגען צו בלייבן אויף אָוונטברויט,

און איידער נאָך יאָסל און יוכבד קאָנען אַראָפּלייענען פון שאַרלאָטס פּנים, וואָס אַזוינס זי פּלאַנעוועט שטילערהייט, ווייזט זי מיט אַן אַנטשלאָסענער האַנט־באַוועגונג, אַז זי האָט זייער אַן אייליקן גאַנג צו מאַכן און זי קאָן דאָ מער קיין איין מינוט נישט בלייבן.

## קאַפּיטל 16

אַ גאַנצן אָוונט, נאָך דעם ווי זי האָט זיך אַרויסגעריסן פון גראָסמאַנס שטוב, האָט זי מאַרשירט אַרויף און אַראָפּ איבערן בולוואַר בעלוויל, דער־נאָך האָט זי זיך פאַרנומען אין דער רי דע בעלוויל, אַ גאַס, וואָס זי קען אַזוי גוט: דאָרט געפינט זיך דניאלס סטודיאָ. דאָ האָט ער געוווינט, דאָ האָט זי מיט אים פאַרבראַכט אַזוי פיל נעכט אין ליבע און אין פּלאַנעוועז די צוקונפט, זייער ביידנס צוקונפט.

זי איז צוגעקומען צו דעם הויז, זי איז אָבער נישט אַריינגעגאַנגען אַהין, כאָטש ס'איז אויך איר הויז — ווארעם דניאל האָט איר אַנגעזאָגט, זי זאָל אין גאַנצן זיך אַריבערקלייבן אין סטודיאָ, וואָס איז לכתחילה געווען באַשטימט פאַר זיי ביידן. אַנדערש זעט אויס אַ היים, וואָס איז באַוווינט, און אַנדערש, ווען זי בלייבט צוגעשלאָסן פון דרויסן און קיינער קומט אַהין נישט אַריין.

צוויי שליסלען האָט דניאל געלאָזט מאַכן צו דער טיר פון דער סטודיאָ. איינעם פאַר אים און איינעם פאַר איר, כדי זי זאָל צו יעדער צייט קאָנען אַהין אַריינגיין. פאַרן אָפּפאָרן צום פראָנט האָט ער איר איבערגעגעבן אויך זיין שליסל.

— אָט האָסטו — דערמאָנט זי זיך, האָט ער זיך אָפּגערופן צו איר מיט אַ שמייכל — אָט האָסטו אויך מיין שליסל! אַ באַווייז, אַז איך מוז אָנקומען צו דיר איידער איך וועל קאָנען אַריינגיין צוריק אין אונדזער סטודיאָ.

זי טוליעט איצט אין איר האַנט זיין שליסל, וואָס ער האָט איר איבער־

געלאָזט. זי גלעט דעם שליסל, און בעת מעשה טוט זי אַ וואָרף אַ בליק צוביידע פענצטער פון דעם פינפטן עטאַזש אין דעם ניי אויסגעבויטן הויכן בנין, פון וואַנען קיין איין שטראַל לייכט נישט אַרויס.

די גאַסן זענען באַלויכטן בלויז דורך די בלינד־בלוי־באַפּאַרבטע פאַנאַרן. עס טרעפט, אַז מענטשן שטויסן זיך אָן, ווייל זיי קאָנען מחמת דער פינצטערניש, זיך נישט אויסמיידן.

אַלץ איז אומזיכער, עפּעס אומגעריכטס קאָן געשען אַ ליאַדע מינוט. איז טאַקע שווער זיך צו באַשליסן אין אַזאַ אומזיכערער צײַט עפּעס אונטער־צונעמען, און שאַרלאָט גייט אין דניאלס סטודיאָ נישט אַרויף. זי דרייט זיך אויס און לאָזט זיך צוריק צום בולוואַר בעלוויל. דאָרט וועט זי אפשר נעמען די מעטראָ און פאָרן צו זיך אַהיים, צו איר אַלטער היים, ווו עס פעלט איר גאָרנישט און ווו זי פילט זיך ממש ווי אַ רינג אין אַ קייט. איר פאַמיליע, איר קייט, פאַרמאָגט אַ סך רינגען. אמת, נישט אַלע רינגען פון דער דאָזיקער לאַנגער קייט זענען פעסט און זיכער. פאַראַן רינגען, וואָס וואַקלען זיך, ווי זי, למשל, ווי איר אָנקל דער דאָקטאָר...

גראָד אין דער זעלביקער מינוט דערזעט זי זיך ביים אַריינגאַנג פון איינעם פון די יידישע בעלווילער רעסטאָראַנען. זי דערשפּירט אַ ריח פון יידישע מאכלים און עס פאַרווילט זיך איר פאַרזוכן דעם טעם פון אַ יידישן אָוונטברויט. מיט דניאלן פלעגט זי זעלטן אַריינגיין אין אַ יידישן רעס־טאָראַן. אויב שוין יאָ אַ יידיש עסן, פלעגן זיי זיך לאָזן פאַרבעטן פון זיין מאַמען אָדער פון איר זיידן. ר׳ פּנחס האָט ליב געהאַט צו שמועסן מיט זיין אייניקלס קינפטיקן מאַן, וועגן פּאָליטיק דווקא, ווי קאָמיש דאָס זאָל נישט קלינגען, ווייל ביידע זענען געווען גאָר קנאַפּע פּאָליטיקער. נאָך מער, קיינער פון זיי ביידן האָט זיך מיט זיין פּאָליטישער עם־הארצות נישט געשעמט. פאַרקערט, זיי זענען ווי שטאָלץ געווען דערמיט.

ווי אַזוי קומט עס, פרעגט זיך שאַרלאָט, אַז פון דער גאַנצער פאַמיליע דניאלס, שוין אַריינגערעכנט אויך זיין טאַטן, וואָס איז אַ פּשוטער ייד אַ בעל מלאכה, איז ער דער איינציקער, וואָס האָט נישט קיין חוש פאַר פּאָליטיק?

אַ טעכניקער איז ער אַ פעיִקער, ער איז אַ גוטער אינזשעניר, אָבער אויך דאָ, האָט ער זיך איין מאָל מודה געווען פאַר איר, פילט ער זיך נישט אין גאַנצן ביי זיך אין דער היים, געוואָלט האָט ער אייגנטלעך שטודירן עפּעס אַזוינס, וואָס האָט מיט טעכנאָלאָגיע גאָרנישט צו טאָן.

ווייזט אויס, אַלץ איז נישט מער ווי אַ צופאַל. מען שטודירט, מען ווערט אַריינגעצויגן אין עפּעס אַ שטודיום אויף אַ צופעליקן אופן.

כמעט אַלע טישלעך אין רעסטאָראַן זענען שוין געווען באַזעצט. זי האָט קוים געפונען אַ פּלאַץ ביי אַן עק טישל, אין אַ ווינקל. כאָטש קיין אמתע באַקאַנטע האָט זי אין דעם רעסטאָראַן נישט געטראָפן, קומען דאָך אַלע פּנימער איר פאַר באַקאַנט. מסתמא האָט זי זיי מער ווי איין מאָל שוין באַגעגנט אויף דער גאַס, אין אַ קאַפע אָדער אין מעטראָ. גערעדט ווערט דאָ נאָר יידיש, אירע יידיש־קענטעניש זענען אַ סך קלענערע ווי דניאלס, פון דעסטוועגן איז זי צופרידן, וואָס אין אַ יידישן רעסטאָראַן זענען נישט בלויז די מאַכלים יידישע — הגם דער רעסטאָראַן איז נישט קיין כשרער — נאָר אויך די שפּראַך איז אַ יידישע.

אמת, דער יידיש אין דעם דאָזיקן רעסטאָראַן איז אויסגעמישט מיט אַ שפּאָר ביסל פראַנצויזיש־צעקאַליעטשעטע ווערטער. איר פאַרדריסט, וואָס מען צעקאַליעטשעט צוויי שפּראַכן אויף אַ מאָל. איר נייגעריקייט, וואָס באַווייזט זיך ביי איר ווען זי איז, ווילנדיק אָדער נישט־ווילנדיק, אַ הער־עדות פון אַ זייטיקן טיש־געשפּרעך — איז דאָס מאָל נישט קיין גרויסע. פון דעסטוועגן הערט זי זיך צו צו דעם, וואָס עס ווערט גערעדט ביי דעם און אויך ביי דעם נאָענט־שכנותדיקן טישל: דער איז אַוועק זיך מעלדן פרייוויליק, יענער אָבער וויל נאָך אונטערוואַרטן אַ ביסל, ווייל ער קאָן פּאָרט נישט איבערלאָזן זיינע ניימאַשינען אויף הפקר. אַ דריטער ווידער האָט גראָד באַקומען אַ באַשטעלונג אויף מאַנטלען; ווער וועט זיי אויס־פּאַרטיקן, אויב ער וועט גיין זיך שלאָגן מיט די דייטשן? טאָמער — ס׳איז דאָך פּאָרט מלחמה, — טאָמער וועט ער ווערן פאַרוווּנדעט...

— וואָס? — רופט זיך אָפּ איינער פון שאַרלאָטס טיש־שכנים — ער

וויל זיך אַריינוואַרפן אין טייך און האָט מורא, אַז ער וועט ווערן נאַס. נאָן, נאָן... סאַ נע וואַ פּאַ (דאָס גייט נישט), האָב איך אים געזאָגט. ווילסטו, מאָן שער אַמי (מיין ליבער פריינד), בייגן מאַנטלען און ראָבן און זשיפּן (פרויען־קליידער), טאָ זייַ און ניי און רעד נישט „ס׳איל טע פּלע״ (זיי אַזוי גוט) פון ליט (קאַמף) און פון גער (מלחמה) און פון נאָך אַזעלכע זאַכן, ווילסטו אָבער אַ קאָנטרער (אומגעקערט) גייך אויפן פראָנט, טאָ נעם נישט אָן קיין „קאָמאַנדן״ (באַשטעלונגען) און ניי נישט קיין מאַנטלען, קיין ראָבן, קיין זשיפּן, וואָס, ב׳עס פּאַ? נישט אַזוי?

— אַנטר נו (צווישן אונדז) גערעדט — רופט זיך אָן זיין שכן — וואָס וועט ער נישט באַווייזן, חיים?

— יאָ באַווייזן, נישט באַווייזן — קאַכט זיך דער ערשטער — דו ווייסט דען וואָס דו רעדסט?

— ביען סיר, ביען סיר (געוויס, געוויס) — פאַרטיידיקט זיך דער צווייטער — נאָר דו ווייסט וואָס דו רעדסט...

אין אויגנבליק האָבןביידע געשוויגן, דערנאָך אָבער האָבן זיי אויס־געשאָסן מיט אַ געלעכטער. אויך שאַרלאָט האָט אַ שמייכל געטאָן.

— דו זעסט, זשאַק, ווי די מאַדמואַזעל לאַכט פון דיר?

— פון דיר לאַכט די מאַדמואַזעל, נישט פון מיר.

— ד׳ אַיעור (איבריקנס) ווייסן מיר דאָך גאָרנישט צי מאַדמואַזעל איז אַ פריילין אָדער אַ מאַדאַם.

— אַ פריילין בין איך — רופט זיך אָפּ שאַרלאָט — איך האָב איך געזאָגט דעם גאַנצן אמת, אַבי נאָר איר זאָלט זיך נישט קריגן.

— מיר קריגן זיך דען, זשאַק? מיר זענען די בעסטע פריינד. וואַיאָן, מאַדמואַזעל! לאָמיר הערן אייער אָפּיניאָן (מיינונג). אַ מענטש, וואָס וויל אָפּשטעלן די „גער״ (מלחמה) ביז ער וועט האָבן אויסגעפּאַרטיקט זיינע מאַנטלען... איר זענט אפשר אַליין אויך פון דעם פאַך? איר אַרבעט אויך ביי קאָנפעקציע, פריילין?

— ניין — ענטפערט שאַרלאָט מיט אַ שמייכל.

— אַלץ איינס, אָבער ענטפערן קאָנט איר דאָך אויף מיין פראַגע.

— אויף וועלכער פראַגע? — פרעגט שאַרלאָט און זי נעמט זיך פילן ווי אַן אַקטריסע, וואָס שפילט אַ ראָל אין אַ פּיעסע, אין אַ וואָדעוויל.

— איך פרעג אייך, צי אַ מענטש, אַ קאָנפעקציאָנער, דאַרף אָפּשטעלן אַ גער, וואָס איז אין פולן גאַנג — און נאָך וואָס פאַר אַ גער! — ערשט ווען ער וועט האָבן אויסגעפּאַרטיקט זיין קאָמאַנד, אָדער נישט?

שאַרלאָטס שמייכל איז פאַרשוווּנדן. דער שמועס נעמט ווערן לאַנג־ווייליק און אַזוי ווי קיין אַפּעטיט האָט זי סיי ווי נישט, לאָזט זי איבער אויפן טעלער כמעט נישט אָנגערירט דאָס עסן, וואָס זי האָט באַשטעלט, רופט צו דעם קעלנער, באַצאָלט אים און פאַרלאָזט דעם רעסטאָראַן.

## קאַפּיטל 17

דריי טעג זענען אַדורך ביז שאַרלאָט האָט דניאלן געשריבן איר צווייטן בריוו. אין משך פון דער צייט האָבן זיינע טאַטע־מאַמע, זיינע שוועסטער און עטלעכע חברים שוין באַקומען פון אים, ווער אַ קירצערן, ווער אַ לענגערן בריוו, זי אָבער האָט קיין ענטפער אויף איר ערשטן בריוו נאָך נישט באַקומען.

שאַרלאָט וווּנדערט זיך איבער זיך אַליין: נישט זי איז אומרויק, נישט זי איז אומגעדולדיק. זינט דריי טעג האָט זי פון אים דירעקט קיין ידיעה נישט באַקומען און זי טראָגט דאָס גאָר לייכט אַריבער. אמת, פון די בריוו, וואָס ער האָט געשריבן צו זיין פאַמיליע ווייסט זי, אַז דער מצב אויפן פראָנט האָט זיך נישט געביטן, נישט צום גוטן, נישט צום שלעכטן. דאָס ווערט אויך דורך די צייטונגען באַשטעטיקט.

אָבער וואָס הייסט עס: „דער מצב אויפן פראָנט האָט זיך נישט גע־ביטן״? זי האָט דאָך געלייענט עריך מאַריאַ רעמאַרקס מלחמה־ראָמאַן: „אויפן מערב־פראָנט נישטאָ קיין נייעס״. פון דעסטוועגן האָט דעם העלד פון דעם דאָזיקן בוך גראָד אויף דעם דאָזיקן רויִקן פראָנט געטראָפן אַ קויל, וואָס האָט אַ סוף געמאַכט פון זיין לעבן. און געשען איז דאָס אין אַ טאָג

ווען ס'איז קיין שיסעריי נישט געווען, ווען קיין איין צד האָט נישט אָנגע־גריפן און ווען קיינער איז פון זיין פּאָזיציע נישט אַרויסגעשטויסן געוואָרן. אַ רויִקער פּראָנט, אַ פרידלעכער טאָג, און דאָך איז ער, דער העלד פון רעמאַרקס ראָמאַן, דערהרגעט געוואָרן.

זי האָט אַזעלכע פראַגעס זיך נישט געשטעלט, מסתמא דערפאַר, ווײַל אויך זי, פּונקט ווי אַלע אַנדערע, האָט פון ערשטן מלחמה־טאָג אָן נישט גענומען ערנסט, נישט די אַלגעמיינע מאָביליזאַציע און נישט דעם פראָנט.

זיצט זי ווידער אין אַ קאַפע אין לאַטייִנישן פערטל און שרייבט דניאלן אַ בריוו. זי וועט שילדערן אירע באַזוכן ביי זיינע עלטערן, ביי זיינע שוועסטער און שוואָגערס, אין יידישן רעסטאָראַן און אין זיין סטודיאָ.

שוין אַ שעה צייט, ווי זי זיצט און שרייבט. זי האָט שוין באַשריבן עפּעס מער ווי צוויי בריוו־זײַטלעך. איצט זעט זי זיך אַרום, אַז אויב זי וועט אַזוי ווייטער שרייבן, וועט זי דאָ בלייבן זיצן אין קאַפע אַ נאַכט און אַ טאָג, וועט זי שוואַרץ מאַכן צוואַנציק־דרייסיק בייגעלעך פּאַפּיר און וועט, נישט געקוקט אויף דער גרויסער מי אירער, אַ סך ווייטער פון דעם אָנהייב זיך נישט אַוועקרוקן.

דוכט זיך, אַז דווקא אין דעם פאַרשלאָסענעם און שטומען סטודיאָ־צימער, ווו זי איז די פאַרגאַנגענע נאַכט געשלאָפן, האָט זי אַ סך מער איבערגעלעבט ווי אין דרויסן, אויף אירע שפּאַצירגענג, בעת אירע באַזוכן און בעת אירע באַגעגענישן מיט מענטשן.

געגוי מיט וועלכע געדאַנקען זי האָט זיך צוזאַמענגעשטויסן אין דער סטודיאָ, קאָן זי נישט באַצייכענען, שרייבט זי אים אין איר בריוו, פון דעסטוועגן דוכט זיך איר, אַז זי איז אויסגעווען אַ וועלט אין דער דאָזיקער נאַכט, אַ וועלט פון דער נאָענטער, כמעט נאָכנישט פאַרגאַנגענער פאַר־גאַנגענהייט און אויך פון דער נאָענטסטער צוקונפט, וואָרעם עס איז דאָך אוממעגלעך די מלחמה זאָל זיך נישט פאַרענדיקן גאָר באַלד. נישט געקוקט אויף זיינע נצחונות אין פוילן, וועט דאָך היטלער באַלד מוזן איינזען, אַז ער האָט איבערגעכאַפּט די מאָס און ער וועט בעטן שלום.

זעקס קורצע בייגעלעך פּאַפּיר האָט שאַרלאָט באַנוצט פאַר איר בריוו,

אָבי זי האָט געמיינט, אַז זי וועט מיט אַ צוואַנציק־דרייסיק זייטלעך אויך נישט קאָנען פּאַרטיק ווערן. דאָס מאָל האָט זי, דוכט זיך, גאָרנישט נישט פֿאַרגעסן אים צו שרייבן, ווי דאָס ערשטע מאָל.

וואָס וועט זי אָבער טאָן נאָך דעם, ווי זי וועט האָבן פֿאַרקלעפּט דעם קאָנווערט און אַריינגעוואָרפֿן איר בריוו אין פּאָסט־קעסטל? זי וועט גיין אַהיים צו זיך, אָדער אפשר וועט זי גאָר אַריינגיין אין אַ קינאָ, אַלץ איינס אין וועלכן קינאָ; זי וועט אָנקוקן אַ פֿילם, אַלץ איינס וועלכן פֿילם. אַבי עפּעס וואָס זאָל זיך באַוועגן אויפֿן לייוונט. אַדרבה, וואָס אומאינטערעסאַנ־טער דער פֿילם וועט זיין, אַלץ בעסער וועט זיין פֿאַר די געדאַנקען. מען קוקט אויף די בילדער און זען זעט מען גאָר עפּעס אַנדערש. מען זעט זיך גופֿא ווי דורך אַ נעפּל.

שאַרלאָט אָבער טוט נישט, נישט דאָס, נישט יענץ. נישט זי גייט צו זיך אַהיים, נישט זי גייט אין קינאָ אָנקוקן אַ פֿילם. זי באַשטעלט נאָך אַ שוואַרצע קאַווע און בלייבט זיצן אַן אַפּהענטיקע. זי טראַכט נישט פֿון גאָרנישט און גאָרנישט גלוסט זיך איר. ס׳איז איר נישט היימלעך, און אויך נישט אומהיימלעך. אין מלחמה־צייט, פֿאַלט איר איין אַ געדאַנק, איז דווקא אַזאַ מין צושטאַנד דער סאַמע בעסטער, וואָס מען קאָן זיך ווינטשן.

## קאַפּיטל 18

עס דויערט נישט לאַנג און אויך די אינטראָספּעקציע ווערט איר מיאוס און דערווידער. גאָרנישט נישט טאָן, גאָרנישט נישט טראַכטן, מאַטערט טייל מאָל אויס נאָך מער ווי אַרבעטן, לויפֿן, יאָגן און איבערקערן וועלטן. אַפּעטיט קומט ביים עסן. מיט ענערגיע איז, ווייזט אויס, אויך אַזוי. וואָס מער מען פֿאַרשווענדט די כוחות, אַלץ וויניקער מיד איז מען, אַלץ מער וויל מען זיין אַקטיוו.

איר זיידע, דערמאָנט זי זיך, האָט איר אַנומלט דערקלערט וואָס עס איז דער שׂכר פֿון אַ מצווה. דורך איין מצווה ווערט מען אַריינגעצויגן אין

אַ צווייטער מצווה. מיט עבירות איז אויך די זעלביקע זאַך. אָבער וואָס פאַר אַ שייכות האָט דאָס אַלץ מיט דער מלחמה? פרעגט זיך שאַרלאָט. זי קנייטשט דעם שטערן, זי וויל זיך עפּעס דערמאָנען אָדער עפּעס צו־טראַכטן.

אין דער קאַפע גופא האָט די צווייטע וועלט־מלחמה כמעט ווי זיך נישט געשפּירט. בהורים און מיידלעך זיצן און טרינקען קאַווע און רעדן וועגן אַלץ, אָבער גאָר ווייניק וועגן דער מלחמה.

אייגנטלעך זענען זיי אפשר גערעכט, וואָס זיי מאַכן נישט קיין גרויסן וועזן פון דער מלחמה, ווייל וואָס פאַר אַ גרויסן חשק די קריגס־רעפּאָרטערן זאָלן נישט האָבן צו שרייבן וועגן מצב אויפן פראָנט, קאָנען זיי דאָך נישט אויספילן די שפּאַלטן מיט לויטער שטימונגס־בילדער אין די פראַנצויזישע אַרמייען. נישטאָ דערוויייל נישט קיין מפּלות, נישט קיין נצחונות, ווייל פון די שלאַכטן וויסן די צייטונגען נישט צו דערציילן, זיי וואַגן אַפילו נישט עפּעס צוצוטראַכטן, אויסצוקלערן, כדי דער אַזוי אויך שוין גענוג סקעפּ־טישער און אומגלויביקער פראַנצויזישער לייענער־עולם, זאָל דאָס מאָל נישט האָבן דעם איינדרוק, אַז מען מאַכט אים צו נאַר, אַז מען לאַכט פון אים און אַז דאָס שיקן סאָלדאַטן צום פראָנט איז אַ מין אויסטראַכטעניש, אַ קאָמעדיע, אַ שפּיצל פון דער רעגירונג, כדי צו פאַרגלעטן דעם פאַר־אַיאָריקן אומגעלומפּערט־פּחדנישן, און אפשר טאַקע אויך בייזוויליקן, מינכען־אָפּמאַך.

לייענענדיק די צייטונגען, האָט מען דעם איינדרוק, אַז אויך דאָס, וואָס זיי דערציילן וועגן די שלאַכטן אין פּוילן, וואָס די דייטשן האָבן שוין כמעט אין גאַנצן באַזעצט, איז... ניין, מען קאָן נישט זאָגן, אַז דאָס איז אויס־געטראַכט פון אָנהייב ביזן סוף, אָבער הונדערט־פּראָצענטיק אמת איז דאָס אויך נישט, ווייל פּוילן איז דאָך פּאָרט נישט פון די קלענסטע מדינות און אירע סאָלדאַטן זענען אויך סאָלדאַטן, אירע האַרמאַטן שיסן אויך נישט מיט קיין קאַרטאָפל, אָבער דער עיקר אינטערעסירט די פראַנצויזישע צייטונגען, נישט צו פאַרלירן די טעמע מלחמה און אָנצוהאַלטן זייער טיראַזש.

אויף דעם דערבייִיקן לייִדיק געוואָרענעם טישל ליגט אַן אָוונט־צייטונג

„פּאַרי־סואַר״. שאַרלאָט האָט זי שוין געלייענט. דריי צייטונגען טעגלעך לייענט שאַרלאָט זינט דעם אָנהייב פון דער מלחמה. פון דעסטוועגן באַשטעלט זי נאָך אַ טעפּל שוואַרצע קאַווע און פאַרטיפט זיך ווידער אין „פּאַרי־סואַר״. די דייטשע חיילות, לייענט זי, האָבן אין משך פון היינטיקן טאָג, לויט די באַקומענע דעפּעשעס, איינגענומען די גאַנצע געגנט פון... אַ פּויליש וואָרט, וואָס ס׳איז שווער איבערצולייענען.

זי דערמאָנט זיך, אַז זי האָט נאָך איר בריוו צו דניאלן נישט אַרייַנגעוואָרפן אין פּאָסטקעסטל. עס קומט איר פּאָר, ווי זי וואָלט באַגאַנגען אַן עוולה נישט בלויז לגבי דניאלן. נישט נאָר ער איז היינט אַ פראַנצויזישער זעלנער. איר אָנקל, דער דאָקטאָר, אַזוי פיל באַקאַנטע אירע, און גלאָט יידן, מאָביליזירטע אָדער פרייוויליקע. מוז מען שטאַרקן זייער „מאָראַל״, ווי מען זאָגט אין פראַנצויזיש און צו זיי שרייבן. אין איר משפּחה־קרייז און אין דעם קרייז פון אירע באַקאַנטע האָט זי אין דער פאַרגאַנגענער שלאָפלאָזער נאַכט איבערגעציילט נישט ווייניקער ווי הונדערט פראָנט־קעמפער.

וואָס איז געוואָרן פון פּאַריז? וואָס איז געוואָרן פון דער שטאָט פון ליכט? פאַרמשפּט זענען געוואָרן אַלע בולוואַרן, גאַסן און געסלעך צו פינצטערניש. שווער איז פאַרצושטעלן זיך פּאַריז אין דער פינצטער, ווי אין מיטל־עלטער, איידער גאַז און עלעקטריע זענען אַנטדעקט געוואָרן.

און דאָך גיט מען זיך אַן עצה אַפילו אין דער דאָזיקער פינצטערניש. זעלטן טרעפט, אַז איין פוסגייער זאָל זיך אָנשטויסן אין דעם צווייטן אויפן טראָטואַר. די צאָל פון אויטאָ־פאַרפאַלן איז זינט אָנהייב מלחמה אויך נישט געוואָרן גרעסער, נישט געקוקט אויף דער מאַסקירטער ליכט פון די אויטאָלאָמפּן.

פון דעם „בולמיש״, ווי בולוואַר סאַן־מישעל הייסט אויפן סטודענטן־לשון, ביז צום „פלעצל״, וווּ שאַרלאָט וווינט אין איינעם מיט אירע עלטערן, איז אַ קאַצנשפּרונג. געווייינלעך נעמט זי נישט די מעטראָ, כדי צו פאָרן אַהיים, און אויב איצט האָט זי יאָ זיך געלאָזט גיין צו דער מעטראָ, איז דאָס פאַר איר געווען אַ סימן, אַז זי קלייבט זיך אָפּשטאָטן עמעצן אַ באַזוך.

דער אָוונט האָט זיך נאָך נישט פאַרענדיקט, ס׳איז נאָך געווען צו פרי צו גיין אַהיים.

אָבער צו וועמען זי פאָרט, האָט זי אַראָפּגייענדיק די טרעפּ פון דער מעטראָ נאָך נישט געוווּסט. זי האָט זיך מיט קיינעם נישט געהאַט פאַר־שטענדיקט, אַז זי וועט צו אים קומען אין אָוונט און אַז ער זאָל אויף איר וואַרטן.

נייך, זאָגט זיך שאַרלאָט, ס׳איז זייער נישט וואָרשיינלעך, אַז קיינער פון זיי זאָל נישט זיין אין דער היים. איצט ווייסט שוין שאַרלאָט וועמען זי מיינט מיט „קיינעם נישט״ און צו וועמען זי פאָרט.

זי פאָרט צו פּאָפּאָווסקין. זי וווּנדערט זיך בעת מעשה, פאַר וואָס זי האָט זיך מיט דעם דאָזיקן זייער סימפּאַטישן פּאָרל אַזאַ לאַנגע צייט נישט געזען און אַפילו זיך נישט נאָכגעפרעגט אויף זיי. מיט אַכט־צען חדשים צוריק פלעגט זי אין איינעם מיט דניאל, ווייניקסטנס איין מאָל אַ וואָך, זיך מיט זיי באַגעגענען, איין מאָל אין זייער שיין צוגעפּוצטער און באַ־קוועמער דירה, אַ צווייט מאָל ביי דניאלן אין סטודיאָ, אַ דריט מאָל ביי דניאלס עלטערן. אויך אין טעאַטער אָדער אין קינאָ איז מען אָפט געגאַנגען צוזאַמען. יאָ, אויפן וואָקזאַל, בעת דניאל איז אָפּגעפאָרן צום פראָנט, האָט זי זיי באַגעגנט. פּאָפּאָווסקי איז אויך געווען מאָביליזירט, אָבער ער האָט ערשט אין עטלעכע טעג אַרום געדאַרפט אָפּפאָרן צום פראָנט, אפשר צו דעם זעלביקן פראָנט מאַקע, וואָס דניאל. קיין אַנדער פראָנט איז דאָך דערווייל נישטאָ, אָבער די מאַזשינאָ־ליניע איז גרויס און ווייט. האָט אים דניאל אַוודאי ביז איצט נאָך נישט באַגעגנט, אַנישט וואָלט ער איר דאָך געהאַט געשריבן...

דריי שעה נאָך אַנאַנד איז שאַרלאָט געזעסן אין קאַפע אַ גלייכגילטיקע, אַן אָפּהענטיקע, און קיינעם האָט זי נישט געוואָלט זען. טאָ פאַר וואָס פלוצלינג איז איר באַפאַלן אַן אומגעדולד? זי ציילט די מינוטן ווען זי וועט שוין קאָנען זיצן מיט פּערעלען און איר דערציילן, ווי אַזוי זי קאָן זיך קיין אָרט נישט געפינען אין ערגעץ.

## קאַפּיטל 19

פּאַפּאָווסקי איז נאָך נישט געווען אָפּגעפאָרן צום פראָנט, כאָטש מאָבי־ליזירט איז ער שוין געווען. אים האָט זיך איינגעגעבן — ער גופא וווּנדערט זיך מיט וועלכער לייכטקייט — צו פועלן ביי דער רעקרוטיר־קאָמיסיע ער זאָל באַקומען זיין „מאַרש־אַן־רוט״ אָפּצופאָרן צום פראָנט שפּעטער ווי אַלע אַנדערע מאָביליזירטע פון דער קאַטעגאָריע, צו וועלכער ער איז צוגעטיילט געוואָרן.

אָבער דאָס איז טאַקע דער לעצטער אָוונט פון אָט דעם ציווילן אָפּשניט פון זיין לעבן. מאָרגן הייבט זיך אָן פאַר אים דאָס בלאָטיקע זעלנער־לעבן, האָבן זיי באַשלאָסן, פּערעלע און סאַשאַ, צו פראַוועָן אַ געזעגענונג־אָוונט. זייער דירה איז נישט קיין גרויסע און וואָלטן זיי פאַרבעטן זייערע ביידנס פאַמיליעס, אַלע זייערע חברים און סתם גוטע־פריינד, וואָלט נישט געסטייעט אַפילו קיין שטייערטער פאַר אַלעמען.

זענען טאַקע חוץ טאַטע־מאַמע פון ביידע צדדים, חוץ זייערע קינדער, שוועסטער, שוואָגערס און שוועגערינס, געקומען צו דעם געזעגענונג־אָוונט ביי פּאַפּאָווסקין אין שטוב בלויז אַ צוויי־דריי זייטיקע מענטשן. פון סאַשאַס אָדער פּערעלעס קינפטיקע שוואָגערס אָדער שוועגערינס איז געקומען בלויז שאַרלאָט, און דאָס אויך, אין גאַנצן אומגעבעטענערהייט.

אָבער נישט געקוקט אויף דעם איז שאַרלאָט אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס פרייד נישט בלויז דורך פּערעלען, מיט וועמען זי איז געווען זייער אויפגעטראָגן, נאָר אויך דורך אַלע געסט.

די שטימונג דעם אָוונט אין פּאַפּאָווסקיס קליינעם דירהלע איז שווער צו באַשרייבן. פון אַלע גרענעצן, איז די גרענעץ צווישן שלום און מלחמה די סאַמע שווערסטע. כאָטש די מלחמה איז שוין אַלט געווען מען ווי צוויי וואָכן, האָט סאַשאַ פּאַפּאָווסקי געדאַרפט זי אַריבערשפּרייזן דעם אַנדערן טאָג.

ווי ער זאָל נישט האָבן זיך אָנגעשטרענגט צו פאַריאָגן פון זיך אַלע זאָרגן און קלעמענישן, האָט זיך דאָס אים נישט איינגעגעבן. נישט געקוקט אויף זיין כלומרשט רעזיגנירטן שמייכעלע און אויף דער מי, וואָס ער האָט

זיך געגעבן, צו ענטפערן יעדערן צו דער זאַך און אויסצומיידן יעדע טעמע, וואָס וואָלט געקאָנט קאַליע מאַכן די שטימונג. האָבן די קורצע שמועסן מיט דעם און מיט יענעם זיך נישט געקלעפּט. ס׳האָט אויסגעקוקט ווי קיינער וואָלט פון זיין מיטשמועסער קיין שום ענטפער נישט דערוואַרט, פאַרקערט, ווי עס וואָלט אים פאַרדראָסן דאָס, וואָס דער מיטשמועסער פאַרשטייט נישט, אַז אויף דער גרענעץ צווישן שלום און מלחמה, איז נישטאָ וואָס צו ענטפערן, נישטאָ וואָס צו זאָגן, אַז ביי אַזאַ געפערלעכן אַריבערגאַנג איז בעסער צו שווייגן...

פּאָפּאָווסקיס געזעגענונגס־אָוונט איז געווען אַ מיניאַטור־קאָפּיע פון גאָר דעם יידישן פּאַריז אין אָט די ערשטע מלחמה־טעג. דער סאָוויעטיש־דייטשער פּאַקט דריקט אויף אַלע יידישע געמיטער. מען פאַרשטייט פּשוט נישט וואָס עס איז פאָרגעקומען און ווי אַזוי דאָס איז מעגלעך געווען. איינער זוכט אַזאַ זכות, אַ צווייטער אַן אויסרייד, אָבער דאָס אַלץ, פילט מען, איז בלויז כדי זיך צו טרייסטן. „ס׳איז אַ זאַך פון טאַקטיק, פון געווינען צייט״. „די צוקונפט וועט באַווייזן״. אין גרונט געגומען עקבערט יעדערן דער וואָרעם „סטייטש, פאַר וואָס ?״.

די פראַנצויזן ווייזן נישט אַרויס קיין גרויסע התלהבות פאַר דער מלחמה. די לייט פון דער „פינפטער קאָלאָנע״ טענהן, אַז מען פאַרלאַנגט פון זיי צו גיין „שטאַרבן פאַר דאַנציק״ און פאַר די יידן. אַ סך פראַנצויזן גלייבן, אַז דאָס איז אמת. אויך די יידן אין פאַריז, ווייסט שאַרלאָט, האָבן נישט קיין גרויס חשק צו „שטאַרבן פאַר דאַנציק״; אמת, ווען עס רעדט זיך וועגן די יידן אין פוילן, וועלן די היגע יידן גיין, נישט שטאַרבן, נאָר זיגן פאַר זייערטוועגן, זיי צו ראַטעווען...

אָבער ווי אַזוי זיגן ? האָבן דאָך שוין די היטלערישע חיילות אין די ערשטע פאַר וואָכן איינגענומען כמעט גאַנץ פוילן און די פראַנצויזישע אַרמיי רירט זיך נישט פון אָרט. איז דאָס אויך טאַקטיק ? וואָס עס וועט אַרויסקומען פון דער דאָזיקער טאַקטיק, ווייסט דערווייל, פאַרשטייט זיך, קיינער נישט

שאַרלאָט האָט זיך אומגעקערט אַהיים מיט דער לעצטער מעטראָ. זי קאָן נאָך אַלץ אירע געדאַנקען נישט צונויפנעמען. וואָלט דניאל געווען דאָ איצט מיט איר, וואָלט זי אים, טראַכט זי זיך, פאַרשאָטן מיט קשיות, כאָטש זי ווייסט, אַז אויך ער וואָלט נישט געוווּסט, ווי אַזוי זיי צו פאַר־ענטפערן. ער איז דאָך אויך אַ גאַנץ קנאַפּער פּאָליטיקער. אָבער טייל מאָל טרעפט, אַז מען וואַרט גאַרנישט אויף אַ תשובה; מען באַגנוגנט זיך מיטן פרעגן, אַבי נאָר עס איז פאַראַן וועמען און וואָס צו פרעגן. יענעמס אויפ־מערקזאַמקייט איז אויך עפּעס ווערט.

שאַרלאָט קאָן נישט איינשלאָפן. זי לעשט אויס דאָס לעמפּל אויף איר נאַכטטישל און ציגדט עס ווידער אָן. זי נעמט אַ בוך אין האַנט און פּרוּווט לייענען, זי פאַרשטייט אָבער נישט, וואָס זי לייענט. דניאל איז אויפן פראָנט, סאַשאַ פאַרט מאָרגן אָפּ צום פראָנט, איר אָנקל דער דאָקטאָר, און נאָך און נאָך באַקאַנטע און פריינד אירע, שטייען שוין מיטביידע פיס פון יענער זייט גרענעץ, וואָס טיילט פונאַנדער דעם שלום פון דער מלחמה. און די מלחמה ווייזט אויס איז גאָר קיין מלחמה נישט, וויניקסטנס אויף דעם פראַנצויזיש־דייטשן פראָנט, ווי די צייטונגען שרייבן, שלאָגט מען זיך נאָך נישט.

שאַרלאָט, פאַרשטייט זיך, באַדויערט נישט דאָס, וואָס דערוויל ווערט אויפן פראַנצויזיש־דייטשן פראָנט קיין בלוט נישט פאַרגאָסן און וואָס די דייטשן און די פראַנצויזן קוקן זיך דערוויל אָן, ווי מען דריקט זיך אויס אין פראַנצויזיש, „ווי פאַיאַנס־הינטלעך".

פּאָליטיק איז נישט מיין געביט, זאָגט זיך שאַרלאָט. נישט איך פאַרשטיי זי און נישט זי אינטערעסירט מיך. וואָס טויג מיר אַריינצוטראַכטן, אַריינ־צוקלערן אין אַן עניין, אין וועלכן איך טאַפּ, ווי אין דער פינצטער?

יאָ, אין דער פינצטער. פאַר דער מלחמה, דערמאָנט זיך שאַרלאָט, איז אַפילו אין מיטן נאַכט, אַפילו ביי אויסגעלאָשענעם ליכט, נישט געווען אַזוי פינצטער ווי איצט. פאַר דער מלחמה, ווען זי פלעגט נישט קאָנען איינ־שלאָפן און דאָס עלעקטרישע טישלעמפּל פלעגט זיין אויסגעלאָשן, פלעגט אין איר צימערל פאָרט נישט זיין אַזוי געדיכט פינצטער, ווי איצט. די

לאָדנס פון איר פענצטער פלעגן זיין אָפן און פון די גאַס־פאַנאַרן פלעגט אַריינדרינגען אין איר צימערל אַזוי פיל ליכט, אַז מען האָט געקאָנט לייענען אַ צייטונג אָדער אַ ביכל. און אַפילו ווען זי פלעגט צומאַכן די לאָדנס פון איר פענצטער צוליבן גאַסן־טומל — האָט אויך דורך די לאָדן־שפּאַלטן זיך דורכגעזייט אַ ביסל גאַסן־ און הימל־ליכט, וואָס פלעגט זיך אויסלייגן אין שמאָלע פּאַסן אויפן דיל. די פּאַסן זענען געווען אַזעלכע לאַנגע, אַז דער דיל איז געווען צו קורץ פאַר זיי. האָבן זיי גענומען קלעטערן אויף די ווענט, און פון די ווענט אויפן סופיט.

דאָס אַלץ איז געווען פאַר דער מלחמה, מיט מער ווי צוויי וואָכן צוריק הייסט עס. דערנאָך אָבער, כאָטש די גאַס־פאַנאַרן זענען געבליבן אויף זייערע ערטער, זענען זיי אַריבערגעצויגן געוואָרן מיט אַ טונקל־בלויער שלייער־פאַרב.

איצט, ווען אין אַ צימער הערשט די פינצטערניש, לאָזט זי קיין שום ליכטפּאַס אָדער אַפילו ליכט־טראָפּן צו זיך נישט צו. אויך די געדאַנקען, דוכט זיך איר, קאָנען זיך אין דער דאָזיקער געדיכטער פינצטערניש נישט אָפּגעפינען, כאָטש אין פלוג גענומען, וואָס פאַר אַ שייכות האָבן זיי מיטן גאַסנליכט?

פּרוווט שאַרלאָט זיך דערמאָנען אַ וואָרט, אַ מינע, אַ ווונק, אַ שמייכל, אַ בליק, אַ האַנטדרוק פון דעם היינטיקן, שוין פאַרגאַנגענעם אָוונט. עס איז שוין אַ שעה צוויי נאָך דעם געזעגענונג־אָוונט ביי סאַשאַ און פּערעלע פּאָפּאָווסקין אין שטוב, אָבער אין וואָס פאַר אַ זשעסט אָדער אַ טאָן זי זאָל זיך נישט אָנכאַפּן, האָט זי דעם איינדרוק, אַז ער גליטשט זיך איר אַרויס פון צווישן די פינגער. זי איז נישט אין שטאַנד אים אויפצוהאַלטן אַפילו אַ רגע.

ליגט שאַרלאָט מיט אָפענע אויגן און קוקט אַריין אין אירע אייגענע געדאַנקען, אין אירע אייגענע זכרונות. און כאָטש ס'איז פינצטער, פילט זי דאָך די קאָנטורן פון יעדן מעבלשטיק. זי האָט דאָס געפיל, ווי זי וואָלט אָנגעטאַפּט יעדעס ווינקעלע פון איר צימערל. נאָך מער: עס גיט זיך איר אַפילו איין צו לייענען דעם טיטל פון אַ בוך אויף איר ביכער־פּאָליצע.

צוויי ביכער־פאָליצעס פאַרמאָגט זי. די ביכער אירע זענען פון דריי־ערליי מינים: אויף איין פאָליצע שטייען די מעדיצינישע לערן־ און האַנט־ביכער און אויף דער צווייטער — אַלע אַנדערע ביכער, וואָס זי האָט זיך איינגעשאַפט אין משך פון יאָרן: ראָמאַנען, געשיכטע־ און קונסט־ביכער און סתם ביכער, וואָס פאַסן זיך נישט אַריין אין קיין איינע פון די אויס־גערעכנטע דריי מינים.

כאָטש אירע ביכער שטייען צעוואָרפן און זענען נישט געאָרדנט לויט אַ וועלכן נישט איז סיסטעם, פילט זיך שאַרלאָט אין שטאַנד אָנצווייזן ווו דאָס אָדער יענץ בוך שטייט. פון אַ סך ביכער וואָלט זי אַפילו געקאָנט ציטירן אויף אויסנווייניק די ערשטע און די לעצטע פאָר שורות.

לאַנג איז די נאַכט. זייער לאַנג ציט זיך אַ שלאָפלאָזע נאַכט, און ס'איז נישט פאַראַן קיין אויסוועג — אויב מען וויל נישט נעמען קיין שלאָפמיטל — זי צו פאַרקירצן און זיך צו באַפרייען פון דעם שווערן יאָך, וואָס זי האָט אַרויפגענומען אויף אירע פלייצעס.

## קאַפיטל 20

מער ווי פיר חדשים זענען שוין פאַרגאַנגען זינט ס'איז אויסגעבראָכן די מלחמה. אָבער היות דאָס זענען געווען די לעצטע פיר מאָנאַטן פון יאָר 1939, און מען איז שוין אַריין אין יאָר 1940, קאָן מען זאָגן, אַז מען געפינט זיך שוין אינעם צווייטן יאָר פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אַן אומעטיקער האַרבסט איז דאָס געווען, אַ סך אומעטיקער ווי אַלע פריערדיקע האַרבסטן פון שאַרלאָטס לעבן. און דער ווינטער איז דאָס יאָר אַ פריצייטיקער, און אַ סך אַ קעלטערער, ווי אין פאַרגאַנגענעם יאָר. דניאל האָט דאָס זעלביקע קאָנסטאַטירט אויפן פראָנט. פון תמיד אָן זענען די ווינטערס אין מלחמה קעלטער ווי אין שלום־צייטן. דאָס ווייסט מען פון דער סטאַטיסטיק. אויפן פראָנט זענען די פרעסט נאָך גרעסערע; ליגט דאָך דער פראָנט מער אין צפון־זייט פון פראַנקרייך. דאָס איז שוין געוואָרן אַ

מין געאָגראַפישע טראַדיציע אין פראַנקרייך. דער דייטש איז פראַנקרייכס קלאַסישער שונא. אמת, פאַראַן איצט אויך אַ פראַנצויזיש־איטאַליענישער פראָנט, און ער געפינט זיך אין דרום, אָבער ווער רעכנט זיך דען מיט דעם דאָזיקן אויך־מיר־פראָנט? חוץ דעם, האָט נישט דניאל, נישט אַן אַנדערער פון אירע פריינד און באַקאַנטע, עפּעס וואָס מיט דעם דאָזיקן פראָנט צו טאָן.

דניאל האָט איר אין זיין לעצטן בריוו פונעם צענטן יאַנואַר 1940 געשריבן וועגן דעם דאָזיקן שווערן ווינטער:

„דער ווינטער האָט זיך אויף אונדז אַראָפּגעלאָזן מיט גאָר זיין ביטערן און עקשנותדיקן פראָסט. איבער אַ מעטער הויך איז דער שניי אויף די וועגן, און ער פאַלט נאָך אַלץ, דער שניי. דער הימל איז פאַרוואָלקנט. עס קוקט אויס, ווי עס וועט גאָרנישט נעמען אַ סוף צום שנייפאַל.

„ראָזשע, דער טעניס־שפּילער פון ניצע, וועגן וועלכן איך האָב דיר אין מיינע פריערדיקע בריוו געשריבן, איז ממש פאַרצווייפלט פונעם פראָסט און פונעם שנייפאַל.

„— סע פאַ פּאָסיבל! (ס'איז נישט מעגלעך!) — האָט ער אויסגעשריגן און אַ הייב געטאָן אַ פויסט קעגן הימל — „סע פאַ זשיסט!" (ס'איז אומגערעכטיק!) — האָט ער צוגעגעבן — פאַר וואָס קומט אונדז אַזוי פיל פראָסט, אַזוי פיל שניי?

„אַ דריי־פיר חברה־לייט, זעלנער ווי ער, זענען מיר געווען, וואָס מיר האָבן בייגעוווינט ראָזשעס קאָמישן כעס־אויסברוך. מיר האָבן זיך שטאַרק פונאַנדערגעלאַכט און אונדז האָט זיך געדוכט, אַז עס איז אונדז אַלעמען וואַרעמער געוואָרן נישט בלויז אויפן האַרצן און אויף דער נשמה, נאָר טאַקע אין אַלע אונדזערע גלידער.

„איבעריקנס, איז דאָך אַלץ טאַקע אַ געלעכטער. די מלחמה ווערט אַלץ מער און מער באַטראַכט ווי אַ שפּאַסיק־אויסטערלישע מלחמה, ווי אַ „דראָל דע גער".

און נאָך האָט דניאל געשריבן אין זיין לעצטן בריוו, טרויעריקס און פריילעכס אין דער זעלבער צייט. אויפן פראָנט, וואָס איז אייגנטלעך קיין

פראַנט נישט, שרייבט ער איר, לאַנגווייליקט מען זיך אַלץ מער און מער. מען איז אומצופרידן, וואָס מען לאָזט נישט פאָרן אַהיים צו טאַטע־מאַמע, צו ווייב־און־קינד, צום באַרוף, צום ציווילן לעבן. מען פילט זיך, ווי מען וואָלט געווען אָפּגענאַרט. וואָלט מען כאָטש געוווּסט דורך וועמען, וואָלט מען געקאָנט אויסלאָזן צו אים דעם כעס, אָבער מען ווייסט נישט דורך וועמען און מען ווייסט נישט ווי אַזוי, און דער עיקר ווייסט מען נישט, ווי לאַנג דער דאָזיקער קאַצן־יאָמער וועט זיך נאָך ציִען.

שאַרלאָט טראַכט, אַז אין פּאַריז איז די "מאָראַל" אויך נישט קיין פויגלדיקע. אַלע גייען אַרום ווי אָפּהענטיקע. אויך זי אייגנטלעך. אַפילו די מעדיצין אינטערעסירט זי נישט מער אַזוי שטאַרק ווי פאַר דער מלחמה, כאָטש עס וואָלט געדאַרפט זיין פאַרקערט, וואָרעם פונקט ווי אַ מלחמה קאָן נישט אויסקומען אָן קוילן, אַזוי נייטיקט זי זיך אין דאָקטוירים.

"דראָל דע גער", אַ קאָמישע מלחמה. די דייטשן גרייפן נישט אָן, די פראַנצויזן פרייען זיך, וואָס זיי האָבן אַ מאַזשינאָ־ליניע און זיי ווערן נישט אַטאַקירט.

פון די צייטונגען, וואָס זי לייענט, פון די ראַדיאָ־אוידיציעס, וואָס זי הערט, קאָן זי נישט קלוג ווערן. פון די בריוו דניאלס, וואָס ער שרייבט איר גאַנץ אָפט, קאָן מען אייגנטלעך אויך נישט אַרויסדרינגען זייער פיל, נישט בלויז ווייל ער קאָן צוליב צענזור נישט שרייבן דאָס, וואָס ער ווייסט, נאָר ווייל ער גופא איז נישט אין שטאַנד זיך צו דערטראַכטן צו אַ ריכטיקן געדאַנק.

פון דעסטוועגן מיינט זי, שאַרלאָט, אַז ווען זי וואָלט ווי געהעריק דורכגעלייענט — אויך צווישן די שורות — אַלע זיינע בריוו, וואָס ער האָט צו איר זינט אָנהייב מלחמה געשריבן, וואָלט זי געוויס אַ סך דער־פאַרן, אַ סך מער אַרויסגעדרונגען.

האָט זי אַריינגעלייגט דאָס גאַנצע פּעקל בריוו זיינע אין איר האַנטטאַש און באַשלאָסן זיי דורכצולייענען נאָך אַ מאָל אין סטודיאָ־צימערל אויף רי דע בעלוויל, ווו זי קלייבט זיך — אַזאַ פאַרלאַנג האָט זי צו פאַרברענגען די היינטיקע נאַכט.

אַ פּראָסט אויפֿן פּראָנט, האָט איר דניאל געשריבן. אויך אין פּאַריז וויזט דער טערמאָמעטער אונטער נול. פֿאַר פּאַריז איז דאָס אַ קעלט נישט אויסצוהאַלטן. מען פֿרירט. נאָר אין דער מעטראָ איז וואַרעם און ווען מען קומט אָן צום ציל, ווילט זיך נישט אַרויסגיין אויף דער פּראָסטיקער לופֿט.

די הענדלער פֿון געבאַקענע קאַשטאַנעס האָבן זיך באַוויזן אויף די בולוואַרן. פֿון גרויסע קעסלען, ווו די קאַשטאַנעס ווערן געבאַקן, שלאָגט אַ הייסע פּאַרע. ווען נישט די דאָזיקע פּאַרע, וואָלט שאַרלאָט אפֿשר גאָר נישט געקויפֿט קיין קאַשטאַנעס, אין דער אמתן האָט זי זיי נישט ליב. פֿון דעסטוועגן, איין מאָל זיך געלאָזט אַריינגאַרן דורך דער הייסער פּאַרע, וואָס שלאָגט אַרויס פֿון קעסל, איז זי צופֿרידן, וואָס זי קאָן איצטער קייען די געבאַקענע קאַשטאַנעס.

ווען זי קומט צו צום סטודיאָ־צימערל בלייבט שוין נישט מער קיין איין קאַשטאַן אין דעם זעקעלע. אין דעם סטודיאָ־צימערל אויפֿן בעלוויל איז פֿאַראַן אַן עלעקטריש אייוועלע. אַזאַ מין אייוועלע איז זייער באַקוועם. אַ דריק אַ קנעפּל אין וואַנט — און אין עטלעכע מינוט איז דאָס צימער אָנגעוואַרעמט.

פֿון קעלט וועט זי נישטליידן אין דער היינטיקער ווינטערנאַכט, אָבער דניאל וועט איר פֿעלן. דאָס צימערל געהערט אייגנטלעך אין גאַנצן אים. אַז דניאל איז נישטאָ אין צימערל, קוקט עס אויס ליידיק, ווי עס וואָלט דאָרט קיין מעבל נישט געווען. איר דוכט זיך, אַז דאָס צימערל פֿאַרטראָגט נישט קיין אַנדער קול נאָר דניאלס. בלויז ווען ער איז דאָ, ווען ער קאָן עפּעס פֿרעגן עמעצן אָדער ענטפֿערן, לאָזט עס אויך צו אַן אַנדערנס שטים, אַנישט, שווייגן די ווענט, דער סופֿיט, די פֿיר ווינקעלעך, אַ נישט, איז קיין עכאָ נישט פֿאַראַן.

אָבער סיי ווי וועט דאָך נישט זיין היינט צו וועמען און צו וואָס אויסצורעדן אַ וואָרט. וועט זי שווייגן, זי וועט צו ערשט איבערלייענען דניאלס פּעקל בריוו פֿון פּראָנט — צו דעם קומט זי דאָך אַהער, כאָטש פֿאַר וואָס זי האָט נייטיק צו לייענען נאָך אַמאָל זיינע בריוו, און דווקא אויפֿן בעלוויל, ווייסט זי נישט — און דערנאָך וועט זי אַ בלעטער טאָן די ביכער אויף

זיין ביכער־פּאָליצע. דערנאָך וועט זי איינשלאָפן אויף דעם געלעגער, אין דעם בעטגעוואַנט, ווו זיי ביידע פלעגן זיך ליבן, נאַכט־איין, נאַכט־אויס, אין די פאַרגאַנגענע נעכט פון פאַר דער מלחמה. זי וועט אַלץ טאָן, כדי צו חלומען שיינע חלומות, און תיכף ביים אויפכאַפּן זיך פון שלאָף וועט זי זיי פאַרנאָטירן, זיי נישט צו פאַרגעסן. זי וועט אים צושיקן די אַלע חלומות אירע, ווי אַ בוקעט בלומען.

גוט ווערט איר אויף דער נשמה ווען זי טראַכט וועגן דעם. זי קאָן זיך גאָרנישט פאָרשטעלן צו בלייבן לעבן, ווען אים זאָל, חלילה, עפּעס וואָס געשען אויפן פראָנט.

טאָ זאָל זי, די דאָזיקע „קאָמישע מלחמה", אָנהאַלטן לאַנג, אויב מעגלעך — ביז צום סאַמע סוף. זאָל מען נישט שיסן און זאָל מען נישט דערשאָסן ווערן, זאָל מען נישט הרגענען און זאָל מען נישט געהרגעט ווערן! דניאל וועט אַרויסגיין אַ גאַנצער פון דער מלחמה און זי וועט מער נישט געפינען אין סטודיאָ־צימערל אַ ליידיק בעט.

## קאַפּיטל 21

1/10/39

...פאַראַן, זאָגט מען, געוויסע צייכנס, סימנים, וואָס באַווייזן זיך, איידער נאָך די אָדער יענע נאַטור־געשעענישן מאַניפעסטירן זיך אין דער פאָרעם פון אַ ראַדיקאַלער וועטער־ענדערונג, פון אַן ערדציטערניש, פון אַן אוראַגאַן און אַזוי ווייטער. שטשורעס, צום ביישפּיל, פאַרלאָזן דעם בויך פון אַ שיף, איידער איר, דער שיף, חלומט זיך אַפילו, אַז זי וועט אונטערגיין; בושלען לאָזן איבער זייערע נעסטן און וואַנדערן אויס אין די וואַרעמע לענדער איידער נאָך די מעטעאָראָלאָגישע סטאַנציעס דערוויסן זיך וועגן דעם פריי־צייטיקן אָנקום פונעם ווינטער; אַפילו ביי מענטשן, געפּלאָגטע פון רעוו־מאַטיזם, נעמען העגט און פיס דרייען און שטעכן אַ צייט פאַרן אָנקום פון שלעכטן וועטער. דאָס אַלץ איז באַקאַנט פון אייביקע צייטן אָן.

איך האָב געקאָנט פעסטשטעלן אַן אַנאַלאָגיע צווישן די אויבן אויס־גערעכנטע „פּאַרצייכנס פון דער נאַטור״ און די „פּאַרצייכנס״ פון אונדזער הונדערט־קילאָמעטערדיקן מאַרשרוט, דאָס הייסט, די פאַרשידענע ווילדע קלאַנגען, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו צירקולירן אין אונדזער רעגימענט אַ טאָג איידער דער מאַרש־באַפעל איז דערגאַנגען צו אונדזערע אויערן. קיינער פון אונדז האָט נישט געוווסט, פון וואַנען די דאָזיקע קלאַנגען האָבן זיך גענומען און וואָס זיי זענען געווען אויסן.

געזאָלט האָבן מיר, האָט מען געזאָגט, פאַרנעמען נייע פּאָזיציעס, פון וואַנען דער שׂונא, דער דייטש, וועט קיין מאָל נישט קאָנען אונדז פאַר־טרייבן; לויט אַנדערע קלאַנגען, האָבן מיר געזאָלט מאַרשירן אַזש ביז בערלין — עטאַפּנווייז, פאַרשטייט זיך, וואָרעם די דייטשן וועלן דאָך אַוודאי שטעלן אַ ווידערשטאַנד. דעם דאָזיקן קאָמישן קלאַנג אָבער האָט קיינער נישט גענומען ערנסט, אַפילו אויך נישט די, וואָס האָבן אים פאַר־שפּרייט. געווען איז דאָס אַ וויץ, אַ שלעכטער וויץ, קיינער האָט אַפילו נישט געלאַכט איבער אים.

וואָס פאַר אַ ציל אונדזער דרייטאָגיקער מאַרשרוט האָט אין דער אמתן יאָ געהאַט, דאָס קאָן איך צום באַדויערן דיר נישט שרייבן. איך בין זיך אָבער משער, אַז חוץ דעם מיליטערישן „סוד״, וואָס שטעקט אין דעם דאָזיקן לאַנגן מאַרשרוט, האָט זיך אונדזער קאַפּיטאַן דעלאַראָש פאַרגלוסט אויסצופּרובירן די ווידערשטאַנד־קראַפט, אָדער, בעסער געזאָגט, די לויף־קראַפט פון אונדזערע זעלנערישע פיס. וואָרעם מאַרשירן באַלאָדן מיט גאָר דעם נייטיקן געפּעק, אַזוי לאַנג ווי עס לאָזט זיך, איז אויך עפּעס ווערט און איז אַ גאַנץ גוט מיטל קעגן דער מרה־שחורה, וואָס באַפאַלט אַ זעלנער פון צייט צו צייט.

נישט אַלעמענס פיס האָבן אויסגעהאַלטן דעם שווערן עקזאַמען. לויט די פּנימער פון מיינע מיטגייערס האָב איך איינגעזען, אַז זיי זענען נישט געווען צופרידן פון דעם דאָזיקן מאַרש — אַפילו נישט די נאַטור־ליבהאָבער, וואָס אַלע זונטיק זענען זיי פול אויף די וועגן און שאָסייען.

פאַר אונדזערע שווערע שיך צו מאַרשירן הונדערט קילאָמעטער —

איז אַ קינדער־שפּיל. עס הייבט נישט אָן זיי צו אַרן, וואָס זיי צעטרעטן אויפן וועג די פרישע אַראָפּגעפאַלענע עפּל פון דיביימער. דו דאַרפסט נישט פאַרגעסן, אַז פאַר די עפּל איז איצט אַ צייט געריסן צו ווערן פון די ביימער, אָדער אַראָפּצופאַלן אויף די וועגן און שטעגן.

יאָ, אונדז אַלעמען האָט שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס אונדזערע שיך צעטרעטן אָן רחמנות די דאָזיקע עפּל. וויפל עפּל האָבן מיר דען געקענט אויפהייבן און איינשלינגען גייענדיק? וואָרעם די פראַנטקעמפער, דאַרפסטו וויסן, קוים לאָזן זיי זיך אין וועג אַריין, אין באַטאַליאָנען און רעגימענטן, גייען זיי אַזוי לאַנג, ביז זיי פאַרענדיקן גאָר דעם מאַרשרוט, וואָס מען האָט זיי פאָרגעשריבן, פריִער טאָרן זיי זיך נישט אָפּשטעלן.

איצט ערשט, לייענענדיק אַ בריוו, וואָס איז שוין אַלט צוויי מיט אַ האַלבן חודש, געניסט שאַרלאָט — אַזוי דוכט זיך איר — פון דניאלס הומאָר. פון דעסטוועגן שמייכלט זי אָפילו נישט ווי געהעריק, פשוט דער־פאַר, ווייל עפּעס וואָס דריקט איר אויפן האַרצן. דאָס איז, זאָגט זי זיך, בענקשאַפט מסתמא. בענקשאַפט קאָן דורך קיין שום הומאָר נישט פאַר־טריבן ווערן.

דער בריוו איז אַ לאַנגער, און שאַרלאָט האָט קיין געדולד נישט. זי וויל דערגיין, וואָס ער שרייבט איר פופצן טעג שפּעטער — אין זיין בריוו פונעם פינפצנטן נאָוועמבער.

אין די שורות פון דעם דאָזיקן בריוו לייענט שאַרלאָט:

...דו ווילסט וויסן, מיין טייערע שאַרלאָט, ווי עס „גייט" מיינע פיס נאָך די לאַנגע מאַרשרוטן; דו ווילסט וויסן, וואָס איך מאַך פיזיש און אויך מאָראַליש, ווי מען זאָגט אין פראַנצויזיש, קאָן איך דיר אויף דעם ענטפערן דאָס, וואָס שלום־עליכם וואָלט געענטפערט אין אַזאַ מין פאַל: אַ סך צו דערציילן, ווייניק צו הערן.

וואָס שייך מיינע טרעטערס, וואָלט זיך זיי געגלוסט, מיין איך, נישט צו מאַרשירן סתם אין דער וועלט אַריין און צעטרעטן בעת מעשה די

פריש אַראָפּגעפּאַלענע עפּל אויפן שמאָלן שטעגעלע, וואָס ציט זיך פאַזע די סעדער, נאָר צעטרעטן די היטלערישע אַרמייען, אַזוי, אַז זיי זאָלן מער נישט קאָנען זיך אויפהייבן פון דער ערד.

מיט צוויי טעג צוריק האָט מען אונדז צוגעטיילט גאַז־מאַסקעס. לויט די אַזוי גערופענע אינטערנאַציאָנאַלע „מלחמה־דינים" און מלחמה־אָפּמאַכן מעגן ביידע קעמפערישע צדדים קעגנזייטיק זיך שיסן, זיך שטעכן, זיך ממיתן וויפל נאָר דאָס האַרץ גלוסט, אָבער קעגנזייטיק זיך פאַרסמען דורך גאַז, זיך דערשטיקן — דאָס טאָרן זיי נישט. אָבער אויב דאָס פריִערדיקע דייטשלאַנד האָט שוין בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווי באַקאַנט, זיך באַנוצט מיט גאַז, וועט דאָך דאָס היינטיקע היטלער־דייטשלאַנד אַוודאי און אַוודאי זיך נישט שעמען אָנצוווענדן גאַז קעגן די פראַנצויזישע סאָלדאַטן.

ראָזשע, אונדזער פראָנט־לץ, האָט אויך דאָס מאָל מיט עטלעכע ווערטער כאַראַקטעריזירט די דאָזיקע געשעעניש. צוויי קעגן־אַרגומענטן האָט ער געבראַכט קעגן אַ גאַזטויט און קעגן אַ גאַזמאַסקע בפרט. וואָס שייך אַ גאַזטויט, האָט ער געטענהט: „סאַן בלאַג", אָן אַ שפּאַס! גאַז, דאָס איז דאָך שוין גאָר אַ סוף צו די בעבלעך! צו קוילן און צו באַיאָנעטן, דאָס הייסט צו אַ טויט דורך אַ קויל, דורך אַ גראַנאַט, דורך אַ באָמבע, דורך אַ פלאַמען־וואַרפער, אָדער דורך אַ באַיאָנעטן־שטאָך, האָבן מיר זיך שוין צוגעוווינט פון לאַנג אָן. אויב נישט מיר, האָבן אונדזערע טאַטעס זיך אים אונטערגעגעבן, אָבער ווערן פאַרגאַזט איידער נאָך מען ווייסט פאַר וואָס און פאַר ווען?

וואָס שייך דער גאַזמאַסקע -- האָט ער ווייטער געטענהט — איז זי, דוכט זיך, אויך נישט אין גאַנצן אין אָרדענונג. נאָך דער פאַרגאַזונג העלפט שוין גאָרנישט מער, מען דאַרף באַדויערן אַזאַ פריצייטיקן גאַזטויט, אָבער מאַסקירן זיך דאַרפן מיר נישט. ניין. נישט גאַז, נישט מאַסקע. — האָט ער פאַרענדיקט זיין דרשה.

די פאַרגאַנגענע נאַכט איז געווען אַ שטאָקפינצטערע, אַזאַ נאַכט איז זייער באַליבט, זאָגט מען מיר, ביי די אָנגרייפערישע באָמבאַרדירערס, ווייל דאַן האָבן זיי ווייניקער מורא, אַז דער אַנטי־עראָפּלאַנען־שוץ וועט זיי

באַמערקן. מיר זענען אַלע שוין געלעגן אויסגעצויגן אויף אונדזער׳ע נאַרעס און געכראַפּעט.

פּלוצלינג האָט אַ גרילציקער סירענע־פּייף אונדז אַרויסגעריסן פון שלאָף און דער אָפיצער האָט אונדז באַפוילן אין דריי מינוט צו שטיין גרייט אין פולער אויסשטאַטונג מיט דער ביקס אין האַנט און מיט דער גאַזמאַסקע אויפן פּנים.

אַזוי ווי דאָס איז געווען דער ערשטער אמתער אַלאַרם־סיגנאַל אין אונדזער זעלנערישער קאַריערע, האָבן די דריי מינוט, וואָס דער אָפיצער האָט געהאַט אונדז צוגעטיילט כדי זיך אָנצוטאָן, זיך אויסצושטעלן און גרייט זיין צום שיסן, נישט געקלעקט, און פון די דריי מינוט זענען געוואָרן זעקס, אפשר טאַקע צען, ביז מיר האָבן באַהערשט די פּאַניק, וואָס איז אויסגעבראָכן אין מיטן שלאָף.

דער אָפיצער האָט געשריגן מיר זאָלן זיך צואיילן, אויב מיר ווילן נישט פאַרסמט ווערן פון דעם גאַזאָנגריף און אויב מיר ווילן נישט פאַר־ברענט ווערן פון די באָמבעס.

צוגעקומען ביז צום סוף פון דעם דאָזיקן בריוו, כאַפּט זי איבער דעם אָטעם און נעמט זיך צום לייענען דניאלס קומענדיקן בריוו, פון דעם פיר און צוואַנציקסטן אָקטאָבער 1939.

אין דער פאַרגאַנגענער נאַכט בין איך געשטאַנען אויף דער וואַך הינטער די שטעכלדראָטן, וואָס טיילן פונאַנדער די פראַנצויזישע זייט פון דער דייטשער זייט פון פראָנט. ס׳האָט שטאַרק גערעגנט. אויסגעווייקט בין איך געוואָרן ביז צו די ביינער. אַ נאַכט אַ שרעקלעכע, נישט אומקערן זאָל זי זיך. נישטאָ ווו זיך אויסצובאַהאַלטן פון אַזאַ פליוך־רעגן. פון דעסטוועגן איז מיר דאָך געלונגען צו אַנטלויפן — אין געדאַנק — אויף אַ רגע, צו מיינע נאָענטע און ליבע, קודם כל צו דיר, מיין טייערע שושנה. שוין לאַנג, ווי איך האָב דיך נישט גערופן מיט דיין יידישן נאָמען: שושנה. דערנאָך איז מיר אויך געראָטן צו אַנטלויפן צו מיין קינדהייט.

פון מיין ביטערער קינדהייט האָב איך דיר שוין דערציילט כמעט אַלץ, וואָס מיר איז פאַרבליבן אין זכרון און וואָס איך טראָג אַרום מיט מיר ווו איך גיי און ווו איך שטיי. איך זאָג „כמעט אַלץ" און נישט „אַלץ", ווייל קיין מאָל דערציילט מען נישט אַלץ וועגן זיך — אַפילו נישט דעם בעסטן חבר, אַפילו נישט אַ הייס געליבטער פרוי. תמיד בלייבט עפּעס וואָס אַזוינס, וואָס לאָזט זיך נישט דערציילן...

ווי אַזוי מיר האָט זיך איינגעגעבן בייצוקומען די שוועריקייטן, וואָס יעדן אַנדערן וואָלטן זיי געשטערט צו פאַרענדיקן זיין שטודיום, קאָן איך עד היום נישט באַגרייפן. אין דער אמתן איז דאָס דער פאַרדינסט פון מיין מאַמען. אין איר זכות טאַקע בין איך געוואָרן דאָס, וואָס איך בין היינט.

אין איר זכות, דאָס הייסט, אַז נישט געקוקט אויף אונדזערע מאַטעריעלע באַדינגונגען, אין וועלכע איך וואָלט אַפילו אַ פאָלקס־שול אויך נישט געקאָנט פאַרענדיקן, נישט געקוקט אויך אויף דעם, וואָס מיין מאַמע, סיי לויט איר דערציִונג, סיי לויט אירע פאַרצייטיקע און קליינשטעטלדיקע השגות, האָט געדאַרפט מיך צורעדן איך זאָל זיך באַגנוגענען מיט אַ פּאָר קלאַסן, בין איך דאָך נישט געוואָרן אַרויסגעריסן פון דער שול.

מיין טאַטע האָט זיך בכלל נישט געמישט. ביז הירשקעס טויט האָט ער מיט דערציִונג פון זיינע קינדער זיך נישט אינטערעסירט.

הירשקע. יאָ, אויך וועגן אים איז מיר געלונגען אין דער פאַרגאַנגענער בייזער נאַכט צו טראַכטן, אָבער צום באַדויערן נישט צוצוטראַכטן עפּעס, וואָס וואָלט געקאָנט לייכטער מאַכן דאָס שטיין אויף דער וואַך אונטער דעם האַרבסטיקן און ווינטיקן רעגן. מיר איז פאַרגעקומען, ווי איך וואָלט זיך אין עפּעס וואָס געהאַט פאַרשולדיקט קעגן אים. אמת, איך האָב געזוכט אין מיין זכרון, אין וואָס מיין חטא איז באַשטאַנען און גאָרנישט געפונען.

20/11/39

איך האָב זיך עטלעכע טעג געקווענקלט, צי איך זאָל דיר דאָס יאָ אָדער נישט שרייבן. סוף־כל־סוף האָב איך באַשלאָסן יאָ, וואָרעם אַנישט, דוכט זיך מיר, וועל איך זיך פילן שולדיק לגבי דיר. איך קאָן נישט פאַר־טראָגן דעם געדאַנק, אַז איך באַהאַלט עפּעס אויס פאַר דיר. דערציילן דיר

אַליִן, ממש אַלצדינג, זיך אויסרעדן פֿאַר דיר דאָס האַרץ, איז פֿאַר מיר געוואָרן אַ באַדערפֿעניש.

טאַ הער זשע צו. אײן אַ ים געפֿינען זיך אַלערלייַ פֿיש, ווי דו ווייסט. ווייס זשע אויך, אַז אין אַ רעגימענט געפֿינען זיך אַלערלייַ זעלנער, די פֿאַרשידנסטע כאַראַקטערן, טעמפּעראַמענטן, און דעריבער טאָקע פֿירן זיך די פּראַנטקעמפֿער אונדזערע נישט אַזוי ווי עס דאַרף צו זייַן און נישט אַזוי ווי עס פֿאַדערט זיך אין אַ צייַט ווען דער שונא לויערט אויף אונדז פֿון אַלע זייַטן.

אָן אַ שטרענגער מיליטערישער דיסציפּלין קאָן טרעפֿן דאָס גרעסטע אומגליק. נישט אַלע ווילן אָדער זענען אין שטאַנד דאָס אייַנצוזען. נישט יעדער וויל האָרכן בלינד אַלע באַפֿעלן, וואָס ווערן געגעבן פֿון אויבן. איז טאָקע מיט צוויי טעג צוריק געשען, אַז אַ זעלנער האָט אָן אַ באַפֿעל באַשאָסן מיט זייַן מאַשינגעווער אַ פֿייַנטלעכן באָמבאַרדירער. די שטראָף, וואָס ער האָט באַקומען פֿאַר דעם דאָזיקן דיסציפּלין־ברוך, איז געווען זייער אַ האַרבע. איך קאָן דיר נישט שרייבן אין וואָס זי איז באַשטאַנען, פּשוט דערפֿאַר, ווייל מען האָט מיין דעה נישט געפֿרעגט...

צום גליק אָבער זענען פֿאַראַן נישט בלויז דיסציפּלינירטע פּאַרנט־קעמפֿער, נאָר אויך אַזעלכע, וואָס פֿאַרשטייען די קונסט פֿון זיך מאַכן באַליבט ביי אַלעמען בכלל און ביי יעדערן בפרט. איך, למשל, וווּנדער זיך נישט, ליבע שאַרלאָט, וואָס איך ציטיר זיך גופא ווי אַ ביישפּיל. אויב איך אַליין וועל זיך נישט דערמאָנען צום גוטן, ווער וועט זיך אומקוקן אויף מיר? און פֿון וואַנען וועסטו וויסן וואָס פֿאַר אַ טייערן חבר דו פֿאַרמאָגסט אויפֿן פּראָנט, אויב איך וועל דיר נישט דערציילן וועגן מיינע מעשים טובים?

טאַ הער זשע צו. איך האָב דאָ חברים, וואָס פֿאַרמאָגן יעדער בלויז איין העמד. ווען דאָס איינע העמד ווערט אַזוי שמוציק און בלאָטיק, אַז קיין אַנדערע עצה ווי עס אויסצוּוואַשן איז נישטאָ, גיב איך אים איינע פֿון מיינע ריינע העמדער און באַפֿעל אים, ווי איך וואָלט געווען אַן אונטעראָפֿיצער,

ער זאָל אָנטאָן דערוויַיל מיַין העמד און נאָך דעם וועט מען וויַיטער זען וואָס צו טאָן.

אויך די פּעקלעך עסנוואַרג, וואָס איך באַקום פון דיר און פון דער היים צוגעשיקט אַזוי אָפּט, אַז איך ווייס פּשוט נישט ווי זיך מיט זיין אַן עצה צו געבן, טייל איך מיט מיַינע חברה־לייט.

אַ דאַנק אָט די אַלע מעלות טובות מיַינע האָבן זיי מיר דאָ אַ נאָמען געגעבן „דער סלאַוו". זיי האָבן ערגעץ ווו געלייענט, אַז עס איז פאַראַן אַזוינס, וואָס מען רופט אָן „רוסישע ברייטע נשמה", מיינען זיי, אַז זי געפינט זיך דווקא אין מיַין זעלנערישן גוף. וויפל מי איך האָב זיך נישט געגעבן זיי צו איבערצייַיגן, אַז איך בין נישט קיין רוס, קיין סלאַוו, נאָר פּראָסט־פּשוט אַ ייד אָדער אַן איזראַעליט, ווי מען רופט אים אָפּט מאָל, האָט עס נישט געהאָלפן. זיי ווילן פון גאָרנישט נישט וויסן. איך בין אַ סלאַוו, טענהן זיי, און מיַין נשמה איז אַ רוסישע. הרגענען זיך מיט אַ רעגימענט סאָלדאַטן צוליב דעם, בין איך נישט מחויב. לאָז איך זיי וויַיטער זאָגן אויף מיר, אַז איך בין אַ סלאַוו.

אַ רוס, אַ סלאַוו... פאַראַן אַ פאָרשטעלונג ביי די פראַנצויזן, אַז יעדער רוס איז פעיִק אויסצוטאָן דאָס לעצטע העמד און שענקען עס יעדן איינעם. שאַרלאָט ווייסט, אַז די דאָזיקע פאָרשטעלונג נעמט זיך פון דער רוסישער קלאַסישער ליטעראַטור, וואָס איז צום גרעסטן טייל איבערגע־זעצט אויך אין פראַנצויזיש.

שאַרלאָט הייבט פּלוצלינג אָן זיך צו פילן מיד פון לייענען דניאלס בריוו — סיי זייערע שורות, סיי צווישן זייערע שורות. שאַרלאָט לעשט אויס דאָס ליכט. זי טראַכט יאָ און זי טראַכט נישט. זי ווייסט נישט ווי אָנצורופן דעם דאָזיקן האַלבוואַכן צושטאַנד אויפן סאַמע שוועל פון שלאָף, זי ווייסט אויך נישט, צי ס'איז כדאי צו זוכן און צו געפינען פאַר אים אַ נאָמען. בלייבט זי ליגן סתם אַזוי, אָן אַ ציל און כמעט ווי אָן אַ געדאַנק.

## קאַפּיטל 22

שעהען געדויערט דער יאָ־שלאָף־ און־נישט־שלאָף־צושטאַנד, שעהען פון נישט חלום און נישט וואָר, נאָר עפּעס אַזוינס, וואָס ליגט צווישן זיין און נישט זיין. אַ נעפּל, ווו אַלץ איז אויסגעמישט און אומבאַשטימט.

שאַרלאָט ווייסט נישט וואָס אין אירע געדאַנקען איז געשען און וואָס עס איז פאָרגעקומען אין דעם פינצטערן חלל אַרום איר. זי כאַפּט זיך אויף און איר ווילן ווייטער צו לייענען דניאלס בריוו ווערט אויפגעוועקט פון דאָס ניי. זי צינדט אָן דאָס ליכט.

פאַרענדיקט האָט זי, דערמאָנט זי זיך, צו לייענען דניאלס אַ בריוו פון דעם צוואַנציקסטן נאָוועמבער 1939.

זיין ווייטערדיקער בריוו איז פון דעם צווייטן דעצעמבער, אָבער נאָך דעם ווי זי נעמט אים אין האַנט אַריין, און איידער אַפילו נאָך זי באַווייזט איבערצולייענען די ערשטע צוויי שורות, ווייסט זי שוין, אַז ער פּאַסט זיך נישט אַריין אין דעם פּעקל בריוו. עס געפינט זיך נישט אין אים קיין וואָרט, קיין רמז פון פראָנט, פון מלחמה, ווי ער וואָלט צו איר געהאַט געשריבן פון יענער זייט ים, ווו אַלע לעבן אין פרידן און ווו אַלץ איז אין דער בעסטער אָרדענונג.

דער דאָזיקער בריוו, דוכט זיך איר, איז אַדרעסירט בלויז צו איר, קיין זייטיקער פון דרויסן ווערט אין אים נישט אַריינגעמישט. אַ בריוו איז דאָס פול מיט ליבע, מיט האָפענונג, מיט צוקונפט, קאָן מען אַפילו זאָגן. טייער איז איר דער דאָזיקער בריוו, טייערער נאָך ווי די איבעריקע, און טאָקע דערפאַר וויל זי אים נישט אָנטרויען אַפילו דער שטילקייט, וואָס רינגלט זי אַרום.

דער בריוו פון דעם עלפטן דעצעמבער איז אייגנטלעך אויך נישט אין גאַנצן אַ „מלחמהדיקער", אַזוי צו זאָגן, וואָרעם אין דער אמתן האָט דער אויסטערלישער שטילשטאַנד אויפן פראָנט זיך נאָך נישט אַ ריר געטאָן פון אָרט. טאָלסטאָי, באַמערקט דניאל, וואָס האָט געשריבן זיין „מלחמה און שלום", וואָלט איצט אפשר זיך פאַרמאָסטן צו שרייבן אַ בוך מיטן טיטל: „נישט שלום, נישט מלחמה".

ביז וואָס־ווען גיט אָבער אונדז דער היינטיקער נישט־שלום־און־נישט־מלחמה־צושטאַנד אַ געלעגנהייט צו מאַכן באַקאַנטשאַפטן. ס׳וואָלט נישט געווען קיין קרומע זאַך פון צייט צו צייט אויסצומישן מענטשן פון אַלע עקן לאַנד און זיי צוזאַמענצוברענגען אויף איין אָרט, אין איין לאַגער, אויף איין פעלד, אַלע אָנגעטאָן אין די זעלבע מלבושים, אַלע זאָלן עסן פון איין קעסל און אַלע זאָלן לעבן אין די זעלביקע באַדינגונגען. גוט וואָלט געווען, ווען זיי וואָלטן געקאָנט צונויפקומען זיך, נישט כדי צו פירן מלחמה, נאָר כדי צו פירן פרידלעכע, געלאַסענע שמועסן אויף טעמעס, וואָס מאַכן רייכער דעם געדאַנק און גרעסער די פריינדשאַפט פון מענטש צו מענטש.

וואָרעם וואָלטן די מענטשן זיך געקענט, וואָלטן זיי אַוודאי זיך ליבער געהאַט. אַ סך מיספאַרשטייענישן וואָלטן פאַרשווונדן. און אפשר פאַרקערט? אפשר איז גלייכער, אַז זיי ווייסן נישט איינער פון צווייטן, אפשר איז בעסער, זיי זאָלן זיך האַלטן ווייט איינער פונעם צווייטן און איינער זאָל נישט קאָנען אַריינקוקן אין דעם אַנדערנס טעפּל?

אין מלחמה־צייט איז אפשר אַנדערש. אין מלחמה־צייט ווערט פאַר אַלעמען געקאָכט אין איין קעסל און דער גורל איז פאַר אַלעמען אַ גלייכער... נישט דערפאַר ווייל יענער איז אָרעם און עלנט, ווערט ער געטראָפן דורך אַ קויל, און אויך נישט דערפאַר ווייל דער איז רייך און עס פעלט אים גאָרנישט, זוכט אים די קויל, כדי אים צו פאַרטיליקן, ניין, נישט דער ערשטער, נישט דער צווייטער ווייסן פאַר וואָס זיי ווערן דערהרגעט. אַלץ איז אַ צופאַל. נישטאָ נישט גערעכטיקייט, נישט אומגערעכטיקייט. דער טויט איז פונקט אַזוי אַבסורד ווי דאָס לעבן...

זיי מיר מוחל, מיין טייערע שאַרלאָט, וואָס איך בין פּלוצלינג און לחלוטין אָן שום סיבה אַריינגעפאַלן אין פּעסימיזם. איך בין זיכער אומגערעכט ווען איך זאָג, אַז דאָס לעבן איז אַן אַבסורד. וואָלט דאָס טאַקע געווען אַזוי, וואָלט מיין האַרץ איצט נישט אַזוי שטאַרק געצויגן צו דיר.

ביי די דאָזיקע ווערטער גליטשט זיך דניאלס בריוו אַרויס פון איר האַנט. מען קאָן נישט לייענען און חלומען אויף דער וואָר אין דער זעלבער מינוט.

שאַרלאָט חלומט פון דניאלן און פון דער וויטער, ברייטער, נאַטור, דער געבענטשטער מיט זון, ים, נאַכט, מיט כלערליי ביימער, פלאַנצן און בלומען. ביז ערב דער מלחמה האָט זי דאָרט פאַרבראַכט מיט דניאלן. ווער איז צו זיי ביידן דעמאָלט געווען גלייך? אַלץ איז געווען רויִק, שטיל, פרידלעך... אויך איצט, אין דניאלס סטודיאָ־צימערל, אין מיטן דער נאַכט, איז רויִק, שטיל און פרידלעך.

אַ פראָסט איז אויפן פראָנט, שרייבט דניאל, אַ פראָסט איז, טראַכט שאַרלאָט, אין גאַנץ פראַנקרייך. ווען נישט דאָס עלעקטרישע אייוועלע, וואָלט דאָ אויך געווען קאַלט.

וויטער שרייבט דניאל פון אַלטע פּאָזיציעס און פון נייע פּאָזיציעס, פון קאַזעמאַטן, וואָס ווערן כסדר פאַרפעסטיקט און פון גרויסע געווער־רעזערוון, וואָס געפינען זיך אין די קאַזעמאַטן. דאָס אָרט ווערט, פאַר־שטייט זיך, נישט אָנגעגעבן. „ערגעץ ווו אין פראַנקרייך" איז די געוויינ־לעכע פאָרמול פאַר יעדן אָרט, וואָס זיין נאָמען טאָר מען צוליב מיליטערישע סיבות נישט אָנגעבן.

אין דעם דאָזיקן בריוו שרייבט דניאל אויך וועגן דעם לעצטן נייעאָר־אָוונט, וואָס די פראָנטקעמפער האָבן איינגעאָרדנט אונטערן טיטל „אַ לאַ גער קאָם אַ לאַ גער" (אין דער מלחמה ווי אין אַ מלחמה). אַן אויסער־געוויינטלעכער ספּעקטאַקל איז דאָס געווען — שרייבט דניאל.

און וואָס האָט זי געטאָן אין דער נייעאָר־נאַכט? זי איז יאָ ערגעץ אַרויסגעגאַנגען; זי האָט הינטער די בלוי־באַמאָלטע שויבן פון אַ רעסטאָראַן אויף בולוואַר מאָנפּאַרנאַס אויסגעטרונקען צוויי אָדער דריי גלעזער שאַמ־פּאַניער. זי האָט זיך אויך באַטייליקט אין דעם טראַדיציאָנעלן טומל־אויס־ברוך צוועלף אַ זייגער, ווען דאָס אַלטע יאָר ווערט פאַרשיקט אין דער פאַרגאַנגענהייט און דאָס נייע יאָר שטעלט זיך פאַר די שאַמפּאַניער־טרינקער פאַר מיט אַ האַלב שיכור שמייכעלע.

טראַכט שאַרלאָט וועגן דעם פאַרגאַנגענעם יאָר און זי פּרוּווט עפּעס וואָס צוטראַכטן אויף פאַר דעם נייעם יאָר, אָבער עס קומט גאָרנישט נישט אַרויס. ביסלעכווייז, ביסלעכווייז גליטשט זי זיך אַריין אין שלאָף.

## קאַפּיטל 23

שאַרלאָט האָט צאַנווייטיק. אַ צאָן האָט איר אָנגעהויבן צו שטעכן מיט אַזאַ דינעם ווייטיק, אַז זי האָט פּשוט נישט געוווּסט ווו זיך אַהינצוטאָן. ווי דאָס רוב מענטשן, איז אויך שאַרלאָט געווען גרייט צו נעמען אויף זיך כּלערליי מינים ווייטיקן, אַבי נישט צו דאַרפן גיין צום דענטיסט.

איר צאַנווייטיק האָט זיך אָבער געשטאַרקט און זי האָט סוף־כּל־סוף געמוזט לויפן צום דענטיסט, נישט האָבנדיק פריִער זיך אָפּגערעדט טעלע־פאָניש מיט אים. זי האָט קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט, ווי צו וואַרטן אויף איר ריי. פון נעמען אַן אילוסטרירטע צייטשריפט אין דער האַנט כּדי „צו פאַררעדן״ אויף אַט דעם אופן אירע ציין, ווי מען דריקט זיך אויס, האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין.

גאָר אומגעריכטערהייט האָט זיך איר איינגעגעבן, זי ווייסט אַליין נישט ווי אַזוי, צו סובלימירן איר צאַנווייטיק און אים אַריינפירן אין רשות הרבים אַריין. זי האָט איינגעפונען, אַז אַלע ליידן איצט פון אַ מין צאַנווייטיק, בפירוש אַלע, סיי די וואָס געפינען זיך אויפן פראָנט, און סיי די, וואָס זענען, פונקט ווי זי, פאַרבליבן אין הינטערלאַנד, אַלע זיצן איצט אין אַ מין וואַרטזאַל, צווישן צאַנווייטיק און דענטיסט, און וואַרטן...

זיצט זי אין ווינקל וואַרטזאַל, אין שאָטן פון דיקע ברוינע פּליושענע פאָרהאַנגען, און עס גיט זיך איר איין מיט אָפענע אויגן אַ חלום צו טאָן. געוויס איז דאָס נישט קיין ריכטיקער חלום, אַזאַ חלום, וואָס העלפט דעם בעל החלומות זיך באַפרייען אי פון צייט, אי פון רוים. ניין, שאַרלאָט רעדט זיך נישט איין, אַז עס חלומט זיך איר עפּעס אַ ווירקלעכקייט, ווייט פון דעם דאָזיקן וואַרטזאַל און פון די דענטיסטישע הענט, אין וועלכע זי וועט באַלד אַריינפאַלן, זי ווייסט גאַנץ גוט צו וואָס זי איז אַהערגעקומען און וואָס עס דערוואַרט איר. אָבער אַ קליינע מעגלעכקייט האָט זי פאָרט געפונען צו זען, ווי דורך אַ נעפּל, איר דניאל.

האָט דאָך די אמתע, די צווייטע וועלט־מלחמה, אין דער אמתן זיך נאָך נישט אָנגעהויבן. אַלע וואַרטן מיט שפּאַנונג אויף עפּעס אַזוינס, וואָס

מען ווייסט נאָך נישט וואָס פאַר אַ פּנים עס האָט. דערווייל איז נאָך די מלחמה אַ קאָמישע מלחמה. די סאָלדאַטן אויף ביידע זייטן פון דער מאַזשינאָ־לינע ליגן און קוקן זיך אָן, ווי הינטלעך פון פאַרצעלאָן. מען קאָן נישט זאָגן, אַז עס ווערט גאָרנישט געשאָסן און אַז עס פאַלן נישט קיין מענטשן, אָבער ווערליק אַ היינטוועלטיקע מלחמה, וואָס צו איר רשות שטייען אַזוי פיל מאָדערנע פאַרניכטונג־מכשירים, איז זי טאַקע גאָרנישט מיט נישט. אויף יעדן פאַל, מיט דער מלחמה אויף דער זעלביקער פראַנצויזיש־דייטשער גרענעץ, אויף דעם זעלביקן פראָנט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט זעקס און צוואַנציק יאָר צוריק און געדויערט פיר יאָר, קאָן די היינטיקע מלחמה זיך נישט פאַרגלייכן, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אין דער צווישנצייט האָט די מאָרד־וויסנשאַפט אַזוי שטאַרק פּראָגרעסירט..

שאַרלאָטס געדאַנקען שטעלן זיך אָפּ אויף אַ רגע ווי זיי וואָלטן געזוכט עמעצן, וואָס זאָל זיי ווידער אַרויספירן אויפן גראַדן וועג. קיינער אָבער באַווייזט זיך נישט. נעמען זיי ווידער זיך באַוועגן פאַמעלעך, שטילערהייט. אין אַ וואַרטזאַל פון אַ דענטיסט דאַרף מען זיך פאַרהאַלטן רויִק. אַלעמענס נערוון זענען אָנגעשטרענגט, אַלע האָבן מורא פאַר זייער אייגענעם ווייטיק. אין דער רגע מאַכט זיך אויף די טיר פונעם וואַרטזאַל, און איידער נאָך זי באַווייזט צו דערטראַכטן איר געדאַנק ביז צום סוף, ווערט אַ פּאַציענט פאַרבעטן צום דענטיסט אין קאַבינעט.

פאַרבליבן אין וואַרטזאַל זענען נאָך זעקס פּערזאָן, פיר מענער און צוויי פרויען. זי האָט זיי איבערגעציילט. זעקס מענטשן, נישט מער און נישט ווייניקער. עס קומט איר פאָר, אַז זי וועט דאָ שוין בלייבן וואַרטן ביז מאָרגן, ביז איבער מאָרגן...

אדרבא, זאָל איבערהויפּט נישט קומען צו אַ שיסעריי. עס מאַכט נישט אויס, זאָלן די גענעראַלן זיך שעמען, וואָס עס געלינגט זיי נישט אָנצוצינדן אַ גרויסע שריפה, אַבי גאָר קיינער זאָל נישט געהרגעט ווערן.

פּלוצלינג פאַלט איר איין, אַז די מלחמה איז אפשר גאָרנישט אַזוי קאָמיש, ווי מען רעדט זיך איין. אין דעם לעצטן בריוו דניאלס, דערמאָנט זי זיך, האָט זי געלייענט, אַז פון צייט צו צייט קומט יאָ פאָר אַ שיסעריי. צווישן

אײַן שיסערײַ און דער צװײטער געפֿינען זיך דניאל און אַלע זײַנע חברים כּאַלדאַטן, װאָס געהערן צו דער „זשעני״־אָפּטײלונג, דאָס הײסט צו דער אָפּטײלונג, װאָס פֿאַרנעמט זיך מיט בױען קאַזעמאַטן, בריקן און לײגן מינעס, אױך אין אַ שטענדיקער טױטגעפֿאַר. װערן זײ דאָך באַצײכנט װי די, װאָס מען האָט לכתחילה „מקריב״ געװען, כּדי צו פֿאַלן װי „העלדן״ אױפֿן שלאַכט־פֿעלד. זײ דאַרפֿן נישט װאַרטן, װי די אַנדערע זעלנער, אױף אַ האָגל פֿון קױלן, אָדער אױף אַ באָמבע, װאָס פֿאַלט פֿון הימל. זײ קאָנען זיך דערדינען דעם טױט בײַם לײגן אַ מינע, אָדער בײַם אָפּרײַניקן אַ פֿעלד פֿון פֿײַנטלעכע אָדער אַפֿילו פֿון פֿראַנצױזישע מינעס. זײ געפֿינען זיך אױפֿן ערשטן פֿײַער שטענדיק און אומעטום.

װידער עפֿנט זיך די טיר פֿון קאַבינעט, און װידער רײַסן זיך איבער אירע געדאַנקען, איצט אָבער זאָרגט זי זיך נישט מער איבער דעם דאָזיקן ריס. זי קאָן זיך איצט שױן באַגײן אָן אירע געדאַנקען. זאָלן זײ זי פֿאַרלאָזן, זאָלן זײ גײן װוּהין זײ װילן, זי װעט אױסקומען אָן זײ...

מאָרגן, ביז איצט האָט זי זיך דערמאָנט יעדן פּרט, שיר נישט איטלעך װאָרט פֿון דניאלס לעצטן בריװ, און דער עיקר האָט זי פֿאַרגעסן: ער האָט איר געשריבן, אַז ער האָפֿט צו קומען די טעג אױף אורלױב אין פּאַריז. אײנער פֿון די לעצטע איז ער, װאָס האָבן ביז איצט זײער אורלױב נאָך נישט געהאַט.

עס קאָן דאָך זײַן, אַז מאָרגן שױן װעט ער קומען צו פֿאָרן. זײער מעגלעך, אַז שױן הײַנט איז ער געקומען, און זי זיצט דאָ און װאַרט אױף איר רײ צום דענטיסט.

אױב ער איז שױן געקומען, זיצט ער איצט אין זײַן סטודיאָ־צימער אױף רי דע בעלװיל. ער האָט אײַנגעהײצט דעם גאַזאױװן. אין דעם רױטן פֿאָטעל זיצט ער און װאַרט אױף איר.

זאָל זי נאָר פֿרײַ װערן פֿון די דענטיסטישע הענט, װעט זי לױפֿן, צו ערשט אױף רי דע בעלװיל, דערנאָך צו זײ אַהײם. צו זײַנע שװעסטער האָט ער צײַט צו גײן מאָרגן, איבער מאָרגן. זי, שאַרלאָט, איז בילכער פֿאַר זײ, זי שטײט אױפֿן ערשטן פּלאַן. פֿאַר װאָס? װײַל זי איז זײַן פֿרױ? יאָ,

פאַר וואָס האָט זי כסדר אָפּגעלייגט דאָס חתונה האָבן מיט אים? זאָל ער נאָר האָבן אַ געגוג לאַנגן אורלויב, וועט זי אים בעטן ער זאָל זיך מיט איר לעגאַל פאַרבינדן אין דער „מערי״. אַ גוטער תירוץ וועט דאָס זיין פאַרביידן נישט צו דאַרפן פראַווען אַ רעליגיעזע צערעמאָניע, נישט צו דאַרפן שטעלן קיין חופּה...

וואָס אָבער אַזוינס וועט זי דאָ דערביי געווינען? וואָס אַרט איר, אַז מען וועט יאָ שטעלן אַ חופּה, אַז דער זיידע אירער וועט זיך נישט אָפּעסן דאָס האַרץ, און אַז איר טאַטע־מאַמע אַפילו וועלן זיין צופרידן דערמיט?...

ניין, ס׳איז אויסגעשלאָסן, אַז ער זאָל האָבן געקומען היינט. הלוואַי קומט ער מאָרגן, איבער מאָרגן, וועט זי שוין אויך זיין צופרידן. מען דאַרף נישט פאַרלאַנגען דאָס אוממעגלעכע...

וואָס איז אוממעגלעך? ווי אַזוי איז דאָס אוממעגלעך? וואָלט דאָס געווען אוממעגלעך וואָלט ער דאָך איר נישט געהאַט געשריבן, זי זאָל וואַרטן אויף אים אין די נאָענטסטע טעג. „אין די נאָענטסטע טעג״ — האָט ער געשריבן. קיין גענויע דאַטע האָט ער נישט אָנגעגעבן. מסתמא האָט ער אַליין נאָך נישט געוווּסט. אָבער אַז ער וועט קומען אויף אורלויב, דאָס איז זיכער, אויב נישט היינט, איז מאָרגן.

די טיר פון קאַבינעט עפנט זיך און רייסט זי ווידער אַרויס פון אירע געדאַנקען. זי איז די לעצטע.

## קאַפּיטל 24

דניאל איז געקומען אויף אורלויב, אָבער נישט דעם טאָג ווען זי איז געזעסן אין דעם דענטיסטישן וואַרטזאַל און אויך נישט דעם אַנדערן טאָג, נאָר דווקא איבער מאָרגן, ווען זי האָט אָנגעהויבן צו טראַכטן, אַז אויך דאָס מאָל וועט זיין אורלויב נישט צו שטאַנד קומען...

מיטוואָך נאָך מיטאָג איז ער געקומען. אַ גאַנץ שטאַרק פּרעסטל איז דעם טאָג געווען, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס מען האָט שוין געהאַלטן

אין מיטן מאַרץ, אַ חודש ווען מען ריכט זיך געוויינטלעך אין פּאַריז אויפן ערשטן אָטעם פונעם פרילינג.

דאָס יאָר איז דער ווינטער אין פראַנקרייך געווען זייער אַ קאַלטער און זייער אַ לאַנגער.

— אויך מיר אַ פראָסט! — וויצלט זיך דניאל — דאָס איז דאָך אַן אמתער זומער־וועטער! האָסט געזאָלט זען וואָס עס טוט זיך ביי אונדז „ערגעץ ווו אין פראַנקרייך" אויפן וועטערפראָנט. פינף און צוואַנציק גראַד קעלט איז לעצטנס ביי אונדז געווען די דורכשניטלעכע טעגלעכע פאַרציע. געווען פאַלן פון אָפּגעפרוירענע הענט און פיס. מען האָט אַזוינס שוין לאַנג אין פראַנקרייך נישט געזען. אָט פאַר וואָס די סאָלדאַטן אויפן פראָנט זענען אין כעס.

— פאַר וואָס?

— זיי טענהן, האַלב אין שפּאַס, פאַרשטייט זיך, אַז דאָס וועטער האָט זיך אָנגעזעצט אויף זיי גראָד דאָס יאָר, אין מלחמה־צייט; עמעצער האָט אָנגעשיקט אַ פראָסט, כדי צו דערגיין די יאָרן.

— און דו, דאַני, ווי אַזוי טראָגסטו אַריבער דעם פראָסט?

— איך? איך בין פאַרהאַרטעוועט. איך בין געבוירן געוואָרן אין פוילן... פוילן... טראַכט איך איצט פון פוילן, גייט מיר אַדורך אַ סקרוך איבערן לייב... וואָס אַ טאָג ווערט דאָרט אַלץ ערגער. הונגער, קעלט, מגיפות... ווער ווייסט וויפל יידן ווען אומקומען דורך מיתות משונות. און ביי אונדז? וואָס ווייסן דען די צייטונגען וואָס עס טוט זיך אויפן פראָנט? און אפשר ווייסן זיי יאָ, אָבער די צענזור פאַרווערט זיי צו פאַר־עפנטלעכן דאָס אַלץ, וואָס עס קומט נישט פאַר, ווייל... קיין גרויסן חשק צו פירן די מלחמה קעגן דייטשלאַנד האָבן נישט די העכערע אָפיצערן.

— אָבער דאַני ליבינקער — בעט זי זיך ביי אים — ביסט דאָך געקומען מיט דריי שעה צוריק! מיר וועלן נאָך האָבן גענוג צייט זיך צו פאַרנעמען מיט פּאָליטיק... רו זיך קודם אַ ביסעלע אָפּ. און איך האָב דיר דאָך אַזוי פיל צו זאָגן, אַז איך ווייס פשוט נישט פון וואָס פריער אָנצוהייבן.

זיבן טעג אורלויב האָט דניאל באַקומען. ווערליק מלחמה־צייט, איז דאָס

זייער אַ סך. אפשר האָט מען אים געגעבן זיבן טעג, ווייל דאָס איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס ער קריגט אורלויב, בעת די איבעריקע פראָנט־סאָלדאַטן זענען שוין געפאָרן צוויי, און אַנדערע אַפילו דריי מאָל, אויף אורלויב. קאָן אויך זיין, אַז מען ריכט זיך אויף אַן אמתער מלחמה אין אַ וואָך — צוויי אַרום. דאַן וועט מער שוין נישט קאָנען זיין קיין רייד פון אורלויב. יידן, וואָס האָבן געדינט אין פראַנקרייך בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, מיינען, אַז די לעצטע השערה לייגט זיך אויפן שכל.

די יעניקע, וואָס האַלטן זיך ביי דער דאָזיקער מיינונג, קאָן מען געפינען אין די בעלווילער בלוי־פּאַרטונקלטע קאַפעס. זיי האָבן, ווייזט אויס, נישט געפונען קיין חן אין די אויגן פון דער מיליטערישער רעקרוטירונג־קאָמיסיע, האָט מען זיי געשיקט צוריק אַהיים.

וואָס זשע טוט מען אין דער היים אין די לאַנגע ווינטער־אָוונטן? מען גייט אין קאַפע אַריין קאָמענטירן די פראָנט־געשעענישן, און אַז קיין נייע געשעענישן אין דער אַזוי גערופענער „קאָמישער מלחמה" זענען נישטאָ, באַגנוגענען זיי זיך מיט דערציילן נסים ונפלאות פון יענער מלחמה, פון דער אמתער, פון דער גרויסער מלחמה 1914 — 1918, ווען יעדן טאָג, אַפילו אין אַ געוויינלעכן מיטוואָך אָן אַן אָפענסיווע, פלעגן אויך פאַלן הונדערטער סאָלדאַטן פוןביידע זייטן פראָנט.

נעכטן, מיטוואָך, איז דניאל געקומען אויף אורלויב, און גלייך פון וואָקזאַל האָט ער אָנגעקלונגען צו שאַרלאָט אין שפּיטאָל. היות ווי זי האָט געקאָנט זיך באַפרייען פון איר אַרבעט ערשט אין אַ דריי שעה אַרום, איז ער דערווייל געגאַנגען צו זיין טאַטע־מאַמע, אַהין איז שושנה געקומען אים באַגעגענען. דעם זעלביקן אָוונט נאָך זענען זיי ביידע געפאָרן אָפּשטאַטן אַ וויזיט דער פאַמיליע פאָפּאָווסקי.

גראָד איז דעם אָוונט בעלאַ בוימאַן געוועזן צו גאַסט ביי איר קוזינע רייזעלע. בעלאַ האָט דערציילט, אַז איר מאַן, דער געוועזענער אוניווערסיטעט־פּראָפעסאָר פון אור־געראַנישער געשיכטע, וועט די טעג ווערן באַפרייט פונעם לאַגער, ווו ער איז אינטערנירט געוואָרן אָנהייב מלחמה.

איידער האַנס בוימאַן איז אינטערנירט געוואָרן, האָט ער די דאָזיקע

„מיספאַרשטייעניש”, ווי ער האָט אָנגערופן די אינטערנירונג־גזירה, כאַראַק־טעריזירט טאַקע דורך זיין אימפּראָוויזירטן וויץ:

— דאָס דעמאָקראַטישע פראַנקרייך איז אַזוי ווייט, אַזוי טיף דעמאָ־קראַטיש, אַז זי מאַכט שוין נישט מער קיין חילוק צווישן פּאַטענטירטע נאַציס־שפּיאָנען און זייערע פאַרביטערטסטע קרבנות און שונאים, די יידישע פּליטים. זי האַלט זיך מסתמא ביי דעם כלל: קיין שום דיסקרימינאַציעס, קיין שום אומגלייכהייט צווישן תלינים און זייערע קרבנות.

יעדעס מאָל ווען איןביידע פאַמיליעס, ביי גראָסמאַן און ביי שטיין, קומט צו רייד וועגן אים, באַווייזט זיך אויף אַלעמענס ליפּן אַ ברייטער שמייכל. מען דערמאָנט זיך אין דעם אָקערשט דערמאָנטן ווערטל.

ביי די פּאָפּאָווסקיס האָט מען איצט איבערגעחזרט בוימאַנס ווערטל און דניאל האָט איצט צו דעם מוסיף געווען: אויב ער וועט באַפרייט ווערן פונעם אינטערנירונג־לאַגער, וועט דאָס נישט זיין אַ סימן, אַז פראַנקרייך איז אַראָפּ פון איר דעמאָקראַטישער ליניע, אויב זיינע מיט־אינטערנירטע, די אמתע מיטגלידער פון דער פינפטער קאָלאָנע, וועלן נישט באַפרייט ווערן אין איינעם מיט אים?

— סיידן — רופט זיך אָן שאַרלאָט — סיידן אויך די אַנדערע וועלן באַפרייט ווערן. דער דעמאָקראַטישער רעזשים פון פראַנקרייך וועט דאַן בלייבן טריי זיך אַליין.

און דאָס קאָן אויך פאַררעכנט ווערן, ווי איינער פון די אַספּעקטן פון דער „קאָמישער מלחמה” ערגעץ ווו אין פראַנקרייך.

דער קומענדיקער פרייטיק־צו־נאַכטס וואָלט אין מער ווי איין פּרט געקאָנט פאַרגליכן ווערן צו אַ סדר־נאַכט. בלויז צו אַ סדר־נאַכט פלעגט פאַר דער מלחמה די גרויסע העלפט פון ר' פּנחסעס משפּחה זיך צונויפ־קלייבן ביים לאַנגן און ברייטן טיש. אָבער דער דאָזיקער גאַנץ אויסער־געוויינלעכער פרייטיק־צו־נאַכטס איז אויסגעפאַלן דעם זיבעטן אדר, ד"ה אַ וואָך פאַר פּורים.

עס וועט זיין נישט ריכטיק אויב מען וועט מיינען, אַז אַ האַלבע משפּחה

שטײן האָט אין דעם דאָזיקן פּראַקטיק אָװנט מסכּים געװען צו קומען צום אַלטן טאַטן אויף קידוש בלויז דערפֿאַר, װײַל אויך דניאל גראָסמאַן, שאַרלאָטס חתן, װעט דאָרט זײַן.

דער צופֿאַל האָט געװאָלט, אַז ר׳ פּנחסעס זון, זשאַק, און אײנער פֿון ר׳ פּנחסעס אײניקלעך, זאָלן דעם דאָזיקן פֿרײַטיק אויך זיך געפֿינען אין פּאַריז, און צוליב זײ, דער עיקר, איז ר׳ פּנחסעס משפּחה פֿאַרבעטן געװאָרן צו אַ פֿרײַטיק־צו־נאַכטס, װאָס האָט אויסגעזען װי אַ סדר־נאַכט.

אַ האַלבע פֿאַמיליע שטײן איז געקומען, אָבער פֿון דער פֿאַמיליע גראָסמאַן איז בלויז אײן דניאל געזעסן בײַם פֿרײַטיק־צו־נאַכטס־טיש. שבת האָט יעדע משפּחה איר אײגענעם שבת־טיש. יעדע משפּחה מאַכט שבת פֿאַר זיך, װי מען דריקט זיך אויס, און אויב שױן יאָ אַ װיזיט, קומט אײנער צום צװײטן צו פֿוס, פֿאַרשטײט זיך, נאָכן עסן און נאָכן בענטשן.

יאָסל גראָסמאַן װאָלט אַפֿילו נישט אַ פּינטל געטאָן מיטן אויג װען אים װאָלט אויסגעקומען צו נעמען די מעטראָ פֿרײַטיק־צו־נאַכטס, בפֿרט נאָך, אַז דער פֿראַנצויזישער ראַבינאַט, װי מען זאָגט, האָט דערלויבט צו פֿאָרן מיט דער מעטראָ און מיטן אויטאָבוס שבת דירעקט אין שול אַרײַן — אָבער ער האָט עס נישט געטאָן צוליב עטלעכע סיבות. ערשטנס, װײַל ער האָט יוכּבדן נישט געװאָלט אָנטאָן דעם צער און זי איבערלאָזן אַלײן. צװײטנס, האָט אים נישט געפּאַסט פֿאַר ר׳ פּנחסן. ער, יאָסל, װאָס אַלע רעכענען זיך איצט אַזױ מיט אים און מיט זײַנע מײנונגען, זאָל װי אַן אָרעמער אורח גײן צו יענעם אויף קידוש, אויף פֿיש און פֿלײש, אין דער צײַט װען ער האָט אַן אײגענע שטוב, אַן אײגענעם טיש?

ס׳האָט אים נישט װײניק פֿאַרדראָסן װען דניאל האָט אים געזאָגט, אַז אויף דעם פֿרײַטיק־צו־נאַכטס איז ער פֿאַרבעטן צו ר׳ פּנחסן. יאָסל האָט נישט געמאַכט זײַן זון קײן פֿאָרװורף, אָבער אין האַרצן האָט אים גענוג געגרײזשעט פֿאַר װאָס דניאל, װאָס איז געקומען פֿון פֿראָנט אויף עטלעכע געצײלטע טעג, טוט אים אָן אַזאַ חרפּה. מילא אים, האָט ער זיך געטראַכט, װי אים, אָבער זײַן מאַמען, װאָס האַלט אין אײן װײנען, אין אײן ציטערן איבער אים, פֿאַר װאָס האָט דניאל זי פֿאַרשעמט און געגאַנגען עסן בײַ יענעם, בײַ זײַן קינפֿטיקן שװער דעם יחסן? פֿון דעסטװעגן האָט יאָסל

גאָרנישט נישט געזאָגט זיין זון, ער האָט זיך געמאַכט, גלייך ווי ער וואָלט נישט דערהערט.

אמת, פאַר דער מלחמה, זינט ער איז געגאַנגען וווינען פאַר זיך, פלעגט זייער זעלטן טרעפן, אַז דניאל זאָל קומען צו זיינע עלטערן אויף שבת. נישט ווייל ער איז, חלילה, אַ שלעכטער זון, נאָר ווייל ער איז נישט קיין פרומער. אָבער דאָס אַלץ איז געווען פאַר דער מלחמה, ווען די וועלט האָט זיך דערוויטערט פון רעליגיע, אָבער היינט־צו־טאָג, ווען זיין מאַמע הערט נישט אויף צו וויינען און צו קלאָגן, איז דאָס נישט קיין באַנעמען זיך פון אַ יידישן זון.

נאָך אַלעמען איז דאָס נישט קיין טראַגעדיע. פאַר וואָס, צוריק גע־שמועסט, זאָל ער נישט נאָכגעבן שושנהן, און איר נישט אָנטאָן דעם תענוג פון גיין צו איר אַלטיטשקן זיידן אויף פרייטיק־צו־נאַכטס?

און דניאל האָט זיך נישט געכאַפּט דעם גאַנצן אָוונט, אַז ער האָט נישט פיין געהאַנדלט נישט לגבי זיין טאַטע־מאַמען, נישט לגבי בעלאַן, וואָס זינט איר מאַן איז אינטערנירט געוואָרן, פאַרברענגט זי אַלע שבת ביי די עלטערנס שבתדיקן טיש.

מען האָט געשטעלט זיין שטול לעבן שושנהס שטול — אַ צייכן, אַז סיי ר׳ פּנחס און זיין דריטע פרוי און סיי זיינע קינדער און אייניקלעך האַלטן דניאלן, ווי איינעם, וואָס איז אַריינגעפלאַנצט געוואָרן אין דער דאָזיקער פאַרצווייגטער משפחה.

זיבן טעג אורלויב האָט דניאל געהאַט באַקומען. ווי אַ שאָטן האָבן זיי זיך פאַרבייגעשאַרט, ווי אַ חלום זענען זיי פאַרפלויגן. ביי טאָג איז שושנה געווען פאַרנומען אין שפּיטאָל און די אָוונטן זענען געווען צו קורץ, מען זאָל זיי קאָנען אויסנוצן אויף באַזוכן אין טעאַטער, אין קינאָ, ביי חברים און גוטע־פריינד, שוין אָפּגערעדט, פון די אייגענע, פון די גאָר נאָענטע קרובים, וואָס האָבן מער ווי אַלע אַנדערע געהאַט אַ רעכט דערויף.

צו קורץ זענען זיי געווען, די זעקס אָוונטן פון דניאלס אורלויב. דעם זיבעטן אָוונט האָט ער שוין געזאָלט זיין צוריק אויפן פראָנט.

זיי זענען געלאָפן אין די אונטן, פון איינעם צום אַנדערן, און אין די נעכט האָבן זיי געהאַט איינער דעם צווייטן אַזוי פיל וואָס צו זאָגן.

איז אַוועק איין נאַכט, אַ צווייטע... זיי מאַכן צו די אויגן. עס דוכט זיך זיי, אַז זיי וועלן אַזוי אַרום קאָנען איינהאַלטן די שעהען, די מינוטן און עס כאַפּט זיי אָן אַ רחמנות אויף דער צייט, אויף זיך גופא, ביז זיי שלאָפן איין מיט אַ טרויעריקן שמייכל אויף די ליפּן.

אַזוי האָבן אויסגעזען דניאלס זיבן אורלויב־טעג און זעקס אורלויב־נעכט. גליקלעכע און צו גלייכער צייט פאַרצווייפלטע טעג און נעכט זענען דאָס געווען.

— וואָס קאָן מען טאָן? — האָט דניאל אַ מורמל געטאָן ביים געזעגענען זיך מיט שאַרלאָט. אַזוי זעט אויס די מלחמה! לאָמיר האָפן, אַז קיין ערגערס וועט נישט געשען, אַז די מלחמה וועט זיך גאָר אין גיכן ענדיקן.

— לאָמיר האָפן, דניאל!

## קאַפּיטל 25

אויף די „קאָמישע" מלחמה האָט פּלוצלינג אויפגעהערט צו זיין קאָמיש; די „קאָמישע" סאָלדאַטן זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אמתע פראָנט־קעמפער און האָבן זיך גענומען באַוועגן פאָרויס — קיין בעלגיע. דאָס האָט זיך אָנגעהויבן דעם 10טן מאַי 1940.

די פראַנצויזישע אַרמייען האָבן אַריינמאַרשירט קיין בעלגיע. פון דאָרט האָבן זיי געהאָפט זיך אַ לאָז צו טאָן קיין האָלאַנד, און פון דאָרט — קיין דייטשלאַנד, זיי איז דערעסן געוואָרן, די פראַנצויזישע אַרמייען, צו פירן אַ לעכערלעכע, אַ „קאָמישע מלחמה", זיי האָבן זיך פאַרבענקט נאָך די לאָרבער־קרענץ, וואָס געוויסע צייטונגען האָבן זיי געהאַט צוגעזאָגט.

אָבער אויסגעלאָזט האָט זיך פונקט דער היפוך. די דייטשן האָבן פונקט ווי בעת דער פאַרגאַנגענער מלחמה זיך אַריינגעריסן אין בעלגיע. זיי האָבן דורכגעבראָכן דעם פראָנט און האָבן די פראַנצויזישע אַרמייען צוריקגע־

שטויסן מיט אַזאַ אימפּעט, אַז עס איז אַפילו נישט געווען מעגלעך אָפּ־צוכאַפּן דעם אָטעם.

און אָנגעהויבן האָט זיך פאַר די פראַנצויזישע אַרמייען דאָס, וואָס טראָגט אין פראַנצויזיש דעם זייער כאַראַקטעריסטישן נאָמען „פּיאיט אַן אַוואַן", דאָס הייסט „לויפן אין פאָרויס"; דערנאָך דאָס „לויפן הינטער־ווײלעכץ"; און צו לעצט אויך די משונה־מאָדנע „לויפעניש אין אַלע זייטן", וואָרעם מען האָט שוין נישט מער געוווּסט, וואָס עס הייסט פאָרויס און וואָס עס הייסט צוריק. מען האָט בלויז געוווּסט, אַז דער שונא גרייפט אָן פון אַלע זייטן מיט אַ מאָל. אויך פון אויבן האָבן די דייטשן אַטאַקירט און ס'איז נישט געווען וווהין צו אַנטלויפן, סיידן זיך צו באַגראָבן אין דער ערד לעבעדיקערהייט.

צו דער דאָזיקער לויפעניש אַהין און צוריק איז צוגעקומען די בהלה פון דער בעלגישער ציווילער באַפעלקערונג, וואָס איז געלאָפן קיין פראַנק־רייך. ס'האָט אויסגעקוקט ווי די בעלגיער וואָלטן נאָך געווען אָפּגעשראָקן פון דער ערשטער דייטשער אינוואַזיע; פון דעמאָלט אָן האָלט זי אין איין אַנטלויפן פאַר די דייטשן.

פעך און שוועבל האָט זיך אַ שאָט געטאָן. פון דעם איינעם פראָנט זענען באַלד געוואָרן אַ סך פראָנטן. אַ מבול פון פייער. די דייטשע שטוקאַס לאָזן זיך אָן אויפהער אַראָפּ איבער די לויפנדיקע סאָלדאַטן און פליטים מיט אַזאַ רעש, אַז מען ווערט טויב, בלינד און שטום. די געדאַנקען ווערן פאַראַליזירט. בלויז זכרונות לויפן דורך דורך דעם מוח, כדי צו וואַרפן אַ שיין אויף עפּעס אַזוינס, וואָס עקזיסטירט נישט מער.

ווער אָבער האָט איצט דעם פאַרלאַנג צו באַדויערן דאָס, וואָס עק־זיסטירט נישט מער? באַלד וועט דער איצטיקער מאָמענט אויך נישט עקזיסטירן, איידער נאָך מען וועט האָבן באַוויזן צו שרייבן אַ לעצטן געזעגן־בריוו אַהיים, איידער נאָך ער, דניאל, וועט באַוויזן מיטצוטיילן שאַרלאָטן זיין לעצטן ציטער, זיין לעצטן ווונטש...

דעם 17טן מאַי איז לוקסעמבורג באַזעצט געוואָרן דורך די דייטשע חיילות. ווער טראַכט דען איצט פון דער מאַזשינאָ־ליניע? ווער דאַרף זי

איצט האָבן? די דייטשן האָבן געפונען אַ וועג ווי אַזוי זי אויסצומיידן. נישטאָ מער קיין מאַזשינאָ־ליניע! נישטאָ מער קיין פאַרטיידיקונג־קאַזע־מאַטן, וואָס קאָנען אויסהאַלטן די שטאַרקסטע באָמבעס. עס איז געקומען אַ באַפעל זיך צוריקצוציִען פון בעלגיע. אויס מיט דער האָפענונג אָנצו־גרייפן די דייטשע פּאָזיציעס און די דייטשע שטעט הינטער דער בעלגיש־דייטשער גרענעץ!

אויך די דאָזיקע אַנטוישונג איז שוין אַ פאַרשפּעטיקטע, וואָרעם אין דער אמתן, איז מען שוין ווייט אַוועק פון דער בעלגישער גרענעץ, ווייט אין פראַנקרייך.

ביז וואַנען וועט מען אַזוי לויפן? ווו וועט מען זיך אָפּשטעלן? מסתמא וועלן די דייטשן נישט לאָזן אין ערגעץ זיך אָפּשטעלן, ביז אַלע וועלן פאַלן, איינער נאָך דעם אַנדערן, אָדער זיי וועלן אַרייניאָגן סיי די פראַנצויזישע, סיי די ענגלישע סאָלדאַטן, אין ים אַריין, אין לאַ מאַנש־קאַנאַל...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

שאַרלאָט, שושנהלע, טייערע מיינע!

שוין דריי טעג ווי איך שרייב דיר דעם דאָזיקן בריוו, ווער ווייסט ווי לאַנג נאָך איך וועל אים שרייבן. אַוועקשיקן אים וועל איך דאָך סיי ווי נישט קאָנען. די פּאָסט־פאַרבינדונגען צווישן דאַנען און פּאַריז זענען איבער־געריסן געוואָרן. איך האָב מורא, אַז דאָס איז מיין לעצטער בריוו.

דונקערק.

וואָס קומט איצט פאָר דאָ אין דונקערק? די גרויסע האַפנשטאָט ליגט אַרומגערינגלט דורך די דייטשע חיילות, און די טויזנטער פראַנצויזישע און ענגלישע סאָלדאַטן קאָנען זיך נישט רירן פון אָרט. אַלע פון בעלגיע זיך צוריקציִענדיקע פראַנצויזישע און ענגלישע אַרמייען זענען אַריינגעפאַלן אין דער דאָזיקער פּאַסטקע. נישט אַהין, נישט צוריק. מיר ווערן אָן אויפהער באָמבאַרדירט. מיר ריכטן זיך אַ ליאַדע מינוט, איידער נאָך מען וועט באַ־ווייזן אונדז איבערצוטראַנספּאָרטירן אויף די מלחמה־שיפן קיין ענגלאַנד, פאַרשלעפּט צו ווערן דורך אַ באָמבע אויף יענער וועלט.

דער דאָזיקער בריוו איז אַן אויסצוג פון מיין טאָגבוך. אויב מיין טאָג־

בוך וועט זיין באַשערט אַריינצופאַלן אין דיינע הענט, וועסטו אויך קאָנען לייענען דעם דאָזיקן בריוו, וואָס איז ווי אַ צוגאָב צו מיין טאָגבוך.

זינט אונדזערע אַרמייען האָבן אַריינמאַרשירט קיין בעלגיע, האָב איך יעדן טאָג דיר געשריבן, אין די שווערסטע באַדינגונגען. איך האָב גיכער פאַרפעלט אַריינצושרייבן אַ זייטל אין טאָגבוך איידער דיר נישט צו שרייבן.

פון דער שורה אָן וועלן טאָגבוך און בריוו גיין האַנט אין האַנט, ביז איך וועל, חלילה, איבער דער אָדער יענער סיבה נישט מער קאָנען שרייבן קיין טאָגבוך, נישט קיין בריוו.

וואָס טו איך אין דעם דאָזיקן לאַך? ווי לאַנג נאָך וועל איך דאָ קאָנען אויסהאַלטן? איך האָב קיין ברירה נישט. מיר אַלע, די פראַנצויזן, ווי די ענגלענדער, האָבן קיין ברירה נישט. מיר מוזן אַלע זיך איינגראָבן אין די זאַמדלעכער אַזוי לאַנג ביז די ענגלישע שיפן וועלן אונדז אַלעמען אַריבער־טראַנספּאָרטירן קיין ענגלאַנד. אָבער צי וועלן די ענגלענדער האָבן אַזוי פיל שיפן, כדי צו קאָנען אונדז אַלעמען טראַנספּאָרטירן קיין ענגלאַנד?

נאָך אַ טאָג איז אַוועק אויפן דונקערקער פּלאַזש. נאָך צוויי טעג שווייגן זענען פאַרביי אין מיין טאָגבוך. נעכטן האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן אַריינצושרייבן אין מיין טאָגבוך־בריוו קיין איין וואָרט אַפילו.

דער פּלאַזש קוקט אויס, ווי אַ יריד, וואָס איז פּלוצלינג משוגע גע־וואָרן. ס'איז אַ מין צוזאַמענפאָר פון סאָלדאַטן און פון היימלאָזע ציווילליסט, וואָס זענען געקומען צו לויפן אַהער הענדום־פּענדום, אַליין נישט וויסנדיק פאַר וואָס און צו וואָס. קנאַפּע אַכציק קילאָמעטער פון ליל און אַן ערך דריי הונדערט קילאָמעטער פון פּאַריז ליגט די האַפנשטאָט. אין לויף פון דער געשיכטע איז דונקערק שוין מער ווי איין מאָל באַלאַגערט געוואָרן. לאָמיר דאָ דערמאָנען בלויז עטלעכע פון די באַלאַגערונגען. אין יאָר 1646 האָט דער פּרינץ קאָנדע געצוווּנגען די באַלאַגערטע האַפנשטאָט צו קאַפּי־טולירן; אין 1652 האָבן די שפּאַניער איינגענומען דונקערק. אָבער אין 1793 האָבן די ענגלענדער, נאָך זייער מפּלה אין האָנדשוט, געמוזט אַראָפּנעמען די באַלאַגערונג פון דונקערק.

איצט ווערן זיי, די ענגלענדער, אין איינעם מיט זייערע פאַרבינדעטע,

די פראַנצויזן, באַלאַגערט דורך די דייטשן. אין דעם נעבעכדיקן מצב פון באַלאַגערטע, אין וועלכן זיי געפינען זיך, איז נישטאָ וואָס זיי מקנא צו זיין.

ווי אַזוי אָבער קום איך אַהער קיין דונקערק? ווי קאָמיש און אומ־גלויבלעך דאָס זאָל נישט קלינגען, איז דאָס פּאָרט אַ פאַקט. אַ מלחמה איז אויסגעבראָכן מיט ניין חדשים צוריק. די דאָזיקע מלחמה איז ביז איצט געווען אַ „קאָמישע", אַ שלימזלדיקע, אַ בטלנישע. אַלע האָבן זיך געוויצלט איבער איר, אַלע האָבן זי אויסגעלאַכט. האָט דאָס איר פאַרדראָסן, קיין בעלגיע איז זי פאַרקראָכן. זי האָט געוואָלט באַווייזן קונצשטיק — שיסן, ברעכן, שטעכן, באַגיין העלדנטאַטן.

דאָס אָבער האָט זיך נישט איינגעגעבן דעם פראַנצויזיש־ענגלישן צד, און אָט געפינט ער זיך, דער דאָזיקער צד, אין אַ דונקערק, וואָס איז באַלאַגערט פון אַלע זייטן און קיינער הייבט נישט אָן צו פאַרשטיין ווי אַזוי די דאָזיקע מפּלה איז צו שטאַנד געקומען. די אַרמייען, די פראַנצויזישע ווי די ענגלישע, זענען צעשלאָגן געוואָרן, צענדליקער טויזנטער סאָלדאַטן זענען געפאַלן, און איצט איז קיינער מער נישטאָ, ווער עס זאָל קאָנען זיך אַנטקעגנשטעלן דעם אָנגריף פון דער דייטשער ווערמאַכט.

די מפּלה אויפן פראָנט איז זייער אַ גרויסע, אָבער נאָך גרעסער איז די מפּלה, וואָס די פרידלעכע, ציווילע באַפעלקערונג האָט געליטן. זי האָט איבערגעלאָזן אויף גאָטס באַראָט איר האָב־און־גוטס: הייזער, פעלדער, שולן, קירכעס, בית־עלמינס און געשלעפּט זיך באָרוועס און נאַקעט נאָך די צעשלאָגענע און דעמאָראַליזירטע אַרמייען, נישט וויסנדיק וווהין זי לויפט און נאָך וואָס זי לויפט.

זקנים, קינדער, מענער, פרויען פון פאַרשידענעם עלטער, האָבן אויף אויטאָמאָבילן, וועגענער, טאַטשקעס זיך געלאָזט קיין דונקערק, צום ים — אין דער איינציקער ריכטונג, וואָס איז פאַרבליבן פון די דייטשע האַרמאַטן און טאַנקען, אָבער נישט פון די דייטשע באָמבאַרדירערס, וואָס באַהערשן אויך דאָ דעם הימל.

אויף יעדן קרייצוועג און אויף אַלע וועגן האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף היימלאָזע, שטעטלעך און דערפער ברענען. אויף די גאַסן וואַלגערן

זיך שטיקער מעבל, שערבלעך פון געפעס, פאַרבלוטיקטע ליילעכער און אונטערוועש.

דורך פייער און פלאַם זענען מיר געגאַנגען, האָבן מיר זיך געשלעפּט טאָג און נאַכט, אין אומאָרדענונג, אָן קאָמאַנדע, ווי אַ סטאַדע שעפּסן, וואָס האָט פאַרלוירן איר פּאַסטעך.

וואָלט נאָך געווען אַ שטיקל פּאָסט־פאַרבינדונג, וואָלט איך אפשר נאָך געווען בכוח זיך ווענדן דירעקט צו דיר, אין אַ בריוו.

פון דעסטוועגן טרעט נאָך אַלץ נישט אָפּ פון מיר דיין געשטאַלט. כאָטש איך קאָן צו דיר נישט רעדן און נישט ווענדן זיך צו דיר דירעקט, מורמל איך: „שאַרלאָט, שושנהלע מיינע!" איך מורמל דיין נאָמען צו מיר אַליין, איך מורמל דיין נאָמען אַריין אין די בלעטער פון מיין טאָגבוך.

## קאַפּיטל 26

נישט וויניק צייט איז פאַרביי ביז איך האָב געקאָנט זיך נעמען צוריק צו מיין טאָגבוך און איבערגעריסן האָב איך אים נאָר דערפאַר, ווייל די פעדער איז מיר אַרויסגעריסן געוואָרן פון האַנט. אַ 77ער באָמבע פון אַ דייטשן האַרמאַט איז געפאַלן נישט ווייט פונעם לאָך, ווו מיר ליגן איינ־געגראָבן — איך האָב פאַרגעסן, דוכט זיך, צו שרייבן, אַז מיין וווינונג־לאָך טייל איך מיט מיין חבר פּאָול און מיטן קליינעם פּיעראָ, מיט וועלכע איך האָב דורכגעמאַכט דעם צוריקמאַרש פון בעלגיע. ביידע האָבן זיך צוגע־בונדן צו מיר גאָר שטאַרק. דער אויפרייס האָט מיר אַרויסגעריסן די פעדער פון האַנט.

געפאַלן איז די באָמבע נישט ווייט פון אונדזער לאָך, נישט ווייט אויך פון דעם פעלדשפּיטאָל, וואָס האָט זיך באַזעצט אין דער געביידע פונעם געוועזענעם לוקסוס־האָטעל. דאָרט געפינען זיך היינט־צו־טאָג הונדערטער פאַרוווּנדעטע.

אַ קראַנקן־ברודער פון אָט דעם שפּיטאָל האָט מיר דערציילט, אַז זינט אַ וואָך צייט איז די צאָל פאַרוווּנדעטע אין דעם שפּיטאָל די זעלבע, זי

ווערט נישט גרעסער און נישט קלענער, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס יעדן טאָג ברענגט מען צו פירן נייע פאַרווונדעטע. אַ סך שווער־פאַר־ווונדעטע פאַרענדיקן מיטן טויט, כדי פריי צו מאַכן דאָס בעטל פאַר די ניי־אָנגעקומענע. אָבער די ענגשאַפט ווערט גרעסער, ווייל די פאַרשטאָרבענע בלייבן נאָך ליגן אַ געוויסע צייט אין די קאָרידאָרן און אין הויף, צוליב אידענטיפיקאַציע־צוועקן.

איך האָב זיך אַריבערגעבויגן איבערן פאַרקאַן און געכאַפּט אַ קוק אויף דער מתים־שטאָט. מיר האָט אָנגעכאַפּט אַזאַ גרויל, אַז אַ צייט האָב איך בכלל נישט געקאָנט צונויפנעמען מיינע געדאַנקען.

די לעצטע פּאָר וואָכן, זינט די מלחמה האָט אויפגעהערט זיין „קאָמיש" און איז געוואָרן אַ מלחמה מיט פאַרווונדעטע און מיט טויטע אויף טריט און שריט, האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט צו ווערן היימיש מיטן טויט. איך האָב געמיינט, אַז דער טויט קאָן מיך מער נישט איבערשרעקן, אַז ער איז געוואָרן פאַר מיר אַ געוויינלעכע, טאָג־טעגלעכע דערשיינונג, אויף וועלכער ס׳איז נישטאָ מער וואָס זיך צו ווונדערן.

ביז איצט איז מיר אויסגעקומען צו זען ווי אַזוי יונגע מענטשן פאַלן. נישט דווקא זעלנער, וואָס דער טויט איז, אַזוי צו זאָגן, זייער אָפיציעלער באַרוף, נאָר אַפילו אויך ציווילע מענטשן, וואָס ריכטן זיך נישט אויפן טויט — אַלטע לייט, פרויען און קינדער. זיי האָבן לעצטנס פאַרפלייצט אַלע וועגן און זענען באָמבאַרדירט געוואָרן דורך די דייטשע עראָפּלאַנען.

בין איך, ווי מען קאָן פון דעם אַרויסדרינגען, פאַרהאַרטעוועט געוואָרן, און דער טויט — אַ חרפה אויסצוזאָגן — איז נישט געווען מער אין שטאַנד מיך אַרויסצוברענגען פונעם גלייכגעוויכט.

אָבער דאָס, וואָס איך האָב געזען אין דעם שפּיטאָלהויף, איז געווען עפּעס מער ווי דער טויט. דאָס איז געווען אַזוינס, וואָס האָט דערווייל נאָך קיין נאָמען נישט, איך יעדן פאַלס ווייס נישט ווי דאָס אָנצורופן. עס קוקט אויס ווי די דייטשן וואָלטן געוואָלט די טויטע נאָך מער, נאָך גרינט־לעכער טויטן, אַזוי צו זאָגן. זיי האָט פאַרדראָסן, קוקט אויס, וואָס די טויטע זענען שוין זייערס אָפּגעקומען, וואָס זיי ליידן נישט מער און עס טוט זיי מער גאָרנישט נישט ווי, וואָס זייערע קערפּערס זענען פאַרבליבן מער־

ווייניקער גאַנץ, מיט אַלע גלידער אויף די ערטער, אַזוי ווי ביי לעבעדיקע.

לאַנג האָב איך געקוקט אויף אַן אָרעם, וואָס איז געהאַנגען אויף יענער זייט פּאַרקאַן, אויף די שטאַכעטן, און איך האָב נישט אויפגעהערט זיך צו פרעגן: ס׳טייטש! ווי אַזוי קומט אַ מענטשלעכער אָרעם אויף אַ פּאַרקאַן? ווער האָט אים אויפגעהאַנגען? וואָס טוט ער דאָ?

און דאָרט, אויפן מיטן הויף... געשראָקן האָב איך זיך צו אידענטיפיצירן די שטיקער גוף, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אויף דער ערד. זאָל דאָס זיין אַ שטיק פוס? איך ווייס נישט וואָס מיט מיר איז געשען. געהאַט האָב איך דאָס געפיל, ווי איך וואָלט אַריינגעפאַלן אין אַ קאָשמאַר, פון וועלכן איך וועל קיין מאָל שוין נישט קאָנען זיך אַרויסראַטעווען.

איך ווייס נישט ווי לאַנג דער דאָזיקער קאָשמאַר האָט געדויערט, אָבער מיר איז געלונגען צו קומען צו זיך אויף אַזוי ווייט, אַז איך האָב אַפילו געקאָנט דערלאַנגען אַ קוק אויפן פּלאַץ, וואָס איז פול געווען מיט פאַר־ווונדעטע, מיט טויטע.

די סאָלדאַטן קאָנען דאָך נישט ליגן אָן אויפהער אין זייערע זאַמד־לעכער, שפּאַצירן זיי אַרום אויפן פּלאַץ, דיסקוטירן, קוקן אויס אויף אַ שיף. אָבער די דייטשע באָמבאַרדירערס זענען פלינק. איידער מען באַווייזט זיך אומצוקוקן, זענען זיי שוין דאָ, לאָזן זיך אַראָפּ מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ אויף זייערע קרבנות.

אויך דאָ, הייסט עס, האָט דער טויט געבושעוועט. אָבער, ווי געזאָגט, דאָ האָט ער געבושעוועט בלויז קעגן די לעבעדיקע, און דאָס איז נישט אַ גאָר אָריגינעלער אויפטו. האָב איך זיך אויף דעם טאַקע נישט געוווּנדערט. די ביליקע וויצן פון די סאָלדאַטן אויפן חשבון פון די לעבעדיקע און פון די טויטע האָבן מיך אויך נישט אַרויסגעבראַכט פון די כלים.

פּיעראָ איז אַ יינגל פון אַ יאָר עלף־צוועלף. ער האָט נאָר וואָס פאַר־לוירן זיין גאַנצע פאַמיליע. צוויי באָמבעס, איינע באַלד נאָך דער אַנדערער, האָבן אויפן מיטן וועג אָפּגעריסן זיין פאַמיליע פון אים. מיר האָבן אים באַגעגנט באַלד נאָכן אומגליק. ווי פאַרשטיינערט איז ער געווען. ער האָט נישט געוויינט. און דערציילט האָט ער אונדז וועגן דעם טויט פון זיין

טאַטן, פון זיין מאַמען, פון זיינע צוויי ברידערלעך און פון זיין שוועסטערל, אין אַ טרוקענעם, כמעט זאַכלעכן טאָן. ער האָט דערציילט, ווי ער וואָלט געווען עפּעס אַ רעפּאָרטער, וואָס קאָן נישט ביי יעדער אַזאַ געלעגנהייט ווערן סענטימענטאַל. ער ווייסט, אַז ס'איז מלחמה־צייט. מענטשן פאַלן ווי די פליגן. היינט דער, מאָרגן יענער. וואָס זאָל מען טאָן? דער טויט איז געוואָרן באַנאַל. ס'האָט נישט קיין זין איבער דעם זיך אויפצורעגן.

מיר האָבן פיעראָן אַדאָפּטירט. מיר זענען געוואָרן זיין טאַטע און זיין מאַמע, זיינע צוויי ברידערלעך און זיין שוועסטערל. ער איז אונדזערער און מיר זענען זיינע. אָט אויף ווען מיר שטיצן זיך איצט, פאַול און איך, אין אונדזער הייסן ווונטש צו בלייבן לעבן.

באַשליסט מען צו לעבן אויף צו להכעיס אַלץ און אַלעמען, און האָט מען אויך אויף וועמען צו שטיצן, ווי מיר ביידע, למשל, אויף פיעראָן, טאָר מען זיך נישט אָפּלאָזן און מען מוז זען זיך איינצואָרדענען אַפילו אין די ערגסטע באַדינגונגען. לעבט מען, דאַרף מען אויך האָבן וווּ צו וווינען און וואָס צו עסן. וואָס שייך וווינונג, האָבן מיר זיך צוריקגעקערט צו די פּרעהיסטאָרישע צייטן: מיר וווינען אין אַ גרוב, וואָס מיר האָבן אַליין אויסגעגראָבן, און וואָס שייך עסן, לעבן מיר פון די טויטע מער ווי פון די לעבעדיקע.

ראשית, האָבן מיר ביידע, איך און פאַול, זיך געמאָלדן פרייוויליק צו העלפן צונויפזאַמלען אויף איין אָרט די פאַרוווּנדעטע און אָפּראַמען די טויטע פון דער פּלאַזשע.

דאָס האָט אונדז אַריינגעבראַכט אַ פּאָר לאַבנס ברויט, אַ ביסל צוקער און עטלעכע שטענגלעך ווורשט. דעם איבעריקן פּראָוויאַנט האָבן מיר געפונען אין הויף פונעם שפּיטאָל, אין „טויטנלאַגער". מיר האָבן דאָרט אויך געפונען אַ פלאַש קאָניאַק.

לענגער וועל איך שוין נישט קאָנען פאַרשווייגן דעם עפּיזאָד מיטן טויטן פערד. דאָס אַלץ, וואָס איך האָב ביז איצט דערמאָנט, איז בלויז געווען אַ מיטל אויסצומיידן דאָס סאַמע פּיינלעכסטע, וואָס איז מיט מיר געשען. איך האָב נישט געוואָלט מער טראַכטן וועגן אָט דעם טויטן פערד,

וואָס איז געלעגן אויסגעצויגן אויפן מיטן וועג מיט די פיר פיס אין דער הייך און מיט אַן אויפגעריסענעם בויך.

אַ גרויליקער עקל האָט מיך אַרומגעכאַפּט. איך האָב שיר נישט אָנ־געהויבן צו ברעכן, אַנשטאָט אָפּצודרייען דעם קאָפּ און ווייטער צו גיין אונדזער וועג, זענען מיר געבליבן שטיין ווי צוגעשמידטע צום אָרט.

איין טויט פערד וואָלט אפשר נישט געמאַכט אַזאַ שרעקלעכן רושם אויף אונדז, לעבן אים זענען אָבער געשטאַנען נאָך צוויי אַנדערע פערד. געשטאַנען זענען זיי, איינס פון איין זייט און דאָס צווייטע פון דער אַנדערער זייט פון דעם טויטן פערד, און ס׳האָט אויסגעקוקט, גלייך ווי זיי וואָלטן געשטאַנען אין אַ מין ערנוואַך. פון דער ברוינער פעל פון די צוויי פאַרווונדעטע פערד, איז גערונען בלוט. טרויעריק זענען זיי געווען, די צוויי פאַרווונדעטע פערד, אַזאַ טיף־טרויעריקן בליק, ווי אין אָט די צוויי פּאָר פערדישע אויגן, האָב איך ביז איצט אין קיין אויגן נישט געזען. גאָר דער צער פון דער שטומער קרעאַטור האָט געשטעקט אין די דאָזיקע קראַנקע פערדישע בליקן, וואָס האָבן געקוקט אויף זייער טויטן חבר, וואָס איז שוין געלעגן מיט די פיס אַרויף און מיט אַן אויפגעריסענעם בויך.

און אָט איז געשען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט דעם גרויל דערפירט ביז צום מאַקסימום. מיט אַ פאַמעלעכדיקן און וואַקלדיקן טראָט האָט איינס פון דיביידע פאַרווונדעטע פערד אַריבערגעשפּרייזט דאָס טויטע פערד און זיך צוגערוקט האַרט צום אַנדערן פערד, גלייך ווי עס וואָלט געהאַט דערשפּירט, אַז זיין אומגליקלעכער חבר האָט מער קיין כוח נישט צו בלייבן שטיין אויף אַן אָרט און נייטיקט זיך אין זיין הילף.

אַליין פאַרווונדעט, מיט די לעצטע כוחות, האָט דאָס פערד גענומען לעקן אויף יענעמס פעל די ווונדן, כדי צו לינדערן אויף ווי ווייט מעגלעך זיינע ווייטיקן.

דערנאָך... דערנאָך זענען, כמעט אינעם זעלבן אויגנבליק, ביידע פערד אומגעפאַלן. איצט זענען די דריי פערד געלעגן איינער לעבן דעם אַנדערן אויפן מיטן וועג.

מיר האָבן ממשיך געווען אונדזער וועג: פּאַול, דער קליינער פּיעראָ

און איך — דריי פוסגייערס אין סאַמע מיטן פון דעם מענטשן־קנויל פון פראַנצויזישע און ענגלישע געוועזענע פראָנטקעמפער. לויט זייער הילוך און לויט זייער גאַנצן באַנעם האָבן זיי נישט אויסגעזען, ווי סאָלדאַטן. און ווען נישט זייערע אוניפאָרמען, וואָלט מען זייער סאָלדאַטישן שטאַנד נישט געקאָנט דערקענען אויף זיי.

אַלע זענען מיר געווען אָן געווער. אָדער מיר האָבן אונדזערע ביקסן און מאַשינגעווערן פאַרלוירן, אָדער מיר האָבן זיי אַוועקגעשליידערט פון אונדז, ווייל מיר האָבן געטראַכט, אַז אויב מען פאַרשפּילט אַ מלחמה, מוז דאָס געווער ווערן אַ זייער קאָמפּראָמיטירנדיקע לאַסט, אַן עדות פון דער מפּלה.

אָבער אַלע האָבן מיר געשלעפּט אויף אונדזערע פּלייצעס פּעק מיט פּראָוויאַנט, וויסנדיק, אַז מיר טאָרן זיך נישט מער פאַרלאָזן אויף דער מיליטערישער שפּייז־פאַרזאָרגונג. זי עקזיסטירט נישט מער. די גאַנצע מיליטערישע מאַשין איז זיך צעפאַלן, כאָטש די מלחמה האָט זיך נאָך נישט פאַרענדיקט. פאַרקערט, ערשט איצט, ווען סיי די פראַנצויזישע אַרמייען, סיי דער בריטישער עקספּעדיציע־קאָרפּוס זענען זיך צעפאַלן, הייבט זיך דאָך די מלחמה ערשט אָן, אַ מלחמה, וואָס וועט זיכער נישט זיין מער „קאָמיש".

פאַראַן אין דעם מפּלה־מאַרש פון אַזאַ גרויסער מאַסע מיליטערלייט און ציווילע עפּעס אַזוינס, וואָס דערמאָנט אין אַ קנויל באַוול ווען מען וויקלט אים פונאַנדער. אַ געוויסע צייט איז דער וויקל־פּראָצעס אַ נאָר־מאַלער און דער קנויל וויקלט זיך פונאַנדער ווי עס דאַרף צו זיין, פּלוצלינג אָבער פאַרהאַלט זיך דער באַוול און רירט זיך נישט פון אָרט.

אַזוי אויך איז געווען בעת אונדזער צוריקצוג. איינער גייט הינטער דעם אַנדערן. אַז מיר האָבן געפילט דעם אָנפאַלן פון פיינדלעכע עראָפּלאַנען, האָבן מיר געשווינד זיך צעשאָטן איבער די פעלדער פוןביידע זייטן וועג און זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד. ווי נאָר די רויבפייגל זענען אַוועק־געפלויגן, האָבן מיר זיך ווידער אויסגעשטעלט איינער הינטער דעם צווייטן און זענען ווייטער געגאַנגען אין דער ריכטונג צום ים, אין דער ריכטונג צו דונקערק.

פלוצלינג, און גראַד דאָרט ווו דער וועג בררייטערט זיך אויס אויף אַ קרייצוועג, פלעגט זיך עפּעס וואָס פאַרשטאָפּן. מען שטופּט זיך, מען דע־נערווירט זיך, ס׳איז נישטאָ וואָס צו מאַכן. מען מוז אָפּוואַרטן ביז וואַנען דער פלאָנטער וועט זיך פונאַנדערנעמען פון זיך אַליין און מען וועט קאָנען ווייטער ממשיך זיין אין דער ריכטונג צום ים.

אַזוי זענען מיר געגאַנגען ביז מיר זענען אָנגעקומען אין דונקערק, און פון דאָרט — אויפן פּלאַזש און אויפן האַפן, מיט דער זיכערקייט, אַז מיר וועלן דעם זעלבן טאָג נאָך, אָדער שפּעטסטנס צו מאָרגנס, אָפּטראַנס־פּאָרטירט ווערן קיין ענגלאַנד.

ווידער האָב איך געמוזט איבעררייסן מיין טאָגבוך־בריוו. ווידער זענען געוואָרפן געוואָרן באָמבעס און ווידער זענען געפאַלן קרבנות. ווי אַזוי איך בין דאָס מאָל ניצול געוואָרן און ווי אַזוי פּאַול און פּיעראָ זענען אויך אַרויס גאַנץ — איז טאַקע מעשה נס. על־פּי לאָגיק און על־פּי שכל הישר האָבן מיר געזאָלט צעשטיקלט ווערן אויף פּיץ־פּיצלעך. אַ צען טריט פון אונדז האָבן אַ סך לעבעדיקע קערפּערס זיך פאַרוואַנדלט אין געהאַקט פליש.

ביז איצט פאַרשטיי איך נישט, ווי אַזוי דאָס איז געשען, אָדער בעסער געזאָגט — ווי אַזוי איז נישט געשען מיט מיר דאָס, וואָס מיט הונדערטער אַנדערע סאָלדאַטן. מיר גלייבט זיך נישט, אַז איך לעב נאָך.

אפשר בין איך ממשיך צו פירן מיין טאָגבוך־בריוו טאַקע כדי זיך צו איבערצייגן, אַז איך האַלט נאָך אַלץ אין עקזיסטירן. אויב דער פילאָסאָף רענע דעקאַרט האָט אין זיין דענקען געזען דעם ענדגילטיקן באַווייז פון זיין עקזיסטענץ, זאָגנדיק „קאָגיטאָ ערגאָ סום״, איך דענק, בכן עקזיסטיר איך — זע איך אין דעם טאָגבוך־בריוו, וואָס איך שרייב, דעם בעסטן סימן פון מיין עקזיסטענץ.

אָבער וואָס שייך דער האָפענונג אַריבערטראַנספּאָרטירט צו ווערן אין איינעם מיט די ענגלישע און פראַנצויזישע פראָנטקעמפער קיין ענגלאַנד, דוכט זיך מיר, אַז זי וועט קיין מאָל נישט מקוים ווערן.

אַן ענגלישער העכערער אָפיציר האָט היינט געגעבן אָנווייזונגען וואָס שייך דעם סאָלדאַטן־טראַנספּאָרט קיין ענגלאַנד. אויף אַ הויכן פּאַק מילי־

טערישע מונדירן האָט ער זיך אַרויפגעשטעלט און אָן קיין שום אַריינפיר, האָט ער אין אַ באַפעלערישן טאָן זיך צעשריגן אין ענגליש, און זיך גופא באַלד איבערגעזעצט אין פראַנצויזיש:

— ענגלענדער רעכטס, פראַנצויזן לינקס!

איידער נאָך מען האָט געצומען אַ טראַכט טאָן, אַז רעכטס קאָן באַדייטן די מעגלעכקייט אַפטראַנספּאָרטירט צו ווערן קיין ענגלאַנד און לינקס — פאַרבלייבן דאָ אויפן פלאַזש אַ געפאַנגענער צווישן ים און די דייטשן, האָבן מיר שוין געוווּסט ווו מיר האַלטן אין דער וועלט.

אונדזער גורל איז געחתמעט. סיידן — און עס האַלט נישט ווייט דערפון — דאָ אויפן פלאַזש וועט זיך אָנהייבן אַ מלחמה צווישן די ענגלישע סאָלדאַטן, וואָס פאַרנעמען זיך אויף רעכטס, און די פראַנצויזישע זעלנער, וואָס זענען פאַראורטיילט געוואָרן צו גיין אויף לינקס.

ווילדע געשרייען, דאָ און דאָרט שלאָגט מען זיך שוין. קיין איין פראַנצויזישער סאָלדאַט איז נישט גרייט אָנצונעמען דעם טויטאורטייל אָן פּראָטעסט און אָן אַ פּרוּוו זיך אים אַנטקעגנצושטעלן מיט גאָר דעם ווילן נישט אַריינצופאַלן אין די לאַפּעס פונעם שונא.

— זאָג מיר, שאַרלאָט טייערע, איז שוין טאַקע דער וועלט־אונטער־גאַנג געקומען? וואָס וועט ווערן פון אונדז? וואָס וועט אויך ווערן פון דיר, מיין טאָגבוך? איך האָב מורא, אַז איך האָב היינט אַריינגעשריבן אין דיר די לעצטע בלעטלעך...

## קאַפּיטל 27

„וואָס וועט ווערן פון דיר, מיין טאָגבוך?" האָט דניאל געפרעגט. ער האָט בעת מעשה פאַר אים נישט פאַרויסגעזען קיין אַנדער אויסוועג, ווי אים צו פאַרניכטן. ער וועט אים צערייסן אויף שטיק־שטיקלעך און אַריינוואַרפן אין ים אַריין.

איצט איז שוין נאָך אַלעמען. איצט געפינט זיך שוין נישט מער קיין

אין ענגלישע שיף אין די וואַסערן פון דעם דונקערקער פּלאַזש. אויפן פּלאַזש גופא איז פאַרבליבן בלויז אַ קליינע צאָל פאַרוווּנדעטע טאָמיס. זיי האָבן נישט באַוויזן זיך אַריינצושטופּן אין די רעטונג־שיפלעך, וואָס האָבן געזאָלט אויך זיי צופירן צו די פאַראַנקערטע מלחמה־שיפן.

פון די פראַנצויזישע סאָלדאַטן, ווי אומגלויבלעך דאָס זאָל נישט קלינגען, איז קיין איינער נישט צוגעלאָזט געוואָרן צו אַ רעטונג־שיפל, צו אַ שיפל, וואָס דעם אמת געזאָגט, האָט עס נישט פאַרדינט זיין אַדיעקטיוו „רעטונג", ווייל מער ווי איין שיפל אַזאַ איז באַפאַלן געוואָרן דורך די דייטשע פליערס און דורך זיי צעשמעטערט געוואָרן.

דאָס איז געווען פּאָרויסצוזען. אויפן פּלאַזש און אין די זאַמדגריבער איז מען געווען אַ ביסל זיכערער מיטן לעבן ווי אין די אַזוי גערופענע רעטונג־שיפלעך. פון דעסטוועגן האָבן אַ סך פראַנצויזן דאָך געראַנגלט זיך פאַר אַ פּלאַץ אין אַ שיפל אין דער האָפענונג זיך צו דערשלאָגן קיין ענגלאַנד.

צווישן די פראַנצויזישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן ביטער געקעמפט פאַר אַ פּלאַץ, האָבן זיך געפונען אַלע יידישע זעלנער, ווי צום ביישפיל דניאל, און שיר נישט פאַול און דער קליינער פּיעראָ, כאָטש זיי ביידע, ווי נישט־יידן, האָבן נישט געדאַרפט זיך שטאַרק שרעקן פאַר דער געפאַנגענשאַפט ביי די דייטשן.

זיי זענען צוריקגעשטויסן געוואָרן דורך די טאָמיס, וואָס האָבן צוליבן מאַנגל אין פּלאַץ נישט געקאָנט אויפגענומען ווערן. קריגערייען און זידלע־רייען האָבן בעת דער דאָזיקער שטופעניש און ראַנגלעניש נישט געפעלט. די אַמאָליקע אַנטיפּאַטיע פון די פראַנצויזן לגבי די ענגלענדער, וואָס דאַטירט נאָך פון די צייטן פון זשאַן ד'אַרק, איז ווידער וואַך געוואָרן און די אַגענטן פון דער פינפטער דייטשער קאָלאָנע, וואָס זענען, ווי מען קאָן זיך משער זיין, געווען פאַרטראָטן אויך אין דניאלס דיוויזיע, האָבן נישט אויפגעהערט צו העצן קעגן דעם „פאַררעטערישן אַלביאָן".

סיי ווי איז שוין נאָך אַלעמען. די דייטשן האָבן פאַרכאַפּט דעם דונקערקער פּלאַזש און אַלע זענען אַריינגעפאַלן ווי אין אַ פאַסטקע.

דניאל האָט באַוויזן, אפשר אַ פינף מינוט פריִער איידער ער איז אַריינגעפאַלן אין דער דאָזיקער פּאָסטקע, אַ טראַכט צו טאָן וועגן דעם גורל פון זיין טאָגבוך.

אַ נס איז געשען. לעבן אים איז געשטאַנען דער קליינער פּיעראָ. ער איז געשטאַנען אַ פאַרוויינטער, אַ פאַרזאָרגטער וועגן זיין אייגענעם גורל. בליצשנעל איז דורכגעלאָפן דורך דניאלס מוח אַ געדאַנק: דער פאַריתומטער פּיעראָ וועט ווערן דער שומר פון זיין צוואה. דניאל האָט באַטראַכט זיין לעבן ווי פאַרלוירן און זיין טאָגבוך — ווי אַ מין צוואה.

נישקשה, האָט ער זיך געזאָגט, פּיעראָ איז אַ ספּריטנער יינגל. ער וועט נישט פאַרלוירן ווערן, ער וועט זיך שוין דורכדראַפּען ביז פּאַריז, ביז צום בעלוויל. זיין טאַטע יאָסל, זיין מאַמע יוכבד, וועלן אָפּהיטן דעם טאָגבוך פון זייער זון, ווי דאָס שוואַרצאַפּל פון אויג...

דניאל האָט איילִיק אויפגעשריבן אויף אַ קליין צעטעלע דעם אַדרעס פון זיינע עלטערן אין פּאַריז. ער האָט דאָס צעטעלע אין איינעם מיטן טאָגבוך איבערגעגעבן דעם קליינעם פּיעראָ. פּאָול און דניאל האָבן געטיילט זייער פאַרמעגן אין פראַנצויזישע באַנקנאָטן מיטן קליינעם פּיעראָ און מיט אים זיך געזעגנט.

דניאל איז כמעט ווי זיכער געווען, אַז פּיעראָ וועט, נישט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן, אויספירן פּינקטלעך זיין שליחות. דאָס האַרץ האָט אים געזאָגט, אַז ערשטנס, וועט דייטשלאַנד פאָרט נישט אַרויס די זיגערין פון דער מלחמה, צווייטנס, אַז מען וועט אין גיכן זיך ווידער זען מיט פּאַריז, מיט טאַטע־מאַמע, מיט שושנה, מיט די שוועסטער און ברידער, שוואָגערס און שוועגערינס, און אויך מיט פּיעראָ.

אַזוי אַרום איז דניאלס טאָגבוך געבראַכט געוואָרן אין זיכערקייט. זיינע פּערזענלעכע דאָקומענטן האָט ער צעריסן, און זיך האָט ער צוגעגעבן אַ פראַנצויזישן נאָמען.

די פראַנצויזישע געפאַנגענע פאַרשפּאָרן צו לאָזן זיך אַנטלויפענען. דאָס געוועט זייערס, די ביקסן און די אויטאָמאַטן האָבן זיי אַוועקגעוואָרפן פון זיך נאָך איידער די דייטשן זענען אָנגעקומען. אַנדערע האָבן זייער

געווער אַרײַנגעשלײדערט אין ים אַרײַן, כדי עס זאָל נישט קאָנען ברענגען נוצן די דײַטשן.

צענדליקער טויזנטער סאָלדאַטן זענען אין דונקערק אַרײַנגעפאַלן אין דײַטשער געפאַנגענשאַפט. מען דאַרף זיי צו ערשט ציילן און פאַררעגיס־טרירן, איידער זיי וועלן אָפּטראַנספּאָרטירט ווערן טיפער אין פראַנקרײַך. דאָרט וועלן זיי מסתמא בלײַבן עטלעכע וואָכן און נאָך דעם וועלן זיי פאַר־שיקט ווערן קיין דײַטשלאַנד. יעדער געפאַנגענער מוז אויספילן אַ פרעג־בויגן, ווי ער הייסט, מיט וואָס ער באַשעפטיקט זיך אין ציווילן לעבן, צו וועלכער רעליגיע ער געהערט, אאַז״וו.

דניאל האָט ווי אַלע אַנדערע געפאַנגענע באַקומען אויסצופילן אַזאַ מין פרעגבויגן. זײַן בליק איז שנעל דורכגעפלויגן דורך אַלע רובריקן און צו זײַן גרויסער פאַרוווּנדערונג האָט ער זיך נישט אָנגעשטויסן אויף קיין פראַגע, צו וועלכער ראַסע דער געפאַנגענער געהערט. ער האָט געפונען אַ תשובה אויף דעם, אַז די דאָזיקע רובריק פעלט, נישט ווײַל די דײַטשן זענען פלוצלינג אומטרײַ געוואָרן זייערע ראַסיסטישע טעאָריעס, נאָר ווײַל זיי ווייסן, אַז נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די באַגרינדער פון די ראַסן־טעאָריעס זענען געווען די פראַנצויזן גאָבינאָ און וואַשע דע לאַפּוזש, זענען די דורכשניט־פראַנצויזן פון דעסטוועגן פאַרבליבן ביז צום הײַנטיקן טאָג גרויסע איגנאָראַנטן אויפן דאָזיקן געביט. און וואָס שייך די געפאַנגענע אין דער סיטואַציע פון פאַרשפּילטע, האָט די פראַגע ראַסע קיין שום באַדײַטונג נישט. זי גייט זיי אָן ווי דער פאַראַיאָריקער שניי.

איבעריקנס, כאָטש אין דער אַנקעטע האָט נישט פיגורירט די פראַגע, צי דער געפאַנגענער איז אַ ייִד, האָט דער דײַטשער אָפיציר ביים אָפּנעמען פון דניאלן דעם פרעגבויגן אים אַרײַנגעקוקט גוט אין פּנים אַרײַן און מיט אַ בייז שמייכעלע אים אַ פרעג געטאָן, צי ער איז אַ „יודע".

דניאל האָט זיך נישט פאַרלוירן און אָנגעשטעלט אַ פּנים, ווי ער וואָלט נישט פאַרשטאַנען די פראַגע, ווי ער וואָלט נישט געוווּסט, וואָס דאָס דײַטשע וואָרט „יודע" באַדײַט. דער אָפיציר האָט געמוזט איבערחזרן זײַן פראַגע אין פראַנצויזיש.

דניאל האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין און דערמיט איז דער פֿאַרהער געוואָרן פֿאַרענדיקט. דניאל איז רעגיסטרירט געוואָרן ווי אַ קריסטלעכער פֿראַנצויז, נישט געקוקט אויף זיין פֿאַמיליע־נאָמען גראָסמאַן, וואָס האָט געקאָנט גילטן ווי אַן עלזאַסישער.

צוליב זיכערקייט־טעמים האָט דניאל אין פֿרעגבויגן אָנגעגעבן אַ פֿאַלשן אַדרעס פֿון זיין פֿאַמיליע. מען קאָן נישט וויסן צו וועלכן צוועק די דייטשן וועלן זיך באַנוצן מיט די אַדרעסן פֿון די פֿאַמיליעס פֿון די געפֿאַנגענע, צי זיי וועלן די פֿרעגבויגנס פֿון די יידיש־פֿאַרדעכטיקטע געפֿאַנגענע בכלל איבערגעבן דעם רויטן קרייץ. לוינט זיך נישט צו ריזיקירן.

דער פֿאַריתומטער פּיעראָ, וואָס ווערט געוויס טאָן אַלץ, כדי זיך צו דערשלאָגן קיין פּאַריז, איז דער זיכערסטער פֿרעגבויגן, אויף אים טאָקע קאָן מען זיך פֿאַרלאָזן מער ווי אויפֿן רויטן קרייץ.

דריי טעג האָט געדויערט די רעגיסטראַציע פֿון די צענדליקער טויזנטער געפֿאַנגענע. אַ חרפּה אַרויסצוזאָגן: זינט די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן, האָבן די פֿראַנצויזישע סאָלדאַטן נישט געהאַט אַזאַ געפֿיל פֿון זיכערקייט, פֿון פֿיזישער זיכערקייט, ווי גראָד אין די דאָזיקע ערשטע טעג פֿון זייער געפֿאַנגענשאַפֿט. זיי האָבן נישט געדאַרפֿט זיך היטן פֿון אַ באָמבע, נישט געדאַרפֿט זיך אויסבאַהאַלטן אין שוצגריבער. די דייטשן האָבן זיי געלאָזט צו רו. עסן האָט אין די דאָזיקע ערשטע טעג פֿון געפֿאַנגענשאַפֿט זיי אויך נישט געפֿעלט. פֿון דעם פֿראַנצויזיש־ענגלישן פּראָוויאַנט, וואָס די דייטשן האָבן פֿאַרכאַפּט, האָבן זיי פֿאַרט נישט אַלץ צוגענומען פֿאַר זיך, און די ראַציעס, וואָס זיי האָבן אויסגעטיילט פֿאַר די געפֿאַנגענע, זענען נישט געווען קיין זייער מאָגערע.

פֿיזישע זיכערקייט — יאָ. אָבער אינעווייניק אין האַרצן, בעיקר ביי די יידישע געפֿאַנגענע, האָט אַ וואָרעם אָנגעהויבן צו גריזשען טאָג און נאַכט:

— וואָס וועט זיין מיט אונדז? וואָס וועט זיין מיט אונדזערע פֿאַמיליעס? וועט טאַקע דער דייטש אַזוי גיין פֿון זיג צו זיג, און קיינער וועט נישט זיין אין שטאַנד אים אָפּצוהאַלטן? און ענגלאַנד? ווי לאַנג וועט ענגלאַנד

זיין בכוח זיך קעגנצושטעלן? ווען וועט אַמעריקע זיך אויפכאַפּן פון שלאָף? וואָס זאָגן די אַמעריקאַנער יידן? וואָס קומט איצט פאַר מיט די פּוילישע יידן? ווי לאַנג נאָך וועט היטלער אַזוי בושעווען אויף דער וועלט?

אָן אַ צאָל פראַגעס אַזעלכע האָבן געפּייניקט און געעקבערט די יידישע סאָלדאַטן, איבערהויפּט די, וואָס האָבן זיך אַנגעגעבן ווי יידן און האָבן איצט חרטה געהאַט. דערווייל האָט מען זיי נישט אָפּגעטיילט פון זייערע פראַנצויזיש־קריסטלעכע חברים, אָבער שפּעטער, ווען מען וועט זיי אַריבער־פירן אין דייטשלאַנד, ווי אַזוי וועלן זיי דאָרט ווערן באַהאַנדלט?

די דאַזיקע דריי טעג זענען זוניקע, וואַרעמע. נעמען זיך צונויף גרופּעס געפאַנגענע, זעצן זיך אויס אויפן פלאַזש־זאַמד און שפּילן אַ דערדל. די געמיטער צעהיצן זיך. ס'איז, ווייזט אויס, נאָך נישט עק וועלט. מען וועט זען וואָס ווייטער וועט זיין.

דניאל און פּאָול האַלטן זיך צוזאַמען. דניאל קאָן נישט שפּילן אין קאָרטן. ער פאַרשטייט אַפילו נישט ווי אַזוי מענטשן קאָנען הנאה האָבן פון קאָרטן־שפּיל. פּאָול האָט דווקא יאָ ליב צו כאַפּן אַ קערטל, אָבער ער פילט זיך אַזוי צוגעבונדן צו דניאלן, אַז ער וויל אים נישט פאַרלאָזן אַפילו אויף קיין רגע. פּיעראָ האָט, תיכף ווי די דייטשן זענען אָנגעקומען, זיך אָפּגעטראָגן פון דעם פלאַזש מיט דניאלס טאָגבוך אין זיין בוזעם, וויל פּאָול פאַרבלייבן די גאַנצע צייט לעבן דניאלן. ער האַלט, אַז דאָס איז זיין חוב. דניאל, ווייסט ער, האָט זיך נישט דעקלאַרירט ווי אַ ייד, און אויב עמעצער וועט וועלן אים צווינגען ער זאָל אויסזאָגן דעם אמת, דאַרף ער אים פאַרטיידיקן, דאַרף ער עדות זאָגן, אַז דניאל איז נישט קיין ייד.

אַ לעכערלעכער געדאַנק. פּאָול ווייסט עס, דערפאַר טאַקע האָט ער דניאלן אַ וואָרט נישט געזאָגט. דניאל וואָלט אים אויסגעלאַכט, אים צוגעפירט צו אַ גרופּע קאָרטן־שפּילער און אים באַפוילן מיטצושפּילן...

שעהנלאַנג שפּאַצירן דניאל און פּאָול אויפן פלאַזש און דערציילן זיך מעשיות פון זייער קינדהייט, פון זייערע היימען, פון זייערע שטעט.

דניאל איז אַ פּאַריזער און פּאָול אַ מאַרסייער. גענוי גערעדט, איז דניאל נישט אין גאַנצן אַ פּאַריזער. געבוירן געוואָרן איז ער אין פּוילן,

אין דעם לאַנד, וואָס איז — דערקלערט ער פּאָולן — אָקופּירט געוואָרן דורך די היטלערישע אַרמייען. געקומען איז ער קיין פּאַריז אין זיין פריסטער קינדהייט און פון דעמאָלט אָן וווינט ער אין פּאַריז.

אויך פּאָול איז נישט געבוירן געוואָרן אין מאַרסיי גופא, נאָר אין אַ דערפל, נישט ווייט פון עקס־אַן־פּראָוואַנס. ווען ער איז אַלט געוואָרן צען יאָר, האָט זיין פאַמיליע זיך באַזעצט אין מאַרסיי.

— דאַרפסט, דניאל — זאָגט פּאָול — זיך נישט ערגערן.

— פאַר וואָס האָב איך געזאָלט זיך ערגערן? — וווּנדערט זיך דניאל.

— איך ווייס? — שטאַמלט אַרויס פּאָול און דערפילט, אַז ער האָט געזאָגט אַ נאַרישקייט — מיר האָט זיך געדוכט, אַז דיך פאַרדריסט, וואָס דו ביסט געבוירן געוואָרן ערגעץ־ווו אין פּוילן און נישט אין פּאַריז, האָב איך געוואָלט דיר באַווייזן, אַז אויך איך בין נישט געבוירן געוואָרן אין מאַרסיי, נאָר אין אַ דערפעלע.

דניאל און פּאָול קוקן זיך אָן און פּלאַצן ביידע אַרויס מיט אַ געלעכטער.

## קאַפּיטל 28

שוין מער ווי ניין חדשים ווי די צווייטע וועלט־מלחמה האַלט אָן. אויב ס׳איז נאָך נישט אויסגעבראָכן די גאַנצע וועלט־מלחמה, ווי מען האָט לכתחילה געהאַט פאַרויסגעזען, ווארעם נישט אַמעריקע, נישט רוסלאַנד זענען ביז איצט אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם נייעם קאַטאַקליזם, גייט אָבער שוין האַלב אייראָפּע אָפּ מיט בלוט.

איצט הייבט זיך אָן פראַנקרייכס מפּלה. פראַנקרייך אַנטלויפט פון פראָנט. ביז וואַנען און וווהין וועט זי לויפן? די ענגלישע אַלייִרטע וועלן זיך צוריקציִען אויף זייער אינדזל, אין זייערע קאָלאָניעס. אָבער פראַנקרייך, וווהין וועט זי אַנטלויפן?

די לעצטע טעג פון חודש מאַי אין פּאַריז. דער פרילינג האָט זיך שוין צעבליט אין די פּאַריזער פּאַרקן. די פייגעלעך צוויטשערן פּונקט ווי

אין אַלע פאַרגאַנגענע פרילינגס. זיי שפּרינגען אַרום פון צווייג צו צווייג און ס'איז זיי גוט און ווויל.

אָבער ווער האָט אַ געמיט מיטצופרייען זיך מיט זיי? קיינער איז אין אָט די לעצטע טעג פון חודש מאַי נישט זאָרגלאָז, אַפילו נישט די קינדער, וואָס שפּילן זיך דאָרט אַלע דאָנערשטיק און זונטיק, ווען זיי זענען פריי פון דער שול. אַפילו די אַלטע לייט, וואָס האָבן שוין גאָרנישט וואָס צו פאַרלירן, נאָר פאַרקערט, אַלץ, וואָס זיי באַגעגענען אויף זייערע טעגלעכע שפּאַצירגענג, וואָלטן זיי געדאַרפט באַטראַכטן ווי אַ כשרע מציאה און זיך פרייען מיט איר — אויך זיי קוקן אויס פאַרזאָרגט פון די בייזע ידיעות, וואָס לויפן אַרום אין פּאַריז. ווי רויבפויגל דרייען זיי זיך אַרום איבער אַלעמענס קעפּ.

מען דערציילט... מען דערציילט, אַז די פראַנצויזישע אַרמיי, וואָס עקזיסטירט שוין הונדערטער יאָרן, איז זיך צעפאַלן. שטויב איז פון איר געוואָרן, נישטאָ מער קיין זכר פון איר! זי איז צעשמעטערט געוואָרן, אפשר נישט אַזוי פיזיש, ווי אינערלעך — אין איר שטאָלץ, אין איר מוט, אין איר אָנזען...

און נאָך זאָגט מען... מען זאָגט, אַז פּאַריז וועט שווער באָמבאַרדירט ווערן, סיידן זי וועט זיך אונטערגעבן באַצייטנס. זיך אונטערגעבן? ווי אַזוי וועט פּאַריז קאָנען פועלן ביי זיך צו קאַפּיטולירן פאַר די דייטשן? זי וועט אָבער מוזן. זי וועט מוזן, אויב זי וויל נישט חרוב ווערן, אויב זי וויל נישט אויסהויכן איר נשמה אין פלאַמען און אין רויך... דער לוווּר... ווערסאַיל... איין קלייניקייט: פּאַריז! זאָל פּאַריז פּראָקלאַמירט ווערן ווי אַן „אָפענע שטאָט". אַנישט...

עס ווערט איבערגעגעבן, אַז די רעגירונג האָט באַשלאָסן נישט אַריינ־צולאָזן די טריומפירנדיקע דייטשע חיילות קיין פּאַריז. די קאַפּיטולאַציע פון דער וועלטשטאָט וואָלט געווען די גרעסטע פּראָפּאַגאַציע פון דער פראַנצויזישער געשיכטע, פון דער פראַנצויזישער קולטור. אויב אַזוי, וועט מען זיך מוזן שלאָגן. יעדעס הויז וועט זיין אַ פעסטונג, יעדע גאַס — אַ פראָנט.

עס קאָן טאַקע זיין, אַז ס׳איז קיין אַנדער אויסוועג נישטאָ ווי צו פאַר־וואַנדלען די וועלטשטאָט פאַריז אין אַ מין לאַבירינט־פראָנט, און אַלע איינוווינער, קליין און גרויס, וועלן מאָביליזירט ווערן צום קאַמף קעגן די דייטשע באַרבאַרן.

אָבער מען שמועסט, אַז די אַגענטן און פּראָוואָקאַטאָרן פון דער פינפטער קאָלאָנע האָבן שוין שטילערהייט באַזעצט אַלע סטראַטעגישע פונקטן פון פאַריז. זיי האָבן באַצייטנס פאַרויסגעזען דעם ווידערשטאַנד, דעם אויפשטאַנד פון דער פאַריזער באַפעלקערונג, ווי דאָס איז שוין געשען עטלעכע מאָל אין משך פון דער פראַנצויזישער געשיכטע. „אַלאָנז אַנפאַן דע לאַ פאַטרי...״ הייבט זיך אָן דער פראַנצויזישער נאַציאָנאַלער הימען, אין וועלכן די בירגער ווערן אויפגערופן זיך צו באַוואָפענען צום קאַמף קעגן די טיראַנען. איז אין לויף פון דער גאַנצער מענטשלעכער געשיכטע אויפגעשטאַנען נאָך אַזאַ טיראַן ווי דער דייטשער היטלער ?...

אַזעלכע קלאַנגען זענען אין די לעצטע טעג פון חודש מאַי אַרומגע־גאַנגען אין פאַריז, און ס׳איז שווער געווען זיך צו אָריענטירן, וואָס איז אמת און וואָס פאַלש. האָט טאַקע קיינער פון די פאַריזער איינוווינער אין די לעצטע טעג פון חודש מאַי קיין באַשלוס נישט אָנגענומען.

באַזונדערס פאַרזאָרגט זענען געווען די יידן, וואָס האָבן איינגעוואַנדערט אין פראַנקרייך פון די מזרח־אייראָפּעיִשע לענדער און האָבן נאָך נישט באַוויזן זיך צו נאַטוראַליזירן, און מער נאָך ווי זיי, זענען געווען פאַר־קלעמט די יידישע פליטים פון דייטשלאַנד און פון עסטרייך. זיי האָבן געוויס נישט דערוואַרט צו לעקן האָניק ווען דער דייטש וועט באַזעצן פאַריז. כמעט אַלע האָבן זיי זיך באַזעצט אין דער פראַנצויזישער הויפּט־שטאָט. יעדער יידיש־דייטשער פליט האָט געטראַכט צו אַנטלויפן פון פאַריז, ווי נאָר די סכנה פון היטלערס אַריינמאַרש וועט זיין אַן אומפאַר־מיידלעכע.

אָבער מען האָט אַלץ נאָך געהאָפט אויף עפּעס אַ נס. קיינער ווייסט נישט וואָס עס קאָן געשען אין דער לעצטער מינוט, אַז היטלער זאָל נישט פאַרנעמען פאַריז. פון דעסטוועגן, כל זמן מען לעבט...

## י. פינער

איינער פון די דאָזיקע יידישע פליטים, האַנס בוימאַן, איז נישט בלויז פאַרזאָרגט, ער איז אויך צעטומלט. אויף אַלץ האָט ער זיך געריכט, נאָר נישט אויף אַזאַ גיכן נצחון פון היטלערס אַרמיי.

ס'איז קלאָר, היטלער האָט געזיגט אויף דער גאַנצער ליניע. אַפילו אויך הינטער דער פראַנטליניע האָט ער געזיגט. און דאָס אַלץ — אַ דאַנק דער פינפטער קאָלאָנע זיינער, נישט געקוקט אויף דעם — טראַכט בוימאַן מיט ביטערקייט — וואָס די פראַנצויזישע רעגירונג האָט אים, דעם געוועזענעם בערלינער פּראָפעסאָר פון אור־גערמאַנישער געשיכטע, אינטערנירט, כדי ער זאָל נישט קאָנען ברענגען שאָדן דעם אינערלעכן פראַנצויזישן פראָנט, כדי ער, בוימאַן, זאָל נישט אָפשוואַכן פראַנקרייכס ווידערשטאַנד־כוח.

ווי עס ווייזט אויס, האָט די פראַנצויזישע רעגירונג סוף כל סוף זיך אַרומגעזען, אַז בוימאַן און די אַנדערע יידישע פליטים קאָנען נישט געהערן צו דער היטלעריסטישער פינפטער קאָלאָנע, אַפילו ווען דאָס וואָלט זיך זיי פאַרוואָלט, לאָמיר זאָגן, מחמת פּאָטאָלאָגישע אָדער זעלבסטמערדערישע טעמים. זייער „ראַסישע" אָנגעהעריקייט האָט זיי געמאַכט אומפעיִק פאַר אָט דער פונקציע. זענען זיי מיט עטלעכע וואָכן צוריק באַפרייט געוואָרן פון די אינטערנירונגס־לאַגערן.

בוימאַן איז זיך פאָרגעקומען אין זיינע אייגענע אויגן ווי אַ פּרעגצייכן. זיין גאַנצע עקזיסטענץ, נישט בלויז די גייסטיקע, נאָר אויך די מאַטעריעלע, איז געשטאַנען אונטער אַ פרעגצייכן. קיין אַנדער באַרוף, ווי געשיכטע, האָט ער נישט געהאַט. מיט גרויס מי איז אים אָנגעקומען זיך איבערצואָריענטירן פון דער אור־גערמאַנישער אויף דער הייגטצייטיקער מער־ווייניק יידישער געשיכטע. אַ לעקטאָר פון געשיכטע איז ער געוואָרן אין יידישן פאָלקס־אוניווערסיטעט, און אויך אַ זשורנאַליסט, אַ מיטאַרבעטער אין אַ טעגלעכער יידישער צייטונג.

ווו איז זי איצט, די יידישע געשיכטע? דער פאָלקס־אוניווערסיטעט האָט זיך געשלאָסן, די צייטונג איז צוגעמאַכט, און וואָלט זי אַפילו אַרויס, ווי פאַר דער מלחמה, וואָלט ער אויך נישט געוואָלט אין איר מיטאַרבעטן, ווייל ער וואָלט נישט געוווּסט וואָס צו שרייבן, פּאָליטיש דעזאָריענטירט ווי ער איז.

ער ווייסט נישט אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער געפינט זיך. ווי לאַנג וועט דער דאָזיקער כאַאָטישער צושטאַנד אין אים אָנהאַלטן? היטלערס נצחונות און נאָך אַנדערע אויסערלעכע געשעענישן, זענען נישט די איינציקע סיבות, וואָס האָבן אַזוי שטאַרק צעטרייסלט זיין גלייכגעוויכט און אים צעטומלט. ביי אים גופא, אין זיין נשמה, איז עפּעס וואָס קאַליע געוואָרן.

דאָס אַמאָליקע וועלטבילד זיינס איז פאַרשוווּנדן און אַ ניי וועלטבילד האָט זיך נאָך נישט באַוויזן. אַ ליידיק אָרט איז פאַרבליבן. ער מוז ווידער איינשטעלן אין זיך אַ גלייכגעוויכט. ווי אַזוי אָבער? ווי אַזוי?

## קאַפּיטל 29

די קלאַנגען וועגן דעם גורל פון פּאַריז וועלן פון טאָג צו טאָג אַלץ מער באַשטעטיקט, כאָטש אַ סך פון זיי זענען סתירהדיקע און פונקט ווי צווישן די, וואָס פאַרשפּרייטן זיי, איז אויך ביי זיי קיין האַרמאָניע נישטאָ.

ס׳איז שוין שפּעט אין דער נאַכט. אויף בוימאַנס שרייבטישל שטייט אַ לעמפּל מיט אַ טונקל־בלויען אַבאַזשור, דורך וועלכן עס זייט זיך כמעט נישט דורך קיין שיין, וואָס זאָל קאָנען פאַרטרייבן די שאָטנס אויף די ווענט און אויף די פּאָר מעבלשטיק פאַזע די ווענט. דאָס דאָפּלטבעט, אין וועלכן בעלאַ ליגט און שלאָפט, איז ווי איינגעהילט אין אַ טונקעלן שלייער. דאָס שמייכעלע אויף בעלאַס ליפּן איז קוים אָנזעעוודיק, פּונקט ווי דאָס שמייכעלע פון דעם דזשאָקאָנדאַ־פּאָרטרעט אין לוווּר.

האַנס טראַכט, אַז עס וואָלט גוט געווען ווען ער וואָלט אויף די שפּיץ פינגער צוגעגאַנגען צו איר און שטיל אַ קוש געטאָן דאָס גליקלעכע שמייכעלע אויף אירע ליפּן. אָבער עפּעס וואָס שטערט אים נאָכצוגעבן זיין פאַרלאַנג. עס קאָן זיין, אַז ער שעמט זיך פאַר זיך אַליין.

ער ווייסט, אַז אויב ער וועט זיך איצט אויפהייבן פון אָרט, וועט ער שוין היינט מער נישט צוריקקערן זיך צו זיין טאָגבוך. ער האָט זיך פאַר־האַקט אין סאַמע מיטן. האַרבע פּראָבלעמען. ער הייבט אָפּילו אָן צו ספקן אין דער נייטיקייט, אין דער נוצלעכקייט פון אַ טאָגבוך אין די היינטיקע

טעג, ווען דער מצב אין דרויסן און דער מצב אינעווייניק אין האַרצן בייט זיך פון מינוט צו מינוט. איידער נאָך עס ווערט עפּעס וואָס פאַרצייכנט, איז דאָס שוין מער נישט אַקטועל, נישט גילטיק. נישט בלויז דערפאַר, ווייל דאָס איז געוואָרן אַ שטיק פאַרגאַנגענהייט, וואָס לאָזט זיך נישט מער אויסבעסערן, נאָר ווייל דאָס איז בכלל נישט מער נוצלעך פאַרן לעבן, ווייל דאָס איז געוואָרן בלויז אַ שווערע לאַסט פאַרן זכרון.

לייענט ער דורך היינט דאָס, וואָס ער האָט נעכטן אַריינגעשריבן אין דעם טאָגבוך, קאָן ער זיך נישט אָפּוווּנדערן איבער זיך אַליין, זעענדיק ווי נאַיִוו ער איז געווען ביים אָפּשאַצן דעם מצב. דאָס איינציקע, וואָס פאַרבלייבט מער־ווייניקער סטאַביל, דאָס איז דאָס פּריוואַט־לעבן — אויב מען האָט די זכיה צו קאָנען געניסן פון דעם אייגענעם פּריוואַט־לעבן.

און ווידער קומט אויף ביי בוימאַנען דער פריִערדיקער פאַרלאַנג צוצוגיין צו בעלאַן און אַ קוש טאָן דאָס גליקלעכע שמייכעלע, וואָס בלאַנדזשעט אַרום אויף אירע ליפּן.

אָבער אויך דאָס מאָל גיט זיך בוימאַן נישט נאָך. ער איז פאַרבליבן אַ דיסציפּלינירטער דייטשער פּראָפעסאָר. מען וואַרפט נישט אַוועק אַ פּראָבלעם אין מיטן. און וואָס שייך דער נוצלעכקייט פון פירן אַ טאָגבוך היינטיקע צייטן, דרינגט זי דאָך טאַקע אַרויס פון דער נייטיקייט צו פאַר־פיקסירן דעם איינדרוק, וואָס עס מאַכן אויפן געדאַנק און אויפן געמיט די געשעענישן וואָס בייטן זיך אַזוי שנעל.

לייענט ער איבער דעם לעצטן זאַץ, אין וועלכן ער האָט געפּרוּווט נביאות זאָגן איבער דעם גורל פון דער שטאָט פּאַריז, און ממילא אויך איבער זיין אייגענעם גורל. ווייל טאָמער ווערט פּאַריז דערקלערט ווי אַן „אָפענע שטאָט", וועט ער דאָך מוזן, ווי אַ סך אַנדערע יידישע פּליטים, לויפן פון דאַנען. ער וויל נישט אַריינפאַלן אין די דייטשע הענט. וווהין אָבער לויפט מען און מיט וואָס לויפט מען? עס קומט גאָרנישט אַרויס פון די צעטומלטע גערעַנקען זיינע. איינס אָבער ווערט אים קלאָר: אַנטלויפן מוז ער פון פּאַריז נאָך איידער עס ווערט באַשטעטיקט דער באַשלוס פון דער רעגירונג צו דערקלערן פּאַריז ווי אַן „אָפענע שטאָט", וואָס דאָס באַדייט, אַז די פראַנצויזן קאַפּיטולירן.

ער בלייבט זיצן ביים שרייבטישל. דעם קאָפּ האָט ער אַריינגענומען אין זיינע ביידע הענט, די אויגן צוגעמאַכט און זיך געלאָזט מיטשלעפּן דורך זיינע גאָרנישט היימלעכע געדאַנקען.

אים דוכט זיך, אַז ווען ער וואָלט אויך דאָס מאָל, ווי ער איז פון תמיד אָן געוווינט געווען, זיך צוגעהערט צו זיין שכל, וואָלט ער געדאַרפט אויפוועקן בעלאַן און איר זאָגן:

— הער צו, מיין טייערע, הער צו און שרעק זיך נישט. אויב דו ווילסט מיך פאָלגן, איז פאַראַן אַ שאַנס, מיר זאָלן זיך ראַטעווען, אָבער מיר מוזן האַנדלען גאָר גיך, טאַקע שוין באַלד, וואָרעם מאָרגן קאָן שוין זיין צו שפּעט. פאָלג מיך, טו זיך אָן, מיר וועלן איינפּאַקן אונדזערע נייטיקסטע זאַכן, מיר וועלן אָפּשטעלן די זייגערס פון גאַז און פון דער עלעקטריע און מיר וועלן גלייך פאָרן מיט אַ טאַקסי צו גאַר דע ליאָן, פון וואַנען עס גייען אָפּ די צוגן קיין דרום־פראַנקרייך.

אָט וואָס ער וואָלט געדאַרפט איר זאָגן, אָט ווי אַזוי ער וואָלט געדאַרפט האַנדלען — ווען ער וואָלט געהאַט גענוג כוח און גענוג מוט. ער בלייבט אָבער זיצן אויף זיין שטול ווי אַ געליימטער און קאָן זיך צו גאָרנישט נישט אַנטשליסן.

## קאַפּיטל 30

דער פראַנצויזישער יתום, וואָס איז דורך צוויי פראַנצויזישע סאָלדאַטן אַדאָפּטירט געוואָרן, איז ביסלעכווייז דערגאַנגען קיין פּאַריז, צו פוס טאַקע, וואָרעם די באַנען זענען נישט געפאָרן און קיין אויטאָקאַרן זענען אויך נישט געווען.

אין פּאַריז איז פּיעראָ קיין מאָל נישט געווען. פון דעסטוועגן איז ער פון דער דאָזיקער גיגאַנטישער שטאָט נישט דערשראָקן און נישט נתפּעל געוואָרן, כאָטש ער האָט נישט פאַרשטאַנען פאַר וואָס די הייזער זענען דאָ אַזוי הויך, די גאַסן אַזוי לאַנג, דער ליאַרעם אַזוי גרויס; פאַר וואָס די

מענטשן אײַלן זיך דאָ אַזוי שטאַרק און אײנער קוקט זיך נישט אום אויפֿן צװײטן.

ער האָט איצט גאָר אַנדערע דאגות. אַ שליח איז ער — ער קומט זיך פֿאָר זײער װיכטיק אין זײַנע אויגן. ער טראָגט אונטער זײַן העמד, צו־געטוליעט צו זײַן האַרצן, אַ דיק העפֿט. עס קאָן זײַן, אַז אין דעם דאָזיקן העפֿט, אין װעלכן ער האָט אַפֿילו זיך געשראָקן אַרײַנצוקוקן, שטעקן גרויסע מיליטערישע סודות.

יאָ, גרויסע און געפֿערלעכע סודות טראָגט ער אין אַ העפֿט אויף זײַן האַרצן. אָנגעטרויט האָט מען בלויז אים דאָס דאָזיקע העפֿט מיט די מיליטערישע סודות. ביזן לעצטן טראָפּן בלוט איז ער גרײט צו פֿאַרטײדיקן דעם דאָזיקן אוצר. זאָל מען נאָר פּרוּװן אים אַטאַקירן, זאָל מען װעלן אַרויסרײַסן פֿון אים דעם העפֿט — ער װעט זיך װערן קעגן יעדן אָנגריף, מיט נעגל און מיט צײן װעט ער זיך װערן.

זײַן פֿאַנטאַזיע אַרבעט שטאַרק. ער שטעלט זיך פֿאָר, אַז פּאַריז איז נישט פּאַריז, נאָר בערלין, די הויפּטשטאָט פֿון די „פֿרידאָלענס״, װי מען רופֿט זײ, די דײַטשן, פּונקט אַזוי װי פּאַריז איז די הויפּטשטאָט פֿון פֿראַנקרײַך, אָט־אָט פֿאַלן אַרויף אויף אים די אַלע „פֿרידאָלענס״: זײ װילן פֿון אים אַרויסרײַסן דעם העפֿט מיט די סודות, װאָס ער טראָגט אונטער זײַן העמדל — װאָס װאָלט ער געטאָן אין אַזאַ פֿאַל?

פּיעראָ דערטראַכט נישט ביזן סוף. ער װײסט, אַז ער געפֿינט זיך איצט אין פּאַריז און נישט אין בערלין. ער איז אַ פֿראַנצויז צו גלײַך מיט אַנדערע פֿראַנצויזן. ער אַלײן, װײסט ער, איז נאָך צו יונג, כאָטש ער פֿאָרט אַרום אײנער אַלײן אָן אַ באַגלײטער, גלײַך װי ער װאָלט געװען אַ דער־װאַקסענער. ער פֿאַרשטײט טאַקע נישט קײן סך אין מיליטערישע זאַכן, אָבער אויפֿן דונקערקער פּלאַזש האָט ער געהערט סאָלדאַטן זאָגן, אַז פֿראַנקרײַך האָט נאָך די מלחמה נישט פֿאַרשפּילט און אַז מען װעט זײ נאָך באַװײַזן, די „פֿרידאָלענס״, װאָס די פֿראַנצויזישע סאָלדאַטן זענען אין שטאַנד צו טאָן, אויב זײ האָבן נאָר גוטע אָפֿיצערן...

פּיעראָ האָסט די „פֿרידאָלענס״ אַזוי שטאַרק, אַז דער אָטעם פֿאַרכאַפּט

אים אַזש. עס פאַרדריסט אים, וואָס ער איז נישט קיין כישוף־מאַכער, וואָס קאָן, ווי ער האָט געהערט דערציילן, אַרויסלאָזן פון זיין מויל אַ שטראַל אַזאַ, וואָס איז בכוח דורכצולעכערן אויף איין מאָל גאַנצע לענדער און גאַנצע פעלקער...

די געדאַנקען דרייען זיך אין קאָפּ. ער שטעלט זיך אָפּ אין מיטן גאַס. גייט ער ריכטיק? בלאָנדזשעט ער נישט? האָט ער זיך טאַקע פאַרנומען אויף יענעם ראָג גאַס ריכטיק, ווי מען האָט אים אָנגעוויזן: צו ערשט רעכטס, אָפּגיין אַ צוויי הונדערט מעטער לאַנג, און דאַן זיך פאַרקירעווען לינקס?...

ער האָט שוין פאַרגעסן. נישט קיין אומגליק! ער וועט פרעגן נאָך אַ מאָל. אָבער עס פאַרדריסט אים, וואָס ער גיט נישט אַכטונג אויפן וועג און וואָס ער פאַרקריכט אין זייטיקע געדאַנקען. ער וואָלט געדאַרפט טראַכטן נאָר וועגן איין זאַך: וואָס גיכער קומען צו אָנקל דניאלס עלטערן, זיי איבערגעבן דאָס דיקע העפט מיט די זייער וויכטיקע סודות און זיי דערציילן, ווי אַזוי אָנקל דניאל איז אַוועק אין געפאַנגענשאַפט. אויב זיי וועלן אים פרעגן, צי ער איז געווען טרויעריק — האָט אים אָנקל דניאל אָנגעזאָגט, ער זאָל ענטפערן אַז ניין. פאַרקערט, זאָל ער זיי זאָגן, אַז ער איז געווען זיכער, אַז לאַנג וועט ער נישט זיין קיין געפאַנגענער...

אַזוי וועט ער זיי טאַקע זאָגן, באַשליסט פּיעראַ, כאָטש ער ווייסט, כאָטש ער האָט מיט זיינע אייגענע אויגן געזען, ווי אַזוי אָנקל דניאל איז געווען גאָרנישט פריילעך. טרערן זענען אים געשטאַנען אין די אויגן ווען ער האָט זיך מיט אים געזעגנט, כאָטש ער איז אַ סאָלדאַט, אָנקל דניאל, און אַ סאָלדאַט, ווייסט פּיעראַ, וויינט קיין מאָל נישט.

אָבער דערציילן זיי, דאָס איז זיכער, וועט ער זיי דאָס, וואָס אָנקל דניאל האָט אים אָנגעזאָגט. זאָלן זיין קיין צער נישט האָבן. ווער ווייסט? אפשר וועט ער טאַקע זיך באַלד צוריקקערן. פּיעראַ וואָלט געוואָלט, אַז דניאל זאָל זיך צוריקקערן פון דער געפאַנגענשאַפט אויב נישט היינט, איז כאָטש מאָרגן־איבערמאָרגן. פאַר וואָס נישט? וועט דניאל קומען צוריק, וועט אים, פּיעראָן, גוט זיין, וועט ער נישט דאַרפן מורא האָבן צו בלייבן

איינער אַליין — אָן אַ טאַטן און אָן אַ מאַמען, אָן אַ ברודער און אָן אַ שוועסטער.

פּיעראָ לייענט אויף אַ ראָג דעם נאָמען פון דעם בולוואַר. יאָ, ער איז שוין אָנגעקומען. ער דאַרף נאָר אַריבערגיין אויף דער צווייטער זייט. ער וווּנדערט זיך ווי ברייט עס איז דער בולוואַר. דאָס האַרץ קלאַפּט אים גאָר שטאַרק אונטער דעם דיקן העפט, וואָס דניאל האָט אים אָנגעטרויט פאַר פּריילין שאַרלאָט. זי טאַקע דאַרף דאָס זיין פאַר אים ווי אַ שוועסטער, ווי אַ מאַמע. אָנקל דניאל פאַרלאַנגט עס פון איר אין זיין בריוועלע, וואָס פּיעראָ ברענגט איר.

יאָ, פּיעראָ איז נישט אַבי ווער. פּיעראָ איז אַ וויכטיקער שליח. פּיעראָ איז שוין נישט מער קיין קינד, נישט מער קיין קליין יינגל. אים קאָן מען אַלץ אָנטרויען, אַפילו וויכטיקע מיליטערישע סודות.

ווען דער קליינער פּיעראָ האָט זיך דערשלאָגן צו יאָסל גראָסמאַנס וווינונג, איז שוין געווען פינצטערלעך. און געווען איז דאָס פרייטיק צו נאַכטס. אויפגעמאַכט די טיר האָט יוכבד. אין דעם קליינעם קאָרידאָרל איז געווען טונקל. יוכבד האָט אַריינגעפירט דעם גאַסט אין שטוב, וואָס איז געווען באַלויכטן נישט בלויז דורך עלעקטריע, נאָר אויך דורך צוויי ליכט, וואָס האָבן געשטעקט אין די לייכטערס.

פּיעראָ האָט איר געפרעגט אויב זי איז דניאלס מוטער. יוכבד האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ. פּיעראָ האָט פונאַנדערגעשפּילעט זיין רעקל און זיין העמד, האָט אַרויסגעצויגן דעם העפט און איר דערלאַנגט מיט אַ מינע און אַ האַנט־באַוועגונג, ווי ער וואָלט איר געבראַכט מי יודע וואָס פאַר אַ מלחמה־טראָפּיי.

יוכבד האָט אַ בלעטער געטאָן דניאלס טאָגבוך און געזען, אַז עס איז געשריבן אין פראַנצויזיש, וואָס זי האָט עד היום נישט באַוויזן איינצובייסן. זי האָט צוגעמאַכט דאָס העפט און אויסגעשטרעקט איר האַנט — אַ סימן, אַז זי וואַרט אויף נאָך אַ געשריפטס, אויף אַזאַ, וואָס איר זאָל גרינג זיין צו לייענען. פּיעראָ האָט פאַרשטאַנען איר זשעסט, און איר איבערגעגעבן אַ בריוול פון דניאל אין יידיש.

זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דעם דאָזיקן בריוול. פאַרפעלט האָט איר געדולד צו לייענען עס פון אָנהייב אָן. די הענט האָבן איר געציטערט, איר בליק איז ווי פאַרשלייערט געוואָרן.

„ליבע מאַמעשי מיינע און ליבער טאַטעשי,

„איר וועט זיך אַוודאי וווּנדערן פון דעם בריוועלע, וואָס איך שיק פון אָנהייב מיין געפאַנגענשאַפט דורך פּיעראַ. אַזוי הייסט דער שליח, וואָס וועט איבערגעבן דאָס דאָזיקע בריוועלע. איך האָב עס געשריבן אין גרויס איילעניש, מיט דער האָפענונג, אַז מיר וועלן זיך אַלע בקרוב ווידער זען. מעגלעך, אַז מיר וועלן באַלד טאַקע — זאָל איך נאָר באַווייזן צו פאַרענדיקן דאָס דאָזיקע בריוועלע — אָפּגעשיקט ווערן אין איינעם פון די לאַגערס פאַר געפאַנגענע אין דייטשלאַנד, ווו מיר וועלן בלייבן ביז איבער דער מלחמה. זאָרגט זיך נישט פאַר מיר. איך בין געזונט און מיר פעלט גאָר־נישט.

„איך זאָרג זיך מער וועגן אייך, ווי וועגן מיר. וואָס עס וועט געשען מיט אַלע געפאַנגענע, וועט געשען מיט מיר. איר, מיינע ליבע, דאַרפט בלייבן שטאַרק און מוטיק און איר טאָרט נישט אַליין זיך פאַרביטערן דאָס לעבן.

„איך מוז שוין פאַרענדיקן. דאָס איבעריקע וועט אייך דערציילן דער קליינער פּיעראַ. איך בעט אייך, נעמט זיך אָן פאַר אים, באַהאַנדלט אים גלייך ווי ער וואָלט געווען אייערס אַ קינד. ער איז אַ יתום. זיינע עלטערן זענען אומגעקומען אויפן וועג דורך אַ באָמבע. ער איז אַ ווויל, גאָר אַ ווויל יינגל. פירט אים צונויף מיט שאַרלאָט. ער האָט פאַר איר אויך אַ בריוול. פּיעראַ געהערט צו אונדזער פאַמיליע.

„געזונט און שטאַרק זאָלט איר מיר זיין, און אַלע אונדזערע גוטע־פריינד און באַקאַנטע.

„איך קוש אייך, אייער זון דניאל".

יוכבד האָט נישט געקאָנט זיך שיידן מיט איר זונס בריוו. זי האָט שוין איבערגעלייענט דאָס בריוול איין מאָל, אַ צווייט מאָל, זי האָט געכאַפּט

אַ קוק אויף פּיעראַ, ווי זיך צו איבערצייגן, אַז דאָס יינגל און דאָס בריוול האָבן איינס צום צווייטן אַ נאָענטע שייכות, און ווידער זיך פּאַרטיפט אין דעם בריוול. דאָס מאָל האָט זי נישט געלייענט, נאָר גלאַט געקוקט אויף די אותיות, וואָס איר זון האָט געשריבן, געקוקט, און פון אירע אויגן האָבן גענומען רינען טרערן, שטילע טרערן, געלאַסענע טרערן — נישט קיין טרערן פון פרייד, אויך נישט קיין טרערן פון צער, נאָר טרערן פשוטע, טאָג־טעגלעכע, טרערן פון אַ מאַמע, וואָס וויינט, זיך דערמאָנענדיק, אַז איר זון איז פאַרוואָגלט געוואָרן ווייט־ווייט פון איר. די מלחמה האָט אים צו־גענומען פון איר און ס'איז נישטאָ קיין מיטל, ער זאָל באַלד צוריקקומען.

מיט עטלעכע מינוטן צוריק, ווען זי האָט אָנגעצונדן די ליכט לכבוד שבת, האָט זי שוין געהאַט געטראַכט די זעלביקע געדאַנקען וואָס איצט. אירע ליפּן האָבן געמורמלט די זעלביקע תפילה, וואָס איצט, נאָך דעם ווי זי האָט איבערגעלייענט דניאלס בריוועלע. מאָדנע, ווי דאָס איז געשען, ווי די איצטיקע טרערן אירע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין די טרערן, וואָס זי האָט פאַרגאָסן מיט עטלעכע מינוטן צוריק, איידער דאָס פראַנצויזישע יינגל איז אַריינגעקומען אומגעריכטערהייט אַהער, ביים בענטשן ליכט. פאַראַן אַ המשך ביי אַ מאַמעס טרערן.

כאַפּט יוכבד אַ קוק אויפן בריוועלע, דערנאָך אויף פּיעראַ, און זי הייבט אָן טונקל פאַרשטיין, אַז אייגנטלעך איז דער צער פון דער וועלט דער זעלביקער. מער נישט וואָס? איטלעך מאָל און ביי יעדערן באַזונדער נעמט ער אָן אַן אַנדער געשטאַלט. פאַר וואָס איז פאַראַן אַזוי פיל צער אויף דער וועלט?

יוכבד פאַרברעכט די הענט. יוכבד פאַרשטייט נישט פאַר וואָס גאָט קוקט זיך צו צו דעם אַלעמען און שווייגט.

פּיעראַ באַטראַכט דניאלס מאַמען. זי וויינט, ער מיינט, אַז דער בריוו פון איר זון האָט זי געמאַכט אַזוי טרויעריק, און ער נעמט גאָר האָבן חרטה הלמאי ער האָט איר איבערגעגעבן דעם דאָזיקן בריוו. ער וויל זי טרייסטן, ער ווייסט אָבער נישט ווי אַזוי. ער מורמלט עפּעס.

יוכבד רעדט צו אים, ער פאַרשטייט נישט וואָס זי זאָגט. ער הערט זי זאָגט „פּיעראַ", ווייסט ער, אַז זי ווענדט זיך צו אים, אָבער אפשר וויל

זי וויסן, צי ער הייסט טאַקע פּיעראַ. דערלאַנגט ער אַ שאָקל מיטן קאָפּ אויף יאָ.

— יאָ, איך הייס פּיעראַ. איך הייס אויך בלאַנשאַר. פּיעראַ בלאַנשאַר, נאָר גערופן האָט מען מיך שטענדיק אין שטוב און אין קלאַס פּיעראַ.

— און מיט מיין זון ביסטו געווען ווי לאַנג? — פרעגט אים יוכבד אויף אַ שטאַמלדיקן פראַנצויזיש אַזוי, אַז פּיעראַ פאַרשטייט קוים, וואָס זי פרעגט אים.

— אויפן וועג קיין דונקערק האָב איך אים געטראָפן, נאָך דעם ווי מיין טאַטע און מיין מאַמע...

ער פאַרענדיקט נישט דעם זאַץ. יוכבד פאַרשטייט.

— מיין זון האָט מיר געשריבן... איך ווייס...

יוכבד קוקט אויף אים. טרערן באַווייזן זיך אין זיינע אויגן:

— ער איז אַזאַ גוטער, דניאל! — כליפּעט זיך פּיעראַ פונאַנדער.

— יינגעלע, וויין נישט — גלעט אים יוכבד איבער די פלאַקסענע האָר — דו וועסט זיין ביי אונדז ווי אַן אייגענער.

פּיעראַ וויל אויפהערן וויינען, אָבער ער קאָן נישט. ער האָט זיך דער־מאָנט, ווי אַזוי איין באָמבע האָט אַ פייף געטאָן שטאַרקער ווי אַלע פרי׳ער־דיקע באָמבעס. ער איז גראָד געגאַנגען אַ ביסל אָפּגערוקט פון זיין טאַטן און פון זיין מאַמען. אין דער מינוט ווען די באָמבע האָט אַ פייף געטאָן, איז ער אַראָפּ אין גרובן אויפהייבן אַ שטעקן, וואָס ער האָט דאָרט געזען ליגן, ווען ער איז אַרויפגעקראָכן צוריק אויפן שאָסיי, איז שוין געווען נאָך אַלעמען.

ער האָט, געדענקט ער, צוגעמאַכט די אויגן, נישט געוואָלט קוקן אויף די צעשטיקלטע טאַטע־מאַמע. עמעצער האָט אים אַרויפגעהויבן אויף אַן אויטאָ, אויף אַ לאַסטאויטאָ. ער איז געלעגן ווי אַ באַטויבטער, געפאָרן אין דעם דאָזיקן לאַסטאויטאָ ער ווייסט אַליין נישט ווי לאַנג. דערנאָך האָט ער זיך אַראָפּגעגליטשט פונעם אויטאָ. ער האָט וויטער נישט געוואָלט פאָרן. ער האָט געוואָלט גיין צוריק, צו זיינע אומגעקומענע טאַטע־מאַמע, ער האָט געוואָלט גיין צו פוס.

און איצטער זיצט ער דאָ, אין פּאַריז, ביי אַ טיש, אויף וועלכן עס שטייען צוויי לייכטערס מיט אָנגעצונדענע ליכט. נאָך וואָס ברענען ליכט אין אַ שטוב, וווּ עס איז סיי ווי ליכטיק? די עלקטריע ברענט, טאָ צו וואָס דאַרף מען ליכט?

וואָלט ער זיך בישט געשעמט, וואָלט ער זי געפרעגט, אָנקל דניאלס מאַמען. ער קאָן נישט פאַרטראָגן זאַכן, וואָס ער פאַרשטייט נישט. פון תמיד אָן אַזוי. אין קלאַס איז אויך אַזוי געווען. דער „פרעגער" האָט מען אים גערופן.

איצטער אָבער פרעגט ער נישט. ער פרעגט גאָרנישט. ער איז נישט ביי זיך אין דער היים. ער טראַכט וועגן אָנקל דניאל. ווי גוט ער איז צו אים געווען! זיין מאַמע, קוקט אויס, איז אויך אַזאַ גוטע ווי ער. ער איז צופרידן, וואָס ער האָט איר געבראַכט צו טראָגן אַ בריוו פון איר זון, און אויך דערמיט, וואָס ער האָט געבראַכט דעם העפט מיט די וויכטיקע כּידות. ער מעג זיין שטאָלץ מיט זיך. ער טויג זיך אויס. זיינע קלאַס־חברים וואָלטן פון אים שטאַרק געהאַלטן ווען זיי וואָלטן זיך דערוווּסט, וואָס אַזוינס ער האָט אויפגעטאָן. ווו זענען זיי אָבער איצט, זיינע חברים? זיי זענען אַלע זיך צעלאָפן פון דעם שטעטל. צו ערשט איז מען געגאַנגען צוזאַמען, דערנאָך האָט זיך יעדערער פאַרנומען מיט אַן אַנדער וועג. זענען זייערע טאַטע־מאַמע אויך?...

און ווידער פאַרווילט זיך אים וויינען. יוכבד זעט, ווי ס׳פאַרקרימט זיך ביי אים דאָס פּנים און ווי די אייגעלעך זיינע נעמען ווערן קלענער.

— וויין נישט, וויין נישט, יינגעלע! — באַמיט זי זיך ווידער אים צו טרייסטן, כאָטש זי ווייסט, אַז ס׳איז נישטאָ פאַראַן קיין טרייסט פאַר אַ קינד, וואָס פאַרלירט טאַטע־מאַמע אויף איין מאָל, פּונקט ווי עס איז נישט פאַראַן קיין טרייסט פאַר אַ מאַמע, וואָס פאַרלירט איר זון אומגעריכטערהייט.

יוכבד דערמאָנט זיך אין הירשקען. אַ פרייטיק צו נאַכטס איז דאָס געווען, אויך פרייטיק צו נאַכטס. פאַר וואָס? גאָט אין הימל? יוכבד ווייסט, אַז ס׳איז אומזיסט דאָס פרעגן. אויף אַזעלכע פראַגעס זענען קיין ענטפערס נישטאָ. און דאָך... גאָט אין הימל, פאַר וואָס?

## קאַפּיטל 31

דעם פרייטיק צו נאַכטס איז צו די גראַסמאַנס זיך צוזאַמענגעקומען די גאַנצע משפחה זייערע, און אַ טייל אַפילו פון פנחס שטיינס משפחה. ביים עסטיש האָט נישט געקלעקט קיין אָרט פאַר אַלעמען און מען האָט געמוזט אַריבערברענגען דעם קיכטיש, כדי אַלע זאָלן קאָנען זיך זעצן, און דאָס אויך — אין ענגשאַפט.

די סענסאַציע איז, פאַרשטייט זיך, געווען פיעראָ. קיינער האָט זיך אויף אים נישט געריכט, קיינעם האָט זיך נישט געוואָלט גלייבן, אַז ער איז געקומען אומגעריכטערהייט.

מען האָט אים גענומען אויספרעגן, ווי עס האָט אויסגעזען דונקערק, און וואָס אָנקל דניאל פלעגט זאָגן. מען האָט פאַרגעסן, אַז ער איז אַ קליין יינגל, מען האָט פאַרלאַנגט פון אים שיר נישט אַ מיליטערישן באַריכט. פאַר וואָס האָבן די פראַנצויזן פאַרלוירן די שלאַכט? ווי האָבן די ענגלענדער זיך געפירט, און וואָס האָבן די פראַנצויזישע סאָלדאַטן אויף דעם געזאָגט? זענען טאַקע נישט געווען גענוג שיפן פאַר אַלעמען? און די דייטשן, די „פרידאָלענס", ווי זענען זיי אויס? ווי אַזוי האָבן זיי זיך באַצויגן צו די געפאַנגענע? וואָס מיינט ער, פיעראָ? איז טאַקע שוין פאַר די פראַנצויזן די מלחמה אַ פאַרשפילטע?

האָט מען נישט געזען, אַז ער איז אַ יינגל, וואָס ווי קלוג ער זאָל נישט זיין, קאָן ער דאָך זיך נישט פונאַנדערקלייבן אין מלחמה? פון וואַנען זאָל ער וויסן, ווי די מלחמה וועט זיך ענדיקן?

אָבער מען האָט געפרעגט מער זיך, ווי אים, און מען האָט זיך גופא געענטפערט, ווי עס האָט זיך געלאָזט, און דער סך־הכל פון אַלע ענטפערס איז געווען אַ טרויעריקער ביז גאָר. ס'איז געווען קלאָר, אַז די פראַנצויזן האָבן די מלחמה פאַרשפילט. מען דאַרף בלויז אָנקוקן דניאלס שליח, דעם יתום פיעראָ, כדי צו וויסן, אַז די מלחמה איז פאַרשפילט, כאָטש, צוריק־געשמועסט, איז דאָס אַ קנאַפּער באַווייז, וואָרעם וואָס פאַר אַ שייכות האָט איינס מיטן צווייטן?

שאַרלאָט מיינט, אַז איינס האָט יאָ אַ שייכות מיטן צווייטן. איבעריקנס,

איר אינטערעסירט דניאלס טאָגבוך. זי וויל לייענען, וואָס דניאל האָט אין די מלחמה־טעג אַריינגעשריבן אינעם טאָגבוך. אויסצוגן פון זיין טאָגבוך האָט ער אין זיינע בריוו ציטירט, אָבער די דיאַלאָגן, וואָס ער האָט מיט איר געפירט אין זיין טאָגבוך, האָט ער אין די בריוו צו איר נישט איבערגעשריבן.

זי פרייט זיך, וואָס זי איז היינט געקומען. נישט געקוקט אויף דעם וואָס אויפן פאָדערשטן זייטל פונעם העפט האָט דניאל אויפגעשריבן איר נאָמען, און צו איר האָט ער אַדרעסירט זיין טאָגבוך, קאָן זיין, אַז זיין שוועסטער און זיין קוזינע וואָלטן איצט אַריינגעקוקט אין אים און געלייענט אַזעלכע שטעלן, וואָס געהערן בלויז איר אַליין.

זי מישט זיך כמעט נישט אַריין אין די „מיליטערישע" געשפּרעכן, וואָס ווערן געפירטביים טיש כמעט בלויז אין פראַנצויזיש. פון צייט צו צייט ווערן אַריינגעפלאָכטן יידישע זאַצן, כדי אויך יוכבד, וואָס איז נישט קיין גרויסע קענערין פון פראַנצויזיש, זאָל פאַרשטיין וועגן וואָס עס ווערט גערעדט. קיין גרויסע פאַרשטענדעניש פאַר פּאָליטיק האָט יוכבד סיי ווי נישט. די אַנדערע ביי איר שבת־טיש, זענען מסתמא אויך נישט קיין גרויסע ספּעציאַליסטן אין די ענינים, כאָטש זיי מאַכן דעם אָנשטעל, אַז זיי ווייסן וואָס מען טראַכט אין דער פראַנצויזישער רעגירונג, ווען און ווו די נאָענטסטע קעגן־אָפענסיווע וועט זיך אָנהייבן, אויף וועלכן פראָנט, און ווי לאַנג זי וועט דויערן. זיי מאַכן דעם אָנשטעל... אָבער זיי זענען פאַרט יינגער און געלערנטער פון דער אַלטער יוכבד סיי אין פראַנצויזיש, סיי אין אַנדערע זאַכן. זיי זענען געגאַנגען אין די פראַנצויזישע קלאַסן. דעם לעצטן ביסן האָט יוכבד אָפּגעשפּאָרט, אַבי די קינדער זאָלן לערנען, אַבי זיי זאָלן נישט זיין אַזוי ווי זי...

— אוי, גאָטעניו! — טוט יוכבד אַ זיפץ. זי דערמאָנט זיך אין דניאל, וואָס איז פאַרשלעפּט געוואָרן דורך די דייטשן אין געפאַנגענשאַפט, ווי דער קליינער פּיעראָ האָט דערציילט. ווי קומט אַ קריסטלעך יינגל צו זיצן ביי איר שבת־טיש פרייטיק צו נאַכטס?

זי קוקט אויף אים, יוכבד, זי גלייבט נישט אירע אייגענע אויגן. אַן

אומבאַקאַנט קריסטלעך ייִנגל פון אַ ווייט פראַנצויזיש שטעטל זיצט דאָ און עסט געפילטע פיש מיט כריין...

אַ גרוס האָט ער איר געבראַכט פון דניאלן, אַ לעבעדיקן גרוס... אַ ווייל ייִנגעלע... נעבעך, אַן אומגליק האָט אים געטראָפן. פאַריתומט איז ער געבליבן, און ער איז דאָך נאָך גאָר אַ קינד. דניאל בעט איר אין זיין בריוול, זי זאָל זיך אָננעמען פאַר אים, זי זאָל זיין פאַר אים ווי אַ מאַמע. ווי אַזוי אָבער? ווי קאָן יוכבד ביים בעסטן ווילן אָפּילו ווערן אויף דער עלטער פון דאָס ניי אַ מאַמע, דערצו נאָך אַ מאַמע פון אַ נישט־ייִדישן, פון אַ נישט־געמלטן?

שאַרלאָט האָט איר מיט עטלעכע מינוט צוריק געזאָגט — אין ייִדיש, כדי פיעראָ זאָל זיך נישט כאַפּן — אַז עס זענען נישט פאַראַן קיין שווע־ריקייטן, וואָס שייך זיין שלאָפן און עסן. זי, שאַרלאָט, נעמט אים צו זיך, זי אַדאָפּטירט אים.

ווו ווועט זי אים האַלטן? האָט יוכבד זי געפרעגט, אַ ייִנגל מוז דאָך גיין אין שול, מען דאַרף זיך דאָך מיט אים פאַרנעמען. זי וועט דאָך אים נישט ברענגען צו אירע עלטערן, און צו איר זיידן, ר׳ פנחסן — אוודאי נישט.

— נישקשה — האָט איר שאַרלאָט געענטפערט — ער וועט וווינען צוזאַמען מיט מיר אין דניאלס סטודיאָ־צימערל. פאַראַן דאָרט צוויי בעטן. און וואָס שייך דער שול, וועט מען זען... איצט הענגט דאָך סיי ווי אַלץ אין דער לופטן. אַז די לאַגע וועט זיך סטאַביליזירן: מלחמה, וואָפנשטיל־שטאַנד, און אפשר גאָר שלום, וועט זי אויך פאַר אים געפינען אַן אויסוועג. זי וועט אים אַריינגעבן אין אַן אינטערנאַט. דאָס איז אַלץ.

אויך פערעלע מיט אירע קינדער זענען דאָ. שוין זייער לאַנג איז זי נישט געקומען אַהער אין אַ פרייטיק צו נאַכטס, כדי צו פאַרזוכן דער מאַמעס פיש, דעם צימעס, וואָס זי גרייט צו לכבוד יעדן שבת. ווער עס האָט נישט פאַרזוכט יוכבדס שבתדיקן צימעס, דער קען נישט דעם טעם פון מעדני מלכים... אָבער עס איז איר אויך נישט צו פאַרדענקען. זי וווינט ווייט פון דאַנען, פערעלע, אין אַן אַנדער אַראָנדיסמאַן, אין נישט קיין ייִדישער געגנט.

פערעלע האָט יוכבדן היינט פאַרשאַפט אַזאַ גרויסע פרייד און זי איז

געקומען מיט אירע קינדערלעך פאַרזוכן דער מאַמעס פיש. ווי אַ סך אַנדערע פרויען, איז זי אויך פאַרבליבן אַליין. איר מאַן שלאָגט זיך קעגן היטלערן. אפשר איז ער שוין אויך אַ געפאַנגענער, נאָר מען ווייסט עס נישט.

יוכבד קוקט אויף פערעלען און זי שאָקלט מיט קאָפּ. עס קוקט אויס, ווי זי וואָלט באַדויערט איר טאָכטער, וואָס צו איר איז נישט געקומען אַ יינגל, אַ פּיעראָ, איר איבערגעבן אַ לעבעדיקן גרוס פון איר מאַן.

יאָסל באַמיט זיך צו פאַרבינדן אַ שמועס מיטן קליינעם פּיעראָ. קיין גרויסער פראַנצויזיש־קענער איז יאָסל נישט, כאָטש אים דוכט זיך, אַז ער קען פראַנצויזיש בעסער ווי אַ סך אַנדערע בעלווילער יידן. געלערנט די שפּראַך האָט ער קיין מאָל נישט, און פון גראַמאַטיק איז דאָך נישטאָ וואָס צו רעדן. ווער האָט דאָס געהאַט צייט און געדולד צו לערנען? פון דעסטוועגן האָט ער אַ מאָל צופעליק אַריינגעקוקט אין אַ פראַנצויזישער צייטונג און ער איז ממש איבערראַשט געוואָרן צו זען ווי גוט ער קריכט דורך אַ לאַנגן אַרטיקל און ווי ער פאַרשטייט, אויב נישט יעדעס וואָרט, איז ווייניקסטנס דעם אינהאַלט פונעם אַרטיקל. אָבער מיט אַ קינד איז דאָס צוזאַמענרעדן זיך שוין אַ סך שווערער.

פּיעראָ האָט געוווסט צו דערציילן — צום ווילפלטן מאָל שוין אין דעם דאָזיקן פרייטיק צו נאַכטס — ווי דניאל האָט אויסגעזען און וואָס ער האָט געזאָגט ביים געזעגענען זיך מיט אים. און דערציילט האָט ער אויך פון זיין שטעטל, ווי אַזוי אַלע האָבן פאַרן אַנקום פון די „פרידאָלענס״ פאַרלאָזט אַלץ, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, און גענומען לויפן ווי פון אַ שריפה ממש, אָדער ווי פון אַ פאַרפלייצונג. צוויי הינט האָבן זיי געהאַט אין שטוב, גרויסע הינט, יאַגדהינט, און איין קאַץ, אַ גרויע מיט ווייסע שטרייפן, מיטנעמען הינט און קעץ איז נישט געווען מעגלעך, האָט מען געמוזט זיי איבערלאָזן אויפן גאַס. די הינט זענען נאָכגעלאָפן, אַ שטיק וועגס נאָכגעלאָפן, ביז...

פּיעראָ קאָן נישט זאָגן, צי אויךביידע הינט זענען געטראָפן געוואָרן דורך דער זעלביקער באָמבע. נישט שוין זשע זענען זיי צוריקגעלאָפן, ביידע הינט, מחמת מורא פאַר די באָמבעס? ער האָט זיי אַזוי שטאַרק ליב געהאַט, די ביידע הינט זיינע! איינעם האָט מען גערופן זשוקי און דעם

צווייטן לוק. גוטע הינט זענען זיי געווען, די שענסטע אין שטעטל, נישט קיין בייזע. האָט מען זיי נישט געטשעפּעט, האָבן זיי אַפילו נישט אַ ביל געטאָן. דערפאַר אָבער ביי נאַכט? ווייַ און ווינד וואָלט געווען דעם גנב, וואָס וואָלט געפּרוווט זיך אַריינרייסן אין שטוב! אויף שטיקער וואָלטן זיי אים צעריסן. ווער ווייסט, פאַרענדיקט פּיעראָ, וואָס פון זיי איז איצט געוואָרן?

## קאַפּיטל 32

פון דעם ערשטן מאָמענט אָן, ווי פּיעראָ האָט זי דערזען, האָט ער זיך צוגעבונדן צו שאַרלאָט. ער איז מיט איר תיכף היימיש געוואָרן. ס'איז אים פאַרגעקומען, ווי ער וואָלט זי געהאַט געקענט ווער ווייסט פון ווי לאַנג.

אָבער נישט בלויז מיט איר, מיט אָנקל דניאלס כלה, פילט ער זיך ווי דורך משפחה־פעדעם פאַרבונדן, נאָר אויך מיט איר פאַמיליע, מיט איר טאַטע־מאַמע, מיט אירע אָנקלס און טאַנטעס, מיט איר זיידן און מיט איר באָבען, אַזוי גוט ווי מיט אָנקל דניאלס עלטערן, קרובים און סתם גוטע־פריינד.

פּיעראָ האָט זיך איינגעקוואַרטירט, אין איינעם מיט שאַרלאָט, אין אָנקל דניאלס סטודיאָ. אין שול גייט ער נישט, ווייל די זומער־פעריען שטייען שוין ביי דער טיר, און עס לוינט דעריבער נישט אָנצוהייבן איצט אַ ניי שוליאָר. און היות ווי זי, שאַרלאָט, קאָן נישט בלייבן מיט אים אַ גאַנצן טאָג, וואַנדערט ער אַרום פון איין פאַמיליע צו דער צווייטער, פון די גראָסמאַנס צו די שטיינס, אָפט מאָל אויך צו איינער פון די אָפּצווייגן פון די דאָזיקע ביידע ענג פאַרבונדענע משפחות. יעדע נאַכט כמעט שלאָפט ער אין אַ צווייטן אָרט, אין ערגעץ אָבער פילט ער זיך נישט פרעמד.

צום ווייניקסטנס פרעמד פילט זיך פּיעראָ ביי די גראָסמאַנס אין שטוב, ביי יוכבדן, כאָטש ער קאָן נישט מיט איר רעכט זיך צונויפרעדן. זי פאַר־שטייט נישט וואָס ער רעדט און ער באַגרייפט נישט וואָס זי זאָגט.

פון דעסטוועגן שטערט דאָס נישט, אַז מחוץ די גרענעצן פון דער

גערעדטער שפּראַך זאָל זיך איינשטעלן אַ געוויסע פאַרשטענדעניש צווישן דעם פראַנצויזישן יתום און דער יידישער משפחה. כאָטש, וואָס פאַרשטייט פּיעראָ פון דעם, וואָס עס קומט פאָר בעת די לעצטע דראַמאַטישע געשעענישן — אויף די פונאַנדערגעריסענע פראַנצויזישע פראָנטן, אין די געמיטער פון זיינע גאַסטגעבער? און וואָס פאַרשטייען די גראַסמאַנס און די שטיינס, וואָס עס קומט פאָר אין די געדאַנקען פון דעם פאַריתומטן פּיעראָ, וואָס איז אַזוי אומגעריכטערהייט אַריינגעפאַלן אין זייער סביבה?

מיטן ריינעם שכל — קנאַפּ וואָס; אָבער כדי צו באַגרייפן עפּעס וואָס, פאַרמאָגט נאָך אַ מענטש חוץ אַ מוח, אויך אַ האַרץ; דאָרט, וווהין דער שכל איז נישט ביכולת זיך צו דערשלאָגן, קאָן אים אַוועקפירן די אינטואיציע. בפרט נאָך אין אַזאַ צייט, ווען דער באָדן אונטער די פיס וואַקלט זיך, און אַלע טראַכטן בלויז פון איין זאַך: ווי אַזוי אויסצומיידן די דייטשע אינוואַזיע. אייגנטלעך, האָט די דייטשע אינוואַזיע זיך שוין אָנגעהויבן מיט עטלעכע וואָכן צוריק. אַלע פראָנטן זענען דורכגעבראָכן. נאָך אַ טאָג, נאָך אַ טאָג, און די דייטשן וועלן אַריינמאַרשירן קיין פּאַריז.

וואָס וועט דאַן זיין? וועט נאָך זיין צייט צו אַנטלויפן, אָדער גאַנץ פראַנקרייך וועט אַריינפאַלן צו די נאַציס אין געפאַנגענשאַפט?

און אפשר?... גנבעט זיך אַריין אין די מוחות אַ מחשבהלע, אפשר וועט דאָך געשען אַ נס און מען וועט דאָך קאָנען פאַרבלייבן אין פּאַריז. עמעצער האָט אַרויסגעזאָגט אַ סברה, אַז ווען אַפילו גאַנצע אַרמייען צעפאַלן זיך אָדער ווערן גענומען אין געפאַנגענשאַפט — ווי דאָס איז געשען אויף די שלאַכטפעלדער פון דעם מויזע־טייך, פון בעלגיע און פון דונקערק — איז נאָך נישט אַלץ פאַרלוירן אַזוי לאַנג, ווי די ציווילע באַפעלקערונג רירט זיך נישט פון אָרט און רופט נישט אַרויס קיין פּאַניק. אָבער ווי נאָר די באַפעלקערונג נעמט לויפן און לאָזט איבער אירע פעלדער און וועלדער, אירע הייזער און ברייזער, אַזוי ווערט אויסגעלאָשן יעדער פונק פון האָפענונג צו זיגן.

הונדערט צען טויזנט פראַנצויזן, האָט מען געלייענט אין די צייטונגען, זענען עוואַקויִרט געוואָרן פון צפון־פראַנקרייך. אין דער דאָזיקער צאָל

פיגורירן אויך פיעראָס עלטערן און צענדליקער אַנדערע פאַמיליעס, וואָס זענען צעשמעטערט געוואָרן אויפֿן וועג דורך די דייטשע שטוקאַס.

הייסט עס, אַז טאָמער איז וועמען באַשערט אומצוקומען, קאָן דער טויט אים אָניאָגן אויפֿן וועג. להיפך, נעמענדיק אין באַטראַכט די טאַקטיק פֿון די דייטשע חיילות צו טעראָריזירן און אַריינצוטרייבן אין אַ פּאַניק־צושטאַנד דווקא די ציוויל־באַפעלקערונג, איז מען אויף די שאָסייען און אויף די וועגן אין אַ גרעסערער געפֿאַר ווי אין דער היים, ווי אין פּאַריז.

ווער האָט אויסגעטראַכט, אַז פּאַניק איז בלויז די פּאַניק ביי אַ באַ־פעלקערונג, וואָס לויפֿט, נישט וויסנדיק וווהין? פֿאַראַן אַנדערע פֿאָרמען פֿון פּאַניק. עס טרעפֿט, מען וויל אַנטלויפֿן און מען בלייבט שטיין אויף אַן אָרט, ווי פּאַראַליזירט, געליימט, אָדער מען וויל בלייבן זיצן, נאָר פֿון ערגעץ ווו קומט אָן אַן אומבאַקאַנטער, געוואַלטיקער כּוח און רייסט אַרויס די מענטשן פֿון זייערע ווינקעלעך, צעשליידערט זיי איבער וועגן און שטעגן: „ראַטעוועט זיך! לויפֿט, כאָטש קיינער טרייבט אייך נישט! לויפֿט אָניאָגן אייער טויט! יאָגט אים נאָך ביז איר וועט אים כאַפּן!"

עס טרעפֿט אויך, אַז מען פֿאַלט אַריין אין אַזאַ מין פּאַניק־שטימונג, פֿון וועלכער מען קאָן בכלל נישט אַרויסראַטעווען זיך, זי ליימט ביי די מענטשן הענט און פֿיס, כּדי זיי זאָלן נישט קאָנען אַנטלויפֿן, אין דער זעלבער צייט יאָגט זי אין זיי אַריין אַ ווילדן פֿאַרלאַנג איבערצולאָזן האַק און פּאַק און צו לויפֿן וווהין די אויגן טראָגן. עס דוכט זיך זיי, אַז די ערד ברענט אונטער זייערע פֿיס. אַ דאָפּלטע ראָלע שפּילט די דאָזיקע פּאַניק־שטימונג, און גרויס איז די צאָל פֿון די קרבנות, וואָס זי איז גורם.

יאָ לויפֿן אָדער נישט לויפֿן? דערווייל, ביז וואָס־ווען, פּאַקט מען זיך. סיי די, וואָס ווילן זיך ראַטעווען דורכן אַנטלויפֿן, און סיי די, וואָס ווייסן גאַנץ גוט, אַז דערמיט וועלן זיי נישט בלויז נישט קאָנען אויפֿהאַלטן די דייטשע אינוואַזיע, נאָר פֿאַרקערט, דערמיט וועלן זיי זי נאָך מער פֿאַר־שטאַרקן, און דערצו נאָך וועלן זיי פֿאַרגרעסערן די געפֿאַר פֿאַר זייער אייגענעם לעבן.

אַלע, הייסט עס, פּאַקן זיך, כאָטש זיי ווייסן, אַז ביי די גינסטיקסטע

באַדינגונגען אַפילו, וועלן זיי אויך נישט באַווייזן אַלץ מיטצונעמען. אין דער לעצטער מינוט וועלן זיי, אין בעסטן פאַל, נעמען בלויז דאָס האַנט־געפעק און דאָס איבעריקע וועלן זיי איבערלאָזן אויף גאָטס באַראָט. אַלע פּאַקן זיך, כאָטש נישט אַלע האָפן, אַז אין דער לעצטער מינוט וועט זיי געלינגען צו קריגן אַ פּלאַץ אין אַן אויטאָ אָדער אין אַ וואָגן. אין דער לעצטער מינוט, ווייל כדי צו פאָרן באַצייטנס, דאַרף מען האָבן אַ סך באַשליס־פעיִקייט און אפשר אויך אַ שפּאָר ביסל פאַרשטעלונג־קראַפט, און דאָס איז בנמצא בלויז ביי זייער אַ קליינער צאָל מענטשן.

אַזוי אַרום האָט די פּאַניק־שטימונג אין די ערשטע טעג פון חודש יוני 1940 געהאַט אַ לייכטן צוטריט צו יעדן פראַנצויזישן ייד און נאָך מער — צו די איינגעוואַנדערטע יידן.

דערווייל הערט מען, וואָס מען זאָגט אין ראַדיאָ צו דעם מצב אויף די פראָנטן. נישט די נייעס, וואָס מען קריגט צו הערן אין דער פאָרעם פון טעלעגראַמעס און פראָנט־באַריכטן, און נישט די אָפּשאַצונגען פונעם פּאָליטישן און מיליטערישן מצב אין אייראָפּע, זענען אין שטאַנד אָפּצושוואַכן די פּאַניק־שטימונג. מען ווייסט, אַז פון יעדן פראַנצויזיש־אָפיציעלן באַריכט, ווי פּעסימיסטיש ער זאָל נישט אויסזען אין זיין שילדערונג פון דעם מצב, איז די ווירקלעכקייט אַ סך טרויעריקער און פינצטערער. פון דעסטוועגן האָפט מען, אַז אין דעם באַריכט איז פאַראַן אַ ביסל אמת און אַז דער מצב איז פאָרט נישט אַזאַ אויסזיכטלאָזער, ווי עס וואָלט געקאָנט זיך דוכטן.

די, וואָס פאַרשטייען דייטש און זיי הערן זיך צו צום דייטשן ראַדיאָ, שעפּן נישט קיין נחת פון די ידיעות. לויטן דייטשן ראַדיאָ האָבן די נאַציס שוין איינגענומען כמעט גאַנץ אייראָפּע, און דאָס ביסעלע, וואָס זיי פעלט נאָך כדי זיי זאָלן קאָנען אומגעשטערט איינפירן אין גאַנץ אייראָפּע די דייטשע אָרדענונג, לוינט זיך נישט צו דערמאָנען אַפילו. ס'איז בלויז אַ פראַגע פון עטלעכע וואָכן, העכסטנס, פון עטלעכע געציילטע חדשים.

דאָס האַרץ פּראָטעסטירט קעגן אַזאַ בשורה רעה, מען וויל זיך גופא איינרעדן, אַז ס'איז שקר וכזב, ס'איז נישט אמת, אַז די דייטשן האָבן שוין געזיגט אויף דער גאַנצער ליניע, אָבער וואָס זאָל מען טאָן, אַז די

פאַקטן, אויף ווי ווייט מען קאָן זיי קאָנטראָלירן, וועלן, צום באַדויערן, פון קיינעם נישט אָפּגעלייקנט ווערן.

ס'איז דער פינפטער יוני. ווי אַלע טאָג פאָרן גיין צו דער אַרבעט, הערן די יידן, וואָס פאַרשטייען דייטש, דעם דייטשן ראַדיאָ. גרויס איז זייער צאָל אין פאַריז, דער עיקר אין דער בעלווילער געגנט, אין דעם מאָנמאַרטר־קוואַרטאַל, אויפן אַזוי גערופענעם „פלעצל" און אַרום דעם באַסטיליע־פּלאַץ. זיי באַקומען זייער טעגלעכע ביטערע פּאַרציע דייטשע נייעס.

היינט הערן זיי דעם פּירער גופא ריטשען אין ראַדיאָ. ער זאָגט אָן דער וועלט, אַז היינט הייבט זיך אָן דער צווייטער גרויסער אָנגריף פון די דייטשע חיילות מיט באַנייטע כוחות און מיט כלי־זיין, וואָס די וועלט האָט נאָך ביז איצט נישט געזען.

אַ ביסל שפּעטער, דאָס מאָל אין דער עמיסיע פון פראַנצויזישן ראַדיאָ, הערט מען אַן אויפרוף פונעם גענעראַל ווייגאַן, וואָס קלינגט ווי ער וואָלט געווען אַ מין ענטפער אויף היטלערס בייזן אָנזאָג:

„זאָל אייער געדאַנק וועגן פאַרוווּנדעטן פאָטערלאַנד אייך שטאַרקן, צוגעבן מוט און אַריינגיסן אין אייך דעם רצון צו פאַרטיידיקן ביז צום סאַמע סוף די פּאָזיציעס. אויף וועלכע איר געפינט זיך ביים היינטיקן טאָג. דער גורל פון אונדזער פאָטערלאַנד און די צוקונפט פון אונדזערע קינדער הענגען אָפּ פון אייער אויסדויער!".

אויסהערנדיק דעם דאָזיקן אויפרוף האָבן אַ סך פראַנצויזן און יידן פרייער אָפּגעאָטעמט. זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז עס זענען נאָך פאַראַן פּאָזיציעס, וואָס גענעראַל ווייגאַן בעט זיינע סאָלדאַטן זיי זאָלן פאַרטיידיקן. איז אויב אַזוי נאָך נישט אַלץ פאַרלוירן, מעג מען דאָך ווייטער האָפן און זיך ריכטן אויף אַ נס.

נאָר אָט לאָזט זיך פון דעם ביסעלע טרייסט, וואָס מען האָט געשעפּט אין ווייגאַנס אויפרוף, ווידער אויס אַ בוידעם. די פּאָזיציעס, זאָגן די, וואָס קאָנפראָנטירן די איבערגעגעבענע פראָנט־באַריכטן מיט דער לאַנדקאַרטע, זענען שוין אָפּגעשניטענע, און ווו די נייע פּאָזיציעס, די פראַנצויזישע, געפינען זיך, ווייסט איין גאָט. מיט פיר טעג שפּעטער, דעם 9טן יוני,

הערט מען, אַז דער שטורעם האָט זיך איבערגעטראָגן מזרח צו, ביים טייך ען.

ווידער ווענדט זיך גענעראַל ווייגאַן צו דער פראַנצויזישער אַרמיי. ער זאָגט אָט וואָס:

„דער אָנגריף פון דעם שונא האָט זיך אויסגעברייטערט אויף אַלע פראָנטן. יעדער סאָלדאַט מוז זיך איצט שלאָגן מיט דער גרעסטער אָנט־שלאָסנקייט און טאָר נישט אָנהייבן טראַכטן אפילו, אַז עס איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט צוריקצוטרעטן. דער שונא האָט געהאַט גוואַלטיקע פאַרלוסטן. באַלד וועט ער שוין מער נישט האָבן קיין כוח צו מאַכן זיין לעצטע אָנשטרענגונג. ס'איז דאָס לעצטע פערטל שעה. האַלט אויס!".

אָבער דאָס מאָל ווערט קיינער נישט מער געטרייסט. ס'איז אמת, אַז מען האַלט שוין ביים לעצטן פערטל שעה, אָבער נישט אויפן פראָנט, נאָר אין פאַריז. זינט אַ וואָך ווערט די באַוועגונג אויף די וועגן וואָס פירן פון פאַריז צו דרום צו, אַלץ מער און מער פאַרלייגט, אַזוי, אַז היינט־מאָרגן וועט מען שוין מער נישט קאָנען זיך דורכרייסן. אינעם ליאָנער וואָקזאַל איז אויך אוממעגלעך אַרייַנצוקומען און אַלע בילעטן קיין דרום־פראַנקרייך זענען שוין מיט אַ וואָך צוריק אויספאַרקויפט געוואָרן.

יאָ, ביי דעם לעצטן פערטל שעה האַלט מען שוין. מען מוז זיך צואיילן. מאָרגן קאָן שוין זיין צו שפּעט און מען וועט מער נישט קאָנען זיך אַרויס־רייסן. פאַריז וועט ווערן אַ פאַסטקע.

אָבער גראָד די דאָזיקע פאַנישע שרעק איז די סיבה פאַר וואָס אַ סך פאַריזער יידן זענען ביז איצט געבליבן זיצן אויף זייערע פעקלעך און האָבן נישט געקאָנט באַשליסן צו פאַרלאָזן זייערע היימען. וועלן זיי כאָטש איצט, אין דעם לעצטן פערטל שעה, באַשליסן זיך צו לאָזן אין וועג אַריין?

יאָ, די שרעק פאַר די דייטשן וועט געוויס זיי אַלעמען אָנכאַפּן פאַר די האָר און זיי אַרויסיאָגן פון זייערע היימען. דאָס גאַנצע יידישע פאַריז, וועט זיך לאָזן אין וועג אַריין!

## קאַפּיטל 33

דינסטיק איז דאָס געווען. מיטן שפּראָץ פון טאָג האָט בליץ־שנעל איבער גאַנץ פּאַריז זיך פונאַנדערגעטראָגן די ידיעה, אַז די שטאָט ברענט.

אין מלחמה־צייט, ווען מען ריכט זיך אויף אַ שריפה, און ווער שמועסט נאָך, אַז עס רעדט זיך וועגן אַ שריפה אין אַזאַ מין ריזנשטאָט ווי פּאַריז, איז גענוג אַפילו אַז אַ קליין קינד זאָל זיך אַרויסכאַפּן מיט אַ געוויין „פייער!”, מען זאָל אָנהייבן צו לויפן זיך ראַטעווען. קיינער פרעגט נישט ווו עס ברענט. שרייט מען, אַז „עס ברענט”, איז עס מסתמא אמת, און מען לויפט.

צוואַנציק שטאָט־פערטלען זענען פאַראַן אין פּאַריז, צוואַנציק אַראָנדיס־מאַנען. און צוואַנציקערליי פּאַניק־שטימונגען האָבן זיך דעם דאָזיקן טאָג, דעם צענטן יוני 1940, מאַניפעסטירט אין פּאַריז. אין די אַלע צוואַנציק שטאָט־פערטלען האָט נישט געוווינט קיין איינהייטלעכע באַפעלקערונג. נישט בלויז סאָציאַל, נאָר אַפילו עטניש זענען די איינוווינער פון דעם אָדער יענעם שטאָט־פערטל נישט געווען פון איין טייג געקנאָטן.

די יידן, צום ביישפּיל, זענען געווען צעזייט און צעשפּרייט איבער גאַנץ פּאַריז, כאָטש אין זייער גרויסער מערהייט האָבן די פון די מזרח־איראָפּעיִשע לענער איינגעוואַנדערטע יידן געלעבט אין קאָמפּאַקטע מאַסן אויפן פּלעצל, אַרום דעם באַסטיליע־פּלאַץ, אויפן בעלוויל און אויפן מאָנ־מאַרטר.

וואָס זשע איז אַ וווּנדער אויב צווישן אָט די אַלע פּאַריזער „נשרפים” האָבן די יידן, און קודם־כל — די איינגעוואַנדערטע יידיש־ אָדער דייטש־רעדנדיקע יידן־פּליטים, פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט?

אָבער כדי צו קאָנען לויפן ווי געהעריק מוז מען זיין אויסגעשטאַט נישט בלויז מיט אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס, נאָר אויך מיט אַ ביסל געלט אין קעשענע, און געלט מזומן פאַרמאָגן אפשר די יידן פון פּלעצל, אפשר אויך די יידן פונעם מאָנמאַרטר, אָבער נישט די יידן פונעם בעלוויל. האָבן טאַקע די לויפערס־יידן דער עיקר געשטאַמט פונעם פּלעצל און פונעם מאָנמאַרטר.

דער צענטער יוני 1940 איז געקומען אַזוי אומדערוואַרט, כאָטש אַלע האָבן זיך, זינט וואָכן, אויף אים געריכט, אַז יאָסל גראָסמאַן פון בעלוויל האָט נישט באַוויזן זיך צו האַלטן אַן עצה :ווי געהעריק מיט ר׳ פּנחס שטיין און מיט זיין משפּחה. אויב שוין לויפן, פאַר וואָס נישט אַלע צוזאַמען ? פאַר וואָס נישט פאָרן קיין דרום־פראַנקרייך אין איינעם ?

מען האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז עס קאָן קומען אַ מאָמענט ווען ס׳וועט שווער זיין צו געפינען אַ פּלאַץ אויף דער באַן אָדער, אין ערגסטן פאַל, אין אַ לאָסטאויטאָ, וואָס זאָל צופירן צו עפּעס אַ באַן־סטאַציע. אַזוי האָט מען פּלאַנירט אין יאָסלס און ר׳ פּנחסעס משפּחות. אָבער דער דאָזיקער פּלאַן איז נישט געווען דורכגעטראַכט פון אָנהייב ביזן סוף. נישט יאָסל, נישט ר׳ פּנחס, האָבן פון דעם פּראָיעקט געוווּסט. און איצט, ווען ס׳איז אַזוי אומגעריכטערהייט געקומען די בהלה און דער מצב איז געוואָרן אַזוי ערנסט, איז שוין מער נישט געווען קיין צייט צו קאָנען זיך אַריינטראַכטן אין דעם דאָזיקן פּלאַן.

אָבער נישט געקוקט אויף דעם, וואָס דער דאָזיקער 10טער יוני איז געקומען, ווי שוין דערמאָנט, אַזוי אומגעריכטערהייט, האָט מען שטילערהייט, און עפּעס ווי רעזיגנירט, זיך דאָך געגרייט צו אים זינט דעם מיטן פון דער פאַרגאַנגענער וואָך.

אין די לעצטע צוויי טעג האָט מען זיך געפּאַקט. האַלב פּאַריז האָט זיך געפּאַקט אין וועג אַריין. אין משך פון אָט די ביידע טעג האָבן מענטשן זיך דערוווּסט עפּעס אַזוינס, וואָס אין שלום־צייט, אַפילו ווען מען קלייבט זיך צו פאָרן ווייט און אויף לאַנג, קאָן מען נישט וויסן. זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז פּאַקן זיך איז נישט אַזוי לייכט און אַז דער מין מענטש, וואָס ווייסט אויף זיכער אין אַזאַ צייט וואָס צו פּאַקן און ווי צו פּאַקן, עקזיסטירט אפשר בכלל נישט אין דער וועלט.

## קאַפּיטל 34

אין אַ צייט פון בהלה, ווען מען דאַרף לויפן פון אַ שרפה אָדער פון

אַ מגפה — וואָס איז בעסער? פאַרבלייבן איינער אַליין, אָדער פאַרקערט: האָבן אַ משפחה, פאַר וועלכער מען טראָגט אַחריות אויף טריט און שריט און במילא זיין געבונדן ביים אָננעמען אַ באַשלוס, ווייל מען ווייסט דאָך נישט אויף זיכער, וואָס ס'איז בעסער און וואָס ערגער.

צום תוך פון דער דאָזיקער פראַגע וואָגט קיינער נישט, דעם אמת געזאָגט, זיך צוצורירן, און ווייניקער ווי אַלע — יאָסל, וואָס האָט מסתמא איצט צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן זיך באַנומען ווי אַן אמתער „טאַטע פון אַ פאַמיליע" פון אים שטאַמט דער באַשלוס צו „לויפן", כאָטש ער האָט נישט „מיט וואָס" צו לויפן, ער האָט נישט קיין אָפּגעשפּאָרטע געלטער. ער האָט צוזאַמענגעשלעפּט אַ פּאָר פראַנק אויף צו קויפן פאַר זיך און פאַרן ווייב בילעטן, כדי צו פאָרן אַהין, אין דעם קליינעם שטעטעלע ביים ברעג ים, פון וואַנען דניאל און שאַרלאָט האָבן קוים־קוים באַוויזן צוריקצוקומען קיין פּאַריז ערב מלחמה, און צו פאַרבלייבן דאָרט אַ שטיקל צייט, ביז מען וועט צוריקשטופּן די דייטשן פון פראַנקרייך און מען וועט קאָנען זיך צוריקקערן אַהיים.

צוויי טעג איז ער געשטאַנען אויף דעם אויסטערליצער וואָקזאַל און האָט געהאָפט, אַז מען וועט צוריק עפענען די קאַסעס. ער איז אַ גרויסער עקשן, יאָסל, טאָמער נעמט ער זיך עפּעס וואָס אין קאָפּ אַריין — מוז ער זיינס אויספירן.

דאָס מאָל האָט ער נישט אויסגעפירט, דאָס איז נישט זיין שולד. ער האָט געטאָן אַלץ וואָס ער האָט געקאָנט.

איצט, ווען ער האָט שוין אָנגעהויבן זיך מייאש צו זיין פון זיין פּלאַן צו פאָרן צום ברעג ים, דאָרט ווו דניאל האָט געלאָזט שטיין זיין אויטאָ, וואָס ער האָט געהאַט באַקומען אַ מתנה פון זיין פאַבריק, האָט זיך געעפנט די טיר און דאָס פּאָרפאָלק בוימאַן איז אַריינגעקומען.

לאַנגע טענות ומענות זענען כלל נישט נייטיק געווען, אַז טאָכטער און איידעם זאָלן זיך דערוויסן אַז אויך היינט זענען די קאַסעס אויפן אויס־טערליצער וואָקזאַל געשלאָסן, און אַז וועגן פאָרן מיט דער באַן פאַר טאַטע־מאַמע קאָן גאָר קיין רייד נישט זיין. קיין גרויסער ישוב הדעת

צווישן האַנס און זיין פרוי איז אויך נישט נויטיק געווען, עס זאָל באַשלאָסן ווערן, אַז די צוויי בילעטן, וואָס זיי איז געלונגען צו קויפן נאָך איידער מען האָט די קאַסעס געשלאָסן, זאָלן זיי אָפּגעבן טאַטע־מאַמען און זיי וועלן שוין ווי נישט ווי זיך אַן עצה געבן. זיי וועלן אפשר געפינען אַ ווינקעלע אין אַ לאַסטאויטאָ אָדער אין לעצטן פאַל וועלן זיי גאָר גיין צו פוס. נישקשה, זיי וועלן נישט פאַרפאַלן ווערן.

יאָסל און יוכבד האָבן תחילת שטאַרק זיך געלאָזט בעטן. ניין און ניין!

— דאָס איז אַ צו גרויסער קרבן! — האָט יוכבד געטענהט — אויב גיין צו פוס, קאָנען מיר אויך...

— וואָס רעדסטו, מאַמעשי? — גיין צו פוס אין אַזאַ צייט? אויף אַזאַ וועג? אין אַזאַ וועטער?

— אַפילו אין אַן אַנדער צייט — מישט זיך אַריין האַנס נאָך דעם, ווי ער האָט די בילעטן אַנידערגעלייגט אויפן טיש — אויף אַן אַנדער וועג, איז אויך נישט פאַר אייך צו גיין צו פוס... מיר? מיר וועלן זיך שוין אַן עצה געבן. אָדער מיר וועלן פאָרן אין איינעם מיט פערעלען און מיט די קינדער, אָדער מיר וועלן פאָרן צוזאַמען מיט שאַרלאָטן און מיט פיעראָ.

— ניין, נעם צוריק צו דיינע בילעטן. נאָך גוט וואָס איך האָב זיך דערמאָנט... דו האָסט דערמאָנט דעם קליינעם פיעראָ, איז מיר גלייך אַרויפגעקומען אויפן געדאַנק דניאל. ניין, איך וועל נישט אַוועקפאָרן פון פּאַריז און איבערלאָזן שעפּסלען אין זייערע רוצחישע לאַפּעס, אין געפּאַנ־גענשאַפּט. בלייב איך דאָ, איז ווער ווייסט? אפשר אַ מאָל קאָן איך באַקומען אַ בריוועלע פון אים. טאָמער אָבער פאָרן מיר אַלע אַוועק פון דאַנען, וועט ער דאָך נישט וויסן ווו מיר זענען.

— אויך דאָרט — פּרוווט האַנס אַריינוואַרפן אַ וואָרט — דאָרט וווהין מיר פאָרן, וועט אָנקומען די פּאָסט. פאַראַן אַן אינטערנאַציאָנאַלער אָפּמאַך, לויט וועלכן די געפאַנגענע האָבן רעכט, ווייניקסטנס, איין מאָל אין אַ חודש, צו לאָזן וויסן זייערע עלטערן וועגן זיך און וועגן זייער געזונט.

— אָבער ער איז דאָך אַ ייד.

— אויך די יידישע געפאַנגענע סאָלדאַטן מוזן די נאַציס דערלויבן צו שרייבן זייערע עלטערן.

— הלוואַי, מיין קינד, הלוואַי זאָל דאָס אמת זיין!

## קאַפּיטל 35

פּאַריז ברענט... פּאַריז ברענט נישט... אַזוי צי אַזוי ברענט די פּאַריזער ערד אונטער די פיס פון די יידן, די דייטשן קומען! ווער עס קאָן לויפן, זאָל לויפן. גוט און וויל איז יאָסלען און יוכבדן, וואָס זיי האָבן אַזעלכע צוויי איבערגעגעבענע קינדער, בעלאַ און האַנס. זייער איידעם איז אפשר נאָך מער איבערגעגעבן, ווי זי, ווי זייער טאָכטער. ער האָט דאָך פאָרגעשלאָגן זיי אָפּצוטרעטן די בילעטן. אַזוי טראַכט יאָסל, שטייענדיק אויפן אויס־טערליצער וואָקזאַל צוזאַמען מיט זיין ווייב און מיט די פּעקלעך אין דער גרויסער ענגשאַפט.

אַ ים מיט מענטשן. ווי איז דאָס מעגלעך, אַז די אַלע מענטשן זאָלן קאָנען זיך דורכשטופּן צום צוג? ווי אַזוי קאָנען יאָסל און יוכבד גאָר חלומען צו זיין צווישן די גליקלעכע, צווישן די, וואָס זיי האָט זיך איינגעגעבן זיך צו ראַטעווען?

אַ ים מיט מענטשן! מען מוז זיך וווּנדערן וואָס דער טומל דאָ אויפן וואָקזאַל איז נישט נאָך גרעסער, נאָך שטאַרקער. און אפשר איז דער רעש שוין אַזוי גרויס, אַז ער קאָן גאָר שוין נישט ווערן גרעסער? נישטאָ מער קיין רוים פאַר אַ שטאַרקערן טומל. פון איצט אָן קאָן דער געוויש זיך אויסברייטערן, זיך פאַרגרעסערן בלויז אינעווייניק — אין יעדערנס האַרץ, אין זיין געמיט.

אָבער נישט יעדערנס האַרץ איז מסוגל אויפצונעמען אַבי וועלכן געוויש, אַבי וועלכן טומל. עס טרעפט, עס איז מוראדיק ליידיק אויפן האַרצן, שרעקלעך פּוסט אין דער נשמה און קיין איין טומלדיקער געדאַנק טרויט זיך נישט מער אַהין אַריינצודרינגען. אין אַזאַ מין צושטאַנד, קאָן

מען זאָגן, געפינט זיך דאָס רוב וואַרטנדיקע מענטשן אויף אַ וואָקזאַל אין אַ צייט פון בהלה און פון פּאַניק.

נישט יאָסל, נישט יוכבד גיבן זיך אָפּ אַ דין וחשבון פון דעם דאָזיקן הינערפלעט־צושטאַנד, אין וועלכן זיי געפינען זיך, אין איינעם מיט טויזנטער אַנדערע פּאַסאַזשירן אויפן אויסטערליצער וואָקזאַל. זיי שטייען, ווי אַלע אַנדערע, צעטומלטע, צעשראָקענע, טראַכטנדיק וועגן אַלץ מיט אַ מאָל און זיי ווייסן אייגנטלעך נישט קלאָר, וועגן וואָס זיי טראַכטן.

שוין צוויי שעה, ווי זיי שטייען אַזוי אויפן וואָקזאַל און, ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט קלינגען, פילן זיי אַפילו נישט קיין מידקייט און אומרו: „וואָס עס וועט זיין מיט אַלעמען, וועט זיין אויך מיט אונדז״ — נישקשה! עס וועט שוין רעכט ווערן... און טאָמער אַפילו נישט... וואָס קאָנען זיי מאַכן? וואָס קאָן ער, יאָסל, אויפטאָן? חרטה האָבן אויפן אַנטלויפן פון פּאַריז, ווען אויפן בעלוויל האָט ער אַ שטיקל אייגענע היים? ווען אים זאָל אפילו זיך פאַר־וועלן צוריקגיין צו זיך, וועט זיך אים דאָס אויך נישט איינגעבן. נישט פאָרויס, נישט צוריק. קיינער וועט אים נישט דורכלאָזן. איבעריקנס, זענען די טויערן פון דעם וואָקזאַל צוגעמאַכט, נישט אַריין, נישט אַרויס. נישטאָ וואָס צו רעדן, נישטאָ וואָס צו טראַכטן און וואָס צו קלערן...

אויך יוכבד ווייסט נישט וואָס צו טראַכטן, און זי וויל גאָרנישט אָנהייבן... זי ווייסט שוין, אַז טאָמער לאָזט זי צו צו זיך די מינדסטע זאָרג, קאָן זי זיך שוין מער פון איר נישט אָפּטשעפּען. איין דאגה ברענגט מיט מיט זיך אַ צווייטע. איז שוין גלייכער, טראַכט זי זיך, גאָרנישט נישט צו טראַכטן, נישט גוטס און נישט שלעכטס, סיי ווי קאָן מען גאָרנישט נישט צוטראַכטן.

ווו זענען זייערע קינדער? זייערע איידעמס, זייערע שניר? זייערע אייניקלעך? זייערע גוטע־פריינד און זייערע אַלע באַקאַנטע? ווו זענען זיי איצט? ווער פון זיי האָט זוכה געווען צו געפינען אַן אויטאָ, אַ לאַסט־אויטאָ כאָטש, און ווער, נעבעך, וועט מוזן זיך שלעפּן צו פוס?...

— וואָס האָבן מיר געטאָן, יאָסל? — צעיאָמערט זיך פּלוצלינג יוכבד — פאַר וואָס האָב איך דיך געהערט? פאַר וואָס זאָלן מיר פאָרן מיט דער באַן

און די קינדער אונדזערע זאָלן גיין צו פוס אין אַ צייט ווען די וועגן ווערן באַשאָסן דורך די דייטשן?

— מיר פאָרן נאָך נישט... האָסט נאָך נישט וואָס זיך צו זאָרגן... איך זע נאָך נישט אַז מיר זאָלן קאָנען זיך אַרויספּלאָנטערן פון דעם דאָזיקן קנויל, אַפילו עס זאָל געשען אַ נס און דער צוג זאָל טאַקע אָנקומען, אויף אַ צווייטער נס, מיר זאָלן אין אים געפינען אַ פּלאַץ...

זיי קוקן זיך אַרום. עס איז דאָך מעגלעך, אַז זיי וועלן אין דער דאָזיקער מאַסע זיך אָנשטויסן אויף באַקאַנטע פּנימער פון בעלוויל אָדער פון פּלעצל.

געוויס זענען דאָ פאַראַן באַקאַנטע. יאָסל ווינקט צו זיי. זיי ענטפערן נישט, זיי קוקן נישט אין זיין ריכטונג. אפשר איז דאָס אַ טעות. מענטשן אויף אַ וואָקזאַל, מענטשן אין אַ פּאַניק־שטימונג, מענטשן וואָס וואַרטן שוין עטלעכע שעה אויף אַ צוג, וואָס וויל נישט קומען, גלייכן זיך אויס איינער מיטן צווייטן, סוף־כל־סוף ווערן זיי ענלעך איינער צום אַנדערן: דער זעלביקער אומגעדולד אייפן פּנים, די זעלביקע אומזיכערקייט.

און אפשר מאַכן זיי זיך אַזוי, ווי זיי וואָלטן אים נישט דערקענט, ווי זיי וואָלטן פון אים נישט נישט געוואָלט וויסן? זיי האָבן זייערע אייגענע דאגות. יעדער יחיד טראַכט אין אַזאַ צייט נאָר וועגן זיך. נישטאָ מער קיין שכנים, קיין באַקאַנטע, און אַפילו נישט קיין גוטע־פריינד. יעדער איז פאַרטאָן מיט זיך אַליין.

פּלוצלינג טוט זיך די מענטשן־מאַסע אַ צעוויג, ווי אַ זאַנגענפעלד, וואָס ווערט באַפאַלן דורך צענדליקער קאָסעס. אַלע שטופּן זיך אין דער ריכטונג פון די באַנרעלסן.

דער צוג איז דאָ, די באַן איז אָנגעקומען. אָבער צי וועט מען זיך צו איר דערשלאָגן?

וואָלטן זיי נישט געווען באַלאָדן מיט זייער האַנטגעפּעק, יאָסל און יוכבד, וואָלטן זיי לייכטער זיך געריכט אויף אַן אָרט, אָבער עפּעס וואָס האָבן זיי דאָך געמוזט מיטנעמען. ווער ווייסט, צי מיטן אָפּגעבן זייערע וואַליזעס האָבן זיי דעם באַגאַזש זייערן נישט מפקיר געווען?

אין דער דאָזיקער שטופּעניש, וואָלטן אַוודאי נישט וויניק מענטשן צעטראָטן געוואָרן, ווען דער הילכער זאָגט נישט באַצייטנס אָן די בשורה טובה, אַז ס׳איז נישט פאַראַן קיין שום גרונט זיך צו שטופּן. די באַן־דירעקציע האָט געזאָרגט דערפאַר, עס זאָלן זיין גענוג וואַגאָנעס, אַז אַלע זאָלן קאָנען פאָרן, אַלע, וואָס האָבן בילעטן. נאָך דעם צוג וועט קומען אַ צווייטער, און נאָך אים אַ דריטער, ביז אַלע פּאַסאַזשירן וועלן אַוועקפאָרן.

און עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס איז אמת: אַלע האָבן פּלאַץ. יאָסל און יוכבד האָבן אַפילו זיצפּלעצער איינער לעבן דעם צווייטן. און עס דויערט נישט לאַנג, ווי דער צוג נעמט סאָפּען און בלאָזן פון זיך. קיינער קאָן מער נישט צווייפלען, אַז ער פאָרט אין דער אמתן.

דער וואַגאָן, אין וועלכן יאָסל מיט יוכבדן האָבן זיך באַזעצט, איז, ווי אַלע איבעריקע וואַגאָנעס, פול געפּאַקט. יאָסל האַלט אין איין שאָקלען מיטן קאָפּ, אין איין שמייכלען צו יוכבדן און צו זיך אַליין, ווי ער איז עס געוווינט צו טאָן איטלעך מאָל ווען ער וווּנדערט זיך איבער עפּעס.

ס׳איז טאַקע דאָ איבער וואָס זיך צו וווּנדערן. ווי איז דאָס מעגלעך געוועזן, זיי זאָל זיך איינגעבן, אין אַזאַ געדראַנג, נישט בלויז זיך צו דער־שלאָגן צו אַ וואַגאָן, נאָר אַפילו אויך צו זיצפּלעצער? און נאָך אַ נס איז, אַז דווקא אין דעם וואַגאָן־אָפּטייל, אין וועלכן ער און יוכבד זענען אַריינגעפאַלן, איז דאָס רוב פּאַסאַזשירן מאחינו בני ישראל. אַבי מען איז צווישן יידן, צווישן אייגענע, אַ שאָד בלויז, וואָס קיינער פון די יידן אין זיין וואַגאָן־אָפּטייל זענען נישט קיין בעלוויל־איינוווינער, אין די אַנדערע וואַגאָן־אָפּטיילן געפינען זיך אפשר יאָ בעלווילער יידן, וועט ער אַ ווילע שפּעטער אַ שפּאַציר טאָן איבער די אַנדערע וואַגאָן־אָפּטיילן. דאָרט וועט ער געוויס באַגעגענען באַקאַנטע פון בעלוויל.

אָבער איידער נאָך יאָסל באַוויזט אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם, איז ער שוין פאַרוויקלט אין אַ לאַנגן און ברייטן געשפּרעך, און דווקא אין יידיש. ער פאַרשפּאָרט אַפילו צו פרעגן זיין שכן פון וואַנען ער שטאַמט. פון דעם ערשטן וואָרט, וואָס דער ייד האָט אַרויסגערעדט, דרינגט אַרויס, אַז ער איז אַ געבוירענער אין לאָדזש. אויפגעוואַקסן אָבער איז ער אין וואַרשע.

נישט אויפן בעלוויל און אויך נישט אויפן פלעצל, נאָר אויפן מאָנמאַרטר וווינט ער.

עס ווייזט זיך באַלד אויך אַרויס, אַז דער דאָזיקער ייִד איז אַ שניידער אַ פּאַסאָניער, און אַז ער איז אַן אַלמן. זיין פרוי איז געשטאָרבן מיט אַ יאָר צוריק. אין קימפּעט איז זי געשטאָרבן, צוזאַמען מיט איר קינד, וואָס איז געווען אַ פריגעבורט. אָט פאַר וואָס ער פאָרט איצט איינער אַליין, ער וויל נישט בלייבן אין פּאַריז. ער קען זיי צו גוט, די דייטשן. ער קען זיי נאָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. שוין דעמאָלט האָבן זיי אים פאַרשלעפּט קיין דייטשלאַנד אויף צוואַנגאַרבעט.

— איך קען זיי, די דייטשן, איך קען זיי גוט, איינגעמען זאָלן זיי אַ מיתה משונה, אי די אַמאָליקע דייטשן, אי די הייַנטיקע! מיר וועט מען קיין מעשיות נישט דערציילן, באשר וואָס? באשר בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן זיי זיך באַצויגן צו די יידן בעסער ווי די רוסן? ימח שמם מעגן זיי אויך ווערן! זאָג איך אייך... צו צוואַנגאַרבעט האָבן די דייטשן מיך פאַרשלעפּט. איינס אַוועק. און דערנאָך... יאָ, איצט... וועגן רוסן... איך האָב גענומען אַ טאַקסי אויף בולוואַר ארנאנא. זאָגט צו מיר דער שאָפער, אַ רוס איז ער געווען: איר, יעווּרעי, איר וועט דאַרפן אַ טראַכט טאָן צו פאַרלאָזן פּאַריז, וואָרעם די דייטשן... הע, הע, הע, די דייטשן! הינטישע זין זענען זיי! און די יידן האָבן זיי נישט איבעריק ליב... פאַרשטענדלעך פאַר וואָס... וואָס איז פאַרשטענדלעך? דערלאַנג איך זיך אַ וואָרף אויף אים, וואָס איז פאַרשטענדלעך? זאָג, אויב דו ווילסט, איך זאָל ווייטער פאָרן מיט דיר... און ער האָט גענומען זיך פאַרענטפערן פאַר מיר. נישט דאָס האָט ער געמיינט, נישט דאָס האָט ער געוואָלט זאָגן. ביי די יידן זענען אויך פאַראַן ערלעכע און גאַנץ „פּאַריאַדאָטשנע" מענטשן, ווי ער האָט זיך אויס־געדריקט אין רוסיש. איך פאַרשטיי רוסיש. איך האָב אים געהייסן אָפּשטעלן זיין טאַקסי. ווייטער פאָרן מיט דעם פּאָגראָמשטשיק, מיט דעם כוליגאַן, האָב איך נישט געוואָלט.

— און ער האָט אייך אַראָפּגעלאָזט?

— וואָס דען? איך האָב אים צוגעוואָרפן די פּאָר פראַנק, וואָס דער

זייגער האָט אָנגעקלאַפּט. אָבער טרינקגעלט — אַ פייג. שפּעטער האָט מיך פאַרדראָסן וואָס איך האָב אים בכלל באַצאָלט. איך האָב געדאַרפט אַרויס־גיין פון דער טאַקסי און אים גאָרנישט נישט געבן. זאָל ער רופן פּאָליציי.

— פאַראַן פראַנצויזישע פּאָליציאַנטן, וואָס זענען אויך גאַנץ גוטע אַנטי־סעמיטן.

— אַוודאי, פאַראַן — פאַרענדיקט דער ייד מיט אַ זיפץ.

## קאַפּיטל 36

שוין צוויי וואָכן ווי מען לויפט פון פּאַריז. אַזוי לאַנג ווי די באַנען זענען נאָך געגאַנגען, ווי מען האָט נאָך געקאָנט באַקומען אַ באַן־בילעט, האָט מען נאָך געקאָנט האָבן דעם איינדרוק, אַז די זומער־פּעריען האָבן זיך שוין אָנגעהויבן, ווייל דאָס יאָר האָט דער זומער זיך צוגעאײַלט און איז געקומען אַ סך פריִער ווי אַלע מאָל.

היינט אָבער, ווען ס׳זענען אָפּגעפאָרן די לעצטע צוגן און קיין בילעטן פאַרקויפט מען נישט מער אין די באַן־קאַסעס, טאָר מען מער נישט וואַרטן. אין מינוטן אַרום קאָן שוין זיין צו שפּעט און אַפילו צו פוס וועט מען אויך נישט קאָנען זיך אַרויסראַטעווען פון פּאַריז.

גייען זיי ביים ראַנד שאָסיי, האַנס און בעלאַ. זיי אַנטלויפן פון דעם דייטש. זיי וועלן לויפן אַזוי ווייט, ווי זיי וועלן קאָנען. אַ שטופּעניש, אַ געדראַנג. דער גאַנצער שאָסיי איז פאַרלייגט. אַלע פּאָר מעטער בלייבט אַלץ שטיין: מענטש, אויטאָ, קינדער־וועגעלע. אַ געשריי, אַ טומל, אַ זידלעריי און געשטופּעריי פון די אויטאָס. טויב קאָן מען ווערן פון דעם ליאַרעם. קאַראַוואַנעס ציִען זיך. פאַמיליעס, פּעק און פּעקלעך...

צו ערשט, ווי נאָך אַן ערדציטערניש, נאָך אַ וווּלקאַן־אויסברוך, אָדער נאָך אַ טייפון, איז געווען תוהו ובוהו, פייער־קופּעס, שטויבזיילן, בראַך און טויט און אַ הייסער פּאַניק־ווינט, אַן אָטעם פון יאוש, אַ געשריי־אויסברוך

פון טויזנטער מענטשן־מיילער, אַ רוף נאָך הילף... אַזוי האָט אויסגעזען דער שאָסיי פּאַריז—אָרלעאַן.

אין עטלעכע מינוט אַרום האָבן די יעניקע, וואָס זענען ווי על פּי נס אַרויס גאַנץ פון דער באָמבאַרדירונג, אָנגעקוקט דעם אַרום מיט צעעפנטע אויגן און דערנאָך זיך גופא, זייערע הענט און פיס. אַ לענגערע צייט האָבן זיי נישט געפונען דעם וועג צו זיך.

זיי האָבן זיך געוווּנדערט איבער אַלץ, וואָס דאָ איז געשען אין איין אויגנבליק. זיי האָבן זיך געוווּנדערט איבער דעם טויט, וואָס האָט זיי אויסגעמיטן.

האַנס און בעלאַ האָבן, קאָן מען זאָגן, זיך געוווּנדערט נאָך מער ווי אַנדערע. זיי האָבן זיך אויפגעהויבן פון דעם גרובן אַזוי פאַמעלעך און אַזוי פאַרזיכטיק, ווי זיי וואָלטן זיך געהאַט געפונען אין אַ פּאָרצעלאַן־געוועלב און מורא געהאַט זיי זאָלן נישט מיט אַן אומפאָרזיכטיקער באַוועגונג עפּעס וואָס צעברעכן.

דערנאָך האָבן זיי זיך אָנגענומען פאַר די הענט, ווי קליינע קינדער, און אַ רגע לאַנג זיך אָנגעקוקט מיט אַן אַ שיעור פרעגצייכנס אין זייערע בליקן, פראַגעס, וואָס האָבן אָבער נישט געמאָנט קיין ענטפער, ווייל זיי האָבן תיכף פאַרשטאַנען, אַז קיינער פון זיי איז נישט אין שטאַנד זיי צו פאַר־ענטפערן.

דער נס איז געווען אַן אומפאַרשטענדלעכער. דרייסיק־פערציק מעטער פון זיי ביידן, אין דעם זעלביקן גרובן, וווּ זיי האָבן אַ רגע פאַר דער באָמבאַרדירונג זיך צוגעזעצט רוען, איז געזעסן אַ פאַמיליע: אַ באָבע, אַ טאַטע, אַ מאַמע און צוויי קליינע קינדער — אַ יינגעלע און אַ מיידעלע. און זיי האָט דער אומגליק יאָ געטראָפן. דאָס יינגעלע איז איצט געלעגן טויט און זיין מאַמע האָט זיך געקראַטשעט פאַר ווייטיק.

אַ היימישער קלאַנג פון דער באָבעס יידישע יללות האָט זיך דער־טראָגן צו האַנס און בעלאַס אויערן. באַלד ווי זיי זענען צו זיך געקומען, זענען זיי צוגעלאָפן צו דער באָמבאַרדירטער יידישער משפחה און האָבן

אַנגעהויבן זיך פֿאַרען אַרום דעם טויטן קינד און אַרום דער פֿאַרווּנדעטער מאַמען.

אַ טויט קינד, אַ שווער פֿאַרווּנדעטע מאַמע, אַן אויפֿלויף, אַ געזעמל, אַ שטופּעניש, דערשראָקענע פּנימער, בלאַנדזשענדיקע בליקן, פּחד אין די אויגן — אָט איז דאָס בילד אויף איינעם פֿון די פֿראַנצויזישע שאָסייען, אויף וועלכן טויזנטער מענטשן האָבן אין דעם טאָג געפּרוּווט זיך ראַטעווען, אַנטלויפֿן פֿון די גערמאַנישע לופֿט־רוצחים, וואָס האָבן זיך נאָך זיי געיאָגט.

האַנס און בעלאַ האָבן זיך גענומען פֿאַרען אַרום דעם טויטן קינד און דער פֿאַרווּנדעטער מאַמען, אָבער נישט ער, נישט זי האָבן געוווּסט וואָס זיי טוען. אָט האָבן זיי זיך איינגעבויגן, האָבן עפּעס וואָס אויפֿגעהויבן און האָבן עס צוריק אַנידערגעלייגט: אַ שיכל פֿון דעם טויטן קינד, אַ זשאַקעטל פֿון דער פֿאַרווּנדעטער מאַמען.

מיט יעדער ווייטערדיקער סעקונדע ווערן האַנס און בעלאַ אַלץ מער דערווייטערט פֿון דער פֿאַראומגליקטער פֿאַמיליע. צוויי דאָקטוירים זענען אַרויס פֿון דער מענטשן־מאַסע און האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אין דעם גרובן, כּדי צו געבן דער פֿאַרווּנדעטער פֿרוי די ערשטע הילף. ווי אַנגעפּיקעוועט די אויטאָס זאָלן נישט זיין, געפֿינען אָבער פֿאָרט דיביידע דאָקטוירים פֿינף פּלעצער אין זייער פֿאַר די פֿינף משפּחה־מיטגלידער. זיי וועלן טראַנספּאָרטירט ווערן ביז צו דעם ערשטן ישוב. דאָס טויטע קינד וועט דאָרט געפֿינען זיין קבר און די פֿאַרווּנדעטע מאַמע וועט דאָרט האָספּיטאַליזירט ווערן.

גייען זיי ווייטער, האַנס און בעלאַ. ער מיט צוויי גרויסע וואַליזעס אין ביידע הענט און דערצו נאָך מיט אַ רוקזאַק, און זי, מיט צוויי אַ ביסל קלענערע וואַליזעס. דאָס איז זייער האָב און גוטס, דאָס סאַמע וויכטיקסטע אין זייערע אויגן, אַן די דאָזיקע זאַכן: ביכער, שריפֿטן, מאַנוסקריפּטן, טאָג־ביכער, וועלן זיי — דער עיקר ער, האַנס — בשום אופֿן נישט קאָנען ווייטער לעבן, כאָטש ביידע — אין דעם פֿאַל זי, נאָך מער ווי ער — ווייסן, אַז אַזאַ טראַכטן פֿירט צו אַבסורד...

אין הימל באַווייזן זיך ווידער דייטשע באָמבאַרדירערס. אַ פּאַניק אויפֿן שאָסיי. מענטשן ווילן זיך וואַרפֿן אין די גרובנס. נאַרישע מענטשן. מען לערנט קיין מאָל נישט פֿון דער דערפֿאַרונג, נישט פֿון יענעמס און אויך

נישט פון דער אייגענער. אַנישט וואָלטן זיי דאָך, געדאַרפט זיין אַנגעלערנט פון דעם, וואָס מיט אַ שעה צוריק האָט די פריערדיקע באַמבע געטראָפן גראָד אין גרובן און זי האָט גורם געווען דעם טויט פון דעם קליינעם קינד. אָבער ווען מען זוכט זיך צו ראַטעווען, איז ווייזט אויס נישטאָ קיין דער־פאַרונג און ס׳איז נישטאָ קיין לאָגיק.

דאָס מאָל וואַרפן די דייטשע אַעראָפּלאַנען נישט אַראָפּ קיין באַמבעס. די מענטשן גייען ווייטער. זיי שלעפּן זייער געפּעק מיט זיך, ווייל כל זמן מען לעבט, קאָן מען אָן געפּעק נישט אויסקומען. דאָס געהערט צום לעבן.

## קאַפּיטל 37

פאַראַן אַ סך שאָסייען אין פראַנקרייך. מיט נומערן ווערן זיי באַצייכנט. צענדליקער שאָסייען פירן קיין דרום־פראַנקרייך, אָבער פון פּאַריז איז דער סאַמע באַקוועמסטער וועג, וואָס פירט דירעקט צום מיטללענדישן אָדער צום אַטלאַנטישן אָקעאַן, דער שאָסיי פּאַריז—אָרלעאַן. אין אָרלעאַן פאַר־צווייגט זיך דער דאָזיקער וועג אין צענדליקער אַנדערע וועגן, ווייטער פאַרויס אָדער אין אַ זייט.

צווישן אַלע פאַרטריבענע און פאַריאָגטע פראַנצויזישע אָדער בעלגישע היימלאָזע, זענען גאָר ווייניקע אַזעלכע, וואָס פאַרמאָגן קיין שום אַדרעס נישט און האָבן קיין שום אַנונג נישט וווהין די אויגן וועלן זיי פאַרטראָגן. אויב אָבער זיי קאָנען נישט געניו דאָס אָרט אָדער דאָס שטעטעלע וווהין זיי דאַרפן אָנקומען, ווייסן זיי כאָטש די געגנט, דעם דעפּאַרטאַמענט, וואָס דאַרף זיי אויפנעמען. דאַקעגן געציילטע בלויז זענען פאַראַן צווישן די פון מזרח־אייראָפּע איינגעוואַנדערטע יידן, וואָס ווייסן, מער־ווייניקער, פון אַן אָנקום־ציל.

אָבער האַנס און בעלאַ, געפינען זיך צווישן די יעניקע, וואָס קאָנען אָנווייזן זייערע אויגן, וווהין זיי ווילן זיי דורך זיי פאַרטראָגן ווערן. זיי ווילן זיך דערשלאָגן קיין סאַל, אַ קליין שטעטעלע, וווהין בעלאָס עלטערן זענען געפאָרן. עמעצער האָט זיי געהאַט געגעבן דעם אַדרעס מיט צוויי וואָכן

צוריק, ווען מען האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן דער נייטיקייט צו פאַרלאָזן פאַריז.

ס'איז געווען באַשלאָסן, אַזביידע פאַמיליעס, גראָסמאַן און שטיין, וועלן אַוועק אין אָט דעם קליינעם שטעטעלע עד יעבור זעם, ביז דער גרימצאָרן פון דער מלחמה וועט אַריבער.

דער באַשלוס איז געווען אַ היפּאָטעטישער און געמיינט האָט מען, אַז עס וועט דערצו נישט קומען. זאָל ליגן אָנגעגרייט, האָט מען זיך געטראַכט, אַן אַדרעס אין פאַל — די שעה זאָל נישט קומען — אויב מען וועט זיך אין אים נייטיקן. אַן אַדרעס איז אַזוי נייטיק ווי אַ פּאַס, אפשר נאָך נויטיקער אין אַ צייט ווען מען זוכט ערגעץ ווו זיך צו ראַטעווען.

די באַן־בילעטן, וואָס האָנס האָט געהאַט געקויפט, האָבן געטראָגן דעם נאָמען פון דער באַן־סטאַנציע סאַל. זענען זיי, די דאָזיקע בילעטן, אויס־גענוצט געוואָרן דורך בעלאַס עלטערן. זיי זענען שוין אַוודאי דאָרטן אָנגעקומען, ווייל אַרויסגעפאָרן זענען זיי מיט פיר טעג צוריק, מיטן לעצטן צוג זענען זיי געפאָרן. נישט דירעקט קיין סאַל, נאָר צו ערשט קיין באַרדאָ, דאָס שטעטעלע סאַל ליגט נישט ווייט פון באַרדאָ, און כדי אָנצוקומען אַהין, מוז מען איבערשטייגן אין באַרדאָ.

איז עמעצער אויך פון פנחס שטיינס משפחה פאַרפאָרן קיין סאַל? געווען איז לכתחילה אָפּגערעדט, אַז אַלע וועלן זיי זיך צונויפקומען אַהין. איידער צו פאָרן אין שטעט און אין קורערטער, ווו איבער דעם גרויסן אַנלויף וועט נישט זיין ווו זיך אַהינצוטאָן, איז בעסער צו פאַרפאָרן אין אַ ווייניק באַקאַנטן ווינקל, וואָס ליגט אין אַ זייט פון דעם ריזיקן פליטים־שטראָם. דאָרט וועט זיך געפינען פלאַץ גענוג.

וואָס שייך שאַרלאָט און דעם קליינעם פיער, זענען זיי, דאָס ווייסן האָנס און בעלאַ אויף זיכער, נישט געפאָרן גלייך קיין סאַל, נאָר קיין קאַרנאַק, אין דעם קליינעם פישער־דאָרף, דאָרט ווו שאַרלאָט האָט פאַר־בראַכט אירע פעריען צוזאַמען מיט דניאלן ערב דער מלחמה.

דניאל האָט דאָרט איבערגעלאָזט זיין אויטאָ. אָבער שאַרלאָט איז געפאָרן אַהין נישט בלויז אַרויסצוראַטעווען פון דאָרט דעם אויטאָ, נאָר ווייל איר

האָט זיך נאָך אַ מאָל געוואָלט כאַפּן אַ קוק אויף דעם דאָרף. זי האָט געוואָלט זיך דערמאָנען אין זייערע שפּאַצירגענג פון פאַר דער מלחמה, אין די שמועסן מיט דניאלן. ערשט נאָך דעם וועט זי אין איינעם מיט פּיערן קומען קיין סאַל, וואָס איז באַשטימט געוואָרן צו זיין דער זאַמל־צענטער פון ביידע משפחות.

מאָרגן, אויב עס וועלן נישט זיין קיין ווייטערדיקע מניעות, וועלן אויך זיי האָבן דערגרייכט זייער ציל.

פון דעסטוועגן איילן זיי זיך נישט אַזוי שטאַרק אָנצוקומען אין סאַל. ווי באַלד זיי געפינען זיך שוין יאָ אין באָרדאָ, נאָך אַזאַ שווערן וועג, וועלן זיי דעם היינטיקן טאָג שוין בלייבן דאָ און אַ ביסל זיך אומקוקן אויף די גאַסן און מענטשן. זאָל זיך זיי דוכטן, עס איז שלום־צייט און זיי זענען נישט קיין פּליטים, נאָר טוריסטן, אַראָפּגעקומענע אַהער, כדי צו קאָנען שפּעטער דערציילן, אַז נישט בלויז אין פּאַריז, נאָר אויך אין באָרדאָ איז פאַראַן וואָס צו זען און וואָס צו באַוווּנדערן.

פאַר דער מלחמה האָט מען אין באָרדאָ קודם כל געמוזט באַוווּנדערן די טיפע רו. אַפילו איצט נאָך, ווען די גאַסן פון דער הויפּטשטאָט פון דער זשיראָנד זענען פאַרפּלייצט מיט פּליטים, וואָס זענען אַהער געקומען נישט בלויז פון די פראַנצויזישע צפון־געגנטן, פון פּאַריז און איר סביבה, נאָר אויך פון בעלגיע און פון לוקסעמבורג, האָבן די קולות, די געשרייען, די פרעמדע גערוישן, נאָך אַלץ נישט געקאָנט פאַריאָגן גאָר די שטילקייט פון דער שטאָט. עפּעס וואָס פון דער אַמאָליקער רו אויף די גאַסן און אין די הייזער איז געבליבן, ווי אַ רעשטל פון דער אַמאָליקער שטילקייט.

כאָטש זיי זענען ביידע זייער מיד פון וועג, פאַרגינען זיי זיך נישט זיך אויסצורוען אין איינעם פון די האָטעל־האַלעס, ווו מען האָט זיי דער־לויבט אָוועקצושטעלן זייערע זאַכן. קיין צימער האָבן זיי דאָרט נישט באַקומען, אַלע צימערן זענען באַזעצט.

גייען זיי אַרום אין די גאַסן, באַפרייטע פון זייערע געפּעק, לייכט, כאָטש נעם הייב זיך אויף און פלי אַוועק. די מידקייט שטעקט אין זייערע גלידער, אָבער זי באַווייזט זיך נישט, גלייך ווי זי וואָלט נישט עקזיסטירט.

דער דאָזיקער פּענאָמען איז נישט קיין נייער. עס טרעפט, אַז די מידקייט פאַרשטעקט זיך טיף אינעם גוף אַ טאָג, צוויי טעג, שפּעטער אָבער באַווייזט זי זיך אין איר פולן פאַרנעם.

דאָס זעלבע איז, ווייזט אויס, געשען אויך מיט האַנס און בעלאַ. זיי שטעלן זיך אָפּ און זעצן זיך צו — אין איין קאַפע, אין אַ צווייטער. זיי וואָלטן גערן געכאַפּט אַ דרעמל. זינט זיי זענען אַרויסגעגאַנגען פון פאַריז, זענען זיי בלויז צופעליק און אין איילעניש געשלאָפן, ערגעץ אין אַ וואָקזאַל אָדער אין אַ דאָרפישן האָטעל, אָבער דער גאַנץ־ספּעקטאַקל דאָ איז ממש אַ פאַסצינירנדיקער. מענטשן, אַ מאַסע מענטשן, שטופּן זיך אויף די טראָטואַרן, אַ סך אויטאָס.

זיי זיצן אויף דער טעראַסע פון אַ קאַפע און קוקן אויף די פאַרבייגייער. פון צייט צו צייט רופט זיך אָפּ האַנס מיט אַ וואָרט צו בעלאַן. ער זאָגט עפּעס אָדער ער פרעגט עפּעס, אָבער ער וואַרט נישט אויף קיין ענטפער. ס'איז נישט וויכטיק. זי וועט קאָנען ענטפערן שפּעטער אָדער מאָרגן. די פראַגע איז נישט געווען קיין אייליקע. זי איז בכלל נישט געווען קיין פראַגע, נאָר עפּעס אַ באַמערקונג, וואָס מאָנט נישט קיין ענטפער.

דערנאָך באַצאָלט ער פאַר די קאַפעס און די סאַנדוויטשן, זיי הייבן זיך אויף און לאָזן זיך גיין איבער די גאַסן פון באָרדאָ. זיי מישן זיך אויס צווישן אַלע אַנדערע פאַרבייגייער. זיי איילן זיך נישט. זיי גייען פּשוט שפּאַצירן. זיי האָבן באַוואונדערט די לאַנגע בריק איבערן טייך גאַראָן, ביי עטלעכע מאָנומענטן זענען זיי געבליבן שטיין, און ווידער האָבן זיי זיך געלאָזט גיין איבער דער שטאָט.

שלענדערן זיי זיך איבער די גאַסן פון באָרדאָ כמעט צופרידענע מיט זייער גורל. זיי וואָלטן אייגנטלעך געדאַרפט בענטשן גומל. וויפל האָט דען געפעלט, אַז די באָמבע, וואָס האָט געטראָפן אין דער יידישער פאַמיליע אין דעם זעלביקן גרובן, זאָל אויך זיי טרעפן? ניין, זייער גורל האָט געוואַכט איבער זיי. ער האָט זיי אויסגעהיט. זיי איז דאָס לעבן נאָך אַלץ נישט איבערדריסיק; זיי האָבן ליב דאָס לעבן.

בעלאַ דערמאָנט זיך דאָס וואָרט, מיט וועלכן האַנס האָט זיך באַנוצט,

כדי אויסצודריקן זיין צוגעבונדנקייט צום לעבן. „האָפענונג האָב איך אין לעבן" האָט ער געזאָגט, „גרויס האָפענונג". דער אויסדרוק איז טאַקע נישט זייער קיין געלונגענער, אָבער וואָס איז דער אונטערשיד? אַבי מען האָט ליב דאָס לעבן, אַבי מען איז נאָך נישט באַזיגט פון פאַרביטערונג און פאַרצווייפלונג, וואָס כאַפּן זיך אַריין אומבאַמערקט אין געדאַנק אָדער אין געפיל און גריזשען אַזוי לאַנג, ביז מען הייבט אָן צו בעטן אויף זיך דעם טויט, חס ושלום.

## קאַפּיטל 38

אין סאַך איז די צאָל פון די אָנגעלאָפענע יידישע פּליטים געווען פאַרהעלטנישמעסיק אַ קליינע. הונדערט פערציק נפשות אַרום און אַרום, שוין אַריינגערעכנט אויך די זויג־קינדער, דאָפּלט אַזוי פיל, ווי די צאָל נפשות, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין מצרים אין יעקב אָבינוס צייטן. פון די זיבעציק נפשות, וואָס האָבן אַראָפּגענידערט אין מצרים, ווערט דערציילט אין חומש, איז אויסגעוואַקסן אַ פאָלק. אין די סאַמע שקלאַפישסטע באַדינגונגען אין צייט־אָפּשניט פון צוויי הונדערט און צען יאָר, וואָס די יידן זענען געווען אין מצרים, איז אויסגעוואַקסן אַ באַפעלקערונג פון זעקס הונדערט טויזנט נפשות יוצאי מצרים.

הונדערט און פערציק נפשות. אַ טייל פון זיי האַלט זיך נישט מער אין דער אַלטער יידישער אמונה, דאָך האָט קיינער פון זיי נישט מורד געוו״ען אין דער יידישער מצווה פון „פרו ורבו", פרוכפּערט אייך און מערט אייך. קומט אויס, אַז אין צוויי הונדערט און צען יאָר אַרום וועט אין סאַך זיך געפינען אַ יידישע באַפעלקערונג פון צוויי מאָל זעקס הונדערט טויזנט נפשות, דאָס הייסט איין מיליאָן און צוויי הונדערט טויזנט יידן.

פון דער צווייטער זייט אָבער דאַרף מען האָפן, אַז ווי אַזוי די איצטיקע מלחמה קעגן די יידן זאָל זיך נישט ענדיקן, וועט זי זיך דאָך פאַרענדיקן אַ סך פריִער, ווי אין צוויי הונדערט און צען יאָר אַרום. טאָמער, חלילה, זי וועט אַפילו דויערן צוויי יאָרהונדערטער, וועט אָבער דאָס שטעטעלע

סאַל סיי ווי סיי דאַן שוין זיין אַ גאַר גרויסע שטאָט, אַ כרך אפשר, ווי פּאַריז היינט־צו־טאָג, וואָרעם אַלע קליינע שטעטעלעך האָבן דאָך אַ טענדענץ צו וואַקסן. אין דער דאָזיקער ווייטער צוקונפט, הייסט עס, וועלן בכלל נישט מער עקזיסטירן קיין קליינע שטעטעלעך, אָדער פּיטשינקע ישובים, וואָס קיין געוויינלעכע לאַנדקאַרטע וויל שוין היינט פון זיי נישט וויסן.

פון וואַנען, פרעגט זיך, האָט אין האַנס בוימאַנס „יעקישן" קאָפּ, ווי ער גופא פלעגט פון צייט צו צייט זיך אַ וויצל טאָן אויפן אייגענעם חשבון, זיך אַריינגעגנבעט אַזאַ געדאַנקען־גאַנג? ווער איז דען אַזאַ חכם צו קאָנען זיך דורכשלאָגן דורך יענעמס מחשבות־לאַבירינט, כדי אין אים צו געפינען די שפּורן פון עפּעס אַ געדאַנקעלע פון דער פרעמד, וואָס איז אין אים אַריינגעדרונגען און האָט תיכף זיך אומגעקערט בליץ־שנעל צוריק פון וואַנען עס איז געקומען? אַפילו דער בעל־מחשבות אַליין וויסט דאָך אויך נישט פון וואַנען דער אָדער יענער געדאַנק נעמט זיך צו אים. דעם אמת געזאָגט, באַמיט ער זיך גאָרנישט צו וויסן, ווייל דאָס אינטערעסירט אים נישט.

דער געוועזענער פּראָפעסאָר פון גערמאַנישער אור־געשיכטע אויפן בערלינער אוניווערסיטעט איז, ווי דורך אַ נס, צוריק געוואָרן אַ ייִד. די פאַרשקלאַפונג פון די יידן אין מצרים און דער גרויסער וווּנדער פון יציאת־מצרים זענען פאַר אים נישט אוראַלטע מעשיות, לעגענדעס, נאָר כמעט היסטאָרישע פאַקטן, וואָס הערן נישט אויף צו ווירקן און צו באַאיינפלוסן נישט בלויז די געשיכטע פונעם יידישן פאָלק אין גאַנצן, נאָר זיי האָבן אויך אַ השפעה אויף דעם גורל פון יעדן איינצלנעם ייד ביזן היינטיקן טאָג, ביז צום איצטיקן יציאת־פאַריז, ביז אין דעם קליינטשינקן שטעטעלע סאַל...

אויף אַ געוויינלעכער לאַנדקאַרטע קאָן מען, ווי געזאָגט, דעם נאָמען נישט געפינען. אַ קליין פראַנצויזיש שטעטעלע איז סאַל. דאָס שטעטעלע געפינט זיך נישט ווייט פון דער גרויסער שטאָט באָרדאָ.

ביז צום צוזאַמענלויף פון די יידישע פּליטים־פאַמיליעס איז דאָס שטעטעלע געלעגן אַ פאַרשלאָפנס און איז זיך פאַרגעקומען מסתמא ווי

הינטערשטעליק און ווי אָפּגעשניטן פון דער געשיכטע פון פראַנקרייך, פון דער וועלט־געשיכטע שוין אָפּגערעדט.

אָבער סאַל, דווקא סאַל, האָט אין דער פאַרגאַנגענהייט געשפּילט אַ געוויסע ראָלע, אמת, נישט קיין זייער גרויסע, אַן עדות אויף די געשעענישן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט מיט הונדערטער יאָרן צוריק, איז דער דאָר־טיקער אַלטער שלאָס.

אין פראַנקרייך זענען פאַראַן אַ סך אַלטע שלעסער, וואָס האָבן געהאַט אַ חלק אין גרויסע אָדער קליינע געשעענישן אין דער געשיכטע פון פראַנקרייך. אָבער דער שלאָס אין סאַל איז מסתמא געוואָרן באַשטימט צו שפּילן אַ ראָלע אין דער היינטצייטיקער געשיכטע, אויב נישט פון גאַנץ פראַנקרייך, טאָ וויניקסטנס אין דער געשיכטע פון אַ טייל פון די קיין פראַנקרייך מיט יאָרן צוריק איינגעוואַנדערטע פּוילישע יידן.

דער אַלטער שלאָס אין סאַל, וואָס האָט זינט יאָרן געפּוסטעוועט, האָט זיך אונטערגענומען צו שפּילן די ראָלע פון אַן אויפנעם־צענטער, פון אַ האָטעל אָדער פון אַן אַכסניה פאַר די יידישע הימלאָזע פאַמיליעס, וואָס האָבן דאָ נישט געפונען קיין אָרט ווו זיך אַהינצוטאָן, מחמת דעם טאַקע, וואָס דאָס שטעטעלע האָט קיין מאָל מיט טוריסטן נישט געהאַט צו טאָן און פאַרמאָגט דעריבער נישט קיין האָטעל. דאָס קליינע אַריינפאָר־הייזל באַשטייט פון אַ דריי־פיר קליינע צימערלעך פאַר קאָמיוואָיאַזשאָרן, וואָס פאַרבלאָנדזשען אַהער אַ מאָל אין אַ יובל.

דער בירגערמייסטער פון סאַל, מיסיע פאַרטיע, האָט אָבער אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס, כאָטש ער איז נישט מער ווי אַ פאַרמעגלעכער פּויער און אין די אוניווערסיטעטן איז ער נישט געגאַנגען. איז ער געפאַלן אויף אַ המצאה: אַנשטאָט דער שלאָס זאָל ווערן אויסגענוצט טאָג און נאַכט — דער עיקר ביי נאַכט — פון מזיקים און שדים, וואָס פראַווען דאָרט זייערע ווילדע שטיק, זאָל ער איצט דינען ווי אַ וווינאָרט פאַר די אָרעמע פּליטים.

און אַזוי איז געווען. כמעט אַלע הימלאָזע יידן האָבן אין דעם דאָזיקן אַלטן שלאָס, וואָס איז יאָרן־לאַנג געשטאַנען פּוסט און ליידיק, געפונען אַן „עיר מקלט".

אין אַ שלאָס, ווי באַקאַנט, זענען פאַראַן גרעסערע און קלענערע צימערן, בעסערע, באַקוועמערע, און, פאַרקערט, ערגערע, נישט אַזעלכע באַקוועמע און גאָרנישט אַזעלכע שיינע: אַזעלכע, וואָס זענען געווען באַשטימט פאַר דער גרעפישער פאַמיליע, און אַזעלכע, וואָס האָבן געדינט ווי גאַסטצימערן, אָדער געווען באַזעצט דורך די לאָקייען און דינער.

פרעגט זיך, ווי צעטיילט מען אַזאַ מין שלאָס מיט אַזעלכע צימערן און זאַלן? אַפילו יידישע פליטים זענען אויך נישט אַלע גלייך, פון איין יחוס. איינער איז אַ רייכער, דער צווייטער אַן אָרעמער, איינער איז אַ פוילישער, דער צווייטער אַ גאַליציאַנער, איינער שטאַמט פון אַ פאַמיליע פון רבנים און שוחטים און אַ צווייטער איז פון נידעריקערן שטאַנד.

ס׳איז באַקאַנט, אַז קיין איין ייד האַלט נישט, אַז ער איז אַ קלענערער מיוחס ווי אַן אַנדערער, בפרט נאָך ווען מען געפינט זיך אין דער פרעמד, דאָפּלט אין דער פרעמד — ווי אַ פריש איינגעוואַנדערטער אין פראַנקרייך און ווי אַ פליט. טאָ פאַר וואָס קומט יענעם ייד אַ בעסער, אַ שענער צימער? פאַר וועלכע מעשים טובים?

האָט, פאַרשטייט זיך, פון דער ערשטער מינוט, ווי נאָר דער בירגער־מייסטער האָט די יידישע פליטים־פאַמיליעס געבראַכט צו פירן אַהער און זיי איבערגעגעבן דעם שלאָס מיט זיינע צימערן און זאַלן, זיך אָנגעהויבן אַ רייסעריי, אַ קריגעריי, און דערנאָך אויך אַ שטופעניש און שטויסעניש, אַז עס איז שיר נישט אויסגעבראָכן אַ געשלעג.

ס׳איז נישט געווען קיין אַנדער עצה, ווי זיך צו ווענדן פון ס׳ניי צום מער פונעם שטעטל און צו דער זשאַנדערמעריע: זאָלן זיי פרווון מאַכן, מיט גוטן אָדער מיט בייזן, אַ טאָלק.

## קאַפּיטל 39

יאָסל און יוכבד, און אויך פנחס מסתמא מיט אַ גוטן פערטחלק פון זיין פאַמיליע, זענען געבליבן וווינען אין שלאָס. זיי האָבן זיך נישט געקריגט איבער אַ צימער אָדער איבער אַ וווינונג אין בשותפותדיקן שלאָס,

בעת די איבעריקע יידן האָבן נישט געקאָנט צעטיילן צווישן זיך די אומ־געריכטע ירושה זייערע. און היות ווי נישט דער בירגערמייסטער, נישט די זשאַנדאַרן, זענען געווען אין שטאַנד צו מאַכן שלום צווישן זיי, האָבן זיי געמוזט פאַרלאָזן דעם פּאַלאַץ און יעדער איז אַוועק זוכן אַ וווינונג פאַר זיך אין שטעטעלע גופא.

קיינער פון זיי האָט אָבער קיין וווינונג נישט געפונען און אַ גרויסער טייל פון זיי האָט דעם זעלביקן טאָג נאָך געמוזט צוריקקומען אין שלאָס אַריין, איינער פריִער, איינער שפּעטער. די פאַמיליע, וואָס איז געקומען פריִער, האָט פאַרשטייט זיך פאַרכאַפּט אַ בעסערע דירה, און די משפחה, וואָס איז געקומען נאָך איר, האָט געמוזט זיך צופרידנשטעלן מיט אַן ערגערער וווינונג.

אַזוי דערציילט יאָסל האַנסן די געשיכטע פון זייער אַריינציִען זיך אין שלאָס, און ער פאַרענדיקט:

— אַזוי וווינען מיר איצט אין איינעם, אין דעם זעלביקן שלאָס, ווי עס לאָזט זיך, אָן שלום בית טאַקע. איינער איז נאָך אַלץ צעקריגט מיטן צווייטן און פילט זיך נאָך אַלץ באַעוולט.

האַנס און בעלאַ זענען אין דעם דאָזיקן מיטלאַלטערלעכן שלאָס „גרינע״, ווי מען זאָגט. איז אַלץ טאַקע פאַר זיי ניי. זיי חידושן זיך איבער יעדער קלייניקייט, סיי איבער אָט די אַלע נייע פּנימער, וואָס זיי באַגעגענען און סיי איבער די קריגערייען.

אין שלאָס איז אַלץ כמעט געווען צעבראָכן: די טירן, די פענצטער. בלויז די ווענט זענען געבליבן פעסטע, ווי פאַרצייטן. פון דעסטוועגן פעלט דאָ פאַר קיינעם נישט אויס קיין בעטל און אַפילו נישט קיין קישן צוקאָפּנס, און יעדע פאַמיליע האָט איר אייגענעם טיש. אין קיכגעשיר און אין געפעס איז אויך נישט קיין דוחק. יעדער איינציקער פאַרמאָגט אַ לעפל, אַ גאָפּל־מעסער, צוויי טעלער און אַ גלאָז. קיינער דאַרף נישט שטיין אין דער ריי צו מיטאָג אָדער אָוונטברויט, ווי עס טרעפט אָפט אין די גרויסע פאַריזער פאָלקסטימלעכע רעסטאָראַנען.

מיטן אָנקום פון האַנס און בעלאַ האָט זיך עפּעס וואָס געענדערט אין

דעם שלאָס. אָבער גענוי אין וואָס די דאָזיקע ענדערונג איז באַשטאַנען, איז פֿאַר זיי אַליין אויך נאָך נישט געווען גענוג קלאָר.

מען האָט זיך ווייטער געקריגט צוליב גאָרנישט, אָבער אינטואיטיוו האָבן אַלע גענומען שפּירן, אַז דער ניי־צוגעקומענער איז נישט אַבי ווער, און זי, זיין פרוי, איז, ווייזט אויס, אויך נישט אַבי ווער.

האַנס און בעלאַ דאַרפֿן זיך בלויז באַווייזן ערגעץ־ווו, כדי די קריגערייַ זאָל זיך אָפּשטעלן. פון דעם ערשטן מאָמענט אָן זענען זיי פון אַלעמען שווייגנדיק אָנערקענט געוואָרן ווי בוררים, און צו זיי האָבן אַלע די, וואָס האָבן זיך געפֿילט באַעוולט, געווענדט. זיי גופא האָבן נישט געפֿילט, אַז זיי האָבן אויף זיך גענומען אַ געוויסע אַחריות, וואָס וועט מסתמא נישט לייכט זיין צו טראָגן.

אָבער איידער נאָך זיי וואַרפֿן זיך אַריין אין זייער נייער באַשעפֿטיקונג, האַלטן זיי פֿאַר נייטיק זיך צו באַקענען נענטער מיט די שלאָס־מענטשן, און פריִער פֿאַר אַלץ — אָפּשטאַטן אַ וויזיט ר׳ פּנחסן און דערנאָך אויך זיינע פֿאַר אָפּצווייגן, וואָס געפינען זיך צוזאַמען מיט אים אין דעם דאָזיקן שלאָס.

## קאַפּיטל 40

אַ גרויסן מהלך ביז צום לינקן פליגל, ווו עס געפינען זיך די צימערן פון דער דאָ אויך שוין נישקשהדיק פֿאַרצווייגטער משפחה שטיין, האָט האַנס בוימאַן נישט צו מאַכן. אמת, אַנשטאָט דורכצושפּרייזן לאַנגע גאַסן, דורכצושלענגלען זיך דורך פֿאַרשידענע געסלעך און אַנשטאָט דורכצוגיין רונדע אָדער פּירקאַנטיקע פּלעצער, דאַרף מען דאָ פון איין פליגל ביז צום צווייטן שטייגן אויף טרעפּ, זיך גוט אויסמאַטערן, פֿאַרלירן דעם אָטעם, ביז מען קומט צו דעם, וועמען מען זוכט.

כמעט דער גאַנצער מענלעכער טייל פון ר׳ פּנחס שטיינס משפחה, וואָס געפינט זיך דאָ אין שלאָס, באַטייליקט זיך צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע יידן אין דעם מנחה־מעריב־דאַוונען.

פֿאַראַן דאָ ר׳ פּנחסעס צוויי זין: דער עלטסטער, אפרים, און דער יינגסטער, יונהלע; אויך זיין איידעם, דער טעקסטיל־סוחר בערנאַרד קעלער, אפרימס שותף און שוואָגער ברוינשטיין, דער מאַן פון פּנחסעס טאָכטער ראָשעל, איז אויך דאָ. צי זיי אַלע דאַוונען יאָ, צי זיי שאָקלען בלויז צו מיט די ליפּן, כדי מען זאָל מיינען, אַז זיי דאַוונען — וועמענס עסק איז דאָס? גענוג, אַז זיי ענטפערן אַלע אמן ביי פּנחסעס קדיש זאָגן. מער מסתמא פאַרלאַנגט נישט פון זיי אַפילו ר׳ פּנחס, וואָס פירט דאָ אויס די פונקציע פון אַ היימישן שליח־ציבור.

אין פּאַריז האָט ער טאַקע נישט געקאָנט פועלן זיי זאָלן אין אַ פּשוטן וואָכנטאָג קומען אין שול אַריין. אַפילו שבת פלעגט זיין זון אפרים זיך פוילן צו קומען דאַוונען. זיין איידעם ברוינשטיין, וואָס קרימט זיך ווען מען רופט אים חיים, פלעגט אין פּאַריז אויך זעלטן וועלן טאָן אַ טובה און קומען שבת דאַוונען אין שול. זיין צווייטער איידעם בערנאַרד — נאָך זעלטענער. פון די איבעריקע זין, איידעמס און אייניקלעך שמועסט מען שוין נישט.

דאַנקט טאַקע איצט ר׳ פּנחס גאָט דערפאַר. אַ ביסל נחת איז אויך עפּעס ווערט. וואָס וואָלט ער דען געקאָנט זיי טאָן ווען זיי וואָלטן זיך אָפּגעזאָגט צו העלפן אים צונויפשטעלן אַ מנין פאַר די דריי תפילות, וואָס אַ ייד דאַרף דאַוונען יעדן טאָג בציבור? וואָלט ער נאָך אין אָט דער דאָפּלטער פרעמד געקאָנט באַקומען אַ ספר־תורה, און דערצו נאָך עטלעכע סידורים און מזוזות אָנצושלאָגן אויף די טירן — וואָלט ער זיך געפילט ביז גאָר גליקלעך.

נאָר נישקשה. ער פילט זיך טאַקע נישט מיט אַלעמען, אָבער צוליב אַ מצווה, האָפט ער צום אייבערשטן, וועלן אים נאָך קלעקן כוחות. ער וועט פאָרן אַליין, אָדער ער וועט געפינען עמעצן ווער עס זאָל פאָרן אין אַ יידישער שטאָט און דאָרטן קריגן די נויטיקע תשמישי קדושה, כדי צו קאָנען לעבן אויך דאָ ווי אַ ייד דאַרף לעבן.

דאָס אַלץ איז שטייענדיק פאַרן עמוד אים אַרויפגעקומען אויפן זינען. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז בחורוויז האָט ער געלערנט הלכות שחיטה, דאַרף ער נישט מער ווי בלויז איבערחזרן די דינים פון שחיטה, און ער

וועט קאָנען שעכטן עופות און אַזוי אַרום וועט ער האָבן כשר פלייש און נישט מוזן זיך פּייניקן מיט מילכיקס, מיט קאַרטאָפל און מערעלעך... יאָ, יאָ, ער מוז פאָרן, אָדער געפינען עמעצן וועמען צו שיקן אין אַ יידישער שטאָט אַריין.

דער דאָזיקער געדאַנק באַגעגנט זיך מיט אַ צווייטן בעת ער דרייט זיך אויס מיטן פּנים צום עולם און זיין בליק פאַלט אויף יאָסל גראָסמאַנס דייטשן איידעם.

ר׳ פּנחס קען אים נאָך פון פּאַריז. ער האָט אים עטלעכע מאָל געזען, אָבער גערעדט האָט ער מיט אים זייער ווייניק, כמעט ווי גאָרנישט. וואָרעם וואָס פאַר אַ שמועסן האָט ער דען מיט אים געקאָנט פירן אין פּאַריז? אין איינעם מיט זיין פרוי, יאָסל גראָסמאַנס טאָכטער, געפינט ער זיך דאָ שוין מער ווי אַ וואָך. ער האָט אים באַגעגנט באַלד דעם ערשטן טאָג ווי ער איז געקומען צו פאָרן אַהער. אַ שלאָס, אַפילו אַ גרויסער שלאָס, איז אויך נישט מער ווי אַ בנין, און טאָמער איז נישט פאַראַן אַ סיבה עמעצן אויסצומיידן, מוז מען זיך באַגעגענען אויף די טרעפּ אָדער ביים דאַוונען.

צום דאַוונען איז יאָסל גראָסמאַנס איידעם געקומען צום ערשטן מאָל. איז ער, הייסט עס, נישט קיין גרויסער צדיק, אָבער עס מאַכט נישט אויס. ר׳ פּנחס איז זיכער, אַז ער וועט מסכים זיין אים בייצושטיין מיט וואָרט און טאַט. האָט ער אים דען נישט געזאָגט, אַז ער וואָלט וועלן פאַרוואַנדלען דעם דאָזיקן שלאָס אין אַ קהילה? און ווי איז שייך אַ קהילה אָן אַ ספר־תורה, אָן סידורים און מחזורים, אָן כשרות און אָן מזוזות?

ר׳ פּנחס פאַרבעט יאָסל גראָסמאַנס איידעם צו זיך, ער טיילט אים מיט זיין פּלאַן, זיין בקשה.

ווי ער האָט פאָרויסגעזען, האָט האַנס בוימאַן תיכף מסכים געווען. שוין דעם אַנדערן טאָג, האָט ער אים צוגעזאָגט, וועט ער פאָרן קיין באָרדאָ. ער האָפט אין דער דאָרטיקער קהילה צו באַקומען אַלץ וואָס איז נייטיק פאַרן רעליגיעזן לעבן אין אַ מיטלאַלטערלעכן פראַנצויזישן שלאָס.

## קאַפּיטל 41

ר׳ פּנחס האָט זיין גאַנץ לעבן אָפּגעלעבט אין פּוילן, אין לאָדזש. די קנאַפּע צוויי צענדליק יאָר פון זיין עמיגראַנטן־לעבן אין פּאַריז נעמט ער נישט אַריין אין חשבון. ער פילט זיך נאָך אַלץ פאַרוואָרצלט אין דער אַלטער היים.

געוויס, יאָרן און אַוודאי טעג, גייען שנעל אַוועק. זיי פאַרשווינדן און קערן זיך מער נישט צוריק, די לאָדזשער יאָרן, פּונקט ווי די יאָרן אין פּאַריז, די פּאַריזער טעג, פּונקט ווי די טעג אין דעם סאַלער מיטלאַלטער־לעכן שלאָס, ווי אין תהילים שטייט געשריבן: „אדם להבל דמה ימיו כצל עובר״, אַ מענטש איז געגליכן צו אַ הויך פון מויל, זיינע טעג זענען ווי אַ שאָטן, וואָס שאַרט זיך אַוועק.

אָבער די יאָרן און די טעג פון דער יוגנט, די ישיבה־יאָרן און די ישיבה־טעג, און דערנאָך אויך די באַלעבאַטישע, די סוחרישע יאָרן און טעג, זיי בלייבן לאַנג באַשטיין. ר׳ פּנחס איז גבאי ראשון אין שול, ער האָט אי די מאה אי די דעה. ניין, אַזעלכע יאָרן, אַזעלכע טעג, קאָנען בשום אופן נישט פאַרגליכן ווערן צו די יאָרן און צו די טעג אין פּאַריז, ווען ער איז שוין נישט מער דער וואָס אַ מאָל, ווען ר׳ פּנחס איז אַ יורד...

פון דעסטוועגן, אַפילו אין פּאַריז, אין די ערשטע פּאַריזער יאָרן, איז ער נאָך אַלץ געווען ווי אַ דעמב, אַ ייד, וואָס מען באַגעגנט אַלץ זעלטענער. איינצלנע יידן אַזעלכע האָט מען פון צייט צו צייט באַגעגנט בלויז אויפן פּלעצל, אין דער שול אויף רי פּאווע, אין די חסידישע שטיבלעך, אָדער גאָר אויף בילדער. געווען אַ גרויסער מאָלער, זאָגט מען. ער לעבט נישט מער, אַ האָלענדער איז ער געווען, אין אַמסטערדאַם האָט ער געוווינט. אַ גוי, אַן אמתער קריסט. פלעגן ר׳ פּנחסעס אייניקלעך זאָגן אויף זייער זיידן, אַז ער איז זייער ענלעך צו די פּאָרטרעטן, וואָס יענער מאָלער פלעגט מאָלן.

איצט איז ער נאָך מער ענלעך צו די רעמבראַנדטישע פּאָרטרעטן. זיין הדרת־פּנים, זיין לאַנגע שניייווייסע באָרד, זיין אויסגעאיידלט פּנים, זיין

היכער ווייסער שטערן, זיינע טיפע קלוגע אויגן — אַזאַ איז ער פון לאַנגע יאָרן אָן און אַזאַ איז ער פאַרבליבן ביז צום היינטיקן טאָג.

אָבער עלטער איז ער דאָך געוואָרן. אין דער לעצטער צייט האָט ער זיך שטאַרק געעלטערט. אַלע זיינע מחשבות ווערן איצט באַגלייט דורך דעם תהילים־פסוק: „אדם להבל דמה ימיו כצל עובר”.

און ווייזט אויס, אַז די אָפּשוואַכונג פון די פיזישע כוחות זיינע האָט גורם געווען אויך אַן אָפּשוואַכונג פון זיין שכל הישר. מיט יעדן טאָג פאַרשטייט ער אַלץ ווייניקער, וואָס עס קומט פאָר אין דער וועלט, וואָס די גרויסע וועלט־געשעענישן באַדייטן.

געווען געוויינע שונאי ישראל אויף דער וועלט — פרעה מלך מצרים, און דערנאָך המן הרשע, אָבער אַזאַ צורר היהודים ווי היטלער, ימח שמו וזכרו — האָט די וועלט נאָך נישט געזען. דערפאַר געפינט ער זיך איצט דאָ, אין דעם דאָזיקן מאָדנעם אַלטן שלאָס. דערפאַר...

און דאָ פאַרפּלאָנטערן זיך זיינע מחשבות. ער קאָן אַפילו מיט זיי זיך נישט אומקערן צוריק, צו לאָדזש, אַהין, פון וואַנען ער איז געקומען אַהער.

ער האָט זיך דערפרייט מיט יאָסל גראָסמאַנס איידעמס באַזוך, צום דריטן מאָל איז ער געקומען אים זען אין דעם לינקן שלאָס־פליגל. אָט דער יידיש־דייטשער פּראָפעסאָר, טראַכט ר׳ פּנחס, וועט געוויס אויספירן די שליחות. אַ קהילה — דאָס איז שוין אַ זיכערער פונקט; פון דאַנען קאָן מען בעסער פאַרשטיין דאָס, וואָס עס קומט פאָר אין דער וועלט. און יאָסל גראָסמאַנס איידעם איז מחויב צו פאַרשטיין, ווער זשע דען, אויב נישט ער, אויב נישט אַ געשיכטע־פּראָפעסאָר?

## קאַפּיטל 42

מאָנטיק, דעם פערצנטן יוני, האַלב איינס אַ זייגער איז דאָס געשען. האַנס בוימאַן האָט די דאָזיקע דאַטע אונטערגעשטראָכן מיט רויטן טינט. מאַרשאַל פּעטען, וואָס איז געוואָרן מיניסטער־פּרעזידענט, האָט זיך גע־ווענדט דורכן ראַדיאָ צום פראַנצויזישן פאָלק מיט אַ דערקלערונג, אַז אין

דער פאַרגאַנגענער נאַכט האָט ער געבעטן היטלערן, דורך דער פאַרמיטלונג פון שפּאַנישן אַמבאַסאַדאָר, אָפּצושטעלן די מלחמה־אַקציע.

דאָס איז געווען אויף צו מאָרגנס ווי ער איז צוריקגעקומען פון באָרדאָ, פון דער שטאָט, ווו דער פראַנצויזישער מיניסטאָרן־קאַבינעט האָט זיך צייטווייליק געהאַט צוריקגעצויגן פון פּאַריז.

היינט אָבער איז שוין דער 23סטער יוני, נעכטן איז דער פראַנצויזיש־דייטשער וואַפנשטילשטאַנד־אָפּמאַך אונטערגעשריבן געוואָרן. דאָס איז געשען אין דעם זעלביקן וואַגאָן, אין וועלכן דייטשלאַנד האָט מיט צוויי און צוואַנציק יאָר צוריק געחתמעט איר קאַפּיטולאַציע אויפן דעמלטיקן דייטש־פראַנצויזישן וואַפנשטילשטאַנד־אָפּמאַך.

„נעכטן איז געווען דער צוויי און צוואַנציקסטער יוני. אַ שרעקלעכער טאָג איז דאָס געווען פאַר אַלעמען — שרייבט האַנס בוימאַן אַריין אין זיין טאָגבוך — אָבער פאַר מיר פערזענלעך, קאָן זיין, איז די דאָזיקע דאַטע אַ קאַטאַסטראָפאַלע. אויב מיין נאָמען פיגורירט אין דער רשימה, בין איך דאָך אַ פאַרמשפּטער צום טויט.

„נעכטן, ווען מיר האָבן זיך דאָס דערוווּסט דורכן ראַדיאָ, איז מיין גורל נאָך געווען דער זעלביקער, וואָס אַלעמענס. וואָס עס וועט זיין מיט אַלע יידן דאָ אין שלאָס, האָב איך געטראַכט, דאָס וועט מסתמא זיין אויך מיט מיר. אָבער היינט, ווי נאָר איך האָב דורכגעלייענט אין דער צייטונג דעם פאַראַגראַף נײַנצן פונעם וואַפנשטילשטאַנד־אָפּמאַך, איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן. דער דאָזיקער פאַראַגראַף פאָדערט פון דער פראַנצויזישער רעגירונג, זי זאָל אויסליפערן דער רייכסרעגירונג אַלע דייטשן־פּליטים, וואָס וווינען אָדער אין פראַנקרייך גופא אָדער אין אירע קאָלאָניעס, די פּליטים, וואָס דייטשלאַנד וועט פון איר פאָדערן.

„איך טרייסט זיך, אַז נישט מיך מיינט דער דאָזיקער פאַראַגראַף. פונעם טעקסט דרינגט אַרויס, אַז נישט אַלע פּליטים פון דייטשלאַנד וועלן מוזן אויסגעליפערט ווערן דורך פראַנקרייך, נאָר בלויז די סאַמע אָנגעזעענסטע, די פּאָליטיקער, די נאָמענטלעך אַרויסגעפאָדערטע.

„אָבער אויב פראַנקרייך איז זיך מתחייב צו טרעטן מיט אירע פיס די

אַזיל־רעכט פון מענטשן, וואָס האָבן זיך איר אָנגעטרויט, ווער גאַראַנטירט זשע, אַז זי וועט שפּעטער נישט נעמען אויסליפערן אויך די אַנדערע דייטשע פּליטים״?

דער דאָזיקער געדאַנק פּאַראַליזירט אים. ער קאָן נישט ווייטער שרייבן. ער דערמאָנט זיך: עס חזרט זיך איבער דאָס בילד, וואָס האָט זיך צו אים באַוויזן מיט עטלעכע וואָכן צוריק אין זיין שיין און ציכטיק פּאַריזער דירהלע.

וואָס איז דעמאָלט געשען? ער מישט אויף יענע דאַטע אין זיין טאָג־בוך — גאָרנישט מיט נישט. נאָך דער דאָרט אָנגעמערקטער שעה — צוועלף אַ זייגער מיט זיבן און דרייסיק מינוט — באַווייזט זיך נישט מער קיין איין וואָרט, וואָס זאָל פּרוּוון דערקלערן פאַר וואָס האַנס האָט געהאַלטן פאַר נייטיק זי אונטערצושטרייכן מיט רויטן טינט.

האַנס קנייטשט זיין שטערן, ער שטרענגט אָן זיין זכרון, ער קאָן זיך אָבער בשום אופן נישט דערמאָנען עפּעס אַנדערש ווי דאָס, וועגן וואָס עס איז שוין דאָ גערעדט געוואָרן: דאָס פּאַריזער אינטימע דירהלע. ער זיצט ביי זיין קליינעם שרייבטישל. דורכן טונקל בלויען אַבאַזשור זייט זיך דורך בלויז אַזוי פיל שיין, זי זאָל קאָנען אָנצייכענען די קאָנטורן פון די שאָטנס אויף די ווענט.

נישט געקוקט אויף דער טונקלקייט, קאָן האַנס אויפכאַפּן בעלאַס שמייכעלע אויף אירע ליפּן. זי ליגט אין בעט און עס חלומט זיך איר אַוודאי עפּעס אַזוינס, אַ דאַנק וואָס עס איז איר געלונגען זיך אַרויסצו־ראַטעווען פון דער איצטיקער וואָר און צו געפינען גליק אינעם לאַנד פון די חלומות.

בעלאַס שמייכעלע פון מיט עטלעכע וואָכן צוריק איז ענלעך צו איר איצטיקן שמייכעלע. בעלאַס שמייכעלע האָט זיך פון דעמאָלט אָן נישט געענדערט.

פונקט ווי יענעם אָוונט אין פּאַריז בלייבט ער אויך איצט זיצן אויף אָן אָרט. ער ווייסט, אַז טאָמער ער וועט זיך איצט אויפהייבן, וועט ער שוין היינט נישט קאָנען מער זיך צוריקקערן צו זיין טאָגבוך און דאָס פּראָבלעם, וואָס ער דאַרף פאַרענטפערן דווקא היינט, וועט בלייבן נישט

פאַרענטפערט. ווער ווייסט וועלכע טרויעריקע קאָנסעקווענצן דאָס קאָן מיט זיך ברענגען, ווער ווייסט...

— וואָס פאַר אַ פּראָבלעם? וואָס שטעלט ער זיך אייגנטלעך פאַר? בייזערט ער זיך אויף זיך גופא. אויב אין נאָרמאַלע צייטן האָט ער נישט געקאָנט באַהערשן די סיטואַציע, טאָ ווי אַזוי וויל ער איצט פאַרענטפערן וועלכע נישט איז פּראָבלעמען?

און דאָך פּרווווט האַנס בוימאַן אַריינגעמען זיך גופא אין די הענט אַריין, ווי ער האָט ליב זיך אויסצודריקן, און כדי עס זאָל האָבן מער ממשות, שרייבט ער דאָס אַריין אין זיין טאָגבוך:

וואָס שייך דעם פּאַראַגראַף ניינצן, מוז איך זען נישט אַריינצופאַלן אין פּאָטאַליטעט. איך טאָר נישט טראַכטן, אַז מיר בלייבט איבער בלויז צו בלייבן זיצן אין דעם מיטלעלטערלעכן שלאָס און וואַרטן ביז דער דאָזיקער פּאַראַגראַף וועט פאַרצײַען די פּעטליע אויף מיין האַלדז, אָדער ביז ער וועט האָבן רחמנות אויף מיר און מיך פאַרגעסן, מיך אויסמיידן, מיט כוונה אָדער אָן כוונה.

אינעם אָקופּירטן פּאַריז וועל איך אויף קיין שום פאַל נישט צוריק־פאָרן. אין דער נישט־אָקופּירטער זאָנע וועט נאָך אפשר זיין מעגלעך פאַר מיר, אַ דאַנק דעם, וואָס איך בין נישט קיין פּאָליטישער „גדול", צו בלייבן אין אַ געוויסן זין נישט באַמערקט.

אויך דאָ, אין שלאָס, וועלן מיר, בעלאַ און איך, נישט קאָנען פאַר־בלייבן. לויט דעם וואָפנשטילשטאַנד־אָפּמאַך וועלן אויך באָרדאָ און דער גאַנצער זשיראָנד־דעפּאַרטאַמענט ווערן אָקופּירט. די דייטשן זענען שוין מסתמא געקומען, אפשר זענען זיי שוין אין סאַל. נאָך מיט עטלעכע טעג צוריק וואָלטן זיי געהאַט פאַרנומען די גאַנצע געגנט, ווען די פּעטען־רעגירונג וואָלט נישט געהאַט געפּועלט ביי היטלערן צו לאָזן באָרדאָ נישט אָקופּירט אַזוי לאַנג ווי זי וועט נישט באַשליסן יאָ אָדער נישט צו אַקצעפּטירן היטלערס וואָפנשטילשטאַנד־באַדינגונגען.

ווידער פאַרקראַמפּט זיך די פעדער אין זיין האַנט. נישט ער קאָן

ממשיך זיין זײַן טאָגבוך, נישט ער קאָן באַשליסן צו גיין זיך לייגן שלאָפן, כאָטש בעלאָס שמייכל רופט אים צו זיך.

איין זאָרג ברענגט מיט זיך נאָך אַ זאָרג. ער דערמאָנט זיך, אַז זיי זענען געבליבן אָן אַ סאָנטים. פון וואָס וועלן זיי לעבן? אין בערלין איז ער געווען פּראָפעסאָר, אין פּאַריז האָט ער געהאַלטן רעפעראַטן, געווען אַ זשורנאַליסט און ווי נישט ווי אויסגעשלאָגן דאָס ביסל חיונה. אָבער איצט — ווי אַזוי וועט ער זיך דערשלאָגן צו אַ שטיקל פּרנסה?

און איז ער שוין זיכער, אַז זיי וועט זיך איינגעבן זיך אַריינצוכאַפּן אין דער נישט אָקופּירטער זאָנע? און זיין שווער און שוויגער? אויך זיי זענען נישט קיין גבירים, וואָס וועלן זיי טאָן?

פון נעכטן אָן האַלטן זיי, יאָסל און יוכבד, אין איין קווענקלען זיך: יאָ צוריקפאָרן, אָדער נישט צוריקפאָרן קיין פּאַריז? מסתמא וועלן זיי יאָ צוריקפאָרן, דאָרט האָבן זיי דאָך איבערגעלאָזט אַ דירה, און אַרבעט וועט יאָסל מסתמא אויך באַקומען, און וואָס עס וועט דאָרט זיין מיט אַלע יידן, וועט אויך זיין מיט אים.

שרייבט מען דאָך אין די צייטונגען, אַז די דייטשן באַציִען זיך זייער קאָרעקט צו דער גאַנצער באַפעלקערונג, אָן אונטערשיד. אפשר שטעקט אין דעם אַ פּראָפּאַגאַנדיסטישער מיין, די כוונה איינצושלעפערן די עפנטלעכע מיינונג. מילא, אַבי איצט איז צו דערליידן, חיי־שעה איז אויך גוט. וואָס ווייטער וועט זיין, ווייסט קיינער נישט...

האָנס בוימאַן פאַרטראַכט זיך: קיינער ווייסט נישט... האָט מען דען געוווסט מיט אַ יאָר צוריק, אַז עס וועט קומען צו אַ מין שידוך צווישן פייער און וואַסער, דאָס הייסט, אַז די סאָוויעט־רעגירונג וועט שליסן אַ פּאַקט מיט היטלערן? וואָלט עמעצער דאָס געהאַט פאַרויסגעזאָגט, וואָלט מען אים געוויס פאַרשריגן ווי אַ פאַשיסט, ווי אַ היטלעריסט...

אָבער ווי איז דאָס געשען? און אין דעם צוזאַמענברוך פון דער אַרמיי, אין דעם צוזאַמענברוך פון דער „מאַראַל" בעת דער „אויסטערלישער מלחמה" אויפן פראַנצויזיש־דייטשן פראָנט, און נאָך דעם ביים צוריקטריט פון די פראַנצויזישע חיילות, זענען דען נישט שולדיק אַחוץ די פראַנצויזיש־

פאַשיסטישע קרייזן, וואָס האָבן נישט געוואָלט כלומרשט שטאַרבן צוליב דאַנציק, אויך די פראַנצויזיש־קאָמוניסטישע קרייזן, וואָס, נעמענדיק אין באַטראַכט דעם סאָוויעטיש־דייטשן פּאַקט, האָבן זיי נישט געהאַט קיין חשק צו גיין לייגן דעם קאָפּ „פאַר די אינטערעסן פונעם פראַנצויזישן קאַפּיטאַ־ליסטן־קלאַס"?

ביז איצט, ווען אים פלעגן באַפאַלן ספיקות אין צוזאַמענהאַנג מיטן סאָוויעטיש־דייטשן פּאַקט, פלעגט ער זיך באַמיִען צו פאַרטרייבן זיינע געדאַנקען, צו נעמען טראַכטן וועגן אַלץ, אַבי נישט דאָס, אָבער איצט, איצט לאָזן אים שוין די ספיקות נישט אָפּ. טרויעריק... ער פילט זיך מאַכטלאָז. אים דוכט זיך, אַז אַלע געשעענישן האָבן זיך אַנגעזעצט אויף זיינע געדאַנקען און דריקן אויף זיי, מיט דער כוונה זיי אומצוברענגען, זיי צו פאַרניכטן. סאָוויעט־רוסלאַנד און היטלער־דייטשלאַנד, קאָמוניזם און פאַשיזם — ווי איז דאָס מעגלעך? ווי אַזוי? פאַר וואָס?

געסט אין שלאָס. צו דער משפחה גראָסמאַן און צו דער משפחה שטיין זענען געקומען געסט. שאַרלאָט און דאָס פראַנצויזישע יינגל פּיעראָ, דאָס יתומל, וואָס איז אַדאָפּטירט געוואָרן שיר נישט פוןביידע פאַמיליעס מיט אַ מאָל.

די צוויי זענען געקומען אין איינעם, פאַרשטייט זיך, פון קאַרנאַק. אַ ניי לעבן האָבן זיי עפּעס ווי אַריינגעבראַכט אין שלאָס, נישט בלויז אין ביידע פאַמיליעס גראָסמאַן און שטיין, נאָר אויך ביי די איבעריקע שלאָס־יידן. אַלע זענען צוגעפאַלן צו זיי ווי צו אַ קוואַל, פון וואַנען עס שפרודלט פרישע נייעס.

— וואָס הערט זיך עפּעס אין פראַנקרייך?

יאָ, פראָסט־פּשוט: וואָס עס הערט זיך אין פראַנקרייך, האָט איינער אַ ייד פּלוצלינג אַ פרעג געטאָן שאַרלאָטן, ווי ער וואָלט זיך געפונען ערגעץ ווו אין אויסלאַנד און ווי זי וואָלט ערשט זיך געהאַט אומגעקערט פון אַ וויזיט אין פראַנקרייך.

אַ צווייטער ייד, אַן אויסטויגער, שטופּט יענעם ייד אַוועק מיט אַן עלנבויגן און שפרינגט אַרויס מיט זיינער אַ פראַגע, אַ דאָפּלטע פראַגע:

— ווי אַזוי האָט איר זיך דורכגעריסן און וואָס האָבן זיי אייך געזאָגט?

— זיך דורכגעריסן דורך וואַנען? און ווער און וואָס האָט געקאָנט מיר זאָגן? — מאַכט זיך שאַרלאָט ווי נישט פאַרשטיין די דאָפּלטע פראַגע, וואָס דער ייִד מיטן פאַררוקטן קאַפּעליושל האָט איר געפרעגט.

— וואָס הייסט דורך וואַנען? — לאָזט דער ייִד נישט אָוועקמאַכן זיך מיט דער האַנט — און זיי? איר ווייסט שוין וועמען איך מיין. איך מיין: די דייטשן, פאַרשטייט זיך, מיין איך. איר זענט דאָך געקומען פון דער אומבאַזעצטער זאָנע. האָט מען אייך דורכגעלאָזן און מען האָט ביי אייך נישט געבעטן קיין שום דערלויבעניש אַריבערצוגיין די דעמאַרקאַציע־ליניע?

— מען האָט מיר גאָרנישט נישט געזאָגט. ווייזט אויס אַז ס'איז נאָך נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן קיין שום דעמאַרקאַציע־ליניע. מאָרגן, קאָן זיין, וועט מען שוין מער נישט קאָנען אַריבערגיין פון איין זאָנע אין דער צווייטער, אָבער היינט...

שאַרלאָט האָט נישט באַוויזן צו ענדיקן איר זאַץ, ווי האַנס האָט זי אָנגענומען פאַרן אָרעם און זי אָפּגעפירט אָן אַ זייט. ער האָט אויסגערעדט מיט איר אַ פּאָר ווערטער און זיי האָבן באַשלאָסן אָן לאַנגע שהיות צונויפ־צורופן אַלע דערוואַקסענע מיטגלידער פון ביידע פאַמיליעס, וואָס געפינען זיך אין שלאָס. מען האָט געדאַרפט באַשליסן, צי דער און דער פון דער משפחה גראָסמאַן און פון דער משפחה שטיין דאַרף צוריקפאָרן קיין פאַריז, אָדער אַזוי לאַנג ווי דער אַריבערגאַנג פון איין זאָנע אין דער צווייטער איז נאָך נישט פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן, אַריבערגיין אין דער נישט־באַזעצטער זאָנע אָדער צייטווייליק פאַרבלייבן דאָ אין שלאָס ביז די לאַגע וועט ווערן קלאָר.

ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז האַנס, בעלאַ, שאַרלאָט און דער קליינער פּיעראָ וועלן מאָרגן פרי זיך אומקערן קיין קאַרנאַק און די איבעריקע גראָסמאַנס און שטיינס וועלן צוריקפאָרן קיין פאַריז. אויב וועט שפּעטער דער מצב פאַר די ייִדן זיך פאַרערגערן, וועט מסתמא אויך דאַן זיך שאַפן אַ מעגלעכקייט צוריקצופאָרן אין דער אומבאַזעצטער זאָנע. ביז דאַן וועט מען ליקווידירן דאָס ביסל האָב־און־גוטס, וואָרעם מען האָט דאָך אין פאַריז אַלץ איבערגעלאָזט אויף הפקר.

יוכבד איז געווען די ערשטע, וואָס האָט דורכן פענצטער באַמערקט דעם דייטש. ער האָט אַ שפּרונג געטאָן אין הויף פונעם שלאָס אַזוי שנעל, ווי אַ ווילדע חיה, אַ כאַפּ געטאָן דעם אַכט־יאָריקן בערנאַרד אין זיינע אָרעמס און איז מיט אים אַנטלאָפן.

— אַ דייטש, זאָגט איר? — האָבן עטלעכע שטימען מיט אַ מאָל געוואָלט ביי איר דערגיין, וואָס עס איז אויף אַן אמת געשען אין הויף פונעם שלאָס.

— אַ דייטש... האָט יוכבד באַשטעטיקט — איך האָב אים געזען, פּונקט ווי איך זע אייך, אַ דייטש...

— ווו איז דעם קינדס מאַמע? זיין טאַטע?

— זיין מאַמע און זיין טאַטע זענען געלאָפן אַניאָגן דעם דייטש.

— איין איינציקער דייטש? איך פאַרשטיי נישט.

— איין סאָלדאַט האָט זי געזען, די מאַדאַם...

— אָבער ביז איצט האָבן מיר דאָך קיין איין דייטש דאָ נאָך נישט באַגעגנט.

— שווייגט, שווייגט אַ רגע. אָט גייען זיי... טאַטע־מאַמע מיטן פאַר־כאַפּטן קינד...

— וואָס רעדט איר? געזונט זאָלט איר זיין, אויב אַזוי...

— אַבי זיי האָבן צוריקבאַקומען זייער קינד...

— אַ נס מן השמים...

— אַ נס...

און טאַקע אַזוי: ס׳איז געשען אַ נס, וואָס דער דייטש איז נישט געווען קיין דייטש, נאָר אַ משוגענער פויער, וואָס האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ דייטש און עס האָט זיך אים פאַרוואָלט אָנשרעקן די יידן אין שלאָס.

די סאַלער איינוווינער קענען גוט דעם דאָזיקן משוגענעם. זיי האָבן טאַקע אַרויסגעריסן פון אים דאָס קינד און אים גופא האָבן די זשאַנדאַרן אָפּגעפירט אין זשאַנדאַרמעריע.

נאָך אָט דער געשיכטע קאָן מער קיין רייד נישט זיין וועגן בלייבן ווייטער וווינען אין דעם שלאָס, ווו טאַטע־מאַמע זענען מער נישט זיכער,

אַז די דייטשן — פאַרשטעלטע, אָדער נאָך ערגער: אמתע דייטשן פון היטלער־לאַנד — וועלן נישט קומען אַהער און אַרויסרייסן פון זיי זייערע קינדער.

סיי ווי טראַכטן זיך די שלאָס־יידן, איז דאָך דער גאַנצער זשיראָנד־דעפּאַרטאַמענט באַזעצט דורך די דייטשן, טאָ וואָס פאַר אַן אונטערשיד איז, צי מיר וועלן בלייבן דאָ אָדער מיר וועלן פאָרן צוריק אַהיים, ווער קיין פּאַריז, ווער קיין בעלגיע און ווער קיין לוקסעמבורג? אין דער היים איז פאָרט זיכערער. אויף יעדן פאַל איז מען ביי זיך, און טאָמער, חלילה, עס געשעט עפּעס, ווייסט מען כאָטש...

אויף יעדן פאַל טראַכטן אַלע איינוווינער פון דעם דאָזיקן שלאָס, אַז מען דאַרף זיך נעמען צו די געפּעק. נישטאָ דאָ מער קיין מקום־מקלט.

פאָרן קיין קראַנאַק דאַרפן נישט בלויז שאַרלאָט צוזאַמען מיט פּיעראָ, וועלכע זענען פון דאָרטן געקומען, נאָר אויך האַנס און בעלאַ, וואָס זענען געקומען אַהער פון פּאַריז. צוריקגעשמועסט אָבער האָט אַפילו שאַרלאָט אויך נישט מער וואָס צו טאָן אין קאַרנאַק. נאָך דעם ווי זי האָט דניאלס אויטאָ געבראַכט אַהער, קאָן זי שוין איצט פאָרן וווהין זי וויל. ס'איז אַ גליק, וואָס היינט איז נישט פאַראַן מער קיין צוג קיין באָרדאָ און וואָס דער שאָפער, וואָס זי האָט געדונגען, ער זאָל איר אין דניאלס אויטאָ ברענגען צו פירן אַהער, האָט ביז איצט נישט געקאָנט אַוועקפאָרן פון דאַנען. זאָל מען נאָר באַקומען אין סאַל עטלעכע ליטער בענזין, וועט זי אים בעטן זי צו פירן צוריק.

פּיעראָ בלייבט ביי איר, מיט איר. אים וועט זי נישט איבערלאָזן. וועגן בעלאַ און האַנס איז דאָך נישטאָ וואָס צו רעדן. אַוודאי וועלן אַלע בלייבן, ווייניקסטנס דערווייל, צוזאַמען, און נאָך דעם וועט מען ווייטער פּלאַנעווען.

און איצט הייבט זיך אָן אַ פּרשה פון זיך געזעגענען. נאָר וואָס זענען זיי געקומען און האָבן נאָך נישט באַוויזן אַפילו צו דערציילן וואָס מיט זיי איז געשען אין די לעצטע פּאָר וואָכן, און שוין דאַרפן זיי זיך געזעגענען, ווידער זיך צעשיידן, ווער ווייסט אויף ווי לאַנג.

אין די מיטלעלטערלעכע שלעסער, אין די נישט־באַוווינטע נאָך מער ווי אין די באַוווינטע, יאָגן זיך אַרום געשפּענסטער. זיי יאָגן זיך אַרום אין מיטן נאַכט, ווייל נאָר אין דער פינצטער זעען זיי. דאָס ליכט טוט זיי וויי.

דאָ אָבער, אין דעם היגן מיטלעלטערלעכן שלאָס, קריכן די געשפּענסטער אין מיטן טאָג אַרום פון איין צימער אין צווייטן, פון איין זאַל אין אַנדערן, אין די לאַנגע קאָרידאָרן. צו יעדערנס געמיט קריכן זיי צו און זיי שושקען אַריין אין זיין אויער עפּעס אַ סוד פון וועלכן עס ווערט קאַלט אין אַלע גלידער.

שרעק און צעטומלטקייט אויף יעדערנס פּנים.

## קאַפּיטל 43

די שעה האָט געשלאָגן. איצט טאָר מען מער נישט וואַרטן אַפילו קיין איין מינוט מיטן אַנטלויפן פון דאַנען. זאָל נאָר נישט ווערן צו שפּעט. די דייטשן ווייסן מסתמא אַלץ. איידער זיי זענען אַהער געקומען האָבן זיי שוין אַלע פּליטים אין דעם דאָזיקן שלאָס געהאַט אויפן אויג.

בוימאַן געזעגנט זיך מיט זיין שווער און שוויגער, מיט דער פאַמיליע שטיין און מיט נאָך עטלעכע יידן. זיי קוקן אויף אים צעטומלטע. אויף דער פראַגע, וווהין זיי זאָלן ווייטער לויפן, אין דער באַזעצטער אָדער אין דער אומבאַזעצטער זאָנע, האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט די פּלייצעס — ער ווייסט אַליין נישט וואָס פאַר אַן עצה זיי צו געבן.

ער, בעלאַ, שאַרלאָט, און פּיעראָ — זייער ציל איז די אומבאַזעצטע זאָנע. זאָל נאָר נישט זיין צו שפּעט און זאָלן די דייטשן זיי נישט פאַרהאַלטן אין מיטן וועג. ער איז אַ גאַנץ באַזונדערער פאַל. זיי דאַרפן פון אים קיין ביישפּיל נישט נעמען. ער, האַנס בוימאַן, איז אַ דייטשער ייד, אַ פּליט. חוץ דעם איז ער אַ זשורנאַליסט.

עס נעמט אים פאַרדריסן, וואָס ער האָט זיי דערציילט, אַז ער האָט אין פּאַריז געשריבן אַרטיקלען קעגן נאַצי־דייטשלאַנד. נאָך אַ סיבה פאַר

וואָס ער מוז וואָס גיכער זיך אָפּטראָגן פון דאַנען, איידער די דייטשן באַווייזן זיך.

האַנס האָט נישט באַוויזן צו דערטראַכטן זיין געדאַנק ביזן סוף, ווי דער בירגערמייסטער פון סאַל, באַגלייט פון צוויי דייטשע סאָלדאַטן, זענען געקומען צו פאָרן אויף אַ דייטשן מיליטערישן אויטאָ אין שלאָס אַריין. די יידן האָבן זיך דערשראָקן. אָפּהענטיקע זענען זיי געבליבן שטיין, ווי די דייטשן מיט זייער דערשיינען וואָלטן געהאַט פּאַראַליזירט דאָס לשון אין זייערע מיילער.

דער בירגערמייסטער איז געווען אין פאַרלעגנהייט, כאָטש אין דעם געשעעניש איז ער געווען גאָט די נשמה שולדיק. וואָס האָט ער דען געקאָנט טאָן? נאָך איידער זיי האָבן באַזעצט דאָס שטעטל סאַל, האָבן די דייטשן שוין געוווּסט, אַז דאָ איז פאַראַן אַ שלאָס, וואָס וועט זיי גוט צו נוץ קומען.

— באַרויקט זיך! — באַווייזט דער בירגערמייסטער צו זאָגן שטיל צו אַ פרוי, וואָס שטייט גראָד לעבן אים — נישט איך מיינען זיי, די דייטשן, נאָר דעם שלאָס. איר האָט נישט וואָס מורא צו האָבן. זיי זענען סאָלדאַטן. זיי האָבן מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז זיי באַדויערן, וואָס די מלחמה האָט אייך אַרויסגעריסן פון אייערע ווינטערטער און האָט פון אייך געמאַכט היימלאָזע מענטשן. זיי גיבן אייך דעריבער, האָבן זיי מיר צו־געזאָגט, אַ וואָך צייט, איר זאָלט דערווייל קאָנען אויסזוכן אַן אַנדער בנין וווּ צו וווינען. איך מיין טאַקע, אַז איר האָט נישט פאַר וואָס זיך צו שרעקן.

די דייטשן האָבן דורכגעשפּאַצירט דורך די צימערן און זאַלן פונעם שלאָס, יעדער צימער האָבן זיי פאַרשריבן, פאַרצייכנט איטלעך ווינקעלע.

חוץ בוימאַן, זיין פרוי בעלאַ, און שאַרלאָט האָט קיינער פון די דאָזיקע יידן נישט געזען קיין אַנדער אויסוועג, ווי צוריקצופאָרן. נישט אַלע האָבן באַשלאָסן צוריקצופאָרן אַהין, פון וואַנען זיי זענען געקומען אַהער. פנחס, למשל, וועט ביז וואָס ווען פאַרבלייבן אין באָרדאָ. זיין עלטסטער זון אפרים וועט, מיט זיין פרוי, זיך צוריקקערן קיין פּאַריז צו זיין טעקסטיל־געשעפט און צו זיין שיינער דירה. ער וועט זיך אַרומקוקן און נאָך דעם וועט ער באַשליסן: אויב מען וועט קאָנען אויסהאַלטן ביי די דייטשן, וועט ער בלייבן אין פּאַריז, און צוריקרופן פון באָרדאָ זיין אַלטן טאַטן, זיין שטיפ־

מאַמען און אויך זיין שוואָגער, זיין שותף, ברוינשטיין. אויב דאָס בלייבן אין פּאַריז וועט שמעקן מיט סכנות נפשות, וועט ער אַלץ ליקווידירן און זיך אַריבערקלייבן מיט זיין פאַמיליע און אפשר אויך מיט די איבעריקע ברידער, שוועסטער, שוואָגער און שוועגערינס, מיט זייערע קינדער — צו ערשט קיין באָרדאָ, און דערנאָך אויף יענער זייט זאָנע, אין ליאָן, למשל, אָדער אין גרענאָבל. אין דער פרייער זאָנע וועלן דאָך נאָך בלייבן גענוג אַנדערע שטעט, ווו מען וועט קאָנען איבערוואַרטן די שווערע צייט.

אויך פאַר דער גראָסמאַן־משפּחה — יאָסל און יוכבד, — איז ווייזט אויס קיין אַנדער ברירה נישטאָ ווי צוריקצופאָרן קיין פּאַריז און זיך אומצוקוקן, צי מען קאָן דאָרט לעבן. טאָמער נישט, לייגט זיך נישט אויפן שכל, אַז עס זאָל נישט זיין אַ געלעגנהייט צו אַנטלויפן אין דער אומבאַזעצטער זאָנע.

יאָסל גראָסמאַן, מער ווי זיינע צוויי האָרעפּאַשנע הענט פאַרמאָגט ער דאָך נישט. אויב ער וועט דאָ בלייבן נאָך אַ חודש, וועט ער מוזן לייגן די ציין אויף דער פּאָליצע, ווי מען זאָגט.

מיט דעם פאַרגלייך זיינעם איז ער פאַרקראָכן אין האָצע־פּלאָץ. אַ נאַרישער, זייער אַ נאַרישער פאַרגלייך.

מאַכט ער אויף די טיר פון קיך און הוסטלט זיך פונאַנדער, כדי צו געבן אַזוי אַרום יוכבדן צו וויסן, אַז ער וויל איר עפּעס זאָגן. דאָס צוריקפאָרן קיין פּאַריז איז אים זייער נישט ניחא.

— ווילסט מיר עפּעס זאָגן? — פרעגט יוכבד.

— איך מיין, אַז מיר וועלן מוזן ווידער זיך פּאַקן אין וועג אַריין.

— נישטאָ אַ סך וואָס צו פּאַקן. אַלץ איז פאַרפאַקט. אויך די פּאָר כלים, וואָס מיר האָבן דאָ געקויפט. די קישנס, ליילעכער און די קאָלדרעס, וואָס מיר האָבן אויסגעליִען, גיבן מיר דאָך אָפּ ווען מען זיי געהערן. דו ווייסט שוין ווּהין צו פאָרן?...

— וואָס הייסט, צי איך ווייס שוין? דו ביסט דאָך דאָ געווען ווען מיר האָבן באַשלאָסן צוריקצופאָרן קיין פּאַריז. סיי־ווי זענען מיר ביי די דייטשן אין די הענט, טאָ וואָס פאַר אַן אונטערשיד דאָ צי אין פּאַרי״ז?

— דאָ קאָנען מיר דאָך סיי־ווי־סיי נישט בלייבן...

— און אין פּאַריז וועלן מיר אפשר קאָנען לייכטער זיך צונויפשרייבן מיט דניאלן. און פּרנסה? אין פּאַריז קאָן איך אויסאַרבעטן מיט מיינע צען פינגער דאָס ביסל חיונה.

— יאָסל, איך זאָג דען עפּעס אַנדערש? כ'בין דאָך מסכּים.

יוכבד כליפּעט זיך פונאַנדער ווי איר שטייגער איז.

— ווי מיר זאָלן נישט טאָן, וועלן מיר אפשר חרטה האָבן. וואָס קאָן מען מאַכן? מען לעבט אין אַזאַ צייט, אַז וואָס מען זאָל נישט טאָן, קאָן מען האָבן חרטה.

## קאַפּיטל 44

אַ נייע וואַנדערונג, אָדער בעסער געזאָגט — די זעלביקע וואַנדערונג, וואָס מיט עטלעכע וואָכן צוריק, נאָר אין דער פאַרקערטער ריכטונג, אין דער ריכטונג צו פּאַריז.

מיט עטלעכע וואָכן צוריק זענען יידן געלאָפן פון פּאַריז, פון די דייטשן, פונעם פראָנט און פונעם וואָפנשטילשטאַנד, וואָס איז שוין דאַן ווי אַ דאַמאָקלעס־שווערד געהאָנגען איבערן קאָפּ. ווען מען איז געלאָפן אין אַ מין „קיינעמס־לאַנד", ווו דאָס לעבן איז הפקר און דער טויט לויערט אויף טריט און שריט, האָט מען די לויפעניש געקאָנט באַרעכטיקן מיט דער מלחמה, וואָס ברענגט מיט זיך כלערליי פּאַרוויסטונגען. איצט אָבער, ווען מען לויפט צוריק אַהין, פון וואַנען מען האָט זיך געראַטעוועט, ווען מען גיט זיך איבער דעם שרעקלעכן שונא אין די הענט און מען האָט אַפילו נישט מער דעם אויסרייד, אַז מען ווערט געיאָגט דורך די פלאַמען — ווי אַזוי זאָל מען אָנרופן אַזאַ מין האַנדלונג?

איצט איז שוין נישט קיין סוד, אַז די פראַנצויזן, וואָס האָבן כלומרשט נישט געוואָלט שטאַרבן פאַר דאַנציק, און אויך יענע, וואָס האָבן נישט געוואָלט, ווי זיי האָבן געטענהט, אומקומען צוליב די יידן, האָבן גאַנץ גוט צוגעהאָלפן די דייטשן געווינען אַלע שלאַכטן און צו באַזעצן כמעט גאַנץ

פראַנקרייך. יאָ, טאַקע גאַנץ פראַנקרייך, וואָרעם די אַזוי גערופענע „פרייע זאָנע" וועט אַוודאי נישט זיין אַ סך פרייער, ווי די אָפיציעל באַזעצטע זאָנע. און אפשר, אפשר דאָך וועט אין דער דאָזיקער זאָנע זיין אַ ביסל פרייער?

אויב אַזוי טוט ער דאָך אַ נאַרישקייט, יאָסל, וואָס ער פאָרט צוריק קיין פאַריז, אָבער כמעט אַלע יידן פאָרן דאָך צוריק... טוען זיי טאַקע אויך די זעלביקע נאַרישקייט וואָס ער... יאָ, כמעט אַלע יידן קלייבן זיך צו פאָרן צוריק צו זייערע פריִערדיקע וווינערטער, ווער קיין בריסל, ווער קיין לוקסעמבורג און ווער קיין פאַריז. ר' פנחס בלויז וועט בלייבן אין באָרדאָ, ביז זיינע קינדער, וואָס פאָרן צוריק קיין פאַריז, וועלן אים געבן צו וויסן, צי עס לוינט זיך פאַר אים צוריקצוקומען אין פאַריז, אויפן פלעצל. אָבער באָרדאָ, ווי עס ווייזט אויס, וועט דאָך אויך בלייבן באַזעצט דורך די דייטשן...

יאָסלס געדאַנקען פאַרפלאָנטערן זיך אַלץ מער. ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז זיין טאָכטער און זיין איידעם ווילן בשום אופן נישט צוריקפאָרן קיין פאַריז, און זיי ווייסן פאַר וואָס זיי ווילן נישט. אפשר פיגורירט האַנס אויך אויף דער רשימה פון די דייטשן־פּליטים, וואָס פראַנקרייך וועט מוזן אַרויס־געבן אין די דייטשע הענט, ווי דאָס פאַרלאַנגט דער פּאַראַגראַף ניינצן פונעם וואָפנשטילשטאַנד־אָפּמאַך. האַנס האָט טאַקע נישט ווייניק זיך גע־שראָקן פאַר דעם דאָזיקן ניינצטן פּאַראַגראַף.

אָבער וואָס קאָן מען טאָן? וואָס איז איצט למשל מיט דניאלן? ביי די דייטשן אין געפאַנגענשאַפט לעקט ער דאָך אַוודאי נישט קיין האָניק. און פאַרקערט געשמועסט — אפשר איז אַ יידישער סאָלדאַט פון דער פראַנצויזישער אַרמיי, אַ געפאַנגענער ביי די דייטשן, זיכערער מיטן לעבן ווי אַ יידישער נישט־געפאַנגענער, אַפילו ווען ער געפינט זיך אין דער אַזוי גערופענער אומבאַזעצטער זאָנע? ווער קאָן וויסן?

איבעריקנס, זענען דאָך זיין טאָכטער פערעלע און אירע קינדערלעך בכלל נישט געלאָפן. זיי געפינען זיך ביז צום היינטיקן טאָג אין פאַריז.

פון איין מאַכטלאָזער קווענקלעניש פאַלט ער אַריין אין אַ צווייטער. יאָסל גיט אַ קלער וועגן יוכבדן. ער האָט אויף איר רחמנות. ער דערמאָנט זיך ווי אַזוי ער האָט זי באַהאַנדלט מיט יאָרן צוריק, און אַ ווילדער כעס

כאַפּט אים אָן אויף זיך אַליין. ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך געווען? ווי אַזוי האָט ער נישט געזען די גרויסע עוולות, וואָס ער האָט איר אָנגעטאָן, די בזיונות? און זי האָט געשוויגן. פאַר וואָס האָט זי כסדר געשוויגן? פאַר וואָס האָט זי אַזוי פיל יאָרן געדולדיק אַריבערגעטראָגן אָט די אַלע צרות?

אין דער זעלביקער מינוט קומט יוכבד אַריין. און ווידער נעמט יאָסל זיך פאַרען ביי זיינע געפּעק.

— מיר וועלן האָבן אַ סך וואָס צו שלעפּן — זיפט ער אַרויס פון צווישן די ציין אין אַ פאַרוווּרף־טאָן גלייך ווי זי, יוכבד, וואָלט גאָר געווען אין דעם שולדיק — מיר וועלן האָבן אַ סך מער געפּעק, ווי ווען מיר זענען אַהער אָנגעקומען.

— וואָס וווּנדערסטו זיך? — מאַכט זי צו אים — געפּעק זאַמלען זיך אָן אַליין מער. יעדער לעבעדיקער מענטש האָט געפּעק...

דאָס צוריקפאָרן קיין פּאַריז, פון דעסטוועגן, זעט אויס גאָר אַנדערש, ווי דאָס אַנטלויפן פון פּאַריז. די צוריקקומערס באַגעגענען זיך אַזוי, ווי זיי וואָלטן זיך אומגעקערט פון אַ לוויה. אין אַ געוויסן זין זענען זיי טאַקע צוריקגעקומען פון אַ לוויה. פראַנקרייך, דאָס שטאָלצע פראַנקרייך, איז נפטר געוואָרן. דער מאַרשאַל פּעטען האָט דעם 22סטן יוני אַ שאָט געטאָן דעם לעצטן רידל ערד אויפן טויטן גוף פון פראַנקרייך.

— נישקשה — מורמלט יאָסל גראָסמאַן צו זיין קופּע־שכן, אַ ייד פון פּלעצל, אַ צוריקפאָרער פונקט ווי ער — ס'איז נאָך נישט אַלץ פאַרלוירן, מען קאָן נישט וויסן...

— וואָס קאָן מען נישט וויסן? — פרעגט איבער דער ייד, וואָס האָט ליב צו הערן קלאָרע דיבורים און נישט סתם השערות — פון וואַנען ווייסט איר, ר' ייד, אַז מען קאָן נישט וויסן... וואָס קאָן מען נישט וויסן?

— מען קאָן קיין זאַך נישט וויסן — האַלט זיך יאָסל ביי דאָס זייניקע — מען קאָן נישט זאָגן: פאַרשפּילט, און מען קאָן נישט זאָגן: נישט פאַרשפּילט, כל זמן... כל זמן פראַנקרייך האָט נאָך נישט געזאָגט דאָס לעצטע וואָרט...

— וואָס קאָן דאָ העלפן דאָס לעצטע וואָרט — לאָזט דער ייד נישט נאָך — ווי באַלד אַז מען קאַפּיטולירט, אַז מען גיט זיך אונטער?

— הערט זיך צו... איך ווייס נישט ווי איר הייסט...

— מיך רופט מען גאָלדבערג, מאָריס גאָלדבערג.

— טאָ הערט זיך צו, מיסיע גאָלדבערג... נאָר איין זאַך בעט איך אייך: רעדט שטילער אַ ביסל, וואָרעם אַלע שלאָפן שוין, אָדער זיי ווילן שלאָפן, אָדער זיי מאַכן זיך אַזוי ווי זיי וואָלטן געשלאָפן, און ווער ווייסט, צי זיי הערן נישט וואָס מיר רעדן. אפשר פאַרשטייען זיי טאַקע אויך יידיש, און מיר טאָרן נישט פאַרגעסן, אַז מיר זענען נישט מער קיין פרייע מענטשן, מיר זענען איצט ביי זיי אין די הענט, ביי די דאַלעדן אין די הענט, איר ווייסט שוין וועמען איך מיין...

— איך ווייס, איך ווייס, איר דאַרפט מיר נישט זאָגן...

— פרעג איך אייך: איר האָט געהערט, וואָס יענער האָט געזאָגט דורכן ראַדיאָ? איר ווייסט שוין וועמען איך מיין, דער לאַנגער גימל, וואָס ער האָט געזאָגט, וואָס ער האָט דערקלערט, האָט איר געהערט?

— ווער האָט דאָס נישט געהערט?

— ווייסט איר דאָך... ער האָט געזאָגט, אַז דער אויסגאַנג פון דער איצטיקער מלחמה הענגט נישט אָפּ פון דעם אויסגאַנג פון דער שלאַכט אין פראַנקרייך. אין אַ וועלט־מלחמה קאָן דאָס רעדל פּלוצלינג זיך איבער־דרייען. ער האָט געזאָגט, אַז אַלע פראַנצויזן דאַרפן ווייטער קעמפן...

— לייכט צו זאָגן: דאַרפן... און קאָנען, מיינט ער, אייער לאַנגער גימל, איז אַ הונט? זאָג איך אייך, אַז ס'איז אַרויסגעוואָרפענע רייד, פּוסטע דיבורים! אין לאָנדאָן געפינט ער זיך, אייער לאַנגער גימל, איז אים גוט צו רעדן, ער דאַרף פאַר קיינעם קיין מורא נישט האָבן. אַ נעכטיקער טאָג. פראַנקרייך, האָב איך מורא, דאַרף איצט זאָגן קדיש נאָך זיך אַליין. דאָס איז אַלץ...

— איר זענט, מיסיע גאָלדבערג, אַ שוואַרצזעער, אַ פּעסימיסט זענט איר, דעריבער מיינט איר, אַז אַלץ איז פאַרלוירן, אָבער...

— אָבער דערווייל איז נישט היימלעך, נישט פריילעך פאַר אונדז יידן...

— דאָ זענט איר גערעכט, מיסיע גאָלדבערג, אוי, אוי, גערעכט!

ביידע יידן, ווי זיי וואַלטן זיך געהאַט אָפּגערעדט, טוען אַ זיפץ אין דער זעלבער צייט. זיי האָבן ביידע נישט מער וואָס צו זאָגן. אַ בלויִ לעמפּעלע ברענט אין קופּע. ס'איז שוין שפּעט אין דער נאַכט. יוכבד זיצט לעבן יאָסלען. זי האַלט צוגעמאַכט די אויגן, אָבער נישט דערפאַר ווייל זי שלאָפט, נאָר ווייל די אויגן־לעפלעך אירע זענען מיד און שווער. זי זיפצט, דאָס באַדייט, אַז אויך זי, אין איר דרעמלדיקן צושטאַנד, האַלט, אַז דער פּעסימיסט און דער שוואַרצזעער, מיסיע גאָלדבערג, איז גערעכט. פאַר די יידן אין פּאַריז, ווי פאַר די יידן אין די אַנדערע דורך די דייטשן פאַרנומענע און צעשטערטע לענדער, איז גאָרנישט פריילעך...

פּאַריז און נישט פּאַריז — טראַכט יאָסל ביים אָנקום אויפן אויסטערליץ־וואָקזאַל. דוכט זיך, די זעלביקע גאַסן, הייזער און מענטשן, און דאָך האָט זיך דאָ עפּעס וואָס געענדערט אינעם גאַסנבילד. אויף טריט און שריט — אַ פּעלדגרינע אוניפאָרם.

אַ ליידיקע שטאָט, אַ טויטע שטאָט. ווו זענען זיי, די אָפענע, די פריילעכע, די טומלדיקע קאַוויאַרניעס? דאָ און דאָרט איז אַ קאַפע נאָך פאַרבליבן אָפן, דאָ און דאָרט האָבן זיך שוין די לאָדנס פון די פענצטער אין די הייזער געעפנט, אָבער דאָס רוב פענצטער זענען געבליבן הינטער זייערע לאָדנס. אויף די טראָטואַרן, אויף די גאַסן, איז שוין מער נישטאָ דער געדראַנג וואָס פריער. ווי שאָטנס שאַרן זיך די מענטשן פאַרביי. פּאַריז איז אַן אָקופּירטע שטאָט.

אויף די פּנימער פון די פאַרבייגייער שפּיגלט זיך אָפּ שרעק, נישט געקוקט אויף די פאַלש־פריינדלעכע און צביעותדיק־חניפהדיקע דייטשע שמייכעלעך, וואָס באַמיִען זיך צו פאַנגען דעם צוטרוי פון די איינוווינער. פּאַריז. שווער צו באַגרייפן, שווער צו באַנעמען אַזאַ פּאַריז, וואָס שרעקט זיך און שרעקט אַנדערע. עס זעט אויס, ווי עמעצער וואָלט פון ערגעץ אַ באַהעלטעניש נאָכגעקוקט יעדן פאַרבייגייער, נישט אַרויסגעלאָזט פון אויג; ווי אַט דער עמעצער וואָלט יעדן דורכגייער אין מיטן גיין גענומען אויף אַ פאַרהער:

— ווער ביסטו? וואָס ביסטו? פון וואַנען ביסטו? פון וואַנען גייסטו?

ווהין גייסטו? וואָס האָסטו בדעה צו טאָן היינט? מאָרגן? איבערמאָרגן? מיט וועלכע געדאַנקען טראָגסטו זיך אַרום? דיר געפעלט אפשר נישט דאָס, וואָס די דייטשן שפּאַצירן דאָ אַרום, ווי זיי וואָלטן געווען די אמתע באַלעבאַטים פון שטאָט? וואָס ווילסטו? זיי זענען טאַקע היינט די אמתע באַלעבאַטים נישט בלויז פון דער שטאָט פּאַריז, נאָר פון גאַנץ אייראָפּע. מאָרגן וועלן זיי באַהערשן אַלע פינף קאָנטינענטן, די גאָרע וועלט. וואָס מיינסטו, אפשר נייִן? דו האָסט אפשר די העזה אָפּצופרעגן ביי די דייטשן זייער רעכט צו באַהערשן די גאַנצע וועלט?

אפשר ביסטו נישט צופרידן דערמיט, וואָס זיי באַהאַנדלען אַזוי שלעכט די יידן? אפשר ביסטו טאַקע אַליין אַ ייד? אויב אַזוי... וואַרט צו נאָך אַ פּאָר טעג, ווען מיר וועלן די אַנטי־יידישע געזעץ־מאַשין לאָזן אין גאַנג. מיר זענען אַ פאָלק פון אָרדענונג. אומאָרדענונג האָבן מיר פּיינט. סטיכישע פּאָגראָמען זענען אַ גרויל אין אונדזערע אויגן. אויך די פאַרניכטונג דאַרף צוגיין מיט אַ סדר...

אָט וואָס אַ געניט יידיש אויער וואָלט געקאָנט פאַרנעמען אין דעם דאָזיקן זומערדיקן פרימאָרגן ווען אַ באַן מיט יידישע פּליטים האָט זיך צוריקגעקערט קיין פּאַריז. צווישן זיי האָבן מסתמא זיך געפונען אַ שפּאָר ביסל געניטע יידישע אויערן אַזעלכע.

פּאַריז, אַ טרויעריקן קבלת־פּנים האָסטו אין דיינע גאַסן געמאַכט פאַר די דאָזיקע צעשראָקענע צוריקקערער!

און דאָך, ווי נאָר זיי זענען געקומען צו זיך אַהיים, אויפן בעלוויל, האָבן יאָסל און יוכבד דאָך געגומען זיך פילן אַ ביסל זיכערער, נישט געקוקט אויף דעם מאָדנע פאַרוווּנדערטן אויסרוף פון דער הויזוועכטעריין, וואָס האָט זיי באַגעגנט מיט אַ „זענט איר צוריקגעקומען?!".

— יאָ, מיר זענען צוריקגעקומען! — האָט איר יאָסל געענטפערט כמעט אין דעם זעלביקן איבערראַשנדיקן טאָן, מיט וועלכן זי האָט אים מקבל פּנים געווען. און דער דאָזיקער טאָן — האָט יאָסל באַוויזן צו באַנעמען אין דער זעלבער רגע — איז כלל נישט געווען קיין קינסטלעכער. ווייל סוף־כל־סוף האָט ער, יאָסל, דאָך אויך זיך געוווּנדערט איבער זיין

צוריקקער. נאָך וואָס האָט ער עס געטאָן? האָט ער דען נישט געקאָנט, פּונקט ווי ר׳ פּנחס, בלייבן אין באָרדאָ און דאָרט אָפּוואַרטן ביז... לאָמיר זאָגן: ביז דעם טאָג ווען די דייטשן וועלן זיין געצוווּנגען צו פאַרלאָזן פּאַריז — דאָס וואָס גענעראַל דע־גאָל האָט אין זיין ראַדיאָ־רעדע פון דעם 28סטן יוני צוגעזאָגט.

— מיר זענען צוריקגעקומען! — האָט יאָסלס אויסרוף נאָכגעקלונגען אין זיינע אייגענע אויערן ווען ער איז אַריבערגעטראָטן די שוועל פון זיין בעלווילער דירה. אַ מין נצחון־אויסרוף איז דאָס געווען. ער האָט געפונען די טיר פון זיין וווינונג אַ פאַרשלאָסענע. קיינער האָט די דירה זיינע נישט באַראַבעוועט, ס׳האָט דאָרט גאָרנישט נישט געפעלט.

איצט ווייסט ער שוין, יאָסל, איצט פאַרשטייט ער שוין, פאַר וואָס ער האָט דאָך באַשלאָסן צוריקצוקומען קיין פּאַריז. וואָלט ער זיך אומגעקערט מיט עטלעכע טעג שפּעטער — ווער ווייסט צי אין איינער פון די נעכט וואָלט מען נישט אויפגעריסן די טיר, כדי אויסצוראַבירן זיין שטוב. אמת, קיין גרויסע זיבן זאַכן וואָלטן זיי, די איינברעכער, אין זיין וווינונג נישט געפונען, זיי וואָלטן אפשר חרטה געהאַט אויף דער מי זייערער און אויך אויף דאָס ביסל ריזיקע, וואָס זיי האָבן גענומען אויף זיך, אָבער דווקא דערפאַר וואָלטן זיי אפשר אין זייער כעס צעבראָכן און צעשטאָכן דאָס מעבל, צעשניטן דאָס בעטגעוואַנט און אַרויסגעלאָזט די פעדערן פון די ציכלעך.

יאָסל דערמאָנט זיך אָבער, אַז די הויפּט־סיבה פאַר וואָס ער האָט זיך אַזוי געאיילט מיטן צוריקקומען, איז געווען אַ מאַטעריעלע, אַ פראַגע פון חיונה, פון פרנסה. אין סאַל, און אַפילו אין באָרדאָ, וואָלט אים געווען אוממעגלעך צו געפינען אַרבעט. דאָ, אין פּאַריז, אַפילו אויב זיין אַרבעט־געבער זאָל נאָך נישט האָבן צוריקגעקומען, וועט ער מסתמא דערווייל קאָנען אַרבעטן אויף אַן אַנדער שטעל, אין אַן אַנדער אַטעליע.

אין פּאַריז וועט ער זיך שוין אַן עצה געבן. ער וועט טאַקע באַלד גיין אַ קוק טאָן וואָס עס הערט זיך ביי זיין אַרבעטגעבער, ביי שמחהלע אייזנבערג.

שמחהלע אייזנבערג איז נאָך אַלץ נישט געהאַט צוריקגעקומען פֿון דרום־פֿראַנקרייך און זייַן אַטעליע איז געווען געשלאָסן. אָבער לויט ווי דער הויזוועכטער האָט אים דערציילט דאַרף מיסיע אייזנבערג מאָרגן אָדער איבערמאָרגן צוריקקומען. דער הויזוועכטער האָט דאָס אים מיטגעטיילט אין אַ טאָן, וואָס שליסט אויס אַלע ספקות, אַזוי אַז יאָסל האָט זיך באַגנוגנט מיט דער דאָזיקער פֿאַרזיכערונג, כאָטש ער האָט געוווּסט, אַז דאָס איז אַ בלויזע השערה.

דערפֿאַר אָבער איז כאַצקל זילבערס שטריקער־אַטעליע, וואָס געפֿינט זיך אויפֿן ערשטן שטאָק אין דעם זעלביקן הויף, יאָ געווען טעטיק. דער גערויש פֿון די דאָרטיקע מאַשינען האָט דאָס אים דערציילט.

יאָסל האָט אַ רגע זיך געקווענקלט, צי ער זאָל ביי דער געלעגנהייט אַרייַנגיין זאָגן כאַצקלען „באָנזשור". ער איז מיט כאַצקלען קיין מאָל נישט געווען שטאַרק אויפֿגעטראָגן. מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט ער זיך מיט אים געהאַט צעווערטלט. איצט געדענקט ער שוין נישט צוליב וואָס, אָבער אַ צייַט שפּעטער האָבן זיי, דערמאָנט ער זיך, איינער דעם צווייטן איבער־געבעטן און האָבן זיך ווידער געזאָגט „באָנזשור" ווען זיי פֿלעגן זיך באַגעגענען.

ביי דעם דאָזיקן כאַצקל, האָפֿט יאָסל, וועט ער זיך דערוויסן עפּעס גענויערס וועגן שמחהלעס צוריקקומען, וואָרעם ער האָט דאָך מיט אייזנ־בערגס פֿאַמיליע, דערמאָנט ער זיך, געזאָלט אין איינעם פֿאָרן קיין דרום־פֿראַנקרייך. כאַצקל האָט אין דער סאַמע לעצטער מינוט באַשלאָסן זיך נישט צו רירן פֿון פּאַריז, אָבער דאָס שטערט אים נישט צו וויסן אויב און ווען יאָסלס פּאַטראָן וועט צוריקקומען קיין פּאַריז.

געטראָפֿן ביי דער אַרבעט האָט יאָסל נישט כאַצקלען, נאָר דרייַ אַרבעטער זייַנע, צוויי יידישע שטריקערס און איין שפּולערין, נישט קיין יידישע. אויך זיי קען ער פֿון זען. זיי זענען נישט געווען אין שטאַנד אים צו אינפֿאָרמירן וואָס נישט איז וועגן זייַן ברויטגעבער.

יאָסל גייט אַרויס פֿון כאַצקלס אַטעליע אין גאַס, און פֿון דאָרט פֿאַר־נעמט ער זיך אויפֿן ברייטן בולוואַר בעלוויל מיט דער האָפֿענונג, אַז אַט

ווען ער באַגעגענען כאָטש איין באַקאַנט פנים. ביי אים, אין זיין הויף, וווינט נישט קיין איין ייד חוץ אים און ס׳איז פשוט נישטאָ מיט וועמען אויס־צורעדן אַ וואָרט. גיין זיך אַריינלאָזן אין אַ שמועס מיטן הויזוועכטער, דעם שונא־ישראל, פלעגט ער אויך אין די פרי־ערדיקע יאָרן ווי ווייט מעגלעך אויסמיידן, איצט דאַרף ער עס אַוודאי און אַוודאי נישט טאָן, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס דער הויזוועכטער מאַכט איצט דעם אָנשטעל, ווי ער וואָלט די דייטשן, וואָס ער האָט פאַר זיי קיין אַנדער נאָמען נישט ווי דאָס זידל־וואָרט „פרידאַלען" אָדער „באָש", נישט פאַרגונען זייערע נצחונות.

ער שפּאַצירט שוין אויפן בולוואַר צען מינוט, אפשר נאָך מער, און ביז איצט האָט ער נאָך קיין איין באַקאַנטן ייד נישט באַגעגנט. די יידישע קאַפעען און רעסטאָראַנען זענען אַלע געשלאָסן און יידן אויף דער גאַס — זעט מען נישט. בעלוויל אָן יידן איז אַ חידוש, וואָס די דייטשן האָבן געבראַכט.

אין דער רגע האָט ער דערזען אויפן בולוואַר אַ ייד, וואָס ער קען אים גאַנץ גוט, יענער האָט, ווי יאָסל, אויך געזוכט אַ ייד, פאַר וועמען אויסצורעדן אַ וואָרט.

— אָן אמתער נס! אַ נס מן השמים! — שרייט אויס דער ייד.

— חיים! — רופט אויס יאָסל אָן איבעררראַשטער — פון וואַנען האָסטו געוווסט, אַז איך בין צוריקגעקומען?

— איך האָב דען געוווּסט — פרעגט חיים — אַז דו ביסט אַוועק־געפאָרן? ווי אַזוי זשע האָב איך געקאָנט וויסן, אַז דו ביסט צוריקגעקומען?

— מען איז געלאָפן — פאַרענטפערט זיך יאָסל — מען איז געלאָפן ווי פון אַ שרפה, וועמען איז געלעגן אין קאָפּ צו גיין זיך געזעגענען מיט באַקאַנטע? ווען נישט מיין איידעם, וואָס האָט מיר אָפּגעטראָטן זיין באַן־בילעט, וואָלט איך גאָרנישט געקאָנט אַוועקפאָרן. אָבער וואָס קומט אַרויס דערפון? אָט זעסטו דאָך, אַז איך בין צוריקגעקומען צו זיי.

— איך בין נישט געלאָפן. איך האָב זיך באַטראַכט...

— האָסט גוט געטאָן. פון זיי קאָן מען נישט אַנטלויפן.

— דערוויילע איז רויק. ביז איצט האָבן זיי קיינעם קיין שלעכטס נישט

געטאָן. הלוואַי זאָל דאָס ווייטער אָנהאַלטן... אַפילו צו יידן טשעפּען זיי זיך אויך נישט. איך מיין, אַז דאָס איז נישט קיין זייער גוטער סימן...

— וואָס מיינסטו דערמיט ?

— וואָס פאַרשטייסטו נישט ? זיי גרייטן זיך, זיי ווילן געווינען דעם צוטרוי פון דער באַפעלקערונג, דערנאָך... איך אויף דיין אָרט וואָלט נישט צוריקגעקומען אַהער... איך טרוי זיי נישט, די דייטשן.

— דו ביסט מסתמא גערעכט...

— בעסער וואָלט געווען ווען איך וואָלט נישט געווען גערעכט... דו ועסט זען. ווי נאָר זיי וועלן האָבן איבערגעצייגט די פראַנצויזן, אַז זיי זענען נישט קיין מענטשן־פרעסער און אַז מען דאַרף פאַר זיי נישט קיין מורא האָבן, וועלן זיי נעמען באַווייזן וואָס זיי קאָנען. ווי און ווינד וועט זיין צו אונדז, יידן.

— וואָס קאָן מען טאָן ?

— טאָן קאָן מען גאָרנישט, אָבער די יידן, יעדער ייד, וואָלט געדאַרפט זען זיך צו האַלטן פון דער ווייטנס פון זיי. דאָס איז מיין מיינונג.

— מיין מיינונג אויך.

— טאָ וואָס ביסטו צוריקגעקומען ?

— דו מיינסט אפשר, חיים, אַז עס איז געשמאַק זיך אַרומצושלעפּן אין דער פרעמד, בפרט נאָך ווען מען איז נישט קיין עושר, ווען מען איז אַ פשוטער אַרבעטער און אָפּגעשפּאָרטע געלטער אין די בענק האָט מען נישט...

דערמיט פאַרענדיקט זיך זייער ביידנס שמועס. זיי גייען נאָך אַ ווײַלע צוזאַמען, דערנאָך פאַרקירעוועט זיך חיים פּלוצלינג אין אַ זייטיק געסל אַריין.

## קאַפּיטל 45

יאָסל און יוכבד האָבן נישט באַוויזן צו שרייבן פערעלען, אַז זיי קומען צוריק קיין פּאַריז. פערעלע איז מיט אירע קינדער פאַרבליבן אין פּאַריז, ווייל זי האָט זיך עפּעס ווי נישט געטרויט צו לויפן פון איר היים, אין

דער צייט, ווען איר מאַן סאַשאַ פּאַפּאַווסקי, געפינט זיך אין געפאַנגענשאַפט און זי וואַרט יעדן טאָג אויף אַ בריוו פון אים.

— יאָסל, וואָס שטייסטו? מען דאַרף לויפן אַנזאָגן...

יאָסל האָט נישט געלאָזן יוכבדן פאַרענדיקן איר זאַץ. ער האָט פאַר־שטאַנען צו וועמען מען דאַרף לויפן, וועמען מען דאַרף אַנזאָגן. נישט קיין וווּנדער! ער איז דאָך אַ טאַטע און פּערעלע איז זיין טאַכטער. סאַשאַ רופט מען איר מאַן, אַלעקסאַנדער פּאַפּאָווסקי. שיין זעט ער אויס, טראַכט יאָסל. ער האָט זיך אַרויפגעאַרבעט אין פּאַריז: איין איידעם טראָגט אַ רוסישן נאָמען, ווי אַן אמתער פּאַניע, און אַ צווייטער — איז אַ דייטש, לויט דעם נאָמען זיינעם איז ער אַ דייטש פון דייטשן־לאַנד. האַנס בוימאַן הייסט ער, און אַ פּראָפעסאָר פון אורגערמאַנישער געשיכטע איז ער געווען אין דער בערלינער אוניווערסיטעט...

יאָסלס קליין דירהלע איז אין דעם זעלביקן נאָכמיטאָג געוואָרן פול מיט געסט פון דער פאַמיליע און סתם גוטע־פריינד און באַקאַנטע.

אין דעם דאָזיקן טרעפן זיך האָט געשטעקט אי פרייד, וואָס מען זעט זיך ווידער געזונטערהייט, אָבער אויך אַ געוויסע אַנטוישונג.

זינט יציאת־פּאַריז האָט זיך דאָ אייגנטלעך גאָרנישט נישט געענדערט, די שטאָט גופא האָט כמעט ווי נישט געליטן פון די שלאַכטן אין דער סביבה און אַזוי ווי זי איז פּראָקלאַמירט געוואָרן ווי אַן אָפענע שטאָט, זענען טיר און טויער אָפן געווען פאַר די דייטשע חיילות. זיי האָבן איינ־גענומען פּאַריז אָן איין שאָס, אין אַ פּאַראַד־מאַרש האָבן זיי זי באַזעצט.

די אַנטלאָפענע און איצט צוריקגעקומענע האָבן אויך נישט שטאַרק געליטן — הלוואַי ווייטער. זיי האָבן זיך געריכט אויף גרויסע יסורים און צרות, אויף אַ סך אַ גרעסערע קאַטאַסטראָפע, ווי זי איז אין דער אמתן געווען.

און דאָך האָט זיך דאָ אַלץ אַזוי שטאַרק געביטן און געענדערט, אַז נישט פּאַריז האָט דערקענט די צוריקגעקומענע פליטים און נישט זיי האָבן דערקענט פּאַריז.

פּערעלע און רייזעלע האָבן דערציילט אין אָפּגעהאַקטע זאַצן, וואָס עס

האָט זיך פאַרלאָפן אין פּאַריז זינט דעם טאָג ווען זי איז אויסגעליידיקט געוואָרן פון צוויי דריטל איינוווינער אירע.

דעם 13טן יוני איז אין דער „אָפן"־פּראָקלאַמירטער שטאָט פּאַריז אַלץ געווען פאַרקלאַפּט. די קאַפעהייזער זענען געווען געשלאָסן, אויך די געשעפטן און די בענק. די גאַסן זענען געווען ליידיק, די בולוואַרן — ווי אויס־געשטאָרבן, די לאָדנס פון די פענצטער פון די הייזער — צוגעמאַכט, און עס האָט זיך געדוכט, אַז עס עקט זיך די וועלט. מען האָט מורא געהאַט אַרויסצושטעקן די נאָז אין גאַס פון פּחד פאַר די אָנקומענדיקע דייטשן.

אויף צו מאָרגנס, דעם פערצנטן יוני, הייסט עס, האָבן די דייטשן אַריינמאַרשירט אין פּאַריז. אַריינמאַרשירט? נישט אין גאַנצן געננוי. די דייטשן זענען נישט אַריין צו פוס קיין פּאַריז. אין די גרויסע קאַמיאָנען זענען זיי געזעסן אויף בענק פון ביידע זייטן. שעהען־לאַנג האָבן זיך געצויגן די קאַמיאָנען, ביז אין דער נאַכט אַריין.

די מענטשן, וואָס האָבן דורך אַ שפּאַלט פונעם לאָדן געקוקט אויף אָט דער דייטשער אינוואַזיע, און יענע, וואָס האָבן זיך אָנגענומען מיט כוח און זענען אַוועק צו די בולוואַרן אָדער צום פּלאַס דע לאַ רעפּיבליק, כדי זיי אָנצוקוקן פון דער נאָענט — זענען ווי פאַרשטיינערט געוואָרן פון דעם דאָזיקן אָנבליק. זיי האָט זיך געדוכט, אַז זיי זענען פאַרוואָרפן געוואָרן אין ערגעץ אַ קאָשמאַר.

וואָס קומט דאָ פאָר? — האָבן זיי זיך געפרעגט. די דייטשן — און דאָס זעט אויס צו זיין אמת — טשעפּען קיינעם נישט, זיי באַראַבעווען קיינעם נישט און זיי קוקן אַפילו אין קיינעמס זייט נישט. גאָרנישט — נישט גוט, נישט שלעכט.

מיט וואָס לאָזט זיך דאָס דערקלערן? נישט אַנדערש, נאָר מען האָט זיי אָנגעזאָגט, זיי זאָלן זיך אויפפירן, ווי זיי וואָלטן קוים געוווּסט, אַז זיי האָבן איינגענומען פּאַריז אָן איין שאָס. אָן אַ באַפעל פון אויבן איז זיי פאַרבאָטן אַפילו אַ שמייכל צו טאָן. זיי זענען נישט קיין לעבעדיקע מענטשן, זיי זענען ראָבאָטן, מאַריאָנעטן, וואָס דערווייל ציט קיינער נישט זייערע שטריקלעך.

אויך די צוקוקער האָבן זיך באַנומען מאָדנע. זיי זענען, ווי דערמאָנט,

געשטאַנען, ווי פאַרשטיינערט, און האָבן בשום אופן נישט געקאָנט פאַר־שטיין ווי אַזוי דאָס איז מעגלעך. קיין שום רעאַקציע נישט פון זייער זייט, קיין איין אויסגעשריי האָבן זיי נישט געטאָן. זיי האָבן נישט באַוויזן צו רעאַגירן, ווי מען וואָלט זיי באַפאַלן אומגעריכטערהייט פון הינטן, און דעריבער האָבן זיי נישט געקאָנט זיך ווערן.

און דערנאָך... נאָך אין דעם זעלבן טאָג פון זייער אַריינמאַרש קיין פאַריז, האָבן זיך באַוויזן אַפישן אויף די ווענט, אַפישן מיט בילדער: אַ דייטשער זעלנער טראָגט אין זיינע אָרעמס אַ פראַנצויזיש קינד. „האָב צוטרוי צו דעם דייטשן סאָלדאַט!" איז אָנגעשריבן מיטן גרויסע אותיות אויף די דאָזיקע אַפישן.

— פערעלע — מישט רייזעלע זיך אַריין אין איר קוזינקעס רייד — דו האָסט נישט דערמאָנט דעם גענדזענעם גאַנג פון די דייטשן. האָסט פאַרגעסן צו דערציילן, ווי אַזוי זיי האָבן מאַרשירט צו פוס פון פלאַס דע לאַ רעפּיבליק אין דער ריכטונג אָפּעראַ. דאָ זענען זיי געגאַנגען צו פוס, הייבנדיק די קני זייערע ביז צום בויך: איינס, צוויי, דריי. שטיוול, דייטשע שטיוול, באַשלאָגענע מיט טשוועקעס, שטיוול אונטערגעפּאָדקעוועטע. אַ זעץ אין האַרצן איז יעדער טראָט געווען.

— גענוג, רייזעלע! — נעמט זיך פערעלע בעטן ביי איר קוזינקע — דאָס איז באַקאַנט. דער טאַטע און די מאַמע קענען דעם דייטשן טראָט, דעם דייטשן שטיוול, נאָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אויך דעמאָלט האָבן די דייטשן באַזעצט פוילן...

— פערעלע — רייסט יוכבד איבער — דו האָסט אונדז נאָך נישט דער־ציילט וואָס דיין מאַן שרייבט פון געפאַנגענשאַפט.

— וואָס איז דאָ פאַראַן, מאַמעשי, צו דערציילן? איך האָב באַקומען דריי קאַרטלעך פון אים און איין קאַרטל איז ענלעך צום צווייטן. ער שרייבט דאָס, וואָס אַלע אַנדערע געפאַנגענע פראַנצויזישע סאָלדאַטן שרייבן. וואָס קאָן מען זיך העלפן?

— איצט איז כמעט קיין שום אונטערשיד נישט פאַראַן — רופט זיך אָן מאָריס, רייזעלעס מאַן, וואָס האָט ביז אַהער נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט — צווישן אַ געפאַנגענעם און אַ ציווילן. אומעטום איז מען אין

זייערע הענט, און ווען מען טראַכט זיך אַריין אין אונדזער אַלעמענס לאַגע, קאָן זיך דוכטן, אַז זיי, די געפאַנגענע, איז בעסער ווי אונדז, ציווילע. זיי שטייען פאָרט אונטערן שוץ פון דעם רויטן קרייץ און פון אַנדערע אינטערנאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס, און מיר, ציווילע — אונטער וועמענס שוץ שטייען מיר? בפרט נאָך מיר, יידן, ווער וועט זיך אָננעמען פאַר אונדז? קיינער נישט... זיי, די געפאַנגענע, איז היינט־צו־טאָג בפירוש בעסער ווי אונדז, ציווילע...

יאָסל האָט געוואָלט אַריינזאָגן מאָריסן, אַז אויב ס׳איז יאָ אַזוי, אויב די געפאַנגענע האָבן וויניקער וואָס זיך צו שרעקן פאַר די דייטשן ווי די ציווילע, טאָ פאַר וואָס זשע איז ער נישט געגאַנגען אויפן פראָנט? דאָס, וואָס ער איז אַן אויסלענדער, איז אַ תירוץ פאַר דער באָבען. אַ סך אויס־לענדישע יידן האָבן זיך געמאָלדן פרייוויליק אין דער אַרמיי, און ווען ס׳איז געקומען די מפלה, האָט קיינער נישט געזאָגט: לאָמיר וואָס גיכער אַריינפאַלן אין געפאַנגענשאַפט, וועט מיר גיין אַ סך בעסער ווי די, וואָס וועלן נישט ווערן געפאַנגען.

אַנשטאָט אָט די טענות כאַפּט זיך אַרויס פון יאָסלס ליפּן גאָר אַן אַנדער טענה, אָדער בעסער געזאָגט — אַ פראַגע:

— אויב אַזוי, מאָריס, טאָ פאַר וואָס האָט אייער זשאַק, דיין שטיפ־ברודער ד״ר שטיין, געמאַכט אַ ויברח פון זיין סטאַלאַג?

— אָפלאַג, ווילט איר מסתמא זאָגן — בעסערט מאָריס אויס — אָפלאַג באַדייט „אָפיצערן־לאַגער״, וואָרעם זשאַק, ווי אַ דאָקטאָר, איז געווען אַן אָפיצער און דערפאַר איז ער אינטערנירט געוואָרן אין אַן אָפיצערן־לאַגער, אין אַן אָפלאַג. און אַנטלאָפן איז ער פון דאָרט, ווייזט אויס, דערפאַר וואָס ער האָט נישט געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו האַלטן באַציִיטנס מיט מיר אַן עצה און מיך צו פרעגן, וואָס מיין מיינונג איז וועגן לויפן, וועגן מאַכן אַ „ויברח״. צווייטנס, האָט זיך אים געהאַט אָנגעבאָטן די מעגלעכקייט צו אַנטלויפן, טאָ פאַר וואָס, פרעג איך אייך, זאָל ער נישט לויפן פון דער דייטשער געפאַנגענשאַפט? און נאָך אַ סיבה איז פאַראַן: ער וויל האָבן פרייע הענט ווייטער צו קעמפן קעגן די דייטשע היטלעריסטן, האָט ער

מיר געזאָגט, און אין דעם, וועל איך אייך אויסזאָגן אַ סוד, איז ער נישט מסכים מיט דער אַלגעמיינער ליניע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, נישט מסכים מיטן דייטש־סאָוויעטישן נישט־אָנגרייף־פּאַקט...

אין דעם געשפּרעך איז פּלוצלינג אַנטשטאַנען אַ מין פאַרלעגנהייט־הפסקה און ווען אַלע זענען אין אַ געוויסער מאָס צו זיך געקומען, האָבן זיי זיך דערמאָנט, אַז ס'איז צייט פאַר יעדערן צוריקצוגיין צו זיך אַהיים. אין אַזאַ צייט, האָט יעדער ביי זיך געטראַכט, דאַרף מען זיין וואָס ווייניקער אין דרויסן, וואָס ווייניקער ביי יענעם, אַפילו ביי אייגענע טאַטע־מאַמע.

פאַראַן נאָך קלענערע ענינים אויפצוקלערן דאָ אויף אָן אָרט. אפשר וואָלט גאָר געווען אַ פּלאַן, אַז יאָסל און יוכבד זאָלן זיך אַריבערקלייבן אין פּערעלעס ווױנונג. וואָס וועלן זיי דאָ בלייבן אויפן בעלוויל, אין אַ ריין יידישער געגנט? טאָמער פאַרגלוסט זיך די דייטשן אָנצוטאָן די יידן צרות, איז דאָך גלייכער צו וווינען אין אַן אַראָנדיסמאַן, ווו מען וואַרפט זיך נישט אַזוי שטאַרק אין זייערע אויגן, ווי דאָ.

— וואָס מיינסטו, מאַמעשי? — ווענדט זיך פּערעלע צו יוכבדן.

— צו אייך אין דער ווױנונג? געוויס וואָלט איך זיך געפריט צו זיין ביי אייך, אָבער ווי לאָזט מען איבער דאָ די דירה? אייער ווױנונג איז דאָך נישט אַזאַ גרויסע, אין גאַנצן דריי צימערלעך...

— אַזוי לאַנג ווי סאַשאַ איז אין געפאַנגענשאַפט, איז פאַראַן פּלאַץ גענוג פאַר אייך אויך... די קינדער וועלן שלאָפן ביי מיר אין צימער...

— ס'איז נישט דאָס — מאַכט יאָסל — באַלד וועט דאָך שמחהלע ראָזענבערג צוריקקומען און איך וועל ווידער גיין אַרבעטן ביי אים... ס'איז דאָ, ביי דער האַנט.

— מען וועט נאָך רעדן וועגן דעם — פאַרענדיקט פּערעלע, וואָס האָט זיך אין צווישן געכאַפּט, אַז עס איז פאַרט גלייכער אירע עלטערן זאָלן בלייבן ווו זיי וווינען. עס וואָלט טאַקע נישט באַקוועם געווען פאַר איר און פאַר אירע צוויי קינדערלעך ווען אירע עלטערן וואָלטן זיך אַריבער־געקליבן צו איר. פּערעלע האָט דערביי אַ טראַכט געטאָן, אַז איידער מען זאָגט עפּעס, דאַרף מען אַ טראַכט טאָן, און טייל מאָל — אַפילו זיך אַ ביס טאָן אין דער צונג...

מען האָט זיך גענומען גרזעגענען. ביי קיינעם איז דאָס געמיט נישט געווען לייכט. מיט די דייטשן, האָט יעדער געפילט, וועט געוויס נישט אַדורכגיין גלאַט. מען וועט נאָך האָבן צו זינגען און צו זאָגן פון זיי.

וואָלט מען כאָטש געוווּסט מיט וואָס די דייטשע גזירות וועלן זיך אָנהייבן, און ווען זיי וועלן זיך אָנהייבן, וואָלט מען אפשר געקאָנט זיך באַוואָרענען, עפּעס וואָס צוטראַכטן, אָבער אין דער אומזיכערקייט איז שווער עפּעס אויסצוקלערן, זייער שווער.

## קאַפּיטל 46

יאָסל איז גערעכט געווען וואָס שייך דער אַרבעט זיינער. שמחהלע ראָזענבערג איז טאַקע צוריקגעקומען און האָט אויף ס׳ניי געעפנט זיין וואַרשטאַט. אַרבעט האָט זיך געפונען, אמת, נישט צו פיל, נישט ווי ביי די שטריקערס, שניידערס אָדער קירזשנערס, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר די דייטשן, אָבער דאָך גענוג פאַר אַ דריי אַרבעטער־טאָפּעצירער. וואָרעם היות ווי עס איז אין די פריִער אויסגערעכנטע פאַכן געווען אַ גוטע קאָניונקטור, האָבן יידן אַפילו אָנגעהויבן צו באַשטעלן ביי שמחהלע ראָזענבערג סאָפּקעס, פאָטעלן און מאַטראַצן. פאַר דער מלחמה האָבן זיי זייער מעבל געקויפט פאַרטיקע, אין די מעבל־געשעפטן.

אַ קאָניונקטור אין די יידישע פאַכן? יאָ, איינער אַ ייד, וואָס האָט זיך באַרימט, אַז ס׳איז נישט אַזאַ גרויסער חטא אָפּצולעקן אַ ביינדל פון דעם דאָזיקן אומגעריכטן סעזאָן, כאָטש ער האָט קיין קאָמפּראָמיסן קיין מאָל פריִער נישט געמאַכט, האָט יאָסלען פאַרגעוואָרפן, אַז אומדירעקט אַרבעט ער דאָך אויך פאַר די דייטשן, וואָרעם ווען די יידישע פאַבריקאַנטן וואָלטן ביי די דייטשן נישט פאַרדינט קיין געלט, וואָלטן זיי דאָך נישט געקאָנט באַשטעלן מעבל ביי שמחהלע ראָזענבערג, און ער, יאָסל, וואָלט אַרומגע־גאַנגען אָן אַרבעט. קורץ און גוט: פון זיינע רייד איז שיר נישט אַרויס־געדרונגען, אַז יאָסל געהערט אויך צו די יידן, וואָס שמירן די רעדער פון דער היטלעריסטישער מלחמה־מאַשין.

וואָס האָט יאָסל דעם דאָזיקן לץ געקאָנט ענטפערן אויף אַזאַ שענדלעכן פאָרוואורף? דאָס לשון איז אים בעת מעשה אָפּגענומען געוואָרן. ווען ער וואָלט זיך נישט באַהערשט, וואָלט ער זיכער אים אַריינגעפּאָרן מיט דער פויסט אין זיין טריפהנעם פּנים. נישטאָ וועד עס זאָל לאַכן: יאָסל אַרבעט פאַר די דייטשן, ווייל ער מאַכט מאַטראַצן, ווייל ער ציט איבער סאָפקעס מיט נייעם שטאָף און ער זעצט אַריין ספּרוזשינעס אין די פּאָטעלן...

— אויב אַזוי, צדיק מיינער — האָט יאָסל זיך אָפּגערופן צו אים — טאָר מען נישט זיין קיין בעקער, טאָר מען נישט פאַרקויפן ברויט די פאַבריקאַנטן, וואָס אַרבעטן פאַר די דייטשע איינקויף־שטעלעס, וואָרעם ווען זיי וואָלטן נישט געקאָנט קויפן קיין ברויט, וואָלטן זיי דאָך געוועזן הונגעריק און קיין כוח נישט געהאַט צו שטריקן, צו נייען, צו קירזשנעווען און די דייטשן וואָלטן געמוזט אַרומגיין נאַקעט און באָרוועס.

— נישט אַזוי האָב איך געמיינט — האָט יענער זיך גענומען פאַר־ענטפערן.

— נאָר ווי אַזוי האָט איר געמיינט? — האָט יאָסל נישט נאָכגעלאָזט.

— איר האָט פאַרדרייט מיין געדאַנק, מיין ליבער ייד.

— זאָגט בעסער — איז יאָסל געוואָרן אָנגרייפעריש — אַז איר האָט לכתחילה געהאַט אַ קרומען געדאַנק. נישט איך האָב אים פאַרדרייט, נאָר ער איז שוין געווען, אייער געדאַנק, ווי איר רופט אים אָן, צעדרייט פון פריִער.

דערמיט האָט זיך דער שמועס צווישן דיביידע בעלווילער יידן פאַרענדיקט, אָבער דאָס פּראָבלעם פון יידישער אַרבעט פאַר דייטשן, נישט אַזאַ אַרבעט ווי יאָסלס, וואָס בלויז אַ משוגענער האָט זי געקאָנט קוואַ־ליפיצירן ווי אַ קאָלאַבאָראַציע מיט די דייטשן, נאָר די דירעקטע אַרבעט, די באַשטעלונגען, וואָס יידישע פאַבריקאַנטלעך־אונטערנעמער האָבן אָנגע־נומען פון די דייטשן, איז דורך דעם דאָזיקן וויכוח נישט פאַרענטפערט געוואָרן. מיט יעדן טאָג איז דאָס דאָזיקע פּראָבלעם שאַרפער געוואָרן. די דייטשע איינקויף־שטעלן האָבן זיך געניטיקט אין אַן אַ שיעור פּראָדוקטן. ס'איז נישט געווען קיין איין סחורה כמעט, וואָס זיי האָבן נישט געקויפט, און זיי האָבן געצאָלט יעדן פּרייז — אין מאַרקן, פאַרשטייט זיך, אָבער

דאָס דייטשע געלט איז אין פראַנקרייך געווען פונקט אַזוי גילטיק ווי דאָס פראַנצויזישע.

קעגן דער דאָזיקער הויך־קאָניונקטור האָט מען נישט געקאָנט קעמפן. אַפילו יענע אַרבעטער, וואָס האָבן געטענהט, אַז מען דאַרף באָיקאָטירן די דייטשן, סאַבאָטירן, האָבן אויך נישט געקאָנט פועלן ביי זיך אויפצוהערן צו אַרבעטן, ווייל זיי האָבן קיין אַנדער קוואַל פון פרנסה חוץ זייערע צען פינגער נישט געהאַט, און טאָמער וואָלטן זיי אַפילו זיך אָנגעטאָן אַ כוח און באַשלאָסן צו הונגערן, וואָלטן אָבער זייערע קינדער זיי נישט געלאָזט אויספירן זייער באַשלוס. קינדער, ווייסט מען, זענען תמיד גערעכט, און קעגן זייערע טרערן העלפן נישט קיין שום אַרגומענטן.

איז אויסגעקומען, אַז פון איין זייט האָבן די דייטשן געמאַכט ביי די יידישע פאַבריקאַנטלעך באַשטעלונגען פאַר זייער אַרמיי און פאַר זייער קריגסמאַשין, און פון דער צווייטער זייט האָבן די שונאים פון די דייטשע ראַסיסטן אָנגענומען די דאָזיקע באַשטעלונגען און האָבן די אויסגעאַרבעטע סחורה צוגעשטעלט אין די דייטשע פאַריזער איינקויף־שטעלן מיטן גוטן ווילן. דער תירוץ אויפן פאַרוואורף, וואָס עטלעכע קאָנסעקווענטע יידישע ווידערשטענדלער האָבן זיי געמאַכט, איז געווען:

— וואָס ווילט איר, מיר זאָלן שטאַרבן פון הונגער? פון וואַנען וועלן מיר לעבן, אויב מיר וועלן נישט אַרבעטן פאַר די דייטשן, וואָס זענען געוואָרן אין פאַריז די איינציקע אָפּנעמער פון אונדזערע אַרטיקלען?

— איר ווילט לעבן? — האָט מען זיי טייל מאָל אויף דעם דאָזיקן וואָגיקן אַרגומענט געענטפערט — לעבן ווילט איר פון די דייטשן, פון די וואָס טוען אַלץ אין דייטשלאַנד גופא און אין פוילן, כדי אונדז אומצו־ברענגען? וואַרט זשע צו אַ ביסל, וואַרט צו, וועט איר זען, ווי זיי וועלן זיך נעמען אויך צו אונדז דאָ, צו אייך אַלעמען. זעט, אַז איר זאָלט נישט חרטה האָבן. ביי דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט וועלן זיי אייך נעמען ווי איר שטייט און גייט און זיי וועלן...

— בייסט זיך אָפּ די צונג! — שרייען די פאַבריקאַנטלעך — דער טיוול איז גאָרנישט אַזוי שרעקלעך, ווי מען מאָלט אים. זיי באַנעמען זיך, די זעלביקע דייטשן, קאָרעקט, אָנשטענדיק, אַז בעסער דאַרף מען גאָרנישט...

— קאָרעקט... אָנשטענדיק... שעמען מעגט איר זיך אין אייער ווייטן האַלדז אַריין! מיט עטלעכע חדשים צוריק זענט איר געווען צווישן די, וואָס האָבן געשריגן, אַז די דייטשן דאַרף מען עוקר מן השורש זיין, מען דאַרף זיי באָיקאָטירן, קריג זיי דערקלערן, און היינט... היינט האַנדלט איר מיט זיי, איר אַרבעט פאַר זיי, וואָלטן זיי נאָר מסכים געווען, איז מעגלעך, אַז איר וואָלט זיך געקושט מיט זיי אין די פּיסקעס.

— היפּאָקריט! דיין רעגירונג מאַכט היינט־צו־טאָג די גרעסטע געשעפטן מיט היטלערן!

— וועלכע רעגירונג?

— דער צדיק אין פּעלץ... ער ווייסט שוין גאָרנישט וועלכע רעגירונג, וועלכעס לאַנד און וועלכן פּראָלעטאַריאָט איך מיין...

— פּראָלעטאַריאָט? ווי קומט דאָ פּראָלעטאַריאָט אין מיטן דרינען?

— מאַך זיך נישט תמעוואָטע. די סאָוויעט־רעגירונג מיין איך, די סאָוויעט־רעגירונג, וואָס האָט געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט היטלער־דייטשלאַנד... האָסט געהערט פון דעם מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ־פּאַקט? געהערט, אָדער נישט געהערט? ענטפער מיר מיט איין וואָרט: יאָ אָדער ניין?

— דער מאָלאָטאָוו־ריבענטראָפּ־פּאַקט איז גאָר עפּעס אַנדערש... ווי אַזוי קאָנסטו פאַרגלייכן?...

— ווי אַזוי איך קאָן פאַרגלייכן? וואַרט אונטער אַ רגע, וועל איך דיר באַלד זאָגן ווי אַזוי איך קאָן פאַרגלייכן... אמת, עס איז פאַראַן אַן אונטערשייד צווישן מיר און מאָלאָטאָוו. דער אונטערשייד צווישן אונדז ביידן איז דער, וואָס איך טו מיין אַרבעט ווי פריִער, ווי פאַר דער מלחמה, איך אַרבעט אויס מיט מיינע אייגענע צען פינגער חיונה פאַר מיר און פאַר מיין פאַמיליע, און טאָמער עס האָט זיך געמאַכט אַ צייט, אַז דער איינציקער אָפּנעמער פון מיין אַרבעט איז דער דייטש, אַ מיתה־משונה זאָל ער איינעמען, איז וואָס קאָן איך טאָן? זיך אַנידערלייגן און שטאַרבן? דיין מאָלאָטאָוו אָבער האָט זיך פאַרבונדן מיט היטלערן און ביידע צוזאַמען האָבן זיי געמאַכט אַ געשעפט: דו, היטלער־דייטשלאַנד, וועסט אַנגרייפן פוילן פון דיין זייט, פון דער זייט פון דאַנציק, דו וועסט זי איינשלינגען צוזאַמען מיט אירע יידן, און איך, סאָוויעט־רוסלאַנד, וועל אָנפאַלן אויפן זעלביקן

פוילן פון דער צווייטער זייט און... איצט שטעלט סאָוויעט־רוסלאַנד צו אין דייטשלאַנד פון כל־טוב... דאָס איז אין דיינע אויגן, רעכט און כשר, וואָס? ענטפער מיר אויף דעם...

— ווער זאָגט דיר, אַז איך בין מסכים מיט זייער פּאַקט און מיט דער היינטיקער סאָוויעט־פּאָליטיק?

— טאָ פאַר וואָס גייסטו נישט פּרעדיקן דאָרט דאָס, וואָס דו פּרעדיקסט דאָ, ביי מיר?

—וווהין דאָרט?

— אין דעם ראַטן־פאַרבאַנד...

דער „באַיקאָטניק" ענטפערט נישט אויף דעם. ער בלייבט שטיין שטיל, פאַרזאָרגט און טרויעריק.

פּאַריז איז פּראָקלאַמירט געוואָרן ווי אַן אָפענע שטאָט. אין אַן אָפענער שטאָט קאָן דער שונא זיך באַוועגן פראַנק און פריי, ער קאָן אַריינדרינגען אומעטום, קיין איין טויער איז נישט פאַרשלאָסן פאַר זיינעטוועגן, קיין איין טיר איז נישט צוגעשפּאַרט פאַר אים. אויך די הערצער פון געוויסע פרויען, אין פּאַריז דער עיקר, האָבן זיך געעפנט פאַר די דייטשע זעלנער און אָפיצערן. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אויך אין דער פראַנצויזישער באַפעלקערונג זענען, לויט דער דייטשער ראַסן־טעאָריע געווען אַ היפּש ביסל פּגימות, האָבן די דייטשע זעלנער און אָפיצערן, מיט דער הסכמה פון דער העכסטער ס. ס.־לייטונג, נישט מקפּיד געווען אויף דעם. אין מלחמה־צייט, ווען מען איז אָפּגעריסן פון די פולבלוטיק־אַריש־גערמאַנישע כלות, אָדער פון די היטלעריש־כשרע דייטשע ווייבער, קאָן זיי קיינער נישט פאַרווערן אָנצוקניפּן פּראָוויזאָרישע באַציִונגען מיט פּיקאַנטע פראַנצויזישע פרויען.

זיי האָבן זיך געלאָזט ווילגיין. אויף טריט און שריט האָט מען געזען דייטשע מיליטערלייט גיין שפּאַצירן מיט פראַנצויזישע פרויען. געוויסע פראַנצויזישע פרויען האָבן, ווייזט אויס, באַשלאָסן צו שענקען פולן צוטרוי אי די דייטשע פלאַקאַטן אי דעם דייטשן סאָלדאַט. דעריבער טאַקע האָבן זיי געקאָנט קייען טאַבלעטקעס שאָקאָלאַד און רויכערן בלאָנדע סיגאַרעטן.

זיי האָבן דערצו נאָך באַקומען אַנדערע פּראָדוקטן, וואָס זענען געווען זייער זעלטן, וואָרעם אַלץ האָט דאָך צוגענומען דער דייטש, דער אָקופּאַנט.

דער דייטש אָבער האָט גאָרנישט נישט צוגעלייגט פון זיין קעשענע, און פאַר דער ליבע, וואָס ער האָט גענאָסן ביי געוויסע פראַנצויזישע פּרויען, האָט ער געצאָלט בלויז מיט שיריים, מיט ברעקלעך פון דעם אוצר, וואָס ער האָט צוגעגזולט ביים פראַנצויזישן פאָלק, ביי דער פראַנצויזישער ווירטשאַפט.

אויך די הנאה, וואָס ער האָט געהאַט פון דער פראַנצויזישער אַנטי־סעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע, האָט אים גאָרנישט נישט געקאָסט, פאַרקערט: די פראַנצויזישע אַנטיסעמיטן האָבן אים נאָך צוגעצאָלט ער זאָל דערווייל שטיין פון דער וויטנס און זאָל זיך נישט אַריינמישן אין דער פון טאָג צו טאָג אַלץ גרעסער ווערנדיקער אַנטיסעמיטישער העץ־קאַמפּאַניע. וואָרעם ס׳איז אונטער זייער כבוד, זיי זאָלן גיין זיך לערנען אַנטיסעמיטיזם ביי די דייטשן. איז דאָך די פראַנצויזישע טראַדיציע אַ סך עלטער ווי די דייטשע. שוין בעת און נאָך דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע זענען איבער גאָר דער וועלט באַקאַנט געווען פראַנצויזישע אַנטיסעמיטן אינעם לאַגער — ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט קלינגען — פון די אוטאָפּישע סאָציאַליסטן, ווי צום ביישפּיל פוריע, טוסנעל און אַנדערע.

טאָ זאָל מען נישט זאָגן, אַז די דייטשן האָבן אַריינגעבראַכט דעם ראַסיסטישן אַנטיסעמיטיזם אין פראַנקרייך. שטאַמט דאָך פון פראַנקרייך דער באַרימטער אַנטיסעמיט עדואַרד דרימאָן, וואָס ווערט אַפילו דורך די דייטשן ציטירט אין זייערע אַנטי־יידישע העץ־אַרטיקלען, כאָטש דער דאָזיקער דרימאָן האָט פעסט געגלויבט, אַז ס׳איז נישטאָ קיין גרויסער אונטערשייד צווישן די דייטשן און די יידן און אַז ביידע אַרבעטן זיי האַנט אין האַנט, כדי צו פאַרניכטן דאָס פראַנצויזישע פאָלק און די פראַנצויזישע קולטור.

דריי חדשים זענען שוין אַוועק זינט פראַנקרייך איז אָקופּירט געוואָרן דורך די היטלערישע חיילות און דורך דער געשטאַפּאָ, און זייער באַציִונג צו די יידן, צו די עכט פראַנצויזישע אַזוי גוט ווי צו די פון די מזרח־

אייראָפּישע לענדער איינגעוואָנדערטע, איז פּונקט אַזאַ גוטע, ווי צו די פראַנצויזישע איינגעבוירענע היימישע און טראַדיציאָנעלע אַנטיסעמיטן.

נישט אַנדערש, נאָר דאָס איז די אויסגעקאָמבינירטע טאַקטיק פון פּראָפּאַגאַנדע־אַמט, וואָס האָט זיך באַזעצט אין דעם לוקסוס־האָטעל „מאַזשעסטיק" אין פּאַריז. זאָלן זיי, די פראַנצויזישע אַנטיסעמיטן, העצן דערווייל קעגן די יידן אויף זייער טראַדיציאָנעל־פראַנצויזישן שטייגער. דערנאָך, ווען די מכה וועט ווערן רייף, וועט קומען די געשטאַפּאָ מיט „שלאָגנדיקע" אַרגומענטן און פאַרענדיקן די קאַמפּאַניע.

אַנדערש איז דאָס נישט צו פאַרשטיין, טראַכטן די „וויטזעענדיקע", די פּעסימיסטן. אפשר אין פראַנקרייך וואַגן זיי נישט, די דייטשן, און זיי וועלן קיין מאָל נישט וואַגן צו רודפן די יידן אַזוי ווי זיי טוען עס אין פּוילן, למשל, טראַכטן ווידער די אָפּטימיסטן. דער יעניקער אָבער, וואָס אַלע זיינע געדאַנקען דרייען זיך אַרום די „חיי־שעה" און ער האָט נישט קיין כוח און קיין מוט זיך צו זאָרגן וועגן דעם מאָרגנדיקן טאָג — ער טראַכט בכלל נישט.

נאָך אַנדערע העלפן זיך אַרויס מיטן אַלט־העברעיִשן ווערטל: „דיה לצרה בשעתה", דאָס הייסט: מען וועט באַווייזן זיך צו זאָרגן איבער דער צרה ווען זי וועט קומען. דערווייל דאַרף מען לעבן, מוז מען לעבן. סיי ווי מוזטו אַקצעפּטירן אַלץ, וואָס וועט מיט דיר געשען, צי דו וועסט יאָ וועלן, צי דו וועסט נישט וועלן.

אַזוי האָבן געטראַכט די רעזיגנירטע, די יעניקע, וואָס מיינען אַז יעטוועדער ווידערשטאַנד, סיי דער ווידערשטאַנד קעגן פערזענלעכן אייגענעם גורל, קעגן קראַנקייט און קעגן טויט, און סיי דער ווידערשטאַנד קעגן מגיפות, מלחמות, ערדציטערנישן און דייטשן, האָט נישט קיין זין און נישט די מינדסטע פּעולה.

און דאָך האָט זיך אין פאַרלויף פון טעג און נעכט אויסגעקריסטאַליזירט פון די נאָר וואָס אויסגערעכנטע דריי טיפּן יידן פון פּאַריז, אַ פערטער טיפּ ייד, וואָס שייך זיין באַנעמונג לגבי דעם דייטשן אָקופּאַנט.

דער דאָזיקער נייער טיפּ ייד איז נישט קיין אָפּטימיסט און פאַרלאָזט זיך נישט אויף ניסים. ער גלייבט נישט, אַז די באַציִונג פון די דייטשן צו די יידן וועט ביז צום סוף פון דער אָקופּאַציע זיך נישט ענדערן. ער גלייבט נישט דעם דייטש, ער האָט נישט קיין צוטרוי צום דייטש און ער באַשליסט צו פירן — מיט די אָרעמע נעבעכדיקע מיטלען, וואָס שטייען צו זיין רשות — אַ קאַמף קעגן אים אויף לעבן און אויף טויט. ווי אַזוי — וועט יעדעס מאָל באַשטימט ווערן דורך די געגעבענע באַדינגונגען. יעדער איינציקער, ווו ער געפינט זיך, דאַרף זיך מאַכן שעדלעך, אַזוי צו זאָגן, פאַר דער דייטשער ווירטשאַפט, פאַר דער זיכערקייט פון די דייטשן. ער דאַרף סאַבאָטירן, שטערן און טאָן להכעיס דעם דייטש ווו נאָר עס וועט זיך לאָזן, נישט שטעלנדיק דערביי, אויף ווי ווייט מעגלעך, אין סכנה דאָס אייגענע לעבן. ביידע פּרינציפּן זענען דעם דאָזיקן טיפּ ייד געוואָרן הייליק און טייער: די נייטיקייט אומצוברענגען, דירעקט אָדער אומדירעקט, וואָס מער דייטשן און דער חיוב צו שאַנעווען וואָס מער דאָס אייגענע לעבן, ווייל וואָס מער יידן עס וועלן זיך ראַטעווען, אַלץ גרעסער וועט זיין דער נצחון.

דער דאָזיקער נייער טיפּ איז גלייכצייטיק נישט קיין פּעסימיסט. ער פאַלט נישט אַריין אין יאוש מיינענדיק, אַז וואָס מען זאָל נישט טאָן און וואָס מען זאָל נישט צוטראַכטן צו טאָן, איז די שפּיל סיי ווי פאַרלוירן.

דער דאָזיקער טיפּ ייד איז מחמת דעם טאָקע, לויט זיין כאַראַקטער און לויט זיין טעמפּעראַמענט, ווייט פון צו זיין אַזאַ וואָס טראַכט בלויז פון זיינע „חיי־שעה” און וויל נישט פאַרויסזען, וואָס מאָרגן וועט זיין.

פאַראַן אַ לאַטייניש שפּריכוואָרט: „פּרימום וויוועריע”: פריִער פאַר אַלץ לעבן, זיך זאָרגן פאַרן לעבן, טאָן אַלץ כדי אויפצוהאַלטן דאָס לעבן. אַלע דאַרפן דאָס איינזען, אַפילו אויך די יעניקע, וואָס מיינען, אַז דער העכסטער געבאָט פון דער שעה איז ווידערשטאַנד. זיי טאָרן נישט פאַרגעסן דעם פּשוטן אמת, אַז קעגנשטעלן זיך דעם שונא קאָן נאָר אַ לעבעדיקער מענטש, און כדי צו לעבן, מוז מען קודם־כל עסן, זיך דערנערן.

זענען אָבער פאַראַן אינעם אָקופּירטן פּאַריז אַ סך יידן, וואָס „שאַרן נישט קיין גאָלד אין די גאַסן” און גייען פּראָסט־פּשוט אויס פון הונגער.

אָדער זיי האָבן בכלל נישט קיין פּאַך, אָדער זיי האָבן אַ באַרוף, וואָס נוצט נישט די דייטשן. די דאָזיקע יידן, אין זייער גרעסטער מערהייט פון מזרח־אייראָפּע פריש־איינגעוואַנדערטע זענען פאַר דער מלחמה אויך נישט געווען קיין נגידים און אין אַ נויט פלעגן זיי אָנקומען צו די פּאַלקסקיכן, וואָס זענען אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך די יידישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס „אַרבעטער־היים" און „מעדעם־קלוב", דורך דער פעדעראַציע פון די יידישע געזעלשאַפטן אין פראַנקרייך, דורך דעם „יידישן ווינקל" און דורך די יידישע קאָמוניסטן.

פיר טעג נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן אַריינמאַרשירט קיין פּאַריז האָבן עטלעכע יידישע פּאַלקסקיכן ווידער אָנגעהויבן פונקציאָנירן. די אַנדערע דריי־פיר קיכן האָבן צוליב דעם מאַנגל אין פּראָדוקטן געמוזט בלייבן געשלאָסן. די צאָל נויטבאַדערפטיקע יידן האָט אָבער געהאַלטן אין איין וואַקסן. אַ גרויסע צאָל פון נישט־קוואַליפיצירטע יידישע אַרבעטער, קליינהענדלער אָדער אינטעליגענץ זענען אַרומגעגאַנגען איבער די פּאַריזער גאַסן הונגעריקע. פאַר די אַלע הונגעריקע יידן האָט מען געדאַרפט גרינדן אַ נייע פּאַלקסקיך.

יידישע בחורים זענען געגאַנגען איבער די הייזער פון בעלוויל און פון פּלעצל צונויפזאַמלען פּראָדוקטן פאַר דער נייער פּאַלקסקיך. דער דאָזיקער אַקציע האָבן זיי אַ נאָמען געגעבן: „ווידערשטאַנד דורך דער־נערונג". די בחורים האָבן אַרויסגעוויזן אַ סך ענערגיע און אויך ווידער־שטאַנד קעגן די יידישע „פּאַמאַלניקעס" (אַ וואָרט צונויפגעשטעלט פון די צוויי פראַנצויזישע ווערטער: „פּאַ" און „מאַל", וואָס באַדייטן: „נישט שלעכט"). זיי זענען געווען אַזוי שטאַרק באַשעפטיקט ביי די באַשטעלונגען, וואָס זיי האָבן געדאַרפט אויספאַרטיקן פאַר די דייטשן, אַז זיי האָבן נישט קיין צייט געהאַט אַפילו אויסצוהערן וואָס מען פאַרלאַנגט פון זיי...

איינער אַזאַ „פּאַמאַלניק" האָט באַקומען אַ גאַב, אַז יענער האָט נישט געוווּסט ווו זיך אַהינצוטאָן.

— וואָס מיינט איר? וואָס טראַכט איר זיך? איר מיינט אפשר, אַז איר וועט שטענדיק קאָנען מיטאַרבעטן מיט אונדזער שונא און זיך פאַר־

שטאָפּן די אויערן ווען מען וועט קומען אייך דערציילן, אַז ס'זענען פאַראַן ייִדן, וואָס גייען אויס פון הונגער? אייך וועט אַ האָר נישט געקרימט ווערן? נישקשה, מען האָט אייך אויפן אויג, פּעטער. איך וואָלט נישט געוואָלט זיין אויף אייער אָרט, עס וועט אייך נישט זיין וואָס מקנא צו זיין...

— ווער זענט איר? אַ חוצפּה פון אַ סמאַרקאַטש... ווי אַזוי וואַגסטו צו רעדן צו מיר אַזעלכע דיבורים?

— ווער איך בין? ווער מיר זענען, ווילט איר וויסן? מיר זענען פון דער אָרגאַניזאַציע: „ווידערשטאַנד דורך דערנערונג".

— זאָגט שוין גיכער, וואָס איר ווילט. אַ שאָד צו פאַרלירן מיט אייך אַפילו איין מינוט...

— אָט אַזוי רעדט. דאָס וועט אייך קאָסטן...

און דער „פּאַמאַלניק" האָט געגעבן פאַר דער אָרגאַניזאַציע וויפל מען האָט פאַרלאַנגט.

„ווידערשטאַנד דורך דערנערונג" איז געווען דער צונאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע, וואָס אַ פופצן־צוואַנציק בחורים און מיידלעך האָבן די טעג געשאַפן אין פאַריז. דער אמתער נאָמען אירער איז געווען: „יידישע פאַר־טיידיקונג־אָפּווער־און־אָנגריף־אָרגאַניזאַציע". איר דעוויז איז געווען: קאַמף מיטן דייטש אויף אַלע געביטן, קודם טאַקע אויפן דערנערונג־געביט.

מיט קיין איין פּאָליט'שער גרופּירונג אויף דער יידישער גאַס האָט די אָרגאַניזאַציע זיך נישט אידענטיפיצירט. אַ מיטגליד אין דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע האָט געקאָנט ווערן יעדער, ווער ס'האָט איינגעזען די נויט־ווענדיקייט פונעם קאַמף מיטן דייטש. נישט די קאָמוניסטן, נישט דער בונד, נישט די פּועלי־ציון אָדער די ציוניסטן זענען די באַוועגער פון אָט דער קעמפערישער יוגנט־באַוועגונג, נאָר די באַדערפעניש פון דער שעה, אַזוי צו זאָגן.

פון דעסטוועגן מיינען עטלעכע חברים, אַז אַ קאַמף־אָרגאַניזאַציע קאָן נישט אין גאַנצן אויסקומען אָן אַן אידעאָלאָגיע, און איינער פון זיי, וואָס קוקט אויס ווי אַ מיידל, וואָרעם ער האָט אַ צאַרט ווייס פּנים און אַ קאָפּ בלאָנדע האָר, בעט דאָס וואָרט.

— איך שלאָג פאָר — זאָגט ער — אַז אין אונדזער פּראָפּאַגאַנדע און אַפילו אין אונדזער זאַמל־קאַמפּאַניע פון פּראָדוקטן פאַר דער קיך, זאָלן מיר זיך נישט באַנוצן מער מיט דער לאָזונג: „ווידערשטאַנד דורך דער־נערונג".

— פאַר וואָס?

— ווייל „ווידערשטאַנד דורך דערנערונג" קלינגט נישט גענוג ערנסט. מען קאָן מיינען, אַז די גאַנצע אַרבעט אונדזערע איז אַ שפּיל, אַז מיר שפּילן זיך אין אָרגאַניזאַציע, אין באַוועגונגען, און מיר דוכט זיך, אַז טאַקע דעריבער נעמט מען אונדז נישט גענוג ערנסט.

— דאָ ליגט טאַקע דער הונט באַגראָבן — שטעלט זיך אַ צווייטער אויף, ווי ער וואָלט זיך געקליבן האַלטן אַ לאַנגע רעדע — דערנערונג איז נישט גענוג ערנסט פאַר דיר און אויך פאַר אַ סך אַנדערע, דער עיקר פאַר די, וואָס עסן צו זאַט און ליידן נישט קיין הונגער. שיינע ווערטער, הויכע ווערטער פאַרלאַנגט מען.

ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין ציִען זיך די דעבאַטן. צוליב דער שפּעטער שעה קאָן קיינער נישט מער גיין צו זיך אַהיים און אַלע זענען געצוווּנגען צו בלייבן אינעם צימער פון דעם חבר, אין לאַטיינישן פערטל.

— דאָ העלפט שוין קיין שום ווידערשטאַנד נישט — וואַרפט עמעצער אַריין — אַלע זענען מיר געפאַנגענע ביי דער נאַכט און ביי די דייטשן...

## קאַפּיטל 47

דריי חדשים האָט געדויערט די דייטשע „געמיטלעכקייט", בעת וועלכער דער ייד איז נישט געפּלאָגט געוואָרן. דער דייטש האָט פּלוצלינג זיך אַרומ־געזען, אַז די יידן לעבן אַ טאָג. האָט די אָקופּאַציע־מאַכט אין אַ סעפּטעמבער־טאָג פאַראָרדנט, אַז יעדעס געוועלב, וואָס געהערט צו אַ ייד, מוז באַצייכנט ווערן ווי אַ יידיש געשעפט, כדי קיין אַריער זאָל, חלילה, קיין טעות נישט האָבן, וואָרעם היות ווי די יידן זענען ווי באַקאַנט, גרויסע שווינדלער,

דאַרפֿן די אַריער גוט אַכטונג געבן, זיי זאָלן וויסן מיט וועמען זיי האָבן צו טאָן.

אַ טייל יידישע געשעפטלייט זענען שוין צוריקגעקומען קיין פּאַריז און האָבן געעפֿנט זייערע מאַגאַזינען. אויף די וויטרינעס פֿון די דאָזיקע געשעפֿטן זענען אויפֿגעקלעפּט געוואָרן קליינע פּלאַקאַטן, וואָס האָבן צו וויסן געטאָן די „אַרישע" קונים, אַז טאָמער פֿאַרגלוסט זיך זיי געבן צו פֿאַרדינען אַ ייד, וועלן זיי פֿון אים ווערן באַגנבעט און באַגזלט.

קיין בעסערע רעקלאַמע האָבן די יידישע געשעפֿטלייט נישט געדאַרפֿט. די „אַרישע" קונים האָבן נישט אַריינגעשמעקט אין אַ נישט־יידיש געוועלב, ס'איז געקומען צו דעם, אַז די אַריש־פֿראַנצויזישע קאָמערסאַנטן האָבן אויפֿגעהויבן אַ געוואַלט און פּראָטעסטירט קעגן דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט, וואָס האָט זיך אָנגעזעצט אויף זיי, ווי זי וואָלט געהאַט בדעה זיי צו רויִנירן עקאָנאָמיש און זיי צעטומלען „מאָראַליש".

עס האָט אויסגעזען, ווי די דאָזיקע „גזירה" וואָלט אויסגעקליגט געוואָרן, נישט דורך די דייטשע ראַסיסטן, נאָר דווקא דורך דער וועלט־באַרימטער, אולטראַ־געהיימער „זקני־ציון"־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט, ווי באַקאַנט, זיך געשטעלט פֿאַר אַ ציל צו רויִנירן אַלע נישט־יידן, זיי צו „פֿאַריידישן", צו פֿאַרדאַרבן זייער געשמאַק, צוגזלען פֿון זיי זייער אַריש־פֿראַנצויזישע צוקונפֿט און זיי איבערלאָזן אויף הפקר אין אַ פֿאַרגאַנגענהייט, וואָס קערט זיך נישט מער צוריק — מיט איין וואָרט: זיי אויסצוטאָן נאַקעט און הויל און זיי אַלעמען צו פֿאַרשיקן מיט ווייב און קינד אין יענער וועלט אַריין אָן שום אויסזיכט אויף אומשטערבלעכקייט...

די „פּראָטאָקאָלן פֿון די זקני־ציון" זענען דערשינען אויפֿן ביכער־מאַרק אין אַ נייער פֿראַנצויזישער איבערזעצונג, באַגלייט מיט פֿרישע קאָמענטאַרן און נייע פּירושים, מיט ביישפּילן, כלומרשט גענומענע פֿון לעבן און באַשטעטיקטע דורך די גרויסע ראַסיסטישע „יידן־קענער": טעאָדאָר פֿריטש, אַלפֿרעד ראָזענבערג, יוליוס שטרייכער און נאָך דייטשע ספּעציאַליסטן.

די פֿראַנצויזיש־דייטשע פּראָ־נאַצישע און ראַסיסטיש־אַנטי־יידישע

פראָפּאַגאַנדע ווילדעוועט וואָס אַ טאָג אַלץ מער און מער. פאַר דער אַנטי־סעמיטישער ליטעראַטור איז געקומען אַ צייט פון הויך־קאָניונקטור. די אַנטיסעמיטישע פרעסע ווייסט שוין נישט מער וואָס צוצוטראַכטן. זי גראָבט אויס פון די אַרכיוון עדואַרד דרימאָן, רעזשי און אַנדערע אַנטי־דרייפוס־העלדן מיט זייערע שלאַגווערטער און פּאָגראָם־רופן. לוי־פערדינאַנד סעלין, באַרימט דורך זיין ראָמאַן „אַ נסיעה ביז צום ראַנד פון דער נאַכט״, וואַרפט זיך אין זיינע פּאַמפלעטן, ווי אַ משוגענער.

נישט פראַנקרייך האָט דערקלערט מלחמה דייטשלאַנד, נאָר די יידן. יאָרן לאַנג האָבן זיי געהעצט צו דער מלחמה און לסוף זי אַרויסגערופן. נישט היטלער, נישט אַפילו דאַלאַדיע און טשעמבערלען, ניין, זיי, די בלוט־דורשטיקע „זקני־ציון״ האָבן פון לאַנג שוין אויסגעאַרבעט אַ פאַרניכטונג־פּלאַן קעגן דער אַרישער מענטשהייט.

מען דערציילט, אַז די היטלערישע מאַכט האָט געוואָלט פאַרבאָטן סעלינס שריפטן. דער נאַצישער פּראָפּאַגאַנדע־מייסטער געבעלס האָלט טאַקע, אַז וואָס מער אומגלויבלעך פּראָפּאַגאַנדע איז, וואָס מער אומגע־לומפּערט אַ שקר־בלבול איז, אַלץ מער אויסזיכטן זענען פאַראַן, אַז דער המון זאָל דערין גלויבן. פון דעסטוועגן האָט מען, ווייזט אויס, זיך אַרומ־געזען אין האָטעל „מאַזשעסטיק״, אַז סעלין איז שטאַרק מגזם. ער דער־ציילט פון פינגער אויסגעזויגענע מעשיות, אין וועלכע ער מאַכט אַלעמען צום נאַר — קודם כל די דייטשן.

אין אָקופּירטן פּאַריז טוט זיך חושך. אַלץ האָט זיך איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף. אויפן פּאַריזער ברוק לאָזן זיך הערן די דייטשע שטיוול און זאָגן אָן די ערשטע טריט פון דער „ביער אייראָפּעיִשער אָרדענונג״, וואָס זיי ווילן איינפירן אין פראַנקרייך.

אומעטום זענען זיי פול, די היטלערישע זעלנער, אין די קאַפעס, אין די קינאָס, אין די קאָנצערט־זאַלן; צווישן זיי זענען פאַראַן פיינע און מוזיקאַלישע מענטשן. ס׳איז זייער וועלט, זייער פּאַריז און געוויסע פּאַריזער פרויען זענען אויך זייערע. זיי פירן זיך אויף, ווי זיי וואָלטן שוין געהאַט איינגענומען די גאַנצע וועלט.

אמת, טשערטשיל שטעקט זיי ווי אַ ביין אין האַלדז, אָבער ס'איז אַ פראַגע פון טעג, העכסטנס פון וואָכן, און ער וועט מוזן זיך אונטערגעבן, אָדער מען וועט אים אויפהענגען ווי אַ קריגס־פאַרברעכער, ווייל ער האָט די העזה זיך קעגנצושטעלן דער דייטשער מעכטיקער אַרמיי. וואָס שייך רוזוועלטן, ווערט ער באַטראַכט דורך דער דייטש־פראַנצויזישער נאַצי־פראָפּאַגאַנדע, ווי דער גרעסטער שונא פון דער אַרישער מענטשהייט. ביז איצט האָט ער נאָך נישט אָנגענומען קיין שטעלונג אין דעם קאָנפליקט, אָבער אויף וועמענס צד ער געפינט זיך מיט זיין סימפּאַטיע, איז פאַר קיינעם קיין סוד נישט. דערפאַר ווערט ער דורך די היטלעריסטן באַטראַכט ווי אַ ייד נישט בלויז אין זיין מענטאַליטעט, נאָר אויך אין זיין ראַסישן בלוט־צוזאַמענשטעל. חוץ דעם, איז ער דאָך, ווי באַקאַנט, אַ פריימויערער, און די פריימויערער זענען אין איינעם מיט די יידן די געפערלעכסטע שונאים פון טויזנטיעריקן דייטשן רייך.

האָבן טאַקע די דייטשן, תיכף ווי זיי זענען אַריינגעקומען אין פּאַריז, זיך אַ נעם געטאָן צו די פריימויערער, די פאַרבינדעטע פון די „זקני־ציון". זיי האָבן געניִשטערט אין זייערע אַרכיוון, כדי אויסצוגעפינען זייער שולד אין דער נייער מלחמה צווישן די אַריער און די אַנטי־אַריער. צי זיי האָבן אין דער פראַנצויזישער לאָזשע „דער גרויסער מזרח" יאָ געפונען די רשימה פון די אמתע רעדלפירער פון די וועלט־געשעענישן, צי זי האָבן זיי נישט געפונען, דאָס ווייסן מסתמא אַפילו נישט די העכסטע געשטאַפּאָ־לייט אין פּאַריז.

אין די לאָקאַלן פון דער פּאַריזער יידישער צענטראַל־קאָנסיסטאָריע האָט די ספּעציעלע ס. ס.־סעקציע פאַר יידישע ענינים דורכגעפירט אַ רעוויזיע און פאַרחתמעט די אייזערנע קאַסע. זי האָט נישט אויסגעמיטן אויך די אַליאַנס איזראַעליט, די ייק"אַ, דעם דזשאָינט, און נאָך דעם ווי זי האָט דורכגעניִשטערט אַלע ווינקעלעך אין די דאָזיקע יידישע וועלט־אָרגאַניזאַציעס, האָט זי פאַרחתמעט זייערע לאָקאַלן.

ס'איז נישט ריכטיק, וואָס מען זאָגט, אַז די היטלעריסטישע אַנטי־יידישע פּראָפּאַגאַנדע, וואָס איז אַ קונציק געוועב פון כלערליי ליגנס און

רכילותן, איז פשוט אויסגעזויגן פון געבעלסעס און ראָזענבערגס פינגער. ביין, אויך אַ ליגן ווערט נישט באַשאַפן פון גאָרנישט, אויך רכילות שטיצט זיך אויף עפּעס, וואָס עקזיסטירט, וואָס איז אויף אַן אמת געשען ערגעץ־ווו און ערגעץ־ווען. ווי יעדער פּראָדוקט מוז אויך אַ ליגן אויסגעאַרבעט ווערן פון עקזיסטירנדיקן רוי־מאַטעריאַל און איידער ער באַקומט זיין פּאַרטיקן פּאַרנעם, גייט ער דורך אַ שפּאַר ביסל פּאַזעס און צושטאַנדן. דעם מאַטעריאַל צו פעלשן געפינט מען אין העברעיִשע, אין אַראַמעיִשע ספרים און אין יידישע ביכער.

די ס. ס.־סעקציע פאַר יידישע ענינים האָט קאָנפיסקירט די גרויסע ביבליאָטעקן פון דער אַליאַנס איזראַעליט, פון דער קאָנסיסטאָריע, פון דעם פּאַריזער ראַבינער־סעמינאַר, פון דער פעדעראַציע פון די יידישע געזעל־שאַפטן און פון אַ סך אַנדערע יידישע אָרגאַניזאַציעס. זי האָט די ביכער עקספּעדירט קיין פראַנקפורט צום באַאַרבעטן אין די נאַצישע ליגן־ און רכילות־פאַבריקן. זאָלן די היטלערישע פּראָפעסאָרן צוריכטן דאָס מאַטעריאַל, וואָס זיי וועלן האָבן אַרויסגעלייענט פון אָט די ספרים און ביכער, אַז זייער אַנטי־יידישע פּראָפּאַגאַנדע זאָל אויסזען „היסטאָריש" און „וויסנשאַפטלעך" באַגרינדעט.

די פּאַריזער ס. ס.־סעקציע פאַר יידישע ענינים האָט חוץ „אינטעלעק־טועלע" אַמביציעס געהאַט אויך פינאַנציעלע און עקאָנאָמישע אינטערעסן. ביים באַזוך, וואָס זי האָט אָפּגעשטאַט דעם פּאַריזער יידישן טאָג־און נאַכט־אַזיל האָט זי זיך שטאַרק געבייזערט הלמאַי דער קאַסירער איז „אַנטלאָפן" מיט דער קאַסע. אין „אָרט" האָט זי געוואָלט זיך דערוויסן, אין וועלכן צושטאַנד די מאַשינען און אַנדערע איינריכטונגען געפינען זיך.

זי האָט אויך נישט פאַרגעסן דורכצופירן רעוויזיעס אין די פּריוואַט־וווינונגען פון איינצלנע „מיטגלידער פון דער זקני־ציון־וועלט־אָרגאַניזאַ־ציע", צום ביישפּיל: ביי מאַרק יאַרבלום, ביי קדמי־כהן, ביי די ראָטשילדס און ביי אַ סך אַנדערע יידישע פּערזענלעכקייטן.

אָט דאָס אַלץ האָט געדריקט אויפן געמיט פון דער פּאַריזער יידישער באַפעלקערונג. ביי טאָג האָט מען, ווי אין דער תוכחה ווערט פאָרויסגעזאָגט, מורא געהאַט פאַר דער נאַכט און ביי נאַכט האָט מען זיך געשראָקן פאַרן

טאָג; אַפילו די ערשטע צוויי חדשים נאָכן אַריינמאַרש פון די דייטשן אין פּאַריז, בעת וועלכע עס איז גאָרנישט געשען קעגן די יידן, האָבן אויך אַרויפגעיאָגט אַ פּחד אויפן בעלוויל, אויפן פּלעצל און אויף די אַנדערע יידישע פּאַריזער קוואַרטאַלן.

נישט אַהין און נישט אַהער, צווישן טאָג און נאַכט, צווישן האָפענונג און פאַרצווייפלונג, צווישן סאַרקאַזם און געלעכטער מיט יאַשטשערקעס, — דאָס איז געווען די שטימונג פון די יידן אויפן גאַס, אין די וואַרשטאַטן, אין די געציילטע לאָקאַלן, ווו עס האָט נאָך געקלאַפּט אַ יידיש־געזעלשאַפט־לעכער אָדער, אין די פאַלקסקיכן, אין די שולן. אָבער אַחוץ דער דאָזיקער קאָלעקטיווער פּאַניק־שטימונג, וואָס האָט אַלעמען באַהערשט, האָט יעדער איינצלנער ייד נאָך געטראָגן אויף זיך זיין אייגן פּעקל צרות און שרעק.

דאָ רעדט זיך נישט וועגן דעם געוויינלעכן אינדיווידועלן „פּעקל", וואָס יעדער יחיד טראָגט מיט זיך, צי ער וויל יאָ, צי ער וויל נישט, זיין גאַנץ לעבן לאַנג, נאָר וועגן דעם „צוגאָב־פּעקל", וואָס די דייטשן האָבן געצווונגען יעדן ייד צו טראָגן אויף זיינע פּלייצעס, אַלץ איינס צי ער האָט געוווינט אויפן בעלוויל, אויפן מאָנמאַרטר, אויפן פּלעצל, אָדער גאָר אָפּגעזונדערט פון אַלע אַנדערע יידן, אין אַ קוואַרטאַל פול מיט פראַנצויזן.

לאָמיר נעמען, צום ביישפּיל, אפרים, ר' פּנחסעס עלטערער זון. צוגלייך מיט אַלע אַנדערע יידן איז ער דורכן מיליטערישן „באַפעלסהאַבער" פון „גראָספּאַריז" אין סעפּטעמבער 1940 באַשטעטיקט געוואָרן ווי אַ ייד, ווייל ער האָט דעם 25סטן יוני 1940 (און פאַר דער דאַטע אַוודאי און אַוודאי) געהערט צו דער יידישער רעליגיע, אָדער ער האָט פאַרמאָגט דריי אָדער צוויי יידישע עלטער־עלטערן (באָבעס אָדער זיידעס). איז ער אָפּגעשטעמפּלט ווי אַ ייד, און ווען אים אַפילו זאָל איינפאַלן אַ משוגעת צו לאָזן זיך שמדן, וואָלט דאָס אים צו זיין „יידישער קראַנקייט", וואָס איז אים אויפגעצווונגען געוואָרן, אויך נישט געהאָלפן.

קומט נאָך צו דער פאַקט, וואָס אפרים איז אַ געשעפטמאַן, אַ מאַנו־פאַקטור־סוחר, און ער האָט זיין געשעפט געמוזט באַצייכענען ווי אַ „יידיש געשעפט". וואָלט דאָס אַליין נאָך געווען אַ קנאַפּע צרה, וואָרעם, ווי ס'איז

שוין אויבן געוואָרן אָנגעמערקט, צום מסחר שאַט דאָס נישט. אָבער לויט דער אויבן דערמאָנטער גזירה טאָר אַ „יידיש געשעפט" נישט אַדמיניסטרירט ווערן דורך זיין אייגנטימער, ווייל אויב זיין סחורה איז כשר, איז ער גופא נישט כשר און איז נישט ראוי צו שטיין אין קאָנטאַקט מיט אַן אַרישן קונה. ער איז אומריין, דריי מאָל אומריין, איין מאָל ווייל ער איז ראַסיש מינדערווערטיק, אַ צווייט מאָל ווייל ער איז אַ „גנב", אַ „שווינדלער", און אַ דריט מאָל, ווייל ער איז אַ דם־שונא פון דער אַרישער מענטשהייט.

אַזוי שרייבן די צייטונגען וועגן אַלע יידישע געשעפטסלייט און מיינען, פאַרשטייט זיך, אפרימען אויך. דערפאַר האַלטן זיי, אַז די דייטשע פאַראָרדענונג, וואָס שטויסט אַרויס די יידישע אייגנטימער פון זייערע געשעפטן, איז יושרדיק און גערעכט. שוין צייט, אַז אמתע אַריער זאָלן ווערן אייגנטימער, אָדער מינדעסטנס פאַרוואַלטער, פון די דאָזיקע געוועזענע יידישע געשעפטן. וואָס זשע, טענהן זיי, קאָן נאָך זיין מער יושרדיק, ווי די דאָזיקע ראַסיש־גערעכטע און עקאָנאָמיש־גינסטיקע „געשעפטלעכע טראַנזאַקציע"?

אָבער יידן געפינען פון יעדער צרה אַ שטיקל אויסוועג. יעדער ייד ווערט באַגלייט דורך אַ מלאך, וואָס ווייזט אים אַ הינטערטיר, דורך וועלכער עס וועט אים אפשר געלינגען זיך אַרויסצוגנבענען. קאָן אַ ייד מער נישט פירן זיין געשעפט, מאַכט ער פיקטיוו שותפות מיט אַן אַזוי גערופענעם פראַנצויזישן אַריער.

האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן אין פּאַריז אַ לויפעניש צו כלערליי ווינקל־אַדוואָקאַטן און סתם „מאַכערס" און אַ זוכעניש פון עכטע אָדער פיקטיווע אַרישע געשעפט־שותפים, אַבי נאָר הינטער די קוליסן זאָל אַלץ בלייבן ווי געווען.

נאָך עטלעכע טעג פון זוכענישן האָט אפרים סוף־כל־סוף געפונען זיין בן־זיווג, אַן אַרישן פאַרוואַלטער. ער איז אַ בוכהאַלטער לויט זיין פאַך, און אַ קנאַפּער מבין אויף שניט־סחורה. איז ער אפרימען דאָפּלט נוצלעך געווען. ער האָט אים אויסגעלי:ען זיין אַרישן נאָמען פיגורירנדיק, אָפיציעל ווי אַ פאַרוואַלטער, אין געשעפט אָבער האָט ער זיך נישט געמישט. ער איז פאַרשטייט זיך, פאַרגיטיקט געוואָרן מיט דער ברייטער האַנט פאַר דער דאָזיקער טירחה זיינער.

אַן אַנדער דייטשע פאַראָרדענונג האָט באַפוילן אפרימען — און אַלע אַנדערע יידן — אָפּצוגעבן דער מאַכט זייערע ראַדיאָ־אַפּאַראַטן, כדי זיי זאָלן נישט וויסן, וואָס עס קומט פאָר אין דער וועלט, נישט בלויז אין דער פרייער, נאָר אַפילו נישט אין דער דורך די דייטשן באַזעצטער.

אויך דאָ האָט אפרים, פונקט ווי אַלע אַנדערע יידן, גאָר שנעל זיך געגעבן אַן עצה. יעדן טאָג האָט זיין אַרישער פאַרוואַלטער, מיסיע דינאַן, אין דער פרי און אין אָוונט געבראַכט אים צו טראָגן פריש־צאַפּלדיקע נייעס פון לאָנדאָן און פון אַנדערע פרייע ראַדיאָ־סטאַציעס.

ערגער איז געוועזן מיט דער גזירה צו גיין אין פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט זיך לאָזן אָפּשטעמפּלען די אידענטיטעט־קאַרטע, ווי אַ ייד. דאָ איז נישט שייך געווען זיך לאָזן פאַרטרעטן דורך אַן אַריער. יעדער ייד האָט פער־זענלעך געדאַרפט קומען דערקלערן זיין איינגעבוירענעם מום, פון וועלכן ער קאָן בשום אופן נישט פטור ווערן.

כאָטש עס זענען געווען בלויז צוויי מעגלעכקייטן: יאָ זיך דעקלאַרירן אָדער נישט זיך דעקלאַרירן ווי אַ ייד, האָבן יידן דיסקוטירט איינער מיטן צווייטן ווי אַזוי אויסצוקליגן אָדער „אַרויסצודיסקוטירן" נאָך אַ פּאָר מעגלעכקייטן.

זיצן דריי עלטערע יידן ביי ר' פנחסן, וואָס איז מיט אַנדערהאַלבן חדשים צוריקגעקומען פון באָרדאָ, און חקירהן זיך, צי זיי זאָלן יאָ גיין זיך מעלדן אין קאָמיסאַריאַט, צי נישט.

— וואָס קאָן שוין זיין, ר' פנחס — פרעגט איין ייד — טאָמער מען וועט זיך מאַכן נישט וויסנדיק?

— וואָס מיינט איר? אויב איר וועט נישט אָנגעבן, אַז איר זענט יידן, מיינט איר, אַז דער רשע וועט אייך נישט דערקענען?

— וואָס אַ שטייגער, וועט איר טאָן, ר' פנחס? איר זענט דאָך עפּעס אַ ייד אַ חכם, וועט איר גיין זיך מעלדן אין קאָמיסאַריאַט?

— איך? אַוודאי וועל איך גיין, מיין באָרד און מיינע פּיאות קאָן איך באַהאַלטן? אַזוי קאָן איך פאַרשטעלן מיין יידישקייט... אַוודאי וועל איך גיין, אַ ברירה האָב איך?

— דאַרף מען הייסט עס יאָ גיין? — פרעגט דער צווייטער ייד.

— איך האָב אייך געענטפערט וואָס איך וועל טאָן, אָבער איך האָב אייך נישט געזאָגט, וואָס איר זאָלט טאָן, דאָ קאָן קיינער קיינעם קיין עצה נישט געבן. יעדער ייד דאַרף טאָן ווי ער פאַרשטייט...

— דאָס איז דאָך אָבער נישט קיין ענטפער, ר׳ פנחס — קלאָגט דער דריטער ייד און שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין, ווי ער וואָלט דורך דער דאָזיקער קאָפּ־באַוועגונג געוואָלט צוגעבן מער וואָג צו זיין פאָדערונג.

— אַוודאי איז דאָס נישט קיין ענטפער — איז זיך ר׳ פנחס מודה — אָבער וואָס זאָל איך טאָן, אַז איך האָב נישט קיין ענטפער... איך האָב נישט קיין ענטפער...

— אָבער איר, ר׳ פנחס — איר האָט דאָך ערשט געזאָגט, אַז איר וועט יאָ גיין זיך פאַרשרייבן...

— אַוודאי וועל איך גיין, און איר, ר׳ שלמה, וועט אויך גיין, און איר ר׳ הירשל, אויך, און איר אויך... וואָס דען קאָנען מיר טאָן? אָבער ווען איר פרעגט מיך אַן עצה, וואָס איר זאָלט אין דער אמתן טאָן, צי איר זאָלט יאָ גיין, צי איר זאָלט נישט גיין — וועט איר דאָך אַליין פאַרשטיין, אַז איך קאָן אייך אויף דעם נישט ענטפערן. אפשר וועט זיך אַלץ אויסלאָזן צום גוטן, אפשר...

אַ ווײַלע בלייבן די דריי יידן ווי געליימטע אויף זייערע שטולן. אויב ר׳ פנחס, דער קלוגער ייד, ווייסט נישט מער וואָסער עצה צו געבן, איז אַ סימן, אַז ס׳איז מער קיין עצה נישט פאַראַן אויף דער וועלט.

פלוצלינג הייבן די דריי יידן זיך אויף פון זייערע ערטער, געזעגענען זיך אייליק מיט ר׳ פנחסן און מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ גייען זיי אַרויס פון ר׳ פנחסעס וווינונג.

## קאַפּיטל 48

ר׳ פנחס בלייבט אין שטוב איינער אַליין. ער זיצט אין אַ געראַמען ווייכן פאָטעל, וואָס זיין זון אפרים האָט אים געקויפט אַ מתנה באַלד ביים אָנהייב מלחמה.

ער ווייסט נישט פאַר וואָס ער דערמאָנט זיך איצט דאָס שמייכעלע פונעם שאָפער, וואָס האָט געהאָלפן אפרימען אַרויפטראָגן אין עסצימער דעם פאָטעל, אויף וועלכן ער זיצט איצט. ער דערמאָנט זיך אויך אפרימס געלעכטערל:

— אָט האָסטו, טאַטעשי — האָט ער צו אים געזאָגט — אַן אמתן וואָלטער־פאָטעל, וואָס איז ווי באַשאַפן געוואָרן פאַר מענטשן, וואָס האָבן ליב אַריינצוטראַכטן און צו באַטראַכטן אַלץ, וואָס קומט פאַר אָדער קאָן פאָרקומען אין דער וועלט.

פנחס האָט נישט אָנגעהויבן פאַרשטיין, וואָס זיין זון מיינט דערמיט צו זאָגן.

— ווי? ווער? וואָס? — האָט ער אים אָנגעקוקט, ווי איינער זאָגט אויף גמרא־לשון: מאַי קאָ משמע לן? וואָס מיינסטו צו זאָגן?

— איך האָב געזאָגט, אַז דאָס איז אַן אמתער וואָלטער־פאָטעל...

— איך ווייס, איך ווייס, מיין זון. וואָלטער איז געווען אַ פראַנצויזישער פילאָזאָף.

— איך ווייס, אַז דו ווייסט...

—געוויס ווייס איך. איך ווייס אויך אפשר דאָס, וואָס דו, מיין זון, און נאָך אַנדערע פון דיין גלייכן ווייסן נישט, אָדער מאַכן זיך ווי זיי וואָלטן נישט אָנגעהויבן צו וויסן... אַן אַנטיסעמיט איז ער געווען, אַ גרויסער אַנטיסעמיט, דער דאָזיקער וואָלטער, אפשר נישט קיין קלענערער שונא ישראל ווי היטלער, ימח שמו, און ווי געבעלס, דער רשע מרושע...

— איצט פאַרשטיי איך שוין פאַר וואָס דער וואָלטער־פאָטעל האָט אַרויסגערופן דיין צאָרן...

— רעד נישט קיין נאַרישקייטן, אפרים, און לאָז מיך געמאַך. אַדרבה, איך דאַנק דיר...

אַלע, וואָס האָבן בייגעווינט דעם דאָזיקן שמועס, האָט זיך פאַרגלוסט צו לאַכן, אָבער ווי אויף צו־להכעיס, ווי עס טרעפט טייל מאָל אין קאָמישע סיטואַציעס, האָט קיינער נישט געלאַכט. אַלע האָבן גלייכצייטיק זיך גע־וווּנדערט און אפשר בעת מעשה זיך געפרעגט, ווי אַזוי דער דאָזיקער פאָטעל־שמועס איז צו שטאַנד געקומען.

דערמאָנט האָט זיך ר׳ פּנחס גראָד איצט אין דעם שמועס — ער ווייסט אַליין נישט פאַר וואָס. אפשר ווייל לעצטנס, איבערהויפּט זינט ער איז צוריק־געקומען פון באַרדאָ, האָט ער זיך אַזוי צוגעוווינט צו דעם פאָטעל, האָט ער זיך טיף „באַזעצט״ אין אים. און זיצנדיק אין אים שעהן לאַנג, האָבן זיך זיינע געדאַנקען אין אים צעשפּילט, איטלעכער אויף זיין אָרט, יעדערער מיט זיין קול, מיט זיין הילך און מיט זיין מיין, און דאָך זענען זיי זיך נישט פונאַנדערגעגאַנגען איינער פון דעם צווייטן ווי ברוגזדיקע, נאָר זיי האָבן זיך צוזאַמענגעהאַלטן, זיך אונטערגעשטיצט איינער דעם צווייטן, ווי עס פּאַסט פאַר נאָענטע קרובים, פאַר מיטגלידער פון דער זעלביקער משפּחה...

ר׳ פּנחס זיצט און טראַכט. וואָלטער איז געווען אַ גרויסער פראַנצוי־זישער דענקער, אַ דענקער אַן אַנטיסעמיט, אַ דענקער אַ שונא ישראל, און ר׳ פּנחס, דער קיין פראַנקרייך איינגעוואַנדערטער פּוילישער ייד, דער אַמאָליקער גרויסער סוחר און תקיף, דער ייד מיט דער גרויסער ווייסער באָרד, זיצט אין דעם וואָלטער־פאָטעל, וואָס זיין זון האָט אים געגעבן אַ מתנה און טראַכט.

ער טראַכט נישט, זיינע געדאַנקען האָבן זיך געמאַכט זעלבשטענדיק. זיי טראַכטן, ווי שוין דערמאָנט, יעדערער פאַר זיך, יעדערער אויף זיין אייגענעם חשבון, און דאָך אַלע צוזאַמען, אַלע מיט אַ מאָל... וועגן אַלץ און אַלעמען טראַכטן זיי, און דער עיקר וועגן די טעג אין וועלכע דער גורל האָט זיי פאַרשלעפּט און האָט זיי באַפוילן צו דערגייען, אויב נישט דעם פולן, דעם גאַנצן, איז כאָטש אַ שטיקל זין פון דעם פאַרוואָס און פון דעם פאַרוועך.

ס׳איז אַ בין־השמשות־שעה, צווישן מנחה און מעריב, אַ שעה ווען דאָס טראַכטן פאַר איינעם, וואָס האָט נישט עפּעס וואָס אַנדערש צו טאָן, קומט אָן זייער לייכט.

ר׳ פּנחס ווייסט גאַנץ גוט, אַז קיינער איז נישט קיין האַר איבער זיינע אייגענע געדאַנקען און אַז ווייניקער פאַר אַלץ לאָזן זיי זיך דיקטירן דעם אָנהייב זייערן. קיינער קאָן זיי נישט דיקטירן פון וואַנען זיי זאָלן אָנהייבן

טראַכטן און אויך נישט אָנצייכענען זיי די ריכטונג, אין וועלכער זיי זאָלן זיך פאַרנעמען.

פון דעסטוועגן פאַרווערן זיי נישט, די געדאַנקען, זיי פאַרצולייגן אַ סיוזשעט, אַן אָנשפּאַר אויף עפּעס וויכטיקס, אויף עפּעס אַזוינס, וואָס איז געשען מיט אים גופא אָדער מיט די, וואָס זענען אים נאָענט, צי גאָר אויף עפּעס אַ געשעעניש, וואָס האָט אויף אים, און ממילא אויך אויף זיי, אויף די דאָזיקע געדאַנקען, געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק, ווי צום ביישפּיל...

ישראל קאַרפּ... אין באָרדאָ... ר׳ פנחס איז אַ פּוילישער ייד און דער אומגעקומענער ישראל קאַרפּ איז אויך אַ ייד פון פּוילן. ישראל קאַרפּ איז געווען אַ סך יינגער ווי ר׳ פנחס, יינגער, און דעריבער מסתמא וויניקער צוריקגעהאַלטן ווי ער. האָט זיך אין אים דאָס בלוט צעקאָכט בעת ער האָט געזען פאַרביימאַרשירן אין באָרדאָ די דייטשע חיילות און ער האָט זיי געוויזן זיין אויפגעהויבענע פויסט.

שווער צו זאָגן, צי די דייטשן האָבן זיך דערשראָקן פאַר דער דאָזיקער נאַקעטער פויסט, צי זיי האָבן באַשלאָסן אויסצוטייטשן דעם פאַרצווייפלטן און מאַכטלאָזן זשעסט ווי אַ סכנה־סיגנאַל פאַר זייער זיכערקייט. האָבן זיי אים דערשאָסן, כדי זיין טויט זאָל דינען ווי אַ וואָרענונג פאַר אַלע אַנדערע נאַקעטע אָדער באַוואָפנטע פויסטן, וואָס עס קאָן זיך זיי אפשר פאַרוועלן צו צעפּאָכען זיך מאָרגן אָדער איבער מאָרגן.

דער טויט פונעם ערשטן יידישן קרבן אין באָרדאָ האָט אויף אַלע דאָרטיקע יידן געמאַכט אַ שווערן רושם. די פּוילישע יידן! — האָבן די היימישע יידן פון באָרדאָ געקריצט מיט די ציין אויף די יידן־פּליטים און אַפילו אויך אויף די פראַנצויזישע פון שטראַסבורג, פון מעץ און פון פּאַריז אַנגעלאָפענע יידן. אויך מיט זיי, אויך מיט די פּאַריזער איינגעבוירענע יידן און מיט זייערע פויסטן, איז מען נישט זיכער. זאָלן זיי בעסער צוריקפאָרן פון וואַנען זיי זענען געקומען... און וואָס שייך די פּוילישע יידן, זיי זענען אַוודאי נישט קיין געוווּנטשענע געסט אין באָרדאָ...

דערפאַר טאַקע האָט ר׳ פנחס אַ ביסל זיך צוגעאײַלט און איז אין עטלעכע טעג אַרום צוריקגעפאָרן קיין פּאַריז. זיצט ער איצט אין דעם פאָטעל, און גריבלט זיך און וויל דערגיין, צי האָט ער געקענט דעם דאָזיקן

פוילישן ייד, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען ישראל קאַרפּ, ווי עס איז געווען געמאָלדן אויף די אַפּישן, וואָס די דייטשן האָבן צעקלעפּט איבער די מויערן פון באָרדאָ.

געוויס, טראַכט ר׳ פּנחס, ערגעץ־ווו האָט ער באַגעגנט דעם דאָזיקן ייד. צווישן די הונדערטער יידישע פּליטים האָט ער אים געטראָפן. ער האָט מיט אים גערעדט און איז מיט אים, אפשר, געוואָרן גאַנץ היימיש, כאָטש ער האָט נישט געוווּסט ווי ער הייסט. צו וואָס איז נייטיק צו קענען אַ ייד ביי זיין נאָמען, ווען מען קאָן זיך צו אים ווענדן מיט אַ „גוטמאָרגן, ר׳ ייד!״? אָבער וואָס אים פּאַרדריסט איצט איז דאָס, וואָס דער דאָזיקער ר׳ ישראל קאַרפּ פאַרמאָגט איצט בלויז אַ פּויסט און נישט קיין גוף, נישט קיין פּרצוף־פּנים, וואָס דורך אים זאָל ער זיך אויסצייכענען פון אַלע אַנדערע יידן...

ר׳ פּנחס דערמאָנט זיך בעת מעשה אין אַ צווייטן פּוילישן ייד. אין דער יידישער צייטונג, דערמאָנט זיך ר׳ פּנחס, אין „פּאַריזער היינט״, איז געווען געשריבן, אַז דער זיבעצן־יאָריקער הערשל גרינשפּאַן, וואָס האָט דערשאָסן אין פּאַריז דעם דייטשן דיפּלאָמאַט פאָן ראַט, איז גאָרנישט געווען קיין אומוויסנדיקער אין יידישקייט, ווי עס טרעפט היינטיקע צייטן צווישן די פראַנצויזיש־יידישע אָדער אַפילו צווישן די פּוילישע אָדער רומענישע יידישע בחורים. אַ געוויסע צייט האָט ער געלערנט אין אַ פראַנקפורטער ישיבה.

הערשל גרינשפּאַן... ווען די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן איז ער געזעסן אין דער גרויסער פּאַריזער תפיסה „סאַנטע״, וואָס אין יידיש איז דאָס דער טייטש „געזונט״. ער איז, ווי די צייטונגען האָבן געשריבן, פון דאָרט געבראַכט געוואָרן קיין בורזש, ווו ער איז פון דעם דאָרטיקן תפיסה־דירעקטאָר שטילערהייט באַפרייט געוואָרן. ער האָט זיך אויסגעמישט מיט אַנדערע פּליטים, אָבער די דייטשן האָבן אים געכאַפּט און איצט ווייסט קיינער נישט ווו זיין געביין איז פאַרפאַלן געוואָרן. פון דעסטוועגן איז אים, ר׳ פּנחסן, לייכטער היינט צו טראַכטן וועגן דעם דאָזיקן יונגן יידישן גיבור, הערשל גרינשפּאַן, ווי וועגן ר׳ ישראל קאַרפּ, ווייל הערשל איז פאַרבליבן

גאַנץ און לעבעדיק אין אַלעמענס זכרון, ווייל איבערגעלאָזט האָט ער נאָך זיך אַ פּנים אַ דאַנק זיין פאָטאָגראַפיע, וואָס דער „פּאַריזער היינט" האָט געהאַט אָפּגעדרוקט באַלד נאָכן אַטענטאַט, אָבער ר' ישראל קאַרפּ האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך בלויז אַ פּויסט, אַ מאַכטלאָזע יידישע פּויסט.

קומט אויס, אויב אַזוי, באַווייזט זיך אַ שפּאָגל נייער אומגעריכטער געדאַנק, אַז הערשל גרינשפּאַן, ווען ער האָט נישט געקענט, שטייט איצט פאַר זיינע אויגן מיט אַלע זיינע יונגע פּנים־שטריכן, בעת אַזאַ ייד ווי ר' ישראל קאַרפּ, מיט וועמען ער האָט, אָן שום ספק, זיך באַגעגנט מער ווי איין מאָל, בלייבט אומבאַקאַנט אין זיין זכרון.

די שאָטנס, וואָס האָבן אין דער דאָזיקער בין־השמשות־שעה דערוויילט זיך צעשפּרייט אין דער לענג און אין דער ברייט, ברענגען אים צו טראָגן אַ סך נייע געדאַנקען. איינער פון זיי וויל דווקא אים איינרעדן, אַז דער דאָזיקער הערשל גרינשפּאַן, וועגן וועמען ער האָט מיט אַ רגע צוריק אָנגעהויבן צו טראַכטן, וואָלט געקענט פאַררעכנט ווערן ווי אַ שטיקל קרוב מיט אַ געוויסן הירשקע, דעם בעלווילער יאָסל גראָסמאַנס זון, וואָס האָט זיך געהאַט געחברט מיט זיין טאָכטער בת־שבע, און אין איינעם מיט איר, ממש האַנט ביי האַנט, דערשאָסן געוואָרן, ווי מען האָט דעמאָלט געשריבן, אויף אַ פאָלקספראָנט־מאַניפעסטאַציע.

אין וואָס די דאָזיקע קרובהשאַפט צווישן הירשקע גראָסמאַן און הערשל גרינשפּאַן באַשטייט, איז שווער צו זאָגן. אפשר ווייל די דאָזיקעביידע נעמען, הירשקע און הערשל, זענען דאָך אייגנטלעך דער זעלבער נאָמען. אָבער דאָס אַליין איז אַ קנאַפּע חכמה. הירשקע גראָסמאַן... הערשל גרינשפּאַן... טאָמער חלילה די דייטשן האָבן אים... אל תפתח פה לשטן... איז פאַראַן אויך אַן ענלעכקייט צווישן ביידנס טויט...

דער געדאַנק וועגן הירשקע גראָסמאַן און וועגן זיין אומגעקומענער טאָכטער בת־שבע פירט אים אַרויף אויפן געדאַנק וועגן זיין אייניקל שאַרלאָט אָדער שושנה, ווי זי דאַרף הייסן מיט איר כשרן יידישן נאָמען. וואָלט דניאל דער אינזשעניר, שאַרלאָטס חתן, נישט געווען איצט אַ געפאַנגענער ביי די דייטשן, וואָלט ר' פנחס איצט שוין געווען יאָסלס

אמתער מחותן. וואָרעם עס וואָלט שוין זיכער געווען נאָך דער חתונה פון דעם יונגן פּאָרפאָלק.

ר׳ פּנחס ווייסט גאַנץ גוט, אַז שאַרלאָט און דניאל האָבן געלעבט צוזאַמען ווי מאַן און ווייב. אָבער כל זמן אַ בחור און אַ מיידל שטייען נאָך נישט אונטער דער חופּה, איז נאָך פאַראַן אַ האָפענונג... אַ האָפענונג פאַר טאַטע־מאַמע און פאַר זיידע־באָבע, וואָס וואָלטן וועלן זיך אויסזוכן אַנדערע מחותנים, פיינערע, מיט מער יחוס...

צוריק געשמועסט, טראַכט ווייטער ר׳ פּנחס, איז יאָסל גראָסמאַנס מחותנותשאַפט, ווי באַלד יאָסלס זון, דניאל, האָט זיך אַזוי איינגעגעבן, און ווי באַלד ער, ר׳ פּנחס, איז שוין אויך נישט מער דער גרויסער תקיף ווי אַ מאָל, — גאָרנישט אַזאַ קרומע. ער האָט געהאַט די געלעגנהייט זיך צו דערנענטערן צו יאָסלען אין באָרדאָ, און ער מוז מודה זיין, אַז נישקשה, מען קאָן זיך מיט אים מתחתן זיין, בפרט נאָך, אַז שאַרלאָט און דניאל האָבן זיך אַזוי שטאַרק ליב, וואָס דאָס איז אויך נישט אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט, און אויב ער וועט זיך איינשפּאַרן, ר׳ פּנחס, אויב ער וועט פּרווון זאָגן ניין צו דעם דאָזיקן שידוך — וועט מען אים הערן? זיין זון גופא, אפרים, קאָן אים נאָך אַ זאָג טאָן: „טאַטעשי, אַז מיר איז רעכט, אַז זיי ביידן איז ליב און ניחא, טאָ פאַר וואָס מישסטו זיך אַריין? און די שידוכים פון דיינע אייגענע קינדער זענען דיר אַלע געווען צום האַרצן? און פון דעסטוועגן האָבן דיינע זין און טעכטער חתונה געהאַט, און נישקשה, די ערד דרייט זיך ווייטער... נעם זיך נישט אַזוי שטאַרק צום האַרצן...״

אָט וואָס ער הערט אים זאָגן. און אין דער אמתן איז ער טאַקע גערעכט. מער נישט, טאַטע־מאַמע, זיידע־באָבע, האָבן ליב זיך צו מישן און צו זאָגן אַ דעה, צי מען פרעגט זיי יאָ, צי מען פרעגט זיי נישט. זיי מיינען, אַז אָן זייערע עצות וועט אַלץ זיין קרום.

אָבער ווי אַזוי קאָן אַזאַ ייד, ווי ר׳ פּנחס, פועלן ביי זיך, אַז קיינער נייטיקט זיך נישט מער אין זיינע דעות און אין זיינע עצות? אָט זענען דאָך מיט אַ שעה צוריק יידן געקומען זיך האַלטן מיט אים אַן עצה, צי זיי זאָלן יאָ גיין דערציילן אין קאָמיסאַריאַט, אַז זיי זענען יידן, אָדער זיי זאָלן

נישט גיין. און וואָס האָט ער זיי געעצהט, די דאָזיקע יידן? גאָרנישט. ער, ר׳ פנחס, האָט ער זיי געזאָגט, וועט יאָ גיין אויסזאָגן אין קאָמיסאַריאַט, אַז ער איז אַ ייד. אים בלייבט נישט איבער קיין אַנדער ברירה, ווי צו גיין זיך אַרויסגעבן פאַר דאָס, וואָס ער איז פון שטענדיק אָן געווען און וואָס ער וועט בלייבן ביז זיין לעצטן אָטעמצוג. אָבער וואָס שייך די אַנדערע יידן, יענע וואָס טראָגן נישט קיין באָרד און פיאות און ס׳איז גענוג זיי זאָלן זיך אַריבערקלייבן אין אַן אַנדער געגנט, זיי ראָט ער נישט, ר׳ פנחס, נישט יאָ צו גיין אין קאָמיסאַריאַט באַשטעטיקן זייער יידישקייט, נישט צו פאַרלייקענען זיך גופא. ער וויל אויף זיך קיין שום אחריות נישט נעמען. זאָל יעדערער טאָן ווי ער פאַרשטייט.

ער פילט זיך אַזוי, ווי אַלע זיינע זין, איידעמס, טעכטער, שניר, אייניקלעך — אַלע, אַלע וואָלטן דאָ געווען פאַרזאַמלט, און אַלע וואָלטן זיי געפאָדערט פון אים, ער זאָל זיי געבן אַן עצה, וואָס זיי זאָלן טאָן און ווי אַזוי זיי זאָלן זיך באַנעמען לגבי זייער יידישקייט. און ער? ער קאָן נישט, ער ווייסט נישט, ער וויל קיינעם קיין עצה נישט געבן, ווייל וואָס מען זאָל יענעם נישט ראָטן, ווייסט ר׳ פנחס, קאָן, חלילה, זיך אויסלאָזן צום שלעכטן.

ר׳ פנחס זעצט זיך נאָך טיפער אַריין אין דעם פאָטעל. ביז וואָס ווען, ביז זיין ווייב גאָלדע וועט אויפהערן זיך צו פאַרען אין קיך און וועט אַריינקומען, כדי אָנצוצינדן די עלעקטריע און זי וועט אַזוי אַרום פאַר־טרייבן די שוואַרצע שאָטנס, וועט ער שווייגן. נישט ווויסנדיק ווי אַזוי, דערטראָגן זיך צו אים די עכאָס פון די טרויעריקע ימים־נוראימדיקע ניגונים, וואָס ער האָט דאָ נישט לאַנג אויסגעציקלט ביים עמוד. „כבקרת רועה עדרו", „מי לחיים ומי למוות".

די ימים־נוראים־טעג זענען אַוועק, און די מלחמה, שמועסט מען, הייבט זיך ערשט אָן. וואָס איז דען פאַראַן נאָך צו רעדן? אַפילו שווייגן, אַפילו פשוט שווייגן איז דאָך אויך שווער... באַלד וועט מען זיך אויפהייבן פונעם פאָטעל און זיך שטעלן דאַוונען מעריב...

# קאַפּיטל 49

דריי דאַטעס: ערשטער סעפּטעמבער 1939 — אָנהייב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה; פערצנטער יוני 1940 — די דייטשן מאַרשירן אַריין אין פּאַריז; אַכט און צוואַנציקסטער סעפּטעמבער 1940 — די דייטשע ראַסיס־טישע דעפיניציע פון דעם באַגריף „ייד" און די פאַראָרדענונג אין דער אָקופּירטער זאָנע פון פראַנקרייך, לויט וועלכער אַלע יידן, אָן אונטערשייד פון זייערע צוגעהעריקייט צו דעם אָדער יענעם לאַנד, וועלן מוזן זיך רעגיסטרירן.

געוועזן זענען זינט דעם אָנהייב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, נאָך אַנדערע דאַטעס, וואָס האָבן אָנגעמאַכט אַ חורבן אויף דער וועלט, אָבער פאַר די יידן אין פראַנקרייך, פאַר די איינגעבוירענע, ווי פאַר די איינ־געוואַנדערטע, זענען די דאָזיקע אָקערשט דערמאָנטע דריי דאַטעס אָן ספק געווען די ערגסטע, וואָס מען קאָן זיך פאָרשטעלן. זיי זעען אויס, ווי דריי רינגען פון איין קייט, וואָס וועט זיך ציִען ווער ווייסט ווי לאַנג.

דער עיקר — פּאַריז. זינט דעם אַריינמאַרש פון די דייטשן איז זי געוואָרן די פאַרפינצטערטע הויפּטשטאָט פון אומגליק און פון צרות, און די לעצטע פון די דערמאָנטע דריי דאַטעס האָט געטראָפן די יידן ווי אַ דונער־געוויטער. די דייטשע פאַראָרדענונג האָט אויפגערודערט דעם גאַנצן כלל יידן.

צום ערשטן מאָל נאָך דער עמאַנציפּאַציע פון די יידן אין פראַנקרייך האָט דאָס „פינטעלע ייד" נוסח מזרח־אייראָפּע זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און מען האָט זיך אַרומגעזען, אַז ס'איז נישטאָ מער קיין מענטשן־רעכט און פאַר אַ ייד — אַפילו דאָס סאַמע געוויינטלעכסטע רעכט צו לעבן, אַריינצואָטעמען אין זיך די פראַנצויזישע קולטור און צו פאַרגעסן פון וואַנען און פון וועמען מען שטאַמט.

די פראַנצויזישע יידן, וואָס זייער „פינטעלע ייד" האָט זיך אויפגעכאַפּט קעגן זייער אייגענעם ווילן, גייען אַרום מיט אַ צערודערט געמיט. זייערע געדאַנקען זענען פאַרשלעפּט געוואָרן אין אַ קאָשמאַר, פון וועלכן זיי ווילן זיך אַרויסדראַפּען. אַ שאָד די מי זייערע. אין די געדאַנקען ביי די דאָזיקע

יידן איז נישט היימלעך. נישט שוין זשע — פרעגן זיי זיך ווידער און ווידער, — נישט שוין זשע וועט די עמאַנציפּאַציע פון די פראַנצויזישע יידן, וואָס איז די טעג אַלט געוואָרן הונדערט און פופציק יאָר, דאַרפן זאָגן קדיש נאָך זיך אַליין?

און אָט איז געקומען דער טאָג פון חודש דעצעמבער ווען די גזירה איז אַריין אין קראַפט. היינט דאַרף יעדער ייד גיין אין קאָמיסאַריאַט און זיך לאָזן „אַריינשטעמפּלען" אין זיינע אידענטיטעט־פּאַפּירן דאָס וואָרט „זשוויף", דאָס וואָרט, וואָס גילט ווי אַ זידלוואָרט אין פראַנצויזיש, אין דער ליטעראַטור, ווי אין דער טעגלעכער אומגאַנג־שפּראַך.

ווי אַזוי אָבער קאָן מען ביי זיך פועלן צו טאָן אַזאַ זאַך? ווי אַזוי וועט עמעצער, וואָס איז ביים קלאָרן זינען, גיין שרייען, אַז ער איז אַ ייד?

— הערט צו. איך, דער און דער, בין זיך מודה און דערקלער, אַז איך בין אַ „זשוויף", אַ הונדערטפּראָצענטיקער „זשוויף". מיין טאַטע און מיין מאַמע האָבן מיר דערציילט, אַז זיי שטאַמען ביידע אָפּ פון יידן.

דער פּאָליציי־קאָמיסאַר און די פּאָליציי־באַאַמטע, וואָס זענען מחויב אַריינצושטעמפּלען אין די אידענטיטעט־פּאַפּירן דאָס זידלוואָרט „זשוויף", וואָלטן אין אַ נאָרמאַלער צייט, אַזאַ מין משוגענעם, וואָס קומט שרייען אין זייער קאָמיסאַריאַט, אַז ער איז אַ „זשוויף", אַרויסגעוואָרפן. עס קאָן אויך געמאָלט זיין, אַז זיי וואָלטן אים באַשולדיקט אין פירן אַ העץ־קאַמפּאַניע קעגן אַ קאַטעגאָריע פראַנצויזישע בירגער.

אַן אַנטי־דיפאַמאַציע־דעקרעט איז טאַקע ביים אָנהייב פון דער מלחמה אַרויסגעלאָזט געוואָרן דורך דער דאַלאַדיע־רעגירונג. דער דאָזיקער אַנטי־דיפאַמאַציע־דעקרעט איז טאַקע געווען געווענדט קעגן די אַנטיסעמיטן, קעגן די היינטיקע קאָלאַבאָראַטאָרן, וואָס פלעגן באַנוצן דאָס וואָרט „זשוויף" מיט אַ זידלערישער כוונה. די ווישי־רעגירונג האָט דעם דאָזיקן אַנטי־דיפאַמאַציע־דעקרעט אָפּגעשאַפט. די פאַראָרדענונג אָבער, וואָס איז מחויב אַלע יידן זיך צו רעגיסטרירן ווי יידן, איז אַ דייטשע פאַראָרדענונג, און זי גילט נאָר פאַר דער זאָנע, וואָס איז אין גאַנצן אָקופּירט געוואָרן דורך די דייטשן.

געווען אַ צווייטע דייטשע גזירה, וואָס לויט איר טאָרן פּליטים יידן, אויסלענדער אָדער נעגערס, זיך נישט אומקערן פון דער אומבאַזעצטער אין דער באַזעצטער זאָנע, און דאָס איז גאָר לטובת די יידן, ווייל זיי פאַרשפּאָרן דאָך אַזוי אַרום זיך צו דעקלאַרירן ווי יידן. זענען טאַקע געווען יידן, וואָס האָבן זיך נישט געפּוילט, איבערגעלאָזט זייער האָבן־און־גוטס אויף הפקר און אַוועק פון פּאַריז.

אין די רייכע קוואַרטאַלן פון פּאַריז האָבן די יידן לכתחילה נישט פאַרשטאַנען, וואָס מען האָט צו זיי. נאָך וויי־קער האָבן זיי פאַרשטאַנען דעם מיין פון דער דאָזיקער גזירה. זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען די אַלטער־נאַטיווע: יאָ אָדער נישט באַווייזן דעם מום, מיט וועלכן מען איז געבוירן געוואָרן. אָבער כמעט פּאָר אַלע יידן פון דעם זעכצנטן אַראָנדיסמאַן איז געווען קלאָר, אַז דער דאָזיקער מום לאָזט זיך איצט מער נישט באַזייטיקן — אַפילו נישט דורך שמד. מען קאָן זיך נישט מער מאַכן נישט וויסנדיק. איז אויב אַזוי אפשר שענער אויפצודעקן דעם יידישן הויקער, וואָס האָט פון דעם געבוירן־טאָג זיך צוגעטשעפּעט אומזיסט און אומנישט סיי צום גוף און סיי צו דער נשמה.

דאָס רוב יידן פון זעכצנטן אַראָנדיסמאַן פאַרהאַלטן זיך שווייגנדיק בעת די פּאָר מינוט, וואָס עס דויערט די אָפּשטעמפּל־אָפּעראַציע. עס זענען אָבער אויך פאַראַן יידן, וואָס פּראָטעסטירן קעגן דער דאָזיקער גזירה. זיי זאָגן דעם פּאָליציי־קאָמיסאַר, אַז זיי דערקענען נישט מער דאָס פּנים פון פראַנקרייך, אַז זיי האָבן אַזאַ מין פראַנקרייך אין זייערע ווילדסטע קאָשמאַרן נישט באַגעגנט.

פאַראַן צווישן זיי יידן, העלדן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, וואָס זענען געקומען אין קאָמיסאַריאַט אַריין באַהאָנגענע מיט זייערע מעדאַלן. זיי קוקן אויס ווי פערזאָניפיצירטע פּראָטעסט־אויסרופן קעגן דעם אופן, ווי אַזוי פראַנקרייך, וואָס איז געווען דאָס ערשטע לאַנד אין דער גאָרער וועלט צו עמאַנציפּירן די יידן, באַהאַנדלט איצט אירע קינדער.

די פראַנצויזישע רעגירונג איז שוין איין מאָל באַגאַנגען אַ געמיינהייט לגבי אַ געוויסער צאָל דייטשע פּליטים, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט אין

פראַנקרייך. זי האָט פאַרלוירן יעדן מאָראַלישן אָנהאַלט און זיך אָנגעהויבן גליטשן אין שאול תחתיה אַריין. זי האָט איינגעשטימט אויסצוליפערן די דייטשע פּאָליטישע פּליטים, וואָס האָבן געפונען אין פראַנקרייך אַ מקום מקלט. ווערט דאָך אַזיל אין דער גאָרער וועלט פאַררעכנט ווי דאָס הייליקסטע רעכט. מען קאָן זיך משער זיין, אַז די דייטשן גופא פאַראַכטן איצט די ווישי־רעגירונג פאַר דער דאָזיקער מיאוסער האַנדלונג.

זינט היטלער איז געקומען צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד — אַפילו די פראַנצויזישע יידן פון זעכצנטן אַראָנדיסמאַן הייבן דאָס איצט אָן צו פאַרשטיין — זענען, אין אַ גרעסערער אָדער אין אַ קלענערער מאָס, אַלע יידן געוואָרן פּליטים, און די לענדער, אין וועלכע זיי האָבן זיך געראַטעוועט אָדער זיי ווױנען דאָרט פון תמיד אָן, זענען מחויב זיי צו לאָזן געניסן פון אַזילרעכט.

די יידן, וואָס גייען זיך רעגיסטרירן, האָבן איצט דאָס געפיל, אַז זיי גייען מקריב זיין זייער אַזילרעכט. די יידן פון דעם זעכצנטן אַראָנדיסמאַן האָבן צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן געגומען שפירן דעם בונד, וואָס פאַרבינדט זיי מיט אַלע יידן אין דער גאָרער וועלט. צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן צווינגט מען די יידן פון דעם זעכצנטן אַראָנדיסמאַן זיך צו דעפינירן „ראַסיש".

אויפן בעלוויל, וואָס געהערט צום צוואַנציקסטן, און אויפן „פּלעצל", וואָס געהערט טיילווייז צום דריטן און טיילווייז צום פערטן אַראָנדיסמאַן, איז די יידישע באַפעלקערונג, וואָס אַן אמת, אויך נישט ווייניק צערודערט, אָבער זי פילט זיך דאָך נישט אַזוי אַנטוישט און זי וואונדערט זיך נישט אַזוי שטאַרק, ווי די יידישע איינוווינער אינעם זעכצנטן אַראָנדיסמאַן.

דאָס רוב יידן פון בעלוויל און פון פּלעצל האָט סיי ווי קיין מאָל נישט געהאַט בדעה אויסצובאַהאַלטן די צוגעהעריקייט צום יידנטום. מיט אָדער אָן באָרד און פּיאות, צוגעבונדן צו דער יידישער טראַדיציע אָדער פּראָג־רעסיוו און פריידענקעריש, ציוניסטיש, סאָציאַליסטיש אָדער קאָמוניסטיש געשטימט — קיין מאָל האָבן זיי נישט אויסגעמיטן צו דערציילן זייערע שכנים די נישט־יידן, אַז זיי זענען „זשוויף", פּראָסט־פּשוט: נישט, חלילה,

קיין „בעסערע מענטשן‟, „איזראַעליטן‟ למשל, נאָר טאַקע „זשוויף‟, אַן חרפה און אַן בושה, אָבער אויך אַן גאווה און אַן באַרימעריי.

אָבער אויב די דייטשן ווילן, אַז זיי זאָלן זיך אַרויסגעבן ווי יידן — און זיי פאַרלאַנגען דאָס — ווייסן אַלע, אַז דאָס איז כדי זיי צו האָבן שטענדיק אויפן אויג. טאָמער וועלן זיי אָנהייבן ליידן מפּלות אויפן פראָנט, זאָלן זיי נישט דאַרפן לאַנג זוכן און תיכף קאָנען זיך נוקם זיין אין די יידן. איז ווייל די דייטשן, הייסט עס, ווילן זיי אָפּשטעמפּלען, און ווייל די פראַנצויזן העלפן די דייטשן אויספירן זייער פּלאַן, וואָלטן די יידן פון בעלוויל און פון פּלעצל געדאַרפט אייגנטלעך סאַבאָטירן די דאָזיקע אָפּעראַציע, נישט געקוקט אויף דער גרויסער ריזיקע, וואָס איז דערמיט פאַרבונדן.

אָבער פון איין זייט האָבן זיי אַ קנאַפּן שאַנס זיך אויסצובאַהאַלטן מיט זייער יידישקייט. וועט זיי נישט פאַרראָטן זייער פיזיאָנאָמיע, אָדער זייער הילוך, וועלן זיי ביי דער ערשטער בעסטער אָבלאַווע אַריינפאַלן דורך זייער יידישן אַקצענט, אָדער זייערע שכנים וועלן זיי פאַרמסרן. פון דער צווייטער זייט זענען זיי צופרידן, וואָס די דייטשן און זייערע פראַנצויזישע שותפים גיבן זיי דערמיט אַ מעגלעכקייט צו מאַניפעסטירן זייער יידישקייט און אַרויסצוווייזן בעת מעשה, אַז זיי זענען נישט קיין רענעגאַטן. פרעגט זיך: וואָס זאָלן זיי פאַרט טאָן?

פאַראַן צווישן די יידן פון בעלוויל און פון פּלעצל אַזעלכע, וואָס וועלן נישט גיין זיך רעגיסטרירן. נישט מחמת זיי האַלטן פון דעם אַלטן כלל, אַז אויף ניין האָט מען קיין מאָל קיין חרטה נישט, נאָר ווייל זיי זענען שוין מיטגלידער פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, וואָס איז פאַר די לעצטע פאָר וואָכן שטאַרק זיך צעוואַקסן, און אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג גילט דער כלל: דער שונא פאַראָרדנט דאָס, וואָס איז גוט פאַר אים און שלעכט פאַר דער באַפעלקערונג. דערפאַר טאַקע מוז יעדער ווידערשטענ־דלער זיך באַמיִען מיט אַלע מיטלען צו סאַבאָטירן אַלע זיינע פאַראָר־דענונגען; דערפאַר טאַקע טאָר קיין איינער נישט פאָלגן דעם שונאס באַפעלן.

אין די קאָמיסאַריאַטן פון גאַנץ פאַריז קומען יידן, איינגעבוירענע און

איינגעוואַנדערטע, רייכע און אָרעמע, געלערנטע און אומגעבילדעטע, פרומע און פריידענקער, מאַן און פרוי, יונגע און אַלטע — אַלע קומען זיי, ווער מחמת מורא און פחד, אַז טאָמער ער וועט דאָס נישט טאָן, ריזיקירט ער מיטן לעבן, און ווער מחמת שטאָלץ, דעם קאָפּ אין דער הויך און מיט גיפט אין בליק: „מען האָט אייך אין דר׳ערד, אייך, דייטשן, ציוויליזירטע באַרבאַרן, און אייך, פראַנצויזן, הינטישע קנעכט פון די דייטשן, מיר וועלן אייך איבערלעבן! און טאָמער נישט מיר, וועלן אונדזערע קינדער איבער־לעבן אייערע קינדער, ווייל עם ישראל חי, ווייל דאָס יידישע פאָלק איז פאַרמשפּט צו לעבן אייביק...״

נאָך דער דאָזיקער רעגיסטראַציע ווערט אַלעמען לייכטער אויפן האַרצן. דער פחד, די מורא פאַרשווינדן, וואָס עס האָט געדאַרפט, איז געשען. קיינער האָט נישט קיין חרטה, ס׳איז גוט אַזוי. איצט וועלן אַלע וויסן, אַז מיר זענען יידן. איין זאַך פאַרדריסט אַלעמען — וואָס רעגיסטרירט האָט מען זיך לויט אַ באַפעל פון די דייטשן און פון זייערע פראַנצויזישע משרתים, וואָס דאָס איז געשען דורך צוואַנג און נישט דורך זייער פרייען ווילן.

מער ווי איינער פון אָט די אַלע רעגיסטרירטע יידן טראַכט זיך — אַ ביסל אין שפּאַס און אַ ביסל אין ערנסט — אַז ווען די יידן וואָלטן מיט אַ חודש צוריק זיך צוזאַמענגערעדט און באַשלאָסן צו פאָדערן פון דער מאַכט — סיי פון דער דייטשער, סיי פון דער פראַנצויזישער — מען זאָל זיי באַטראַכטן אַלעמען ווי יידן און כדי מען זאָל דאָס נישט פאַרגעסן, זאָל מען דאָס איינשרייבן אין די אַנאַלן מיט גילדערנע אותיות, ווי וואָלט מען איצט געקאָנט זיך פרייען!

די רדיפות אויף די יידן אין פראַנקרייך האָבן פון איצט אָן געקאָנט בעמען גיין לויטן דייטשן נוסח און שטייגער: מיט אַ סיסטעם, אין אָרדענונג, לעגאַלערהייט, ראַסן־טעאָרעטיש און ראַסן־פּראַקטיש.

די עכט־דייטשע שיטה האָט איינגעטלעך זיך אָנגעהויבן באַלד נאָך דעם ווי די דייטשע חיילות האָבן אַריינמאַרשירט אין פּאַריז. בעת אַ רעוויזיע אין די פּאַריזער לאָקאַלן פון דער קרן־קימת־אָרגאַניזאַציע האָט די געשטאַפּאָ אַנטדעקט אַ רשימה פון שקל־צאָלערס. די שקל־צאָלערס פון דער דאָזיקער

רשימה זענען אַרעסטירט געוואָרן דורך דער געשטאַפּאָ. זיי זענען באַשולדיקט געוואָרן אין געהערן צו דער פאַרשווערער־אָרגאַניזאַציע „זקני־ציון”. איצט זיצן זיי אין תפיסה. וואָס מיט זיי וועט געשען, איז אומבאַקאַנט. זיי זענען געוואָרן דער אַוואַנגאַרד פון די פאַרפאָלגטע.

פון איצט אָן וועט מען קאָנען אַרעסטירן די גאַנצע פּאַריזער יידישע באַפעלקערונג, זי איז אָפּגעשטעמפּלט געוואָרן. אַלע זענען שולדיק, אַלע זענען זיי יידן.

צוויי יידן גייען פון קאָמיסאַריאַט אַהיים מיט לאַנגזאַמע טריט, ווי זיי וואָלטן זיך אומגעקערט פון אַ לוויה. איינער הייסט יאָסל גראָסמאַן און דער צווייטער שמחהלע ראָזנבערג. אַ פּאַטראָן און זיין פּועל. הינטער זייביידן, ווי עס פירט זיך, גייען זייערע ווייבער, יאָסלס ווייב יוכבד און שמחהלעס ווייב פרומע.

שמחהלע טוט אַ הוסטל, ווי ער וואָלט זיך געקליבן אַרויסצוגיין מיט אמתע דיבורים, נאָר יאָסל פאַרכאַפּט אים די רייד און רופט זיך אָפּ:

— איך ווייס נישט ווי איר, מ׳סיע ראָזנבערג, נאָר איך... הערט איר? מיר איז אַזוי, ווי אַ שטיין וואָלט מיר אַראָפּ פון האַרץ... לאָמיר זיך נישט נאַרן... מיטן באַהאַלטן זיך ווערט מען פאַרדאַכטיק...

— פאַרדאַכטיק אין וואָס?

— וואָס פאַרשטייט איר נישט? פאַרדאַכטיק, אַז מען איז אַ ייד... צוריקגעשמועסט...

— ניין, מיסיע גראָסמאַן — צינדט זיך אָן שמחהלע ווי גרויס ער איז — איך בעט איך... שמועסט נישט צוריק... איר האָט גערעדט וועגן פאַרדאַכט... חשד, מיינט איר דאָך אַוודאי...

— איך מיין דאָס, וואָס איך זאָג: פאַרדאַכט, דאָס זעלביקע וואָס חשד...

— האָט איר געזאָגט... וואָס האָט איר געזאָגט?

— איך האָב געזאָגט, אַז טאָמער אַפילו עס געלינגט שוין יאָ אויסצובאַהאַלטן דעם נאַקעטן פאַקט, אַז מען איז אַ ייד...

— זעט איר — וויצלט זיך שמחהלע און לאַכט בעת מעשה מיט אַ דריבנינקן געלעכטערל — אַ פאַקט, ווי איר זאָגט, אַ פאַקט קאָן מען נאָך אפשר ווי נישט ווי באַהאַלטן, אָבער אַ נאַקעטן פאַקט, ווי איר האָט זיך

אויסגעדריקט... דעם נאַקעטן פאַקט אייערן, ווי אַזוי, ווו ווילט איר אים באַהאַלטן?

— נישט דאָס האָב איך געמיינט — פאַרענטפערט זיך יאָסל מיט אַ שמייכעלע אויף די ליפּן־ווינקלען — לאָמיר רעדן ערנסט...

— נישטאָ וואָס צו רעדן, — רופט זיך אָפּ שמחהלע ראָזנבערג — נישטאָ וואָס צו זאָגן. מיר זענען אַלע אַריינגעכאַפּט געוואָרן אין דער פּאַסטקע ווי מייז, איר הערט? ווי מייז... דאָס איז דער פאַקט, דער פאַקט פון אַלע פאַקטן. און קעגן דעם, מיסיע גראָסמאַן, איז נישטאָ קיין שום עצה.

— וואָס זאָל מען טאָן? — דערלאַנגט יוכבד אַ טיפן זיפץ, ווי זי וואָלט זיך צוגעהערט צו שמחהלע ראָזנבערגס אויספירן.

— נישטאָ טאַקע וואָס צו טאָן — איז מסכים פרומע, שמחהלעס ווייב, צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ.

## קאַפּיטל 50

איצט, אַז די פּאַריזער יידן זענען שוין אָפּגעשטעמפּלטע, רעגיסטרירטע ערובניקעס, רעזערווירטע פאַר כלערליי גזירות, וואָס עס קאָן זיך פאַרוועלן די דייטשן גוזר צו זיין אויף זיי, איז זיי אַלעמען, ווי שוין דערמאָנט, עפּעס ווי לייכטער געוואָרן אויפן האַרצן.

די דאָזיקע דערשיינונג לאָזט זיך לייכט דערקלערן. וואָס עס דריקט מער ווי אַלץ, דאָס איז דער „אפשר", אָדער „טאָמער", דער „פון דעסטוועגן", דער „מען קאָן נישט וויסן"; דער גורל וויל בעסער גיין אויף אַ גראָדן ווי אויף אַ קרומען וועג, אַפילו ווען מען ווייסט, אַז ביידע וועגן פירן צום אונטערגאַנג.

אָן דער פאַלשער און פאַרפירערישער טרייסט פונעם „אפשר" און פונעם „טאָמער" איז לייכטער זיך צו ראַנגלען, אַפילו ווען מען ווייסט, אָדער גראָד דווקא ווען מען ווייסט שוין אויף זיכער, אַז ס'איז נישטאָ מער קיין אויסוועג, קיין שאַנס זיך צו ראַטעווען.

„תמות נפשי עם פלישתים" איז אַן אַלטע יידישע לאָזונג, אַן אַלטע

יידישע טאַקטיק. זאָל געשען, וואָס עס מוז געשען ווי באַלד דער יידישער גורל איז שוין יאָ אַזאַ טראַגיש־פּאַטאַלער, אַזאַ אויסוועגלאָזער, אַזאַ אומ־פּאַרמיידלעך־טרויעריקער!

די דייטשן האָבן פּלאַנירט צו שאַפן אין פּאַריז אַ מין יודענראַט, ווי זיי האָבן דאָס געטאָן אין רוב שטעט און שטעטלעך פונעם אָקופּירטן פּוילן, אַ יודענראַט, וואָס זאָל מקיים זיין די דייטשע גזירות און העלפן די דייטשן צו ערשט באַרויבן די יידישע באַפעלקערונג, זי דערנידעריקן און דערנאָך... ווער ווייסט וואָס פאַר אַ מין אונטערגאַנג די דייטשן ווילן דערנאָך צו־טראַכטן פאַר די יידן, אין ווילכן ער טאַקע, דער יודענראַט, וועט מוזן זיי אַריינשלעפּן.

צו דעם דאָזיקן צוועק איז נאָך אין סעפּטעמבער אַראָפּגעקומען קיין פּאַריז אייכמאַנס אַ נאָענטער מיטאַרבעטער, דער געשטאַפּאָ־מאַן דאַנעקער. ער האָט געפּרוווט איינרעדן די אָנפירערס פון דער קאָנסיסטאָריע און פון די געבליבענע יידישע הילף־אָרגאַניזאַציעס, אַז ער מיינט אייגנטלעך די טובה פון די יידן. וועט די דייטשע מאַכט האָבן, האָט ער געטענהט, אַ זיכערן רעפּרעזענטאַטיוון אַדרעס וווהין זיך צו ווענדן אין יידישע ענינים, ווילן די יידן אינדיווידועל נישט באַלעסטיקט ווערן און עס וועט זיי גאָרנישט נישט געשען.

פראַנקרייך איז אָבער נישט פּוילן און די פראַנצויזישע יידן קאָנען נישט פאַרגליכן ווערן צו די פּוילישע יידן, נישט וואָס שייך זייער מענטאַליטעט, נישט וואָס שייך זייערע ספּעציפיש־יידישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס וואָלטן געקאָנט, ווי דאָס איז דער פאַל אין דעם אָקופּירטן פּוילן, דינען ווי אָפּטיילן פונעם ניי־געשאַפענעם יודענראַט. חוץ דעם איז די עקזיסטענץ פון אַ יודענראַט נישט מעגלעך דאָרט, וווּ עס לאָזט זיך נישט, מחמת אַלערליי סיבות, אויפשטעלן אַ געטאָ, וואָס זאָל אַריינעמען אַלע יידן, אַ געטאָ, פון וואַנען מען קאָן נישט אַנטלויפן.

האָבן סוף־כל־סוף די דייטשן, נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען סיי מיט די יידישע „נאָטאַבלען" און סיי מיט די פראַנצויזישע פּאָליציי־אינסטאַנצן, זיך אָפּגעזאָגט צייטווייליק פון זייער יודענראַט־פּראָיעקט. זיי האָבן זיך אָבער נישט אָפּגעזאָגט פון זייער פּלאַן צו דערפירן ביסלעכווייז און סיס־

טעמאַטיש די פראַנצויזישע יידן — די איינגעוואַנדערטע צו ערשט און דערנאָך אויך די היימישע, די איינגעבוירענע — צום אָפּגרונט, צו פאַר־ניכטונג.

— איר קאָנט זיך אויף זיי פאַרלאָזן! — טענהט יאָסל גראָסמאַנס אַ באַקאַנטער ייד אין אים אַריין — איר קאָנט זיך פאַרלאָזן אויף די דייטשן! איך ווייס ווער און וואָס זיי זענען. זיי, אַז זיי טראַכטן צו עפּעס, ווערט קיינער שוין מער נישט אַראָפּפירן זיי פון זייער געדאַנק; פריער אָדער שפּעטער וועלן זיי אים דורכפירן. מיר קאָנט איר נישט דערציילן קיין מעשיות, איך האָב געוווינט אין דייטשלאַנד לאַנגע יאָרן.

— וואָס העלפט דאָס רעדן? דאָס איינציקע וואָס עס בלייבט איבער פאַר אונדז, יידן, איז, אפשר, אָפּוואַרטן, זען וואָס די צייט וועט ברענגען...

— אויף וואָס ווילט איר וואַרטן? אויף וועמען? אויף משיחן?

— און איך זאָג אייך, אַז הִיטלערס ליבע מיט רוסלאַנד וועט לאַנג נישט אָנהאַלטן. דאָס לייגט זיך דאָך נישט אויפן שכל, דער דאָזיקער שידוך קאָן נישט האָבן קיין קיום. דייטשלאַנד איז נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטיש, דאָס הייסט פאַשיסטיש, דאָס הייסט...

— דאָס הייסט גאָרנישט מיט נישט, מיסיע! אין דער פּאָליטיק הערט אויף יעטווידע אידעאָלאָגיע, דאָ שפּילן אַ ראָל בלויז אינטערעסן און גרענעצן. סיי רוסלאַנד, סיי דייטשלאַנד האָבן געוואָלט אויסברייטערן זייערע גרענעצן, און ביידע האָבן זיי טאַקע, דורך זייער סאָוויעטיש— דייטשישן אָפּמאַך, געוווּנען שטיקער טעריטאָריע, זיי האָבן איינגעשלונגען גאַנצע לענדער. איז נישטאָ קיין שום אויסזיכט, אַז זיי זאָלן זיך נישט האַלטן ווייטער צוזאַמען און זיי זאָלן זיך ווייטער נישט קושן אי־ן די פּיסקעס.

— אָבער אין דייטשלאַנד ווערן דאָך פאַרפאָלגט די קאָמוניסטן. ווי אַזוי וועט איר דאָס, מיסיע, דערקלערן?

— מילא, ווערן זיי פאַרפאָלגט! וואָס קאָן דער ראַטן־פאַרבאַנד טאָן? קאָן ער זיך דען אַריינמישן אין דער אינערלעכער פּאָליטיק פון דייטשלאַנד? און אויב רוסלאַנד וועט פּראָטעסטירן, וועלן די דייטשן, מיינט איר, זיך אָפּעסן דאָס האַרץ? איינס האָט נישט קיין שייכות צום אַנדערן.

פון אָט דעם שמועס איז יאָסל גראָסמאַן געוואָרן אין גאַנצן אַ צעטומל־

טער. ס׳איז אים געווען, ווי ער וואָלט זיך אָנגעשיכורט מיט אַ שלעכטער משקה, פון וועלכער מען האָט נישט קיין פאַרגעניגן, נאָר פאַרקערט, מער ווי קאַפּווייטיק ברענגט זי נישט.

די קני וואַקלען זיך אים טאַקע. ער ווייסט אַליין נישט וואָס עס טוט זיך מיט אים. זאָל דאָס זיין אמת, אַז אין דער פּאָליטיק זענען אַלע שווינד־לערס און אָפּנאַרערס און מען קאָן זיך אויף קיינעם נישט פאַרלאָזן, אַפילו נישט אויף די, וואָס האָבן אין נאָמען פון דער רעוואָלוציע איבערגעדרייט די גאַנצע וועלט? זאָל דאָס זיין אמת, אַז ווי נאָר עס קומט צו יידן, איז קיינער נישטאָ וועמען עס זאָל זיך פאַר זיין אָננעמען? ער גייט אַהיים מיט וואַקלדיקע קני און מיט אַ צעבראָכענעם געמיט, ווי איינער, וואָס האָט פאַרלוירן דאָס לעצטע ביסל האָפענונג.

ווי אָבער ער איז אַריינגעקומען אין שטוב איז פון יאָסלס אַלע געדאַנקען גאָרנישט געבליבן, גלייך ווי זיי, די געדאַנקען, וואָלטן פון אים נישט געוואָלט מער וויסן. ער קאָן זיך אָבער נישט איינהאַלטן, ער מוז רעדן, ער מוז עפּעס דערציילן.

— יוכבד! — זאָגט ער — מען וואָלט געדאַרפט עפּעס צוקלערן... מען וואָלט אפשר געדאַרפט זיך אַרויסקריגן פון דאַנען... וווהין, ווייס איך אַליין נישט... איך האָב מורא...

— וואָס רעדסטו? יאָסל, זאָג דאָס נישט...

— וואָס זאָל איך נישט זאָגן? דו ווייסט דאָך אַליין...

— וואָס ווייס איך?

— איך האָב געמיינט, אַז די רוסן שווייגן, ווייל זיי קאָנען דערווייל אַנדערש נישט טאָן, אָבער ווען עס וועט קומען דער מאָמענט, וועלן זיי זיך אויפכאַפּן און זיי וועלן נישט דערלאָזן, און די מלחמה וועט זיך ענדיקן, ווייל דער דייטש וועט איינזען, אַז די וועלט, די גאַנצע וועלט, איז פאַרט שטאַרקער ווי ער.

— נו, דו מיינסט נאָך אַלץ?

— איצט, מיין איך, אַז עס איז אַן אומגליק. איך האָב מורא אַרויסצו־ברענגען אויף מיינע ליפּן...

— וואָס איז געשען?

— ס'איז גאָרנישט נישט געשען. אַ שמועס האָב איך געהאַט מיט אַ באַקאַנטן ייד, אויף די ראַמפּאַנאַ ווײַנט ער, דו ווייסט שוין, מיט אַלטוואַרג האַנדלט ער...

— וואָס האָט ער דיר דערציילט?

— ער האָט מיר גאָרנישט נישט דערציילט. וואָס האָסטו זיך אָנגע־טשעפּעט אין מיר?

— טאָ פאַר וואָס זענען מיר צוריקגעקומען פון באָרדאָ? פאַר וואָס האָבן מיר זיך גערירט פון דאָרט?

— אַלע זענען צוריקגעפאָרן, זענען מיר אויך צוריקגעפאָרן...

— נישט אַלע, אונדזער טאָכטער און אונדזער איידעם זענען פאַרבליבן אין דער פרייער זאָנע. אָט איז אַ קאַרטל אָנגעקומען פון זיי. אָך און ווי צו אַזאַ קאַרטל, אָבער אַלץ בעסער ווי גאָרנישט. אַזוי ווייסט מען כאָטש, אַז זיי לעבן און זיי זענען געזונט. אָבער פון וואַנען נעמען זיי דאָרט צום לעבן?

— זעסטו שוין, אַז מיר האָבן געמוזט צוריקפאָרן? דאָ האָבן מיר דערווייל נאָך אַ שטיקל היים און אַרבעטן אַרבעט איך אויך צו ביסלעך. אַזוי לאַנג ווי די כוחות קלעקן...

יאָסל האָט שיר נישט אַרויסגעכאַפּט זיך מיט אַ וואָרט וועגן דעם, וואָס מיט אים איז היינט ווידער אַ מאָל געשען ביי דער אַרבעט. פּלוצלינג האָט אים גענומען שווינדלען פאַר די אויגן, די קני האָבן זיך אים אַ טרייסל געטאָן און ער איז אומגעפאַלן. מען האָט אים אָפּגעמינטערט. מיט צוויי שעה צוריק איז דאָס געשען. מען האָט געוואָלט אים אָפּפירן אַהיים, אָבער ער האָט פאַרלאַנגט מען זאָל אים לאָזן זיצן אין וואַרשטאַט ביז ער וועט זיך פילן בכוח צו גיין אַליין אַהיים. ער האָט יוכבדן נישט געוואָלט אָנטאָן קיין עגמת נפש. שוין נישט דאָס ערשטע מאָל, וואָס דאָס געשעט מיט אים און ער געדענקט נאָך ווי זי האָט זיך איבערגעשראָקן ווען מען האָט אים, מיט אַ חודש צוריק, נאָך אַזאַ מין אָנפאַל, געבראַכט צו פירן אַהיים. דריי וואָכן איז ער געלעגן צו בעט. ד״ר זשאַק שטיין איז געקומען צו אים. ד״ר זשאַק שטיין, ר' פּנחסעס זון. ער האָט אים אויסגעהאָרכט דאָס האַרץ און

אים אָנגעזאָגט אַז ער זאָל אַכטונג געבן אויף זיך, נישט אויפרעגן זיך, ער זאָל זיך אויסרוען אַזוי לאַנג ווי ער וועט קאָנען.

יאָסל דערציילט טאַקע נישט זיין ווייב, וואָס מיט אים איז געשען. זי וואָלט געהאַט טענות צו אים הלמאי ער איז געגאַנגען צו דער אַרבעט איידער ער האָט זיך אויסגערוט די פיר וואָכן, ווי ד"ר שטיין האָט אים באַפוילן. אָבער לייכט צו זאָגן פיר וואָכן רוען, פיר וואָכן נישט אַרבעטן. פון וואַנען וועט ער נעמען צו עסן, אויב ער וועט נישט אַרבעטן? ווער וועט אים געבן?

און יאָסל טראַכט, אַז ס'איז נישט גוט נישט צו האָבן אַן איבעריקן פראַנק ביי דער זייט. יעדער ייד וואָלט געדאַרפט האָבן עפּעס וואָס אָפּגעשפּאָרט אויף אַ שוואַרצן טאָג, און אין דער היינטיקער צייט זענען דאָך אַלע טעג פון דער וואָך שוואַרצע טעג!

## קאַפּיטל 51

עלזאַס, און שפּעטער אויך לאָטרינגען, זענען פּשוט אַנעקסירט געוואָרן דורך דעם דריטן רייך, וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן אויף אַ קיום פון טויזנט יאָר.

טויזנט לאַנגע יאָר — פּונקט אַזוי פיל וויפל עס דאַרף דויערן, לויט די יידישע מיסטישע פאָרשטעלונגען, דער חורבן פון דער וועלט איידער משיח וועט קומען. לויט אַלע סימנים, זעט אויס, ווי דאָס וואָלט נישט געווען אויסגעשלאָסן, און די יידן, וואָס האָבן אַ מאָל געהערט וועגן דעם אָדער האָבן געהאַט אַריינגעקוקט אין רבנישע מוסר־ספרים, צי אין זוהר, זענען אַרומגעגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. זייער געמיט איז געווען פאַרפינצטערט.

ערגעץ אין אַ קאָמיטעט, אין דעם פאַרצימער פון אַ הילף־ביוראָ אין טולוז, האָט זיך האַנס בוימאַן פאַרוויקלט אין אַ שמועס מיט אַן עלזאַסישן ייד, וואָס האָט טאַקע זיך פאַררופן אויף אָט דעם פינצטערן פאָרויסזאָג.

— טויזנט יאָהרע — האָט דער דאָזיקער ייד אַ שפּרונג געטאָן און

זיין ציגן־בערדל האָט בעת מעשה אַ ציטער געטאָן — ווער קאָן עס אויס־האַלטן? אונד ווען זאָגאַר פינף הונדערט יאָהרע... ווי לאַנג לעבט דען דער מענטש זאָגאַר אין נאָרמאַלע צייטן? זיבעציק, אונד ווען שוין פיל — אַכציק יאָהרע. חבלי משיח... הייסט עס, זאָגאַר נאָך דעם טאָדע ווירד אויך נאָך דער רשע...

בוימאַן הערט זיך צו צו דעם יידס טענות און ווי נישט היימלעך אים גופא איז אויפן געמיט — ווילט זיך אים דאָך זיך פאַנאַנדערלאַכן. דעם עלזאַסישן יידס צעשראָקענער אויסזען, זיין צעקאָליעטשעט דייטשישער לשון, די טויזנט „יאָהרע", וואָס היטלער קלייבט זיך — על פי קבלה — צו געוועלטיקן און צו פאַרמוטשן דעם עלזאַסיש־יידישן פליט זיינע געציילטע פון די זיבעציק „יאָהרע", אָדער ווען אויך אַכציק „יאָהרע", וואָס עס בלייבן אים איבער צו דערגאַנצן זיין לעבן — לויט זיין אויסזען קוקט ער אויס ווי אַ בן־שישים — יאָגן אָן אויף אים אַ געלעכטער.

— מיסיע בלאָך! — האָט עמעצער אַ רוף געטאָן פונעם צווייטן צימער. דער עלזאַסישער ייד האָט ווידער אַ מאָל אַ שפרונג געטאָן:

— יאָ, איך קאָם שאָן — און זיך ווענדנדיק צו בוימאַן, באַווייזט ער נאָך אַ וואָרף צו טאָן אין זיין זייט עפּעס ווי אַ לעצטע התראה — דענקען זי, מיין הער, וואָס איך איהנען געזאָגט האַבע: טויזנט יאָהרע... קיינע גינסטיגע סיטואַציאָן... און דאָס פענגט ערשט אַן... מאַכן זי וואָס פאַלס זי קענען, מיין הער, זאָנסט...

די לעצטע פאָר ווערטער פון דעם ייד, כאָטש זייער קאָמישע, זענען בוימאַנען פאָרט אַריין טיף אין די געדאַנקען. דער ייד איז גערעכט. ער דאַרף עפּעס וואָס טאָן קעגן דער סכנה פון די „טויזנט קאַטאַסטראָפאַלע יאָרן", וואָס רוקן זיך אָן אויף אַלעמענס לייב און לעבן. ער דאַרף עפּעס וואָס טאָן, אַנישט וועט ער, האַנס בוימאַן, אַזוי גוט ווי בעלאַ און שאַרלאָט און פּיער און אַלע אַנדערע, צעריבן ווערן אויף שטויב דורך די רעדער פון דער היטלערישער געשיכטע...

אָבער וואָס קאָן ער טאָן? פרעגט ער זיך ווייטער. טויזנט יאָר, איין קלייניקייט! אַפילו ווען די דאָזיקע געשיכטע־טראַגעדיע זאָל זיך פאַרציִען בלויז נאָך איין יאָר, איז ווער ווייסט, צי מען וועט זי קאָנען איבערלעבן.

אַט הערט ער, אַז טאָג־טעגלעך ווערן אויסגעליפערט דורך דער ווישי־רעגירונג דייטשע פליטים אין די הענט פון דער געשטאַפּאָ. בעיקר פונעם לאַגער ווערנע. אַ סך דייטשע פליטים, וואָס זענען דאָרט אינטערנירט, ווערן איבערגעגעבן אין די דייטשע הענט.

ווי לאַנג וועט מיר נאָך געלינגען, נעמט אים ווידער עקבערן אַ געדאַנק, ווי לאַנג נאָך וועט זיך מיר איינגעבן זיך צו באַהאַלטן? און וואָס וועט זיין מיט בעלאַן?

האַנס נעמט אַריין בעלאַס האַנט אין זיינער און דריקט זי. ער איז בעת מעשה בלאַס געוואָרן. אַ קאַלטער שווייס האָט אים אַרויסגעשלאָגן אויפן שטערן.

— וואָס איז מיט דיר, האַנס? — האָט זיך בעלאַ דערשראָקן.

— גאָרנישט! — באַרויִקט ער זי — עפּעס וואָס ליגט מיר אין מאָגן... שרעק זיך נישט, אָט איז מיר שוין בעסער.

— אפשר וועסטו אַראָפּגיין אַ ביסל אין גאַס כאַפּן פרישע לופט?

— ניין, בעלאַ, באַלד דאַרף קומען מיין ריי. איך פיל זיך שוין גוט. איך וועל דיר אויסזאָגן אַ סוד, אַ לעכערלעכן סוד... די מעשה מיט די טויזנט יאָר... דער דאָזיקער בלאָף מיט זיינע טויזנט יאָר, פאַר וועלכע ער האָט מורא, האָט אויך אויף מיר אָנגעיאָגט אַ שרעק. מיך האָט אָנגעכאַפּט אַן איבל, ממש צו ברעכן.

— מיסיע בוימאַן! — דערהערט זיך אַ קול.

האַנס און בעלאַ פאָלגן דעם דאָזיקן רוף. זייער ריי אינעם הילף־קאָמיטעט איז געקומען.

אַ קורצער פאַרהער: נאָמען, פאַמיליע־נאָמען, באַרוף, פון וועלכער אָפּשטאַמונג, פון ווען אָן אין פראַנקרייך, איצטיקער אַדרעס, און נאָך עטלעכע אַנדערע פאָרמעלע פראַגן. וואָס שייך דער וועכנטלעכער אונטער־שטיצונג, וואָס ער האָט געריכט זיך צו באַקומען פונעם יידישן הילף־קאָמיטעט, איז קיין שום מניעה נישט געווען. אים, ווי אַן אַקאַדעמיקער, איז שוין מיט אַ חודש צוריק באַשטימט געוואָרן אַ גרעסערע אונטער־שטיצונג. אָבער עפּעס וואָס איז אין זיין דאָסיע נישט געווען אין אָרדענונג

און מען האָט זי איבערגעגעבן אַ צווייטן אָנגעשטעלטן ער זאָל זי דער־גאַנצן. דערווייל דאַרף ער אונטערוואַרטן אַ ביסל ביז מען וועט אים ווידער אַריינרופן. האַנס און בעלאַ זענען צוריק אַריין אין וואַרטצימער.

האַנס קוקט זיך אַרום אויף די זיצנדיקע און אויף די שטייענדיקע, ווייל נישט אַלע האָבן געפונען אַ פּלאַץ צו זיצן. פיר און דרייסיק מענטשן געפינען זיך אין דעם וואַרטצימער. ער האָט זיי איבערגעציילט אין איין אויגנבליק, און ער וווּנדערט זיך, ווי אַזוי דאָס איז אים געלונגען. אפשר האָט ער זיך פאַררעכנט, פעלט אים איין אַ געדאַנק, ער וויל זיי אָבער נישט ציילן נאָך אַ מאָל. און וואָס אייגנטלעך גייט עס אים אָן? נישט די צאָל איז דער עיקר, נאָר דער פאַקט, אַז אַלע זענען זיי אויסגעוואָרצלטע, אַלע קוקן זיי אויס ווי פאַרבלאָנדזשעטע. אַלע קוקן זיי אויס איבערגע־שראָקענע. זיי שרעקן זיך פאַר אַלץ, וואָס איז שוין געשען מיט זיי און זיי האָבן מורא פאַר אַלץ, וואָס עס וועט נאָך מיט זיי געשען אין די קומענדיקע טויזנט יאָר... דער עיקר שרעקן זיי זיך פאַר דער אויסוועגלאָזיקייט.

אין יעדערנס פּנים קוקט זיך האַנס אַריין, אין יעדערנס ווייטיק. ער דערמאָנט זיך בעת מעשה, אַז אין מאַרסיי האָט זיך געשאַפן אַן אַמעריי־קאַניש־פראַנצויזיש־יידישער קאָמיטעט, וואָס רעגיסטרירט די פּליטים־פערזענלעכקייטן, כדי ביי דער ערשטער מעגלעכקייט זיי אַוועקצושיקן קיין אַמעריקע. דער ערשטער טראַנספּאָרט, וואָס באַשטייט פון עטלעכע צענדליק חשובע פערזענלעכקייטן, דאַרף די טעג פאַרלאָזן פראַנקרייך. דער דאָזיקער רעטונגס־קאָמיטעט האָט שוין אויסגעפּועלט — האָט מען אים דערציילט — פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג די נייטיקע „דיינזשער״־וויזעס. אַזאַ נאָמען האָבן זיי באַקומען, די דאָזיקע וויזעס.

וואָלט ער אפשר געדאַרפט פאַרלאָזן טולוז און פאָרן קיין מאַרסיי. אפשר וועט אויך אים זיך איינגעבן צו באַקומען אַ סכנה־וויזע. איז ער דאָך אויך געווען אַ מאָל אַ פערזענלעכקייט, אַן אָנגעזעענער פּראָפעסאָר, כאָטש צוריק געשמועסט, איז זיין גערמאַנישע אורגעשיכטע עפּעס נישט אַזאַ געהויבענער אַרטיקל איצט ביי די יידן אין אַמעריקע, ביים דזשאָינט, וואָס האָט דעם דאָזיקן קאָמיטעט געשטעלט אויף די פיס. פאַראַן אָן שום ספק

אַ סך בילכערע פּאַר אים. און אפשר פיגורירט ער גאַרנישט אין דער רשימה פון די דייטשישע פּליטים, וואָס דאַרפן היינט־מאָרגן ווערן אויס־געליפערט דורך דער ווישי־רעגירונג. אין דייטשלאַנד האָט ער זיך מיט פּאָליטיק בכלל נישט פאַרנומען, און אין פּאַריז האָט ער געשריבן בלויז אין אַ יידישער צייטונג. ווייסט אפשר די געשטאַפּאָ בכלל נישט פון זיין עקזיסטענץ.

די דאָזיקע געדאַנקען דרייען זיך אין אים אין דער זעלביקער צייט, וואָס ער באַמיט זיך גאָר צו לייענען די מחשבות אויף די פּנימער פון די אַנדערע, וואָס זיצן אין וואַרטצימער, יעדערער מיט זיין אייגענעם ווייטיק, מיט זיינע אייגענע טראַכטענישן. איינס שטערט נישט דאָס אַנדערע. מען קאָן טראַכטן איינס און אין דער זעלבער צייט באַטראַכטן אויך דעם צווייטן.

דער ייד לעבן אים, אין די מיטעלע יאָרן, זיצט אַ פּאַרגליווערטער, אויף זיין פּנים באַוועגט זיך גאָרנישט. פון דעסטוועגן, דוכט זיך האַנסן, אַז אונטער דער הויט פון יענעמס פּנים לויפן אַרום אַהין און צוריק קליינע, פּיטשינקע געדאַנקעלעך.

האַנס פּרוּווט טרעפן, וואָס עס טראַכט זיך אונטער דער הויט פון זיין שכנס פּנים, און עס געלינגט אים נישט. מסתמא דערפאַר, וואָס יענער, דער בעל־מחשבות גופא, ווייסט אויך נישט וואָס עס טראַכט זיך אין אים. ער ווייסט בלויז, אַז עפּעס וואָס גריזשעט אין אים, אפשר דער נעכטן, וואָס איז אַוועק, אפשר די אומזיכערקייט פון דעם היינט זיינעם, אויף יעדן פאַל — די האָפענונגסלאָזיקייט פון זיין מאָרגן.

ער זיצט און וואַרט מען זאָל אויסרופן זיין נאָמען, פּונקט ווי אַלע אַנדערע, פּונקט ווי האַנס און בעלאַ. גליקלעך דאַרפן זיי זיך שעצן, וואָס זיי פאַרמאָגן כאָטש אַ נאָמען אַן אייגענעם, וואָרעם אין די דייטשע קאָנ־צענטראַציע־לאַגערס האָט מען פון די געפאַנגענע צוגערויבט אַפילו זייערע נעמען. מער ווי אַ נומער פאַרמאָגן יענע נישט.

דערפאַר אָבער די צווייטע פרוי, וואָס זיצט פּונקט אַנטקעגן האַנסן, ווי נאָר זי באַגעגנט זיין בליק, דערלאַנגט זי אַ שיט אַרויס פון איר מויל אַ צענדליק ווערטער אויף אַ מאָל, אין אַ פראַנצויזיש, וואָס איז מאָדנע פאַרדרייט און צעקאַליעטשעט.

— סע קאָמיטע, קעס ק׳איל פּאַנס? (דער קאָמיטעט, וואָס טראַכט ער זיך?) נו סאָם פור עו ריען (מיר זענען פאַר זיי גאָרנישט). קע דיט ווו? (וואָס זאָגט איר אויף דעם?)

האַנס רעאַגירט נישט. ער מאַכט זיך ווי ער וואָלט נישט געהערט. דאָס געפעלט נישט דער פרוי.

— וווז אָסי? ווז פּואָווע מע דיר קאַן זשע ווו פּאַרל (איר אויך? איר קאָנט מיר פון דעסטוועגן ענטפערן ווען איך רעד צו אייך).

— זשע נע ריען אַ דיר! — ענטפערט האַנס — איך האָב אייך גאָרנישט וואָס צו זאָגן.

— ע סע ביען קאָמסאַ, ווו פּאַנסע? — מוסרט זי אים — און ס׳איז גוט אַזוי, מיינט איר? נוז אַטענדאָן ע עו ריען (מיר וואַרטן און זיי — גאָרנישט).

— וואָס גאָרנישט? — ריזיקירט האַנס אַ וואָרט אין יידיש, ווייל לויט איר פראַנצויזיש זעט ער דאַך, אַז זי זעצט איבער פון יידיש.

— ריען, זשע ווו די, גאָרנישט, זאָג איך אייך.

נישט וואַרטנדיק דאָס מאָל אויף קיין ענטפער פון אים, צעלאָזט זי זיך מיט אַ פזמון אין יידיש.

— אַ צימעס מאַכן זיי זיך פון אונדז, די קאָמיטעטשיקעס. פר׳ער, אין פּאַריז, וואָלטן זיי געזעסן און געוואַרט, און איך וואָלט אין זייער זייט אַפילו נישט אַ קוק געטאָן, וואָלטן זיי געוווסט ווער איך בין, וואָלטן זיי מיך נישט געלאָזט וואַרטן.

— פאַר וואָס גייט איר נישט אַריין זיי זאָגן ווער איר זענט — רופט זיך אָן אַ ייד צו איר — גייט ווייזט זיי, וואָס פאַר אַ יחסנטע איר זענט.

— איך רעד דען צו אייך? — פאַלט זי אַרויף אויף אים — איך פרעג ביי אייך אַן עצה? זשע ווו דעמאַנד קעל העור איל ע? איך פרעג אייך וויפיל עס איז דער זייגער? וואָס מישט איר זיך אַריין? עס זענען דען אייערע „אָניאָן" (ציבעלע)?

אַ געלעכטער אין וואַרטזאַל. דאָס וואָרט „אָניאָן" האָט דאָס דאָזיקע געלעכטער אַרויסגערופן.

האַנס טראַכט זיך: ווי קומט אַהער אין וואַרטזאַל פונעם הילף־קאָמיטעט

אין טולוז, דער פֿאָלקסטימלעכער פראַנצויזישער אויסדרוק „ציבעלע״? געוויינטלעך ווערט דאָך דאָס דאָזיקע גאַסן־ווערטל „אָניאָן״ געברויכט אויף אַ נעגאַטיוון אופן, אַ שטייגער: „סע נע סאָן פּאַ מעז אָניאָן״ (דאָס זענען נישט מיינע ציבעלעס) און דאָס ווערט באַנוצט דורך עמעצן, וואָס וויל זיך אָפּשאָקלען פון עפּעס אַן עניק, ענלעך צום יידישן אויסרוף: „אַ גרויסע דאַגה האָב איך״!

איצט רעדן שוין אַלע צוזאַמען. די מענטשן פֿאַרגעסן אויף וועלכער וועלט זיי געפינען זיך. דאָס וואָרט „ציבעלע״ האָט זיי אַ ביסל אויפגע־הייטערט און צוריקגעבראַכט אין די אַלטע היימען, צו זייער אַלטן שטייגער און איינגעבוירענעם הומאָר.

— ציבעלע? — רופט זיך אָן איינער מיט אַ צעדרייטן קאָפּעלושל קאָפּ און מיט אַ מימיק, וואָס דער בעסטער קלאָון וואָלט געמעגט אים מקנא זיין — ביי אונדז אין ווילנע פלעגט מען וועגן ציבעלע האָבן אַזאַ מיינונג... ביי אונדז אין ווילנע... טאָמער האָט מען געהאַט אַ האַרץ אויף עמעצן, פלעגט מען אים ווינטשן: „פעטערל! איר זאָלט וואַקסן ווי אַ ציבעלע, דאָס הייסט, איך בעט איבער אייער כבוד, מיטן קאָפּ אין דר׳ערד!״. און דאָ זאָגט איר, מאַדאַמעלע, „דאָס זענען נישט מיינע ציבעלעס!״ פרעג איך אייך, האָט דאָס אַ טעם? איז דאָס אַ ברכה אָדער אַ קללה? מאַדאַמעלע...

ווידער ווערט עמעצער פון זיי גערופן און דער שווייגנדיקער אינער־לעכער אומרו קערט זיך אום צו אַלעמענס געמיטער. אויס מיטן געלעכטער! דאָס לעבן איז גאָרנישט קאָמיש, דאָס לעבן איז ערנסט, שוין צו ערנסט.

## קאַפּיטל 52

אין דריי זאָנעס האָט היטלער איינגעטיילט דאָס באַזיגטע פראַנקרייך. עלזאַס און לאָטרינגען, די דאָזיקע צוויי גרויסע און רייכע פּראָווינצן, געהערן נישט צו קיין איינער פון די דאָזיקע דריי זאָנעס, נאָר צום רייך. אין איין זאָנע געפינט זיך אַ טייל פון יאָסל גראָסמאַנס און פּנחס שטיינס משפחות און אין דער צווייטער זאָנע — אַ צווייטער טייל; אין דער זאָנע,

וואָס ווערט אָנגערופן „די פאַרבאָטענע״ — אַ זאָנע, וואָס ציט זיך לענג־אויס דעם מאַנש־קאַנאַל, אויף די פּאָרטן פון אַטלאַנטישן אָקעאַן, טיילווייז ביז צו דער שפּאַנישער גרענעץ — טאָר קיין פרעמדער, דאָס הייסט אַ נישט דאָרט איינגעזעסענער, נישט אַריינפאָרן.

אָבער אין דער צווייטער זאָנע גופא געפינען זיך נאָך אַנדערע קליינע זאָנלעך, וואָס טראָגן דעם נאָמען „צוואַנג־רעזידענצן״. דאָס זענען שטעט־לעך אָדער דערפער, ווו די אַנגעפאָרענע אויסלענדער און פּליטים מעגן וווינען, אָדער דאָס זענען גאָר די אַזוי גערופענע „באַוואַכטע אויפנעם־צענטערס״, וואָס אייגנטלעך זענען זיי גאָר גאַנץ געוויינטלעכע קאָנצענ־טראַציע־לאַגערס, אָדער נאָך ערגער: די לאַגערס פאַר פאַרדעכטיקטע ווי, למשל, ווערנע אין דעפּאַרטאַמענט אַריעל, ווו עס שמאַכן די געוועזענע שפּאַנישע רעפּובליקאַנישע קעמפער, וואָס האָבן נאָך פראַנקאָס נצחון געזוכט אין פראַנקרייך שוץ און אַזיל. דאָרט וואַלגערן זיך אַרום אויך אַ סך יידישע פּאָליטיש־פאַרדעכטיקע אויסלענדער, דייטשע־יידישע און אויך נישט־יידישע פּליטים. דאָס זענען די קאַנדידאַטן אויסגעליפערט צו ווערן קיין דייטשלאַנד.

אינעם פראַנצויזישן ריזן־לאַגער גירס איז שוין אין אָקטאָבער 1940 די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון דער פּראָווינץ באַדען און פון אַ טייל פּראָווינץ ווירטעמבערג פאַרשיקט געוואָרן מיט האַק און פּאַק, אין איינעם מיט אירע אינסטיטוציעס, מיט אירע אינוואַלידן און קראַנקע, מיט אירע רבנים און כלי־קודש, מיט אירע שוואַנגערע פרויען און ערשט געבוירענע עופהלעך: אַ באַפעלקערונג פון זיבן טויזנט פינף הונדערט נפשות.

מיט פיר ספּעציעלע צוגן איז די דאָזיקע באַדענער קהילה און אַ טייל פון דער ווירטעמבערגער יידישער קהילה איבערגעפירט געוואָרן אין לאַגער גירס.

אויסגעווייקט פון רעגן, ציטערנדיק פון קעלט, איז די מענטשן־מאַסע אַריינגעטריבן געוואָרן אין פוסטע באַראַקן, וואָס האָבן נישט פאַרמאָגט נישט קיין בענק, נישט קיין טישן, אַפילו נישט קיין שטרוי־שעניקעס. אויף דער נאַקעטער פּאָדלאָגע האָבן זיך אויסגעלייגט צו 75 פרויען אָדער 80 מענער אין אַ באַראַק, 25 מעטער די לענג און 5 מעטער די ברייט. עטלעכע וואָכן האָבן זיי זיך אַזוי אַרומגעוואַלגערט אויף דר׳ערד, ביז מען האָט דערלויבט

פֿאַרשידענע יידישע און נישט־יידישע הילף־אינסטיטוציעס צו זאָרגן פֿאַר זייער אויסקומעניש און זיי העלפֿן ווי נישט ווי אַריבערצוטראָגן דעם גיהנום.

שאַרלאָט האָט מיט גאָר איר יוגנטלעכן ברען זיך אַריינגעוואָרפֿן אין דער דאָזיקער רעטונגס־אַרבעט. זי האָט אַפֿילו פֿאַרגעסן, אַז זי געפֿינט זיך אין אַ לאַגער. זי איז אַריינגעשליידערט געוואָרן אין אַ סביבה, אין וועלכער די איינגעבוירענע רעפֿלעקסן אָדער די געוווינהייטן, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין פֿאַרלויף פֿון טעג, נעכט און יאָרן, קאָנען נישט מער פֿונקציאָנירן ווי געהעריק. זיי מוזן אַלע אוממאָדעלירט ווערן. אַלץ וואָס אַ מויל פֿון אַ געפֿאַנגענעם אין אַ לאַגער איז אין שטאַנד אַרויסצוברענגען, האָט גאָר אַן אַנדער קלאַנג, ווי אין דרויסן, אויף דער פֿריי, און דאָס ווידערקול, וואָס קומט צום צוהערער, איז אויך אַן אַנדערס. דער ענטפֿער מוז זיך ריכטן לויט אים, אַנישט וועט איינער דעם צווייטן דאָ קיין מאָל נישט פֿאַרשטיין. יעדער דיאַלאָג צווישן אַן אינטערנירטן און אַ מענטש, וואָס קומט אַריין פֿון דרויסן, נישט מיט געוואַלט, נאָר פֿרייוויליק, ווי זי, אַ שטייגער, שאַרלאָט, וואָס איז דערווייל נאָך אַ פֿראַנצויזישע בירגערין, ריזיקירט צו ווערן אַ דיאַלאָג צווישן טויבע. שאַרלאָט איז אַ סאָציאַלע אַסיסטענטין, זי האָט אַ דערלויבעניש אַריין־און־אַרויסצוגיין פֿונעם לאַגער ווען זי וויל.

שאַרלאָט באַקלאָגט זיך נישט. אַ סך מאָל טראַכט זי, אַז דער גורל, וואָס האָט זי געבראַכט אַהער קיין גירס, האָט איר געטאָן אַ טובה, וואָרעם איר לעבן האָט דאָ באַקומען מער באַדייטונג ווי פֿאַר דער מלחמה. יעדע מינוט האָט אַ זין, יעדן מאָמענט טוט זי עפּעס אויף, זי לעבט איצט פֿול און גאַנץ אין דער קעגנוואַרט.

אַ מאָל האָט זי געלעבט קודם אין דער צוקונפֿט, וואָס זי האָט זיך אויסגעמאָלט אי אין אירע חלומות אי אין דער וואָר, אַ צוקונפֿט, אין וועלכער דניאל האָט געשפּילט די הויפּטראָל. ווען די מלחמה וועט זיך פֿאַרענדיקן, האָט זי זיך געטראַכט, וועט זי הייסן פֿרוי גראָסמאַן. זי וועט אָפּיציעל מיט אים חתונה האָבן און זי וועט ווערן אַ מאַמע פֿון זיינע קינדער.

געוויס, פֿאַר אירע חלומות און פֿאַר אירע געדאַנקען האָט זי אָפּגעגעבן אַ פּלאַץ אויך אין איר פֿאַרגאַנגענהייט, וואָס געהערט בלויז איר אַליין.

דניאל האָט קיין שום חלק נישט אין איר קינדהייט, אין איר יוגנט. ערשט מיט דריי יאָר צוריק האָט זי זיך מיט אים באַקענט. זי געדענקט גענוי ביי וועלכער געלעגנהייט. די ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט אַ בחור פאַרגעסט זיך קיין מאָל נישט. די דאָזיקע געשעעניש קריצט זיך איין אין זכרון אויף שטענדיק.

אָבער נישט דאָס איז שאַרלאָט אויסן איצט ווען זי פאַרגלייכט דעם היינט אירן מיט איר „אַמאָל". אַלץ, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט, אַלץ, וואָס איז געשען פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז געוואָרן אַזאַ מין „אַמאָל". דאָס, וואָס עס קומט פאָר איצט אַרום איר און אין איר גופא, קאָן מיט דער „אַמאָליקער" מאָס, מיט „אַמאָליקע" ווערטער און אַפילו מיט „אַמאָליקע" חלומות, נישט באַטראַכט און נישט אויסגעמאָלט ווערן. אַלץ איז געוואָרן אַזוי אַנדערש, אַז מען וואָלט געדאַרפט זיך באַנוצן מיט נייע ווערטער, כדי צו קאָנען שילדערן די געשעענישן פונעם היינטיקן טאָג.

געשעענישן? שאַרלאָט כאַפּט זיך אויף פון דעם לייכטן פאַרנעפּלטן חלום אין האַלב־שלאָף, אָדער אין ערב־שלאָף אירן. וואָס אַזוינס קאָן באַדייטן אינעם לאַגער גירס, ווו זי געפינט זיך איצט, דאָס וואָרט „געשעענישן"? איידער זי וועט איינשלאָפן נאָך אַ שווערן טאָג פון מי און פון אַלערליי קלאָפּאָטן אין איר צימערל, וואָס איז דורך אַ דין הילצערן ווענטל אָפּ־געטיילט פון דער לאַגער־אַמבולאַטאָריע, פון דעם לאַגער־שפּיטאָלכל, וועט זי פּרוּוון צו ערשט אַנאַליזירן דאָס וואָרט „געשעענישן".

אַמאָליקע צייטן פלעגט מען אין פראַנצויזיש, און נאָך מער אין יידיש, דעם אויסדרוק „געשעענישן" באַנוצן דאָס רוב פאַר עפּעס אַזוינס, וואָס קומט פאָר זעלטן, פאַר עפּעס אַזוינס, וואָס איז נישט געוויינלעך און וואָס מאַכט אַ שטאַרקן רושם — נישט פאַר טאָג־טעגלעכע, פאַר „וואָכעדיקע" פּאַסירונגען. דער אויסברוך פון אַ מלחמה, אַ רעוואָלוציע, אַן ערד־ציטערניש אָדער אַ טייפון — דאָס אַלץ האָט אַ מאָל געהייסן „געשעעניש" אין דער טאָג־טעגלעכער שפּראַך. קאָן דען דאָס, וואָס עס שפּילט זיך אָפּ פאַר אירע אויגן אין לאַגער גירס, אויך באַצייכנט ווערן דורכן וואָרט „געשעעניש"?

געוויס נישט. אין גירס זענען שוין די אינטערנירטע נאָך דער „געשעעניש", נאָך זייער „געשעעניש", אַלץ, וואָס האָט געקאָנט מיט זיי

„געשען‟, איז שוין געשען — און דער לאַגער גירס איז דאָס ערגסטע, וואָס האָט געקאָנט מיט זיי פּאַסירן. וואָס קאָן דען זיין ערגער, ווי אַרויסגעריסן צו ווערן פון דער היים, פון דער לאַנדשאַפט, צו וועלכער מען האָט זיך געהאַט צוגעוווינט פון לאַנגע צייטן אָן, פון אַלץ, מיט וואָס מען איז געווען פאַרבונדן?

אַזאַ צושטאַנד קאָן מען ביים בעסטן ווילן נישט אָנרופן „געשעעניש‟. אַלץ שפּילט זיך אָפּ אין דעם לאַנגן „היינט‟, וואָס איז נישט פאַרבונדן מיט קיין שום נעכטן און מיט קיין שום מאָרגן.

יעדער טאָג איז לאַנג, און ציט זיך ווי פון פעך. דער הונגער אין גירס ציט אויס יעדן מאָמענט נאָך מער אין דער לענג. דאָס זעלביקע טוט אויך דאָס פּוסט־און־פּאַסעווען, די אַרויפגעצוווּנגענע אַרבעטלאָזיקייט, וואָרעם אין גירס, נישט אַזוי ווי ביי די פּראַקטיש־סאַדיסטישע דייטשן אין זייערע קאָנצענטראַציע־לאַגערס, גייען די געפאַנגענע אַרום דעם גאַנצן טאָג ליידיק. מען צווינגט זיי נישט צו אַרבעטן. די געפאַנגענע פילן זייער אומנוצלעכקייט און זיי קומען זיך פאַר איבעריק אויף דער וועלט.

זיי האָבן טענות. צו וועמען? צו די דייטשן? צו די פראַנצויזישע וועכטער? יאָ, געוויס צו זיי, אָבער צו זיי אַלעמען קאָנען זיי נישט גרייכן מיט זייערע טענות, קומען זיי מיט זייערע פאָרוווּרפן צו די הילף־קאָמיטעטן, צו די פאָרשטייערס פון די אינסטיטוציעס, וואָס באַווייזן זיך פון צייט צו צייט אין לאַגער, כדי זיי צו שטעלן פראַגעס, ווי עס זענען זיך פון תמיד אָן נוהג די באַצאָלטע אָדער די פרייוויליקע שליחים פון די פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטן אין דער גאַנצער וועלט.

זי איז מיד און זי וויל שלאָפן. אָבער ווען שלאָפן איז נישט גענוג כדי איינצושלאָפן. ווען דער ווילן אַליין וואָלט געווען גענוג, וואָלטן אַזוי פיל מענטשן נישט געליטן פון שלאָפלאָזיקייט. דווקא פאַרקערט, ווייזט אויס: וואָס מער מען שפּאַרט זיך איין, וואָס מער מען פאַרעקשנט זיך צו שלאָפן, אַלץ מער ווייכט דער שלאָף פון די אויגן, און אָט אַזוי, צווישן שלאָף און נישט־שלאָף, שווימען אַרויף אַלערליי געדאַנקען, אָדער בעסער געזאָגט: שטיקלעך געדאַנקען אין איינעם מיט שטיקלעך בילדער, וואָס ווילן בשום אופן נישט פאַרשווינדן פון די אויגן.

פרווט שאַרלאָט אַ טראַכט טאָן פון פיער, וואָס געפינט זיך איצט אין אַ קינדערהיים פון „אָזע", אין אַ יידישער קינדערהיים הייסט עס, כאָטש אַ יתום איז ער אַ נישט־יידישער. אָבער זי האָט אים אַדאָפּטירט און זי אַליין אַרבעט אין „אָזע". ער איז אַ יתום ווי אַלע יתומים, זיינע עלטערן זענען דערהרגעט געוואָרן דורך אַ דייטשער באָמבע.

שטיקלעך און ברעקלעך געדאַנקען טראַכט זי אַריין אין איר האַלב־שלאָף. היות ווי זי האָט נאָר וואָס זיך דערמאָנט אין דניאלן, ווייסט זי, אַז זי וועט נישט קאָנען איינשלאָפן, איידער זי וועט „אַ שמועס טאָן" מיט אים, איידער זי וועט אים פרעגן וואָס ער מאַכט, אין געזונט זאָן „מאָראַליש", ווי מען דריקט זיך אויס אין פראַנצויזיש. מיט אים האָט זי כמעט שטענדיק גערעדט פראַנצויזיש, נישט ווי מיט האַנס בוימאַן למשל, וואָס באַמיט זיך צו רעדן נאָר יידיש. פאַר בוימאַנען איז יידיש אַן ענין פון פּרינציפּ.

## קאַפּיטל 53

„אָזע" האָט אַריינגעשיקט אין גירס צוויי דאָקטוירים, כדי זיי זאָלן איבערנעמען די מעדיצינישע אויפזיכט איבער די אינטערנירטע.ביידע זענען זיי דייטשע יידן, ביידע דאָקטוירים האָבן נישט קיין רעכט אויף דער פריי צו פּראַקטיצירן. האָט „אָזע" פון איין זייט געמיינט אַ טובה צו טאָן די פּליטים־דאָקטוירים, און פון דער צווייטער זייט האָט זי איינגעזען, אַז שאַרלאָט, ווי אַ פראַנצויזישע בירגערין, איז די פּאַסיקסטע פּערזאָן אָנצופירן מיט דער מעדיציניש־סאָציאַלער הילף־טעטיקייט אין די לאַגערס.

שאַרלאָט איז דעריבער נאָמינירט געוואָרן דורך „אָזע" אָנצופירן מיט אַ מעדיציניש־סאָציאַלער קאָמיסיע, וואָס איר אויפגאַבע איז צו באַזוכן רעגלמעסיק אַ געוויסע צאָל פראַנצויזישע אינטערנירונג־לאַגערס, כדי זי זאָל וויסן, וועלכער לאַגער נייטיקט זיך מער אין מעדיקאַמענטן און אין לעבנסמיטל־פּראָדוקטן. כאָטש אַנדערע הילף־אינסטיטוציעס פאַרנעמען זיך מיט פונאַנדערטיילן אין די לאַגערס אַ צוגאָב פון לעבנסמיטל־פּראָדוקטן, האָט „אָזע" געהאַלטן פאַר נייטיק אויך פון איר זייט אַרויסצוהעלפן, חוץ

מיט רפואות, אויך מיט עסנוואַרג, די ערב־קראַנקע און די שוין קראַנק געוואָרענע.

די הויפּט־סיבה פון די קראַנקייטן אין די פראַנצויזישע לאַגערס איז דער הונגער, וואָס ווערט שאַרפער פון טאָג צו טאָג. אַ סך טויטפאַלן צווישן די איַנטערנירטע דאַרפן צוגעשריבן ווערן אויפן חשבון פון דער הונגער־מגיפה, וואָס בושוועט אין די לאַגערס.

אין גירס איז דער „אָזע" און אויך אַנדערע הילף־אינסטיטוציעס געלונגען „אָפּצושטעלן" די הונגער־מגיפה. מיט פיר חדשים צוריק נאָך איז אין דעם אינדזעלע זש., וואָס האָט באַקומען דעם צונאָמען דער „אינדזל פון טויט", דער טויטשניט געווען גאָר אַ גרויסער, מענטשן זענען דאָרט געפאַלן ווי די פליגן. די פינף הונדערט קאַלאָריעס, וואָס די טעגלעכע פּאָרציע האָט באַטראָפן, איז נישט געווען אין שטאַנד זייערע אָפּגעצערטע גופים צו דערהאַלטן ביים לעבן.

אין מעדיציניש־סאָציאַלן באַריכט, וואָס שאַרלאָט האָט אַריינגעשיקט אין „אָזע", האָט זי געוואָרנט, אַז אויב מען וועט אין די נאָענטסטע טעג נישט צוטיילן פאַר די אינטערנירטע אין גירס אַ טעגלעכע צוגאָב־דערנערונג פון נאָך טויזנט קאַלאָריעס, קאָן מען זיך ריכטן, אַז אין עטלעכע חדשים אַרום וועלן אַלע געפאַנגענע יידן — מענער, פרויען און קינדער — אויסגיין פון הונגער, און קיין שום מעדיקאַמענט וועט נישט העלפן.

איר באַריכט איז געווען אַן אַלאַרם־סיגנאַל, און ער האָט געהאַט די נייטיקע פעולה. „אָזע" פון איר זייט האָט אַלאַרמירט די איבעריקע הילף־קאָמיטעטן, און מיט געמיינזאַמע כוחות האָט זיך זיי איינגעגעבן צו שאַפן די ווייטערדיקע טויזנט קאַלאָריעס. דער טויט איז שוין נישט מער געווען אַזאַ אָפטער איינגייער ביי די אינטערנירטע.

דער אינדזל זש. האָט זיך נאָך ווייטער גערופן „דער אינדזל פון טויט", חוץ פון הונגער זענען מענטשן ווייטער געשטאָרבן — אמת, נישט אין אַזאַ גרויסער צאָל ווי פריִער — פון קראַנקייטן, וואָס האָבן אין לאַגער גירס נישט געקאָנט באַזיגט ווערן דורך די געוויינלעכע דורך „אָזע" צוגעשטעלטע מעדיקאַמענטן, אָבער שאַרלאָט האָט דאָס איריקע געטאָן און זי האָט נישט געדאַרפט זיך מאַכן ווערלכע נישט איז פאַרווורפן.

איצט ווערט זי געשיקט אין אַנדערע לאַגערס, כדי דורכצופירן אין זיי די זעלביקע אָפּעראַציע ווי אין גירס.

## קאַפּיטל 54

שאַרלאָט זיצט אין צוג. ס'איז צוויי אַ זייגער ביי נאַכט. פאַר וואָס האָט זי נישט געקויפט קיין שלאָף־קופּע־בילעט? זי קוקט זיך אַרום און דערמאָנט זיך, אַז אין דעם צוג איז נישטאָ קיין שלאָפוואַגאָן.

שאַרלאָט איז געוואָרן נישט בלויז אַ סאָציאַל־מעדיצינישער אַדרעס, אַזוי צו זאָגן, פאַר טויזנטער אינטערנירטע יידן, נאָר גאָר אַן אַנדער מענטש, ווי זי איז מיט אַ יאָר צוריק געווען. אירע האָריזאָנטן האָבן זיך אויסגעברייטערט אָן אַן ערך און אָן אַ שיעור. קנאַפּע צוויי צענדליק לאַגערס זענען פאַראַן אין דער אַזוי גערופענער פרייער זאָנע. פון דער ווישי־רעגירונג זענען כמעט אַלע די לאַגערס אויפגעשטעלט געוואָרן זינט אויגוסט־סעפּטעמבער 1940. אַרום פינף און זיבעציק טויזנט פּלעצער פאַר אינטערנירטע זענען אין זיי פאַראַן.

אייגנטלעך האָט שאַרלאָט געזאָלט רעגלמעסיק באַזוכן די לאַגערס אין ראַזשעלעס, ריוועזאַלט, גירס, ברענס, ריוקארס, ווערנע, מיל, אגד, רעסעבעדו, נאָע און נאָך אַנדערע. אָבער די לאַגער־אַדמיניסטראַציע האָט פּאַרוועט דער געזעלשאַפט „אָזע" און ממילא אויך דער סאָציאַל־מעדיצינישער קאָמיסיע אירער, דעם צוטריט צו די לאַגערס, וואָס זענען באַשטימט פאַר פּאָליטיש־פאַרדעכטיקע אינטערנירטע, ווי דער לאַגער ווערנע, למשל, וואָס איז אַ סך ערגער ווי אַ תפיסה און ווּהין מען לאָזט קיינעם פון דרויסן נישט צו.

נאָר אין די לאַגערס, וואָס טראָגן דעם היפּאָקריטישן נאָמען „אויפנעם־צענטערס" אָדער „אכסניות פאַר אורחים", ווי צום ביישפּיל דער „האָטעל באָמפּארד", האָבן די פאַרשידענע הילף־ און אונטערשטיצונג־אָרגאַניזאַציעס אַ דריסת הרגל.

אין די לאַגערס, אין וועלכע שאַרלאָט קומט, טרעפט זי זיך צונויף

מיט יידן פון אַלע לענדער. זי שטויסט זיך דאָרט אָן אין די פאַרשידנסטע השגות און מענטאַליטעטן. שוין זייענדיק אין גירס האָט שאַרלאָט זיך באַמיט צו באַהאַנדלען יעדן אינטערנירטן, נישט ווי ער וואָלט געווען אַ נומער אָדער אַן אָביעקט, וואָס נייטיקט זיך אין הילף, און ווייטער איז דאָס נישט איר זאַך. זי האָט זיך געסטאַרעט ווי ווייט מעגלעך אים אונטער־צוהאַלטן מיט אַ טרייסטוואָרט, אויסהערן זיינע טענות ומענות, אים לאָזן דערציילן וואָס און ווער ער איז געווען דאָ נישט לאַנג אין זיין היים, וואָס פאַר אַ ראָל ער האָט געשפּילט אין זיין סביבה, ווי אָנגעזען ער איז געווען ביי זיינע שכנים.

איר נעמט נישט קיין שלאָף. זיצט זי און חלומט אויף דער וואָך. אָבער אויך אַזאַ מין חלומען גיט זיך איר נישט מער איין. הייבט זי זיך אויף פון אָרט און גייט אַרויס אין וואַגאָן־קאָרידאָר.

זי קוקט אַרויס אין דער נאַכט. פעלדער, וועלדער, טייכן פּליִען פאַרביי. אַ ליכטיקע נאַכט. אַ בלאַסע לבנה שפּאַצירט אַרום אין הימל. טויזנט יאָר? — פרעגט זי זיך — ווי לאַנג ציִען זיך טויזנט יאָר? ווי לאַנג?

אַ מאָדנע פראַגע, אַ פראַגע, וואָס קאָן געפרעגט ווערן בלויז אין חלום, און דאָך...

זי פאָרט קיין ארזשעלעס. אַ נייער לאַגער מיט הונדערטער אינטער־נירטע יידן. זיי וואַרטן אויף איר ווי אויף משיחן. זי פאָרט אָבער אַהין מיט ליידיקע הענט. זי פאָרט אויף אַן אינספּעקציע, זי פאָרט אַהין, כדי זיי אויסצופרעגן, אין וועלכע מעדיקאַמענטן זיי נייטיקן זיך. ווידער אַ מאָל: ווי הייסט איר? ווען זענט איר אינטערנירט געוואָרן? וואָס קאָן מען טאָן פאַר אייך?

נישט איין מאָל האָט אַן אינטערנירטער ייד איר געענטפערט אויף אָט דער פראַגע:

— וואָס מען קאָן טאָן פאַר מיר? באַפרייען מיך פון דעם לאַגער. אָט וואָס, פריילין דאָקטאָר, איר דאַרפט טאָן פאַר מיינעטוועגן!

## קאַפּיטל 55

אַנדערטהאַלבן יאָר... ווען מען זאָל גוט אַ רעכן טאָן, וועט מען זען, אַז עס זענען שוין פאַרביי מער ווי אַנדערטהאַלבן יאָר זינט עס איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה, און לויט ווי עס זעט אויס, וועט זי מסתמא זיך ציִען נאָך און נאָך. אויף יעדן פאַל וועט זי אָנהאַלטן נישט ווייניקער ווי די ערשטע וועלט־שחיטה.

קליגערע מענטשן ווי יאָסל, געלערנטע לייט, פּאָליטיקער, מלוכה־מענער, זענען נישט אין שטאַנד נישט בלויז צו טרעפן, וואָס מאָרגן וועט זיין, נאָר זיי וויסן אויך נישט וואָס היינט קומט פאָר אין דער וועלט.

זיין האַרץ האָט ווידער גענומען זיך בונטעווען אין דער פאַרגאַנגענער נאַכט. עס האָט זיך אים געדוכט, אַז אָט־אָט וועט ער ווידער באַקומען אַ האַרצאַטאַק. אין מיטן נאַכט האָט ער זיך אויפגעכאַפּט אַ באַגאָסענער מיט שווייס און זיין האַרץ האָט אָנגעהויבן פּויקן סכנת נפשות.

זיין שרעק האָט אים אויפגעהויבן פון בעט. עטלעכע מינוט האָט ער זיך געשלאָגן מיט דער דעה, צי זאָל ער אויפוועקן יוכבדן. אפשר קומט דאָס פּויקעניש, האָט ער זיך באַקלערט, גאָרנישט פון האַרץ, נאָר פון עפּעס אַ נאָר וואָס דורכגעלעבטן קאָשמאַר, אָדער פון עפּעס אַ געדאַנק, וואָס האָט זיך אים געשטעלט אין דער קווער?

יאָסל האָט נישט אויפגעוועקט יוכבדן פון שלאָף, און ער האָט גוט געטאָן. אַ פאַלשער אַלאַרם וואָלט דאָס געווען. זיין האַרץ קלאַפּט איצט כמעט אַזוי, ווי עס האָט געקלאַפּט איידער ער איז קראַנק געוואָרן. אַ פאַלשער אַלאַרם איז דאָס געווען און ווייטער גאָרנישט... יוכבד ווייסט נישט דערפון. ווו איז זי איצט? מסתמא ווידער ערגעץ־ווו אין אַ ריי...

זיצט יאָסל און טראַכט ווייטער. מלחמה... פּיטיוויע... באָן־לאַ־ראָלאַנד... ער כאַפּט אַ קוק אויף אַ פראַנצויזישער צייטונג, וואָס ליגט אויפן קאָמאָד. אַ בילד פון פּוילישע יידן, וואָס טראָגן אַ מגן־דוד אויף זייערע קאַפּאָטעס. יאָסל דערמאָנט זיך אין דעם אַמאָליקן יידישן לעבן אין קליינעם פּוילישן שטעטל. די יידן האָבן דאַן נישט געטראָגן קיין לאַטע אויף זייערע קאַפּאָטעס,

אָבער דער מגן־דוד איז געווען אויסגעניייט מיט זילבערנע פעדעם אויפֿן פּרוכת, איבערן אָרון־קודש אין שול.

פלוצלינג הערט ער אַ קלאַפּ אין טיר. די הויזוועכטערין טראָגט אים אַריין צוויי צווישנזאָנע־קאַרטלעך. יאָסל וווּנדערט זיך. וואָס איז עפּעס היינט מער ווי אַלע מאָל? געוויינטלעך, אַז עס קומען אָן בריוו, בלייבן זיי ליגן אונטן אין איר „לאָזשע״, ווי די וווינונג פון אַ הויז־וועכטערין הייסט אין פראַנצויזיש, ביז מען קומט זיי אָפּנעמען. ער באַדאַנקט איר און לייענט איבערביידע קאַרטלעך אין איין אָטעמצוג. וואָס איז פאַראַן, מישטיינס געזאָגט, צו לייענען אין אַזאַ מין צווישנזאָנע־קאַרטל? אַ העלפט ווערטער זענען פאַרדרוקט, און דאָס, וואָס איז שוין יאָ געשריבן מיט דער האַנט, לייענט זיך ווי אַן ענטפער אויף אַ פראַגע. קיין סך פראַגעס פרעגן נישט אַזעלכע קאַרטלעך, במילא איז אויך נישט פאַראַן אַ סך וואָס צו ענטפערן אויף זיי. אָבער דאָס מאָל...

יאָסל רייבט זיך די אויגן. אים דוכט זיך, אַז דאָס מאָל איז דער ענטפער אויף דער פראַגע (אָן אַ פרעגצייכן): קראַנק... (די פינטעלעך פאַרבייטן דעם פרעגצייכן) דער ענטפער: געווען שטאַרק קראַנק, איצט אָבער פולשטענדיק געזונט. די האַנטשריפט קומט אים פאַר זייער באַקאַנט. יאָסל נעמט אַרויס פון דער קעשענע זיינע ברילן, וואָס ער באַנוצט זעלטן, סיידן טאַקע אין אַזאַ מין פאַל, ווען ער לייענט עפּעס און פאַרשטייט נישט וואָס ער לייענט, און אים דוכט זיך, אַז די שוועריקייט נעמט זיך נישט פון דעם אומפאַר־שטענדלעכן טעקסט, נאָר פון זיין שוואַכער ראיה.

לייענט ער ווידער דאָס זעלביקע קאַרטל, וואָס קומט פון מאָנפּעליע און טראָגט די אונטערשריפט קאַני, אַ ליכט גייט אים אויף אין די אויגן: קאַני? דאָס איז דאָך נישט קיין אַנדערער ווי דאַני, דניאל, זיין זון! און די געוועזענע קראַנקייט זיינע איז דער טייטש: זיין געפאַנגענשאַפט ביי די דייטשן. איצט, שרייבט ער, איז ער פולשטענדיק געזונט געוואָרן אין מאָנפּעליע, וואָס געפינט זיך אין דער אומבאַזעצטער זאָנע.

דניאלס „גוטער געזונט־צושטאַנד״ ווערט באַלד באַשטעטיקט דורכן צווייטן קאַרטל, וואָס ער האָט באַקומען פון זיין טאָכטער בעלאַ. אויך אין

בעלאָס קאַרטל ווערט דערציילט, אַז איר ברודער (אָן אַ נאָמען) האָט ענדלעך גובר געווען זיין קראַנקייט און איצט איז ער שוין אַרויס פון דער סכנה, אין וועלכער ער האָט זיך געפונען.

יאָסל קאָן נישט מער איינזיצן אויף אַן אָרט. ער וויל לויפן אָנזאָגן די גוטע בשורה יוכבדן, ווייסט ער אָבער נישט ווו זי צו זוכן. ער האָט מורא, אַז אין דער צייט, וואָס ער וועט זי זוכן, וועט זי דורך אַן אַנדער וועג זיך אומקערן אין שטוב אַריין. אויסער דעם רעגנט איצט אין דרויסן. אין אַזאַ וועטער איז אים פאַרבאָטן אַרויסצוגיין אין גאַס.

אויך איצט שטעכט אים אין האַרצן. ער וואָלט גאָר געדאַרפט זיך אַריינכאַפּן צו זיין קאַרדיאָלאָג, אָדער בעטן עמעצן, ער זאָל גיין אָנקלינגען צו דאָקטאָר זשאַק שטיין, וואָס איז געקומען צו אים בעת ער האָט געהאַט זיין ערשטן האַרץ־אָנפאַל.

מיט ציטערנדיקע הענט גראַבלט ער אַרויס פון פושקעלע אַ פּיל און שלינגט אים אַראָפּ.

יאָסל טראַכט זיך נאָך אַ מאָל אַריין אין די ביידע קאַרטלעך, וואָס ער האָט נאָר וואָס באַקומען פון יענער זאַנע: „קאָני" האָט דורכגעמאַכט אַ שווערע קראַנקייט, איצט אָבער, דאָס הייסט מיט עטלעכע טעג צוריק, דאַן ווען די קאַרטלעך זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן, איז ער פון איר אַרויס־געקראָכן... אין מאָנפּעליע. דאָרט געפינט זיך שאַרלאָט, ר' פּנחסעס טאָכטער, זיין כלה.

יאָסל קוקט אַרויס דורכן פענצטער. ער וואָלט שוין וועלן דערלעבן די מינוט יוכבד זאָל קומען און ער זאָל איר אָנזאָגן די גוטע בשורה.

ער מאַכט זיך אַ פּלאַן, ווי אַזוי ער וועט דאָס איר אָנזאָגן. נישט פּלוצלינג, פאַרשטייט זיך, וואָרעם אַפילו אַ מענטש מיט אַ געזונט האַרץ טאָר מען אויך נישט איבעראַשן נישט מיט שלעכטע און נישט מיט פריילעכע נייעס. ביסלעכווייז און פּאַמעלעך מוז מען אים צוגרייטן צו סיורפּריזן, סיי גוטע, סיי שלעכטע.

זי קאָן נישט לייענען קיין פראַנצויזיש, יוכבד, וועט ער אַליין מוזן לייענען די קאַרטלעך. נאָר זאָל זי שוין קומען, און אַ סוף, אַן עק זאָל דאָס נעמען. לענגער וואַרטן מיט דער גוטער בשורה פילט ער זיך נישט בכוח.

# קאַפּיטל 56

דעם דינסטיק ווען די צוויי קאַרטלעך זענען אָנגעקומען מיט דער בשורה, אַז דניאל איז ניצול געוואָרן פון דער „שווערער קראַנקייט״, דאָס הייסט פון דער דייטשער געפאַנגענשאַפט, זענען נאָך מיטאָג, ווי זיי וואָלטן זיך געהאַט צוזאַמענגערעדט, געקומען אָפּשטאַטן אַ וויזיט טאַטע־מאַמען פּערעלע מיט אירע קינדער און רייזעלע.

כאָטש פּערעלע האָט דעם זעלביקן טאָג אויך באַקומען פון דניאלן אַ קאַרטל, וואָס איז געווען ענלעך, סיי לויטן אויסערלעכן אויסזען, סיי לויטן אינהאַלט, צו דעם קאַרטל, וואָס טאַטע־מאַמע האָבן געקריגן, האָט זי זיך פון דאָס ניי געפרייט. זי האָט זיך געפרייט מיט טאַטע־מאַמעס פרייד און זי האָט געפילט, ווי זי וואָלט ערשט איצט דערפאַרן די ישועה, וואָס איז געשען אין איר משפחה.

אמת, איר שמחה איז נישט קיין פולשטענדיקע. איר מאַן, פון וועמען זי האָט אייערנעכטן באַקומען אַ קאַרטל, איז נאָך ביז צום היינטיקן טאָג אַ געפאַנגענער ביי די דייטשן; זי קאָן זיך נישט איינהאַלטן בעת מעשה פון צו טראַכטן, אַז ווען ער וואָלט געהאַט מזל, וואָלט אויך אים זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן פון סטאַלאַג.

אין דער שמחה מישט זיך אַריין נאָך אַ זאָרג. רייזעלע דערציילט, אַז ד״ר זשאַק איז נעכטן אַרעסטירט געוואָרן אין מיטן גאַס. ווער עס האָט אים אַרעסטירט, די געשטאַפּאָ אָדער די פראַנצויזישע פּאָליציי, ווייסט נישט רייזעלע. אויב ער איז אַרעסטירט געוואָרן ווי אַ קאָמוניסט, איז מעגלעך, אַז ער איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער פראַנצויזישער פּאָליציי. איז ער אָבער פאַרהאַלטן געוואָרן ווי אַ ייד, האָט מען אים אַוודאי פאַר־שלעפּט קיין פּיטיוויע אָדער קיין באָן־לאַ־ראָלאַנד, דאָס הייסט אין איינעם פון די צוויי קאָנצענטראַציע־לאַגערס, וווהין די דייטשן האָבן לעצטנס אָנגעהויבן פאַרשיקן יידן. עס איז אָבער אויך מעגלעך, אַז מען באַשולדיקט אים אין ביידע פאַרברעכנס: אין דעם וואָס ער איז אַ קאָמוניסט און אין דעם וואָס ער איז אַ ייד. דאָס איז שוין גאָר אַ שווערער פאַל, וואָס קאָן זיך

פאַרענדיקן טראַגיש, ווייל ער וועט דאָך ווערן געשלאָגן אי פון די פראַנצויזן, אי פון די דייטשן, פוןביידע זייטן, הייסט עס.

אָבער אַזוי ווי פון דער ערגסטער צרה האָבן יידן פון תמיד אָן אַ געוווינהייט זיך אַרויסצודרייען דורך אַ ביטערן שפּאַס, געפינט מען אויך אין אַזאַ פאַל אַ שטיקל טרייסט, שיר נישט אַ געלעגנהייט זיך איינצורעדן: „אויך דאָס איז צום גוטן!".

די מעשה איז די, וואָס די פראַנצויזישע פּאָליציי וועט אַזאַ קרבן נישט מער אַרויסלאָזן פון האַנט. אַזאַ מין קרבן געהערט, הייסט עס, אין גאַנצן צו די פראַנצויזן. מען וועט אים אַריינזעצן אין דער פראַנצויזישער תפיסה, און די בעסטע באַהעלטעניש פאַר אַ ייד אין פראַנקרייך היינטיקע צייטן איז די תפיסה, אויף וועלכער די דייטשן האָבן קיין שליטה נישט. די תפיסה איז די איינציקע „פרייהייט", דער איינציקער אויטאָנאָמער פראַנצויזישער געביט...

יאָסלס אייניקלעך לויפן אַרום איבער דער שטוב. זיי שפּילן זיך אין באַהעלטעניש, כאָטש דאָ אַ באַהעלטעניש מעג מען זוכן ווי מיט ליכט און מען וועט זי נישט געפינען. אָבער קינדער גיבן זיך שוין אַן עצה. אונטערן טיש פאַרקריכן זיי אָדער זיי דרייען זיך אויס מיטן פּנים צו דער וואַנט און זאָגן: „זוך מיך!" זיי דוכט זיך אַז ווען זיי באַהאַלטן דאָס פּנים, באַהאַלטן זיי זיך אין גאַנצן. זיי גופא ווייסן גוט, אַז דאָס איז נישט קיין אמתע באַהעל־טעניש, נאָר אַ שפּיל אַזאַ.

אַלע ווײלע דערלאַנגען זיי אַ געשריי: „פּעפּע! פּעפּע!", זיידע! זיידע! אָדער „מעמע! מעמע!", באָבע! באָבע! ווײלע אייניקלעך האָט ער, יאָסל אַ פרייד זיי אָנצוקוקן. דאָס האַרץ גייט אים שיר נישט איבער פאַר גדולה: טאָ וואָס האָט ער זיך צו זאָרגן, יאָסל? ווי גאָט וועט געבן, אַזוי וועט זיין. וואָס ס'וועט געשען מיט אַלע יידן אין פּאַריז, וועט אויך געשען מיט אים!

אויך יוכבד קומט צו דעם זעלביקן אויספיר, וואָס איר מאַן. נישט מער, זי טראַכט מיט אַנדערע ווערטער, מיט אַנדערע בילדער: מער קאָנקרעטע, מער אָנזעעוודיקע, אַזוי צו זאָגן. די זאָרג פאַר פּרנסה ליגט איצט אויף אירע פּלייצעס. זי דאַרף פאַרדינען אויף צום לעבן און זי דאַרף אויך צוגרייטן דאָס עסן, קאָכן מיטאָג און וועטשערע. און די פאַרדינסטן

ווערן וואָס אַ טאָג אַלץ ווייניקער, און די לעבנסמיטל־פּראָדוקטן אויפן שוואַרצן מאַרק ווערן אַלץ טייערער.

יוכבד ווונדערט זיך, ווי אַזוי איר איז געלונגען ביז היינט אויפצוהאַלטן אירע אייגענע און יאָסלס כוחות. אמת, פון צייט צו צייט ברענגט פערעלע עפּעס אַריין אין שטוב, אָבער יאָסל איז קראַנק, און רפואות דאַרף מען קויפן, און דירה־געלט דאַרף מען צאָלן, און פאַר דער עלעקטריע מוז מען אויך באַצאָלן. מיט דער קאָנסיערזשקע מוז מען אויך לעבן גוט; פון צייט צו צייט דאַרף מען איר עפּעס געבן אין האַנט אַריין. היינטיקע צייטן, נאָך מער ווי פאַר דער מלחמה, טאָר מען זיך נישט איינרייסן מיט אַ קאָנסיערזשקע. פרעגט זיך: ווי אַזוי שאַפט זי דאָס אַלץ, יוכבד, ווי אַזוי פאַלט זי נישט פון די כוחות, קראַנק ווי זי איז?

יאָ, אויך זי איז קראַנק. זי האָט מורא דאָס אַרויפצולאָזן אויפן געדאַנק. עס דוכט זיך איר, אַז ווען זי וואָלט זיך אין דעם מודה געווען, וואָלט זי געמוזט זיך אַנידערלייגן און זי וואָלט מער נישט געקאָנט רירן זיך פון געלעגער. דאַרף מען דעריבער זיך מאַכן נישט וויסנדיק און נישט טראַכטן וועגן קראַנקייטן. עס ברעכט און שטעכט אין די גלידער? — זאָל ברעכן און שטעכן, אַבי נאָר זי זאָל קאָנען זיך האַלטן אויף די פיס, אַבי נאָר דער אימפּעט זאָל זיך נישט אָפּטאָן פון איר.

## קאַפּיטל 57

פיר אַ זייגער באַגינען. אַ טאָג אין מיטן זומער. ס׳האָט קוים־קוים אָנגעהויבן צו טאָגן. די יידן פון בעלוויל זענען נאָך געשלאָפן, אַפילו יענע וואָס זענען געוווינט אויפצושטיין פרי, בפרט אין הויכסעזאָן, ווען די אַרבעט ברענט, ווייל מען דאַרף ליפערן די באַשטעלונגען צו אַ באַשטימטער שעה, אַפילו זיי זענען אין דער שעה געווען פאַרזונקען אין זייערע חלומות, ווייט פון זייער טעגלעכן אַרום, באַלאָדן ווער מיט גליק און ווער מיט פּחד, יעדערער אין זיין אייגענעם געפלאָנטער.

בלויז איין יאָסל גראָסמאַן אין דעם גאַנצן הויף מיט יידן האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף מיט אַ שטאָך אין האַרצן. דער ווייטיק האָט אים אויפגעוועקט, די שרעק, אַז אָט־אָט וועט אים פאַרפעלן אָטעם. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט אַ צעשראָקענער, אַ פאַרקלעמטער און עפּעס ווי אַ פאַר־וווּנדערטער. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט און זיך אַרייַנגעהאָרכט אין דער שטילקייט, ער האָט נישט געוואָלט איבערשרעקן יוכבדן. ער האָט רחמנות געהאַט אויף איר.

דער ווייטיק זייַנער איז פאַרשוווּנדן און ער האָט זיך צוריק אויסגע־צויגן אויף זייַן בעטל, אָבער ער האָט נישט מער געקאָנט איינשלאָפן. ער איז געלעגן מיט אָפענע אויגן און האָט געקוקט אויפן סופיט. אַרום און אַרום איז שטיל, בלויז יוכבד כראָפּעט פון צייט צו צייט הייזעריקלעך און קרעכצנדיק. ביסלעכווייז שיילן זיך אויס כלערליי געדאַנקען אין יאָסלס מוח. זיי פאַרלויפן איינער דעם צווייטן דעם וועג, קריכן איינער אויף דעם אַנדערן, שטעלן קשיות און פאַרענטפערן זיי, מער ווייניקער, אַזוי צי אַנדערש.

פּאַריז, מלחמה, דייטשן, הירשקע, דניאל, שאַרלאָט, געפאַנגענשאַפט. אָט איז זומער, און וואָס וועט זיין ווען דער האַרבסט וועט קומען? ווען זיך די מלחמה אַרייַנציִען אין ווינטער? מען קאָן נישט וויסן. און ווי האַלט עס אין דער אמתן מיט זייַן האַרץ? ער האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ שטאַרקן ווייטיק. אַ מאָדנע קראַנקייט איז אַ האַרץ־קראַנקייט. אָט דוכט זיך, אַז די לעצטע שעה האָט געשלאָגן, און אין אַ מינוט אַרום קלאַפּט שוין ווידער דאָס האַרץ ווי געוווּען און מען פאַרגעסט...

די ידיעה וועגן דייטשלאַנדס איבערפאַל אויפן ראַטן־פאַרבאַנד איז ערשט אין עטלעכע שעה אַרום צעטראָגן געוואָרן איבער גאַנץ פאַריז, איבערן בעלוויל, און זי האָט זיך אַרייַנגעריסן אין דעם הויף, וווּ יאָסל וווינט.

פיר אַ זייגער באַגינען זענען די דייטשן באַפאַלן דעם ראַטן־פאַרבאַנד. דער ראַדיאָ האָט געזאָגט, אַז דאָס דייטשע געדולד האָט געפּלאַצט. זינט דעם מלחמה־אויסברוך האָט דייטשלאַנד זיך צוגעקוקט, ווי רוסלאַנד גרייט זיך צו באַפאַלן דאָס דריטע רייך און חרוב צו מאַכן איירָאָפּע. זיי האָבן לאַנג

זיך צוגעקוקט און געשוויגן, ביז זיי האָבן מער נישט געקאָנט פאַרטראָגן די דאָזיקע חוצפה און באַשלאָסן צו אַטאַקירן די ערשטע. אומגעפער דאָס האָט געבעלס דערקלערט אין זיין אויפרוף צום דייטשן פאָלק.

צוויי און צוואַנציקסטער יוני. פיר אַ זייגער באַגינען. אין מיטן שלאָף איז דער ראַטן־פאַרבאַנד באַפאַלן געוואָרן אויף דריי פראָנטן מיט אַ מאָל. איצט איז שוין העלער טאָג, אויפן בעלוויל טוט זיך חושך. די בעלווילער יידן פילן, ווי עמעצער וואָלט זיי אַ זעץ געטאָן איבערן קאָפּ. און נישט קיין וווּנדער. זיי ווייסן, אַז נישט בלויז דער ראַטן־פאַרבאַנד געפינט זיך איצט אויפן ערשטן פייער, נאָר אויך זיי גופא, פון איצט אָן וועלן אַלע יידן גערודפט ווערן נישט בלויז ווי „אונטערמענטשן", ווי די דייטשע פראָ־פּאַגאַנדע באַצייכנט זיי, נאָר אויך ווי קאָמוניסטן.

די בעלווילער יידן האָבן דעם טאָג נישט געקאָנט מער איינזיצן אין זייערע הייזער, אין זייערע וואַרשטאַטן, אַטעליעס; אַלע ווײַלע זענען זיי געלאָפן איינער צום צווייטן, פון איין שטאָק צום אַנדערן, אַ שניידער צו אַ שטריקער, אַ שטעפּער צו אַ הענטשקע־מאַכער, אַ סטאָלער צו אַ היטל־מאַכער:

— וואָס זאָגסטו צו דעם?

— ס'איז נישט גוט.

— און אפשר איז דאָס דער אָנהייב פונעם סוף?

— פון וועלכן סוף?

— דער סוף פון דער מלחמה.

— און אפשר איז דאָס גאָר דער סוף פונעם אָנהייב?

— פון וועלכן אָנהייב?

— פון אָנהייב מלחמה.

— וואָס וויצלסטו זיך? דיר איז גוט אויפן האַרצן.

— מיר איז גוט אויפן האַרצן, זאָגסטו?

צווישן צוויי אַנדערע שכנים אין דעם זעלביקן הויף איז דער מיינונגס־אויסטויש אַרום דעם דייטשן איבערפאַל אויף דעם ראַטן־פאַרבאַנד אַ ביסל קאָנקרעטער.

— איר זעט דאָך — טענהט איינער אַריין אינעם צווייטן — איר זעט

דאָך אַליין, אַז דער ראַטן־פאַרבאַנד איז אַטאַקירט געוואָרן. פאַר וואָס? טאָקע דערפאַר ווייל די דייטשן האָבן איינגעזען אַז עס האָט זיך געגרייט אַ גענעראַל־אָנגריף קעגן זיי. איצט מיינען זיי, אַז זיי האָבן אַריבערגעכיטרע־וועט דעם ראַטן־פאַרבאַנד, וואָס זיי זענען אים באַפאַלן פלוצלינג, אומגע־ריכטערהייט, אָן אַ מלחמה־דערקלערונג, אָבער זיי ווייסן נישט, אַז זיי האָבן זיך אַליין אַריינגעכאַפּט אין אַ פּאַסטקע.

— אַ פּאַסטקע? — קווענקלט זיך דער צווייטער ייד, ווי ער וואָלט נישט געוווּסט, צי ער דאַרף יאָ, צי נישט מסכים זיין מיט יענעמס אויסטייטשונג פון דעם היינטיקן וועלט־געשעעניש. עס קאָן זיין אַזוי, עס קאָן אָבער אויך זיין אַנדערש. פאַראַן אַ וועלט מיט מחשבות, און דערפאַר טאָקע איז אויך פאַראַן אַ וועלט מיט ספקות. אַלץ דאַרף איבערגעטראַכט, איבערגעקלערט, איבערגעפּרוּווט ווערן.

## קאַפּיטל 58

ווער ס׳האָט פאַרמאָגט אַ ראַדיאָ, האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון אים, כאָטש וואָס האָט מען פון פראַנצויזישן ראַדיאָ געקאָנט דערוואַרטן אַחוץ דייטשע זיג־ביולעטינען אין דער פראַנצויזישער שפּראַך? אָבער מען דאַרף פּאָרט עפּעס הערן וואָס עס טוט זיך, אמת אָדער ליגן... די דייטשן האָט ווייניקסטנס דערווייל דער בליצקריג זייערער זיך איינגעגעבן. די בלויזן אין ראַדיאָ, צווישן איין דייטשן נצחון און דעם צווייטן, ווערן אויסגעפילט דורך מוזיק. נישט קיין מאַרש־מוזיק, נאָר סתם מוזיק. ווער הערט זיך צו צו דער דאָזיקער מוזיק אויפן בעלוויל? קיינער נישט, חוץ די פראַנצויזן, וואָס אויף זיי האָט די נייע מלחמה־פאַזע נישט געמאַכט אַזאַ שטאַרקן רושם.

ביז גאָר האָט די בשורה וועגן דעם נייעם איבערפאַל געטראָפן צוויי בעלווילער משפּחות: ראַבינאָוויטשעס קליין משפּחהלע, וואָס שטאַמט פון ליטע, און גוטמאַנס פאַמיליע, וואָס קומט פון אוקראַינע.

ביידע פאַמיליעס וווינען אין יענעם הויף אויפן בעלוויל, וואָס האָט

מיט עטלעכע יאָר צוריק זיך קונה שם געווען ביי די בעלווילער יידן. געמיינט איז דער באַרימטער פאָלקספּראַנט־הויף, ווו יאָסל גראָסמאַן האָט געשפּילט אַ הויפּט־ראָלע. אָבער זינט די „קאָמישע מלחמה" האָט זיך פאַרענדיקט מיטן טרויעריקן וואָפנשטילשטאַנד־אָפּמאַך צווישן פּעטען־פראַנקרייך און היטלער־דייטשלאַנד, איז ער געוואָרן אַ פאַרשוין, וואָס מען וואָלט געדאַרפט אויסמיידן, אויב מען וויל נישט קאָמפּראָמיטירן זיך אין די אויגן פונעם אָקופּאַנט ווי אין די אויגן פון זיינע פראַנצויזישע מיטבי־לערס. פון דעסטוועגן האָבן זיי, צוליב סיבות, וואָס זיינע שכנים ווייסן אַליין נישט פון וואַנען זיי נעמען זיך, נישט אויפגעהערט צו קוקן אויף אים — ביז צום אויסברוך פון צוויי און צוואַנציקסטן יוני — ווי אויף אַ מין אליהו הנביא. אָבער נישט ביי ראַבינאָוויטשן און נישט ביי גוטמאַנען. געוווינט האָבן זיי דאָ ווי פרעמדע. זיי האָבן זיך קנאַפּ וואָס געחברט מיט זייערע שכנים, זיי האָבן זיך נישט באַטייליקט נישט אין זייערע רכילות און נישט אין זייערע דערדל־שפּילן.

ביידע, נחום ראַבינאָוויטש און ראובן גוטמאַן, זענען פּאַסאַזשירס. דער ערשטער פון שטריקעריי און דער צווייטער פון דאַמען־קאָנפעקציע.

ביז מיט צען טעג צוריק האָט זיך נחום ראַבינאָוויטש געפילט ווי פּריווילעגירט לגבי זיין גוטן־פריינד גוטמאַן, וואָרעם ער האָט מיט אַ חודש פריער באַקומען אַ סאָוויעטישן פּאַס און אַזוי אַרום געהאַט אַ שייכות צו אַ לאַנד, וואָס האָט דורך אַ פּאַקט מיט דייטשלאַנד זיך גאָר קונציק אַרויסגעדרייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. נישט אומזיסט איז ראַבינאָ־וויטש אַ ליטוואַק, אַ צלם־קאָפּ, ווי די פּוילישע יידן אויפן בעלוויל באַציי־כענען אים, כאָטש דער דייטש־רוסישער נישטאָנגריף־פּאַקט איז כלל נישט געווען דער אויפטו פון זיין צלם־קאָפּ.

מען קאָן אָבער נישט וויסן. אין זיין אונטערבאַוווּסטזיין אפשר האָט ער יאָ געהאַט קוואַליפיצירט אַ דעם דאָזיקן פּאַקט, אַ די סאָוויעטישע אַנעקסיע פון די דריי באַלטישע מדינות, ווי צוויי אויסטערלישע ניסים, וואָס זיין ליטוויש־יידישער גורל האָט ספּעציעל אים געהאַט צוגעשאַנצט. די דאָזיקע „ווילדע מציאה" אָבער האָט ער מיט זיין שכן ראובן גוטמאַן נישט געקאָנט טיילן גלייך אויף גלייך.

גוטמאַן איז נישט קיין ליטווישער, ער איז נישט קיין געבוירענער אין קאָוונע, אָדער אין קאַונאַס, ווי זי האָט זיך אַ נאָמען געגעבן בעת זי איז געקרוינט געוואָרן ווי די פּראָוויזאָרישע הויפּטשטאָט פון דער ליטווישער רעפּובליק, נאָך דעם ווי איר היסטאָרישע הויפּטשטאָט, ווילנע, איז פאַרכאַפּט געוואָרן דורכן פוילישן גענעראַל זשעליגאָווסקי.

גוטמאַן שטאַמט פון אַן אוקראַיִנישער שטאָט, אַ טרויעריק באַרימטע דורך די פּאָגראָמען, וואָס זענען דאָרט פאָרגעקומען בעת דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, אין 1905, און בעת דעם בירגערקריג אין אוקראַיִנע, אין 1918.

אָבער ווי אַן אוקראַיִנישער געוועזענער פּאָגראָמירטער און היינטיקער רוסישער פּליט, איז ער אויך געווען אַ שטיקל יחסן, בפרט נאָך, אַז אויך ער האָט געהאַט אָנגעגעבן אין סאָוויעטישן קאָנסולאַט אַ בקשה זיך אומצוקערן אין זיין היימלאַנד.

ער האָט געוואַרט אויף אַ תשובה ביז דער נישטאָנגריף־פּאַקט, וואָס דייטשלאַנד און סאָוויעט־רוסלאַנד האָבן געהאַט געשלאָסן, האָט דורך היטלערס איבערפאַל אויפן ראַטן־פאַרבאַנד געפּלאַצט. און אָט ליגט גוטמאַן און טראַכט: וואָס וועט ווייטער מיט אים געשען?

גוטמאַן איז יאָרן לאַנג, לויט זיין נאַנסען־פּאַס, געווען אַ רוסישער פּליט. האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז סאָוויעט־רוסלאַנד און היטלער־דייטשלאַנד האָבן צווישן זיך געשלאָסן אַ נישטאָנגריף־פּאַקט. איז דער טייטש: איך, ראַטן־פאַרבאַנד, וועל גאָרנישט זאָגן, ווען דו וועסט איינגעמען פיר פינפטל פוילן, דערפאַר וועסטו, היטלערס רייך, מאַכן אַ שווייג, ווען איך וועל אַנעקסירן דאָס לעצטע פינפטל פוילן און די דריי באַלטישע מדינות: ליטע, לעטלאַנד און עסטלאַנד.

באַלד ווי פּעטען האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין היטלערס אָרעמס און דער סאָוויעטישער קאָנסולאַט האָט זיך פון דאָס ניי געעפנט אין פּאַריז, איז פון מאָסקווע געקומען אַן אויפרוף צו אַלע פון רוסלאַנד און ליטע, וואָס געפינען זיך אין פראַנקרייך, זיך צוריקצוקערן אַהיים. אַפילו געוועזענע ווייס־גוואַרדייער, אויב נאָר זיי האָבן אויפריכטיק חרטה אויף זייערע אַמאָליקע

קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע מעשים, קאָנען אויך צוריקפאָרן אין זייער פאָטערלאַנד. און אַוודאי איז דער רוף חל געווען אויף יידן.

ס׳איז לייכט צו זאָגן צוריקפאָרן אַהיים. לעבט דען נאָך דאָרט עמעצער פון גוטמאַנס משפחה? ער איז ווייט פון עשירות, פון דעסטוועגן האָט ער זיך דאָ דערשלאָגן צו אַ שטיקל וואַרשטאַט מיט דריי אַרבעטער. צוויי קינדער האָט ער. איינע איז אַ פאַלקסשול־לערערין און אויך איר מאַן איז אַ לערער. אין רואַן וווינען זיי. וואָלט נישט אונטערגעקומען די מלחמה, וואָלט זיין זון, מאַרק, שוין היינט געווען אינזשעניר, איצט איז ער אין דייטשלאַנד אין אַ געפאַנגען־לאַגער.

איין זאַך קאָן ראובן זיך נישט שענקען: פאַר וואָס האָט ער פאַר דער מלחמה נישט צוגעאיילט דאָס נאַטוראַליזירן זיך, כאָטש צוריק־געשמועסט, איז זיין אַ נאַטוראַליזירטער ייד אין דעם היינטיקן פאַריז, אונטער דער ממשלה פון יידן־פרעסער קסאַוויע וואַלאַ, דעם קאָמיסאַר פאַר יידישע ענינים, אויך נישט אַזאַ טייערע מציאה. מען שמועסט, אַז אַלע נאַטוראַליזאַציעס וועלן אַנולירט ווערן. אויב דאָס זאָל טאַקע געשען, בלייבט מען דאָך בכלל אָן שוץ, אַפילו דאָס פּיצעלע חלשות־שוץ, וואָס ער האָט פון דעם נאָנסען־קיינעמסלאַנד, גייט אויך צום טייוול.

האָט ראובן געטראַכט, שטייענדיק ביי דער שטריקמאַשין, ליגנדיק אין בעט — און האָט גאָרנישט געקאָנט צוטראַכטן. האָט ער זיך געהאַלטן אַן עצה מיט סאָניען, זיך דורכגעשמועסט מיט איר וועגן אַלץ, און ווידער נישט געקומען צו קיין טאָלק. ער האָט בשום אופן נישט געקאָנט באַשליסן, וואָס איז בעסער: בלייבן אַ רוסישער פּליט אָדער אפשר גאָר זיך לאָזן „אַמנעסטירן״. ער וועט זיך אָפּזאָגן פון פראַנקרייך, ער וועט מוותר זיין אויף זיינע דריי שטריקמאַשינען, איבערלאָזן זיין פראַנצויזישן זון אין דייטשער געפאַנגענשאַפט און זיין טאָכטער אין רואַן, ער וועט אַ שפּיי טאָן אויף דער איבער צוואַנציק־יאָריקער האָרעוואַניע און צוריקפאָרן אַהיים.

אויך ראַבינאָוויטש האָט די גאַנצע צייט נישט אויפגעהערט זיך צו פרעגן, ווי אַזוי צו האַנדלען. זאָל ער בלייבן אין פאַריז און וואַרטן אויף בעסערע צייטן, נישט געקוקט אויף די אָבלאַוועס, אויף די לאַגערס פּיטיוויע און באָן־לאַ־ראָלאַנד, אין וועלכע עס זענען שוין איינגעשפּאַרט געוואָרן אַזוי

פיל שטאַטלאָזע יידן, אָדער זאָל ער גיין אין סאָוויעטישן קאָנסולאַט און פאַרלאַנגען מען זאָל אים רעפּאַטריִרן קיין ליטע, און זאָל שוין נעמען אַ סיף צו דער כסדרדיקער שרעק: אָט כאַפּט מען דיך אין גאַס, ווען דו גייסט אַפּטראָגן די אַרבעט, אָדער מען הייסט דיך קומען אין פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט אויף אַ קאָנטראָל, כדי פון דאָרט עקספּעדירט צו ווערן קיין פּיטיוויע צי קיין באָן־לאַ־ראָלאַנד.

ער וועט טאַקע מוזן איבערלאָזן האַק און פּאַק, אָבער נישקשה, דאַמען־קאָנפעקציע, דאָס פאַך, וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט אין פּאַריז, איז מסתמא דאָרט אויך אַ פאַך.

זאָל מען נאָר אין קאָנסולאַט אים נישט מאַכן קיין שוועריקייטן צוליב זיין פרוי רחל, וואָס שטאַמט גאָר פון טשעכאָסלאָוואַקיע.

און וואָס וועט ווערן פון זיינע ביידע זין, פון דעם ניינצן־יאָריקן סטודענט פון פּסיכאָלאָגיע און דעם אַכצן־יאָריקן קונסט־פאָטאָגראַף? ביידע זענען זיי געבוירן געוואָרן אין פּאַריז, זענען זיי דאָך פראַנצויזן, ווי קומען זיי צו ליטע? צי וועלן זיי, ווי פראַנצויזישע בירגער, באַקומען אַ דער־לויבעניש צו פאַרלאָזן פראַנקרייך?

ראַבינאָוויטש איז געווען מלא שמחה ווען ער האָט אין קאָנסולאַט זיך באַגעגנט מיט אַ פּאָר שוואַרצע יידישע אויגן. זיי האָבן אַ קוק געטאָן פריינדלעך און היימיש. ענדלעך, האָט ער בעת מעשה זיך געטראַכט, וועט ער זוכה זיין צו לעבן אין אַ פריי לאַנד. אויף אַ צעקאַליעטשעטן רוסיש האָט נחום דערקלערט דעם קאָנסולאַט־סעקרעטאַר, אַז ער איז שיר נישט אַ פּאָליטיש פאַרפאָלגטער. אַנטלאָפן איז ער פון ליטע צוליבן מיליטער־דינסט.

— אָט וואָס, חבר קאָנסול!

יענעמס רעאַקציע, דערמאָנט זיך נחום, איז נישט געווען אַזאַ „חברישע", אַזוי צו זאָגן. אים האָט זיך געדוכט, אַז אַ חוזק־שמייכעלע האָט זיך אַ גליטש געטאָן אויפן סעקרעטאַרס דינע ליפּן און זיינע אויגן האָבן זיך פאַרטונקלט.

אין דעם פרעגבויגן, וואָס מען האָט אים געגעבן אויסצופילן, האָט ממש געשווירבלט און געגריבלט מיט כלערליי משונהדיקע פראַגעס. אָט זענען

עטלעכע אַזעלכע: ווי אַזוי הייסט ער מיט זיין אמתן נאָמען און פאַמיליע־נאָמען און ווי אַזוי רופט ער זיך מיט זיין צונאָמען? מיט וועלכער פּאָלי־טישער געזינונג טראָגט ער זיך אַרום און אין וועלכער פּאַרטיי איז ער איינגעגלידערט היינט צו טאָג? אין וואָס פאַר אַן אַנדער באַוועגונג איז ער ווען נישט איז געווען טעטיק? וועלכע זענען די אמתע מאָטיוון זיינע פון וועלן צוריקפאָרן קיין סאָוויעט־ליטע — פּאָליטישע? ראַסישע? פּער־זענלעכע?

בינו לבינו פּאַלט אים איין עפּעס אַזוינס, איבער וואָס מען דאַרף זיך וווּנדערן: הלמאַי האָט די אַרעסטן־כוואַליע ביז איצט אויסגעמיטן דווקא דעם הויף, וואָס האָט זיך קונה שם געווען דורך יאָסלס זונס טויט, דער פּאָלקספּראָנט־הויף, און וועלכן עס ווינען אַזוי פיל יידן?

פּלאָנטערן זיך די מחשבות אין נחומס מוח. באַלד טראַכט ער, וועלן זיי זיך אַזוי פאַרפּלאָנטערן, אַז עס וועט אים נישט געלינגען דאָס סאַמע וויכטיקסטע צו דערטראַכטן ביז צום סוף. אַזוי לאַנג ווי ער וועט נישט האָבן אַנטדעקט דעם אמתן שולדיקן, וואָס האָט אים אַריינגעשליידערט אין זיין איצטיקן מצב, וועט ער נישט האָבן קיין כוח אַפילו אַריינצופאַלן אין אַפּאַטיע.

דער אמתער שולדיקער, פּסקנט ער, בין איך, איך און נישט קיין אַנדערער. ווי נאָר איך האָב באַקומען דעם סאָוויעטישן פּאַס און די דער־לויבעניש צו פאָרן מיט סאַניעץ קיין ליטע — געענדיגט צוויי וואָכן פאַרן איבערפאַל אויפן ראַטן־פאַרבאַנד — האָב איך געזאָלט תיכף ליקווידירן דאָס דירהלע, פאַרקויפן איינס־צוויי וואָס עס לאָזט זיך, אַפילו איבערלאָזן אַלץ אויף הפקר און — יאַזדאַ.

און וואָס האָב איך געטאָן? איך בין געגאַנגען אָנגעבן אַ בקשה אין דער קאָמענדאַנטור אויף אַ טראַנזיט־וויזע דורך דייטשלאַנד... אָבער צוריק־געשמועסט, וואָס דען האָב איך געזאָלט טאָן? איך האָב דאָך אַנדערש ווי דורך דייטשלאַנד נישט געקאָנט פאָרן.

און לאָמיר זאָגן, טראַכט ער ווייטער, איך בין שוין יאָ געקומען בשלום אַהיים, איך האָב זיך צוגעאיילט און בין געקומען צוויי טעג פאַרן מלחמה־

אויסברוך, דערציילט דאָך דער ראַדיאָ, אַז די דייטשן שטייען שוין לעבן קאָוונע און היינט, שפּעטסטנס מאָרגן־איבערמאָרגן, וועלן זיי שוין דאָרט פּראַווען זייער „באַרבאַראָסאַ״...

דאָס איז די אונטערשטע שורה. ער האָט זיך דאָך דערטראַכט צו אַ סוף, צו אַ סוף פון זיינע געדאַנקען.

## קאַפּיטל 59

— נחום! נחום! מען קלאַפּט, מען קלאַפּט אין טיר... מיר דוכט זיך, אַז...

נחום עפנט די אויגן אַן איבערגעשראָקענער. אין שלאָפצימער איז נאָך פינצטערלעך. וויפל איז דער זייגער איצט? ער טוט אַ דריק אויפן קנאָפּ צו קאָפּנס, עס ווערט ליכטיק. ער ווייסט נישט וואָס מיט אים טוט זיך. וואָס איז געשען, רחל?

— עפנט! פּאָליציי!

זינט דעם צוויי און צוואַנציקסטן יוני האָט ער זיך געדאַרפט ריכטן אויף דעם דאָזיקן קלאַפּ. אָבער ס׳איז דאָך נישט געווען פאָרויסצוזען, אַז מען וועט קומען אַרעסטירן דעם סאָוויעטישן בירגער נחום ראַבינאָוויטש, אים און זיין ווייב רחל, וואָס האָט אויך באַקומען אַ סאָוויעטישן פּאַס. אַ גליק נאָך, וואָס זיינע ביידע זין, עלי און דודל, וווינען נישט צוזאַמען מיט אים. ווער ווייסט, עס קאָן זיין, אַז די דייטשן וואָלטן זיך אויסגעלאַכט פון זייערע פראַנצויזישע פּאַפּירן.

ער מוז אַרויס פון בעט און תיכּף עפענען די טיר. אַנישט וועלן זיי זי אויפרייסן, די פראַנצויזישע פּאָליציסטן. די שפּראַך זייערע איז אַ פראַנ־צויזישע. די פראַנצויזישע פּאָליציי האָט נאָך נישט געהאַט גענוג צייט, אפשר אויך נישט קיין חשק, אויסצולערנען זיך די שפּראַך פון געטע און פון שילער...

אָבער נאָך איידער נחום באַוויזט עפענען די טיר, שאַרט זיך פאַרביי אַ ביז גאָר מאָוויימדיקער געדאַנק צווישן זיינע אַנדערע צעשראָקענע און

צעטומלטע מחשבות. אפשר, אַנשטאָט צו עפנען די טיר, וואָלט ער גאָר געדאַרפט זיך פאַרקירעווען אין קיך אַריין? איינס־צוויי וועט ער איבער־שניידן דעם גאַז־שלויך, און אויס. זינט דעם צוויי און צוואַנציקסטן יוני האָט דער דאָזיקער פּלאַן נישט אויפגעהערט זיך טשעפּען צו אים. ער אָבער האָט אים כסדר אָפּגעשטופּט פון זיך, ער האָט נישט געהאַט דעם מוט אים צו דערטראַכטן ביז צום סוף. פאַראַן אַן אוראַלטער העברעיִשער שפּרוך: „אַפילו חרב חדה...” אַפילו ווען אַ שאַרפע שווערד ליגט שוין אויפן האַלדז, טאָר אַ מענטש נישט אויפהערן צו האָפן.

כדי צו אָריענטירן זיך וואָס צו טאָן, פאָדערט זיך אַ קליין הפסקהלע, נישט מער ווי אויף איבערצוכאַפּן דעם אָטעם. ער וועט עפענען די טיר, געוויס וועט ער זי עפענען, אָבער קודם כל וויל נחום קומען צו זיך. ער דאַרף צו ערשט זיך נעמען אין די הענט אַריין, געוויס וועט מען אים תיכף נעמען אויף אַ פאַרהער. עס וועלן זיך נעמען שיטן אויף אים כלערליי פראַגעס: ווער איז ער? וואָס איז ער? ווען איז ער געוואָרן דאָס וואָס ער איז? ווי אַזוי איז ער פּלוצלינג געוואָרן אַ סאָוויעטישער בירגער?

די טיר שטייט שוין אָפן. צוויי פּאָר אויגן קוקן אויף אים מיט אַזאַ רציחה, אַז ער בלייבט שטיין ווי אַ צוגעשמידטער ביי דער טיר. רחל קלאַמערט זיך אין טיש און ציטערט. זי האָט אַרויפגעוואָרפן אַ שלאַפראָק אויף די פּלייצעס. נחום האָט קוים באַוויזן אָנצוטאָן די הויזן, און אָט שטייט ער אַן אויסגעליידיקטער אָן אַ געדאַנק. נישטאָ מער איצט קיין איין געדאַנק, וואָס וואָלט אים געקאָנט ביישטיין. גאָרנישט...

די פראַנצויזישע פּאָליציסטן האָבן ביידע מעכטיקע, ברייטע פּלייצעס. וואָס איז ער, נחום, אין פאַרגלייך מיט זיי? אַ לעמעשקע. זאָל זיך זיי פאַרוועלן צו געבן אַ בלאָז אויף אים, וועט פון אים ווערן אַ בערגל אַש.

הויכוווקסיקע זענען ביידע פּאָליציסטן, אָבער איינער איז דאָך מיט אַ האַלבן קאָפּ העכער פאַרן צווייטן. דער נידעריקערער קוקט אַריין אין אַ פּאַפּיר. ער וואַרפט אַ בליק אויף נחומען. ער וויל זיך איבערצייגן, אויב דאָס געשריבענע אין זיין פּאַפּיר, שטימט טאַקע מיט זיין קרבן.

— ווי הייסט איר? — דערלאַנגט ער אים אַ פרעג.

— ראַבינאָוויטש — ענטפערט נחום.

— ביי מיר איז פאַרצייכנט — כאַפּט דער פּאָליציסט נאָך אַ מאָל אַ קוק אויף זיין צעטל — ראַבי־נאָ־וויטשיוס.

— אויף ליטוויש שרייבט זיך דער נאָמען אַזוי — קלערט נחום אויף.

— ליטוויש ? — וווּנדערט זיך דער פּאָליציסט — וואָס דערציילט איר מיר פּאַר אַ מעשיות ? איר זענט דאָך אַ סאָוויעטישער בירגער, אַ רוס, אַ רוסישער ייד.

— ליטע ליגט היינט אין סאָוויעט־רוסלאַנד — פאַרענטפערט זיך נחום — אָבער די נעמען ווערן נאָך אַלץ געשריבן אין דער ליטווישער שפּראַך... אין ליטוויש...

— גענוג ! — האָט דער פּאָליציסט זיך אויף אים אַ בייזער געטאָן — לאָמיר נישט פאַרלירן קיין צייט. ווי הייסט איר מיטן פאָרנאָמען ?

— נחום, אויף ליטוויש : נאַכומאַס.

— עס שטימט. און איצט טוט זיך אָן. צען מינוט גיב איך אייך.

— איר אַרעסטירט מיך ?

— איר וועט באַלד צוריקקומען אַהיים. מען וועט בלויז קאָנטראָלירן אייערע פּאַפּירן. ווייטער איז נישט אונדזער זאַך. — יאָ — דערמאָנט זיך דער פּאָליציסט — גיט מיר טאַקע אייערע פּאַפּירן. איר וועט זיי צוריק באַקומען. און איצט איילט זיך צו. טוט זיך אָן, אַנישט וועלן מיר אייך נעמען ווי איר שטייט און גייט.

רחל שטייט נאָך אַלץ ביים טיש אַ פאַרגליווערטע. קיין איין וואָרט האָט זי ביז איצט נישט אַרויסגעבראַכט אויף אירע ליפּן. נחום דערמאָנט זיך, אַז עס האָט זיך בלויז גערעדט וועגן זיינע פּאַפּירן, דערלאַנגט ער אַ מורמל צו איר אויף יידיש :

— פאַרשווינד וואָס גיכער... זיי האָבן דיך אפשר נישט באַמערקט...

די טיר איז די גאַנצע צייט געבליבן אָפן. רחל האָט נאָך נישט באַוויזן צו פאַרשווינדן אין שלאָפצימער, נחום איז זיך נאָך מתעסק מיט זיין אָנטועכץ, זעט ער אַריינקומען אַנדערע צוויי פּאָליציסטן, איינער פון זיי גייט אָנגעטאָן אין ציוויל. ער זעט אויך אַ דריט פּנים — זיין שכן גוטמאַן.

פאַר וואָס, פרעגט זיך נחום, איז ער אַרעסטירט געוואָרן ? מילא איך, איך בין אַ סאָוויעטישער בירגער, אָבער ער, גוטמאַן, פיגורירט דאָך נאָך

אַלץ אין זיינע פּאַפּירן ווי אַ רוסישער פּליט. אויף זיין בקשה צוריקצופאָרן קיין רוסלאַנד האָט ער ביז איצט קיין תשובה נישט באַקומען, כאָטש זיי האָבןביידע אָנגעגעבן זייערע בקשות דעם זעלביקן טאָג.

און וואָס זאָל דאָס באַדייטן, אַז זיי האָבן נישט אַרעסטירט נישט רחלען, נישט גוטמאַנס פרוי? אפשר איז דאָס אַ גוטער סימן? ניין, נחום, רעדט ער צו זיך אַליין, דו טאָרסט נישט פאַרצווייפלען, דו האָסט נישט קיין רעכט זיך מיאש צו זיין. „בעל כרחך אתה חי...״ איבערגעוואָלט לעבט מען און איבערגעוואָלט מוז מען זען דורכצוהאַלטן ביז צום סוף. אויף פראַנצויזיש הייסט עס: מוט, וואָס נעמט זיך פון פאַרצווייפלונג...

## קאַפּיטל 60

אין פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט פון צוואַנציקסטן אַראָנדיסמאַן שווימלט און גריבלט מיט יידן. די ערשטע קריגסגעפאַנגענע פון דעם נייעם פראָנט־אָפּשניט זענען צונויפגעטריבן געוואָרן אַהער פון גאַנץ בעלוויל.

קריגסגעפאַנגענע. אַזוי זענען זיי געוואָרן באַצייכנט דורך אַ פּאָליציסט ווען זיי זענען צו אים צוגעשטאַנען מיט זייערע טענות און מענות: פאַר וואָס מען האָט זיי אַרויסגעשלעפּט פון די בעטן, אַרויסגעריסן באַגינען פון שלאָף, כאָטש זייערע פּאַפּירן זענען אין אָרדענונג. איז דאָ נישט אַ מאָל געמאַכט געוואָרן אַ טעות?

— קריגסגעפאַנגענע זענט איר — האָט ער זיי געענטפערט — שווייגט.

מער ווי אַ העלפט פון אָט די בעלווילער „קריגסגעפאַנגענע״ האָבן זיך געהאַט געמאָלדן פרייוויליק צום פרעמדן־לעגיאָן, אָדער זיי זענען געוואָרן איינגעגלידערט אין אַנדערע רעגימענטער. ס׳איז שוין פאַרביי מער ווי אַ יאָר, ווי דער פראַנצויזישער פראָנט איז זיך צעפאַלן. זיי זענען אַלע דעמאָביליזירט געוואָרן. אויפן אָרט פון דער „קאָמישער מלחמה״ איז געקומען דער שענדלעכער וואַפנשטילשטאַנד.

צווישן די שפּאָגל־נייע „קריגסגעפאַנגענע״ זענען פאַראַן אַזעלכע, וואָס זייערע זין, ברידער, אָדער קרובים שמאַכטן אין די דייטשע סטאַלאַגן, און

געוויס לעקן זיי דאָרטן קיין האָניק נישט, אָבער ווי נישט ווי געניסן זיי דאָרט פאָרט אַ ביסל שוץ אונטער דער קאָנטראָל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער שוץ־קאָמיסיע פאַר קריגסגעפאַנגענע. און אַ מאָל געלינגט אויך דעם אָדער יענעם צו אַנטלויפן.

פאַראַן היינט צו טאָג אַ נעץ אַזאַ אין פראַנקרייך, וואָס נעמט אויף די אַנטרונענע פראַנצויזישע אָדער ענגלישע קריגסגעפאַנגענע, באַזאָרגט זיי מיט פאַלשע דאָקומענטן, ווי געבוירן־שיין, אידענטיטעט־קאַרטע, ראַציאָני־רונג־טיקעטן, אַרבעטס־פאַפּירן אאַז״וו.

ראַבינאָוויטש און גוטמאַן קענען עטלעכע אַזעלכע אַנטרונענע פון די סטאַלאַגן. דניאל גראָסמאַן, למשל, אין דער פרייער זאָנע געפינט ער זיך איצט. אַלע ווייסן דאָס אין דעם הויף, ווו יאָסל „עקידת יצחק״ וווינט. גאַנץ בעלוויל ווייסט דאָס, כאָטש מען רעדט נישט וועגן דעם.

אַ נאָמען געגעבן יאָסלען „עקידת יצחק״ האָט נישט קיין אַנדערער ווי נחום ראַבינאָוויטש, באַלד נאָך דעם אומגליק, וואָס האָט געטראָפן מיט הירשקען.

נחום וווּנדערט זיך, וואָס אים קריכן איצט אין קאָפּ אַזעלכע געדאַנקען. האָט ער שוין גאָרנישט צו קלערן וועגן אַזוינס, וואָס זאָל האָבן אַ דירעקטע שייכות מיט זיין איצטיקן מצב?

אָט וועט ער באַלד גענומען ווערן אויף אַ פאַרהער. מען וועט אים פרעגן ווי ער הייסט, וואָס ער טוט, וואָס ער, דער סאָוויעטישער בירגער, טראַכט וועגן דעם איבערפאַל אויף סאָוויעט־רוסלאַנד. וואָס וועט ער ענטפערן אויף דעם?

דערמאָנט ער זיך, נחום, ווי היטלער האָט פאַר דער מלחמה מתרה געווען די יידן, אַז טאָמער וועלן זיי אויפרייצן די וועלט צו אַ מלחמה מיט דייטשלאַנד, וועלן זיי אויפהערן צו לאַכן.

און נחום דערמאָנט זיך אויך היטלערס אויפרוף פונעם צוויי און צוואַנציקסטן יוני — געלייענט האָט ער אים אין אַ פאַריזער צייטונג מיט צוויי טעג צוריק:

„אין אויגוסט 1939 בין איך געשטעלט געוואָרן פאַר אַ שווערן נסיון,

ווען איך האָב געמוזט שיקן מיין מיניסטער קיין מאָסקווע, כדי פּרווון צו נישט מאַכן די אַרומרינגלונג־פּאָליטיק פון ענגלאַנד קעגן דייטשלאַנד.

„מאָסקווע האָט פאַרגוואַלדיקט די דיספּאָזיציעס פון אונדזער פריינד־שאַפט־פּאַקט... אין דעם איצטיקן מאָמענט הייבט זיך אָן אַ שלאַכט, וואָס איז מיט איר פאַרנעם די גרעסטע, וואָס די וועלט האָט ווען נישט ווען געזען: דער ציל פון די דאָזיקע מלחמה־אָפּעראַציעס איז נישט מער צו באַשיצן אַ וואָסער נישט איז לאַנד, נאָר צו פאַרזיכערן די זיכערקייט פון גאַנץ אייראָפּע און צו ראַטעווען די גאַנצע וועלט".

און ווידער האָט נחום טענות צו זיך אַליין:

גראָד אין אַ מאָמענט ווען דו דאַרפסט זיין שפּאָרעוודיק מיט דיינע געדאַנקען, צעטרענצלסטו זיי און זיי צעשיטן זיך אין אַלע זייטן. דערלאַנג בעסער אַ טראַכט, וואָס עס איז געוואָרן מיט רחלען.

נחום קוקט זיך אום. לויטער באַקאַנטע פּנימער. וועגן גוטמאַן, וואָס וווינט אין דעם זעלביקן געביי וואָס ער, מיט אַ שטאָק העכער, איז נישטאָ וואָס צו רעדן. נישט בלויז שכנים זענען זיי, נאָר זיי זענען אויך צוגעבונדן איינער צום צווייטן ווי לייבלעכע ברידער. עס האָט קיין מאָל נישט געטראָפן זיי זאָלן זיך צעווערטלען אָדער אַפילו זיך אַמפּערן איבער מאַלע וואָס.

ראובן און נחום זענען ביידע געווען היינטוועלטיקע יידן, ווי מען זאָגט. נחום האָט זיך באַמיט צו זיין אַ „כלל־סימפּאַטיקער". ער איז אַ סימפּאַ־טיקער פון כלל ישראל אין אַלע זיינע שאַטירונגען, האָט ער גוטמאַנען געגעבן צו פאַרשטיין, וואָרעם ערשטנס, זענען „כל ישראל חברים", און צווייטנס, איז דאָך באַקאַנט, אַז „כל ישראל ערבים זה בזה", איין ייד איז ערב פאַר דעם צווייטן ייד.

ראובן האָט מיט אים מסכים געווען, נישט אַזוי פון איבערצייגונג, נאָר ווייל ער האָט געהאַלטן, אַז וואָר־וואָר, נאָר זיין שכן נחום קאָן זיך נישט טועה זיין.

נאָך גרעסער איז געווען די פריינדשאַפט צווישן ביידע פרויען: רחל, די שוואַרץ־חנעוודיקע, די אשת־חיל, וואָס איר גלייכן געפינט מען נישט אויפן בעלוויל, און די עלעגאַנטע סאָניע. זיי דערגאַנצן זיך. וואָס רחלען

פעלט אין פאַריזערישקייט, נעמט זי ביי סאָניען, און די קליידער, וואָס זי טראָגט, האָט זי געקויפט אָדער געלאָזט זיך אויפנייען לויט סאָניעס גוסט. דערפאַר האָט רחל ביסלעכווייז געפועלט ביי סאָניען זי זאָל ווערן מער באַלעבאָסטע, מער שטובזיצעריך.

— וואָס טראַכסטו, נחום? פון וואָס טראַכסטו איצט?

— פון וואָס איך טראַכט? דו ווייסט דאָך וואָס איך טראַכט.

— איך ווייס, איך ווייס. דו טראַכסט אַוודאי פון אַ מאָל... איך וויל זאָגן...

— האָסט ריכטיק געזאָגט, ראובן. פון אַמאָליקע צייטן האָב איך געטראַכט, און די דאָזיקע אַמאָליקע צייטן האָבן זיך פאַרענדיקט מיט צוויי שעה צוריק. היינט באַגינען האָט גענומען אַ סוף צו זיי.

— אַזוי גיך...

— לאָמיר זען צו בלייבן צוזאַמען, וואָס עס זאָל נישט געשען, כאָטש איך ווייס נישט, צי מען וועט אונדז לאָזן בלייבן צוזאַמען. דו פאַרשטייסט, ראובן? עס ווענדט זיך אין דעם, ווי אַזוי מען וועט אונדז קלאַסירן, רובריצירן...

— וואָס הייסט? מיר זענען דאָך ביידע...

— ביידע זענען מיר יידן, געוויס, ביידע האָבן מיר פיגורירט אויף איין רשימה. אָבער עס איז דאָך פאַראַן אַ חילוק צווישן אונדז, און איך האָב מורא — הלוואי זאָל איך ליגן זאָגן — אַז מען וועט אונדז פונאַנדערטיילן. דעם חשבון, וואָס זיי וועלן מאַכן מיט מיר, איז קלאָר. איך בין אַ סאָוויעטישער בירגער, בין איך, הייסט עס, אַ דאָפּלטער שונא פון דייטשלאַנד. דו אָבער, דו ביסט נאָך אַלץ אַ רוסישער פּליט. אמת, אַ ייד אַ רוסישער פּליט איז נישט דאָס זעלביקע וואָס אַ רוס אַ רוסישער פּליט, אָבער פון דעסטוועגן איז פאַראַן אַ האָפענונג, אַז גראָד אין דיין פאַל וועלן זיי ביי דער סאָרטיראָווקע דיך אויסטיילן צום גוטן.

— ניין, זאָג דאָס נישט, זיי וועלן...

ראובן פאַרענדיקט נישט דעם זאַץ. פון איין זייט וואָלט ער טאַקע וועלן, אַז ביידנס גורל זאָל נישט צעטיילט ווערן. פון דער צווייטער זייט אָבער, טאָמער וועט זיך מאַכן אַ צופאַל, אַ פאַרזען, וואָרעם די דייטשן

האָבן אַ מאַניע, ווי נחום זאָגט, צו קלאַסירן, רובריצירן, און — זיי ווען אים באַהאַנדלען ווי אַ געוויינלעכן רוסישן פּליט, ווי אַ וויסגוואַרדייער, זאָל ער זיך אַריינמישן און זאָגן: ניין?

שווייגט ער. ער שעמט זיך טאַקע אַ ביסל מיט זיין שווייגן, כאָטש ער ווייסט, אַז זיין פריינד נחום איז מיט אים מסכים דורך און דורך. ווער עס קאָן, דאַרף זיך ראַטעווען, בפרט, אַז דערמיט טוט ער דעם אַנדערן קיין רעה נישט. פּונקט פאַרקערט. נחום איז דאָך אים אַ גוטער־פריינד, וועט זיין הצלחה פאַר אים אפשר זיין אַ שטיקל טרייסט.

ראובן שווייגט. אויך נחום איז אַנטשוויגן געוואָרן. נישטאָ מער וואָס צו זאָגן.

## קאַפּיטל 61

פון סאַמע פרימאָרגן אָן ביז אין די פריִע נאָכמיטאָג־שעהען האָבן אויטאָבוסן, מיליטערישע לאַסטוועגענער און אַפילו טאַקסיס, געבראַכט צו פירן אויף אַ קאָנטראָל אין קאַמפּיען טויזנטער, אַזוי גערופענע רוסישע פּליטים. דאָס מאָל איז עס געווען, צום אונטערשיד פון אַלע פריִערדיקע אָבלאַוועס, נישט אָן איבערפאַל בלויז אויף יידן, נאָר בכלל אויף שטאַטלאָזע וואָס שטאַמען פון רוסלאַנד.

פרעגט זיך: מיט וואָס האָבן זיך פאַרזינדיקט די ראַסיש־„אומשולדיקע" אָפּשטאַמיקע פון „מאַטושקאַ ראָסיאַ", די ווייסע רוסן, די קאָזאַקן, די אַרמענישע, גרוזינישע אָדער אוקראַיִנישע עמיגראַנטן, געוועזענע פּאָגראָמ־שטשיקעס, וואָס האָבן דאָך אַוודאי געדאַרפט זיך באַטראַכטן שיר נישט ווי שותפים צו דעם איצטיקן דייטשישן האַקנקרייץ־צוג קעגן סאָוויעט־רוסלאַנד?

אייגנטלעך האָט די היינטיקע מאַסן־אָבלאַווע אין זינען דער עיקר די יידן, וואָס שטאַמען פון רוסלאַנד, פון אוקראַיִנע און פון די דורך רוסלאַנד פאַרנומענע שטחים בעסאַראַביע און טייל פוילן. פון אַלע צוואַנציק פאַריזער אַראָנדיסמאַנען און פון אַלע פאַריזער פאָרשטעט האָט מען זיי צונויפגע־

טריבן אַהער אין דעם קאָמפּיענער לאַגער, וואָס געפינט זיך נישט ווייט פון דעם אויבן־דערמאָנטן אייזנבאַן־וואַגאָן. זיי, נאָר זיי, וועלן ווערן אינ־טערנירט. די איבעריקע וועלן היינט נאָך ווערן באַפרייט.

די רוסן־פּליטים האָבן די האָפענונג זיך צוריקצוקערן קיין רוסלאַנד, אין זייער צאַרישן, אָדער ווייניקסטנס אין אַ מין קערענסקי־רוסלאַנד, עד היום נאָך נישט פאַרלוירן. אַנישט וואָלטן זיי פון לאַנג שוין געהאַט זיך נאַטוראַליזירט, ווי דאָס האָבן טאַקע געוויסע רוסן געטאָן. זענען זיי דערי־בער פאַרבליבן רוסישע פּליטים.

אַלעמען האָט מען געבראַכט צו פירן אַהער, די יידן ווי די נישט־יידן, אַלע וואָס גילטן ווי שטאַטלאָזע. לויט די רייד פון די זשאַנדאַרמען און פון די ציוויל־געקליידטע פּאָליציסטן, האָט מען זיי געבראַכט אין אַ זאַמל־לאַגער. אַ בלויזע פאָרמאַליטעט איז דאָס, אַ קאָנטראָל פון די דאָקו־מענטן און ווייטער גאָרנישט. באַלד וועט מען אויסרופן זייערע נעמען, און אויב ביי זיי איז אַלץ אין אָרדענונג, וועלן זיי אָפּקומען מיט אַ טאָג פאַר־לוירענער אַרבעט. די יידן אָבער — זיי געהערן צו אַן אַנדער קאַפּיטל. פאַר זיי איז קאָמפּיען אי אַ זאַמל־לאַגער, אי אַ דורכגאַנגס־לאַגער.

רעכטס אָדער לינקס. אַפילו די רוסישע פּליטים, וואָס וווינען אין דריטן, פערטן, עלפטן אָדער צוואַנציקסטן אַראָנדיסמאַן און זיי זענען גע־בראַכט געוואָרן אין איינעם מיט די יידן, אין די זעלביקע אויטאָבוסן, ווערן באַלד ביים אַריינגאַנג אין לאַגער אָפּגעטיילט פון די יידן. אין דער רעכטער זייט גייען די יעניקע, וואָס טראָגן רוסישע, אוקראַינישע אָדער אַרמענישע נעמען, דאַקעגן די, וואָס פאַרמאָגן דייטש־יידיש אָדער העברעיִש־קלינ־גענדיקע נעמען, שיקט מען אָפּ אין דער לינקער זייט.

רעכטס באַדייט, אַז מען האָט אויסגעהאַלטן דעם ערשטן סעלעקציע־עקזאַמען. וואָס שייך די צווייט איבעריקע עקזאַמענס וועט מען ביי די נישט־יידן אויך נישט פאַרלאַנגען קיין שום פּערזענלעכן אָנשטרענג. זייערע אייגענע לאַנדסלייט וועלן דורכפירן אַ צווייטע און אַ דריטע קאָנטראָל, אַריינקוקן אין די צוגעגרייטע רשימות, פון וועלכע זיי וועלן תיכף דערגיין

מיט וועמען מען האָט צו טאָן. אַ העלפט לאַגער, די לינקע, איז באַשטימט פאַר די יידן.

אויך אין דער רעכטער העלפט לאַגער זענען פאַראַן פּראָבלעמען פון פּאָליטישן אָדער מיליטערישן כאַראַקטער, אָבער קיינער קאָן נישט צווינגען די געוועזענע רוסישע מיליטערלייט זיך צו פרייען, נישט מיט די דייטשע נצחונות און נישט מיט די מפּלות פון „מאַטושקאַ ראָסיִאַ״. אַלץ, וואָס די דייטשן פאַרלאַנגען פון די ווייסע רוסן, איז, זיי זאָלן זיך פאַרהאַלטן נייטראַל לגבי דער „נייער אָרדענונג״.

רעכטס און לינקס. צוויי לאַנגע טישן שטייען ביים אַריינגאַנג פון לאַגער. ביים טיש רעכטס פון אַריינגאַנג זיצן פינף פאַרשוינען, פיר ציוויל געקליידטע און איינער אין אַן עס־עס־אוניפאָרם. צוויי רוסן, צוויי פראַנצויזן און איין פאַרטרעטער פון דריטן רייך. בלויז אויף צוויי פראַגעס האָט אַן „אַרישער״ רוסישער פּליט צו ענטפערן אין רוסיש און אין פראַנצויזיש. ערשטנס, צי הייסט ער טאַקע אויף אַן אמת אַזוי, ווי ער פיגורירט אין דער רשימה. צווייטנס, צי איז ער אַ ייד אָדער אַ האַלבער ייד. דערנאָך איז מען אים מודיע, אַז טאָמער ער וועט ווערן געשטרויכלט אין זיין ענטפערן אויף דער צווייטער פראַגע, וועט ער תיכף איבערגעפירט ווערן צום צווייטן טיש.

דאָרטן, ווייסט דער „סימולאַנט״, וועט אים שוין קיינער נישט מער פרעגן ווער און וואָס ער איז. די דריי געשטאַפּאָ־לייט, וואָס זיצן ביי דעם דאָזיקן „לינקן״ טיש, זיי איז באַקאַנט דער שפּרוך פונעם אַמאָליקן ווינער בירגערמייסטער ליגער: „וואָס דער יודע איזט, איזט איינערליי, אין דער ראַסע ליגט די שווינעריי״ (וואָס אַ ייד איז, איז אַלץ איינס, אין דער ראַסע שטעקט זיין חזירייַ).

די דאָריאַסיסטן אָדער די פראַנציסטן, ווי זיי רופן זיך, האָבן ספּעציעל צו דער היינטיקער אַבלאַווע אַרויסגעלאָזט אַן אָפּדרוק פון אַ יידן־פרעסע־רישן אַרטיקל, וואָס איז מיט עטלעכע טעג צוריק פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין זייערער אַ צייטשריפט, אונטערן טיטל: „דעראָטיזירונג און דעיודאַיזירונג״. עס ווערן אין אים אויסגערעכנט אַלע מינים פאַרטיליקונגס־מיטלען, וואָס ווערן אָנגעווענדט אין קאַמף קעגן די מייז. דעם דאָזיקן „קאַמף־

מאַניפעסט" האָבן די מייז־יעגערס זיך פאַרגענומען פונאַנדערצוטיילן צווישן די יידישע אינטערנירטע.

מייז זענען פאַראַן פאַרשידענע. לויט זייער אָפּשטאַם, לויט זייערע אייגנשאַפטן און לויט זייערע „מנהגים", דאַרפן ווערן אָנגעווענדט די מיטלען קעגן זיי, כדי זיי צו מאַכן אומשעדלעך: פאַסטקעס, פאַרשידענע מינים גיפט. די יידן, דערקלערט דער מחבר פון דעם דאָזיקן פּאַשקוויל, זענען פונקט ווי די מייז, די טרעגער פון כלערליי באַצילן. דאַרפן זיי דעריבער אויסגעראָטן ווערן אָן רחמנות...

פון דעסטוועגן זענען נישט פונאַנדערגעטיילט געוואָרן די דאָזיקע פלוגבלעטלעך, נישט צווישן די אויף רעכטס פאַרזאַמלטע און אויך נישט אויף לינקס געשיקטע רוסישע פליטים, וואָס פאַר זייערטוועגן זענען זיי דאָך לכתחילה באַשטימט געוואָרן. מען דאַרף זיך משער זיין, אַז אין דער גאָר לעצטער מינוט האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז דער פאַרגלייך צווישן דעראַטיזאַציע און דעיודאַיזאַציע איז אַ קרומער, וואָרעם ס'איז דאָך נישטאָ אַזאַ מנהג, מען זאָל באַצייטנס געבן צו וויסן די אין אַ פאַסטקע אַריינגע־נאַרטע באַשעפענישן, וואָס מען האָט בדעה צו טאָן מיט זיי. עס קאָן אָבער אויך געמאָלט זיין, אַז מען האָט נישט געוואָלט אַרויסרופן אַ בהלה צווישן די צונויפגעטריבענע יידן.

קאַמפּיען איז אַ זאַמל־לאַגער, אָדער ווי איינער אַ פּאָליציסט האָט זיך אויסגעדריקט: אַן אייך־טאָג־לאַגער. דערפאַר איז ער אַזאַ פוסטער, דער דאָזיקער לאַגער. צו שנעל, צו האַסטיק, איז די צווייטע וועלט־מלחמה אויס־געבראָכן. מען האָט זי נישט פאָרויסגעזען, האָט מען נישט באַוויזן אויפ־צושטעלן דעם לאַגער, אים אויסצוריכטן מיט אַלע איינריכטונגען, ווי אין אַנדערע לאַגערס. די דאָזיקע פוסטקייט שטרייכט נאָך מער אונטער דעם הפקר־צושטאַנד פון די צו לינקס פאַרמשפּטע.

און דאָך קאָן קיינער אין דער דאָזיקער פוסטקייט נישט געפינען אַן אָרט ווו זיך אַהינצוטאָן. נישטאָ קיין מעגלעכקייט צו פאַרקריכן אין זיך גופא, אין די אייגענע געדאַנקען. ווו נאָר מען טוט זיך אַ קער, שטויסט מען זיך אָן אין אַ בליק פון אַ פּאָר בלאָנדזשענדיקע אויגן.

אַ הייפל יידן, אַ צווייט הייפל יידן. מען שושקעט זיך. דער דערציילט

און יענער דערציילט. פאַראַן דאָ יידן אַלערליי — יידן פון בעלוויל, פון פּלעצל, פון מאָנמאַרטר. אַלע יידישע פאַכן זענען דאָ פאַרטראָטן: קאָנפעקציאָנערן, בייטל־מאַכער, קירזשנערס, שוסטערס, שטעפּערס, שמאַטע־הענדלער. פאַראַן אויך יידן פאַראיינצלטע אין זייער פאַך: שרייבערס, אַרכיטעקטן, אינזשענירן, מען דערקענט אין זייער הילוך, אין זייער אַקצענט אין פראַנצויזיש און אין יידיש, און מען קאָן זאָגן אויך אין זייער אַרט שווייגן, אַז זיי שטאַמען פון יענע קוואַרטאַלן, אין וועלכע עס וווינען רוסישע עמיגראַנטן, אָדער זיי קומען פון דער צי יענער פאַריזער פאָרשטאָט.

וויפל זענען זיי? ווער ווייסט? דריי טויזנט... פיר טויזנט... איטלעכער פון זיי טראָגט זיך אַרום מיט זיין אייגענער, מיט זיין באַזונדערער פּליטביאָגראַפיע. אָבער היינט האָט זיך אַריינגעריסן אין דער פּערזענלעכער געשיכטע עפּעס אַזוינס, וואָס האָט געטראָפן אויך אַלע אַנדערע אינטערנירטע.

אויסגעהונגערט זענען זיי נישט בלויז אין פּשוטן זין, נאָר אויך נאָך אַ וואָרט. ניין, דאָס אַלץ איז נישט מער קיין חלום, וואָס פליט אַוועק געשווינד, און מען קאָן אים אין דעם טעגלעכן הו־האַ נישט דעריאָגן. זיי זענען אַריינגעשליידערט געוואָרן אין אַ נייער ווירקלעכקייט, דאַרף מען זיך דערוויסן וואָס דאָס באַדייט, וואָס עס וועט ווייטער געשען. שווער איז עפּעס וואָס צוצוטראַכטן איינער אַליין. לאָמיר הערן וואָס ד ע ר ייד טראַכט, וואָס י ע נ ע ר ייד מיינט.

אין תוך גענומען איז אָבער אוממעגלעך עפּעס צו דערגיין פון די אַלע קלאַנגען, וואָס טראָגן זיך אַרום אין קאַמפּיען. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אַלע גילטן זיי דאָ ווי אָפּשטאַמיקע פון דעם צאַרישן רוסלאַנד פון אַמאָל, איז דאָך איין פאַל נישט גלייך צו אַ צווייטן. געוויס וועלן די אינטערנירטע איינגעטיילט ווערן אין פאַרשידענע גרופּעס, ווי לויט יעדערנס גורל.

נחום ראַבינאָוויטש, למשל, וואָס וועט מיט אים געשען? וואָלט ער זיך געהאַט צוגעאיילט באַלד ווי ער האָט באַקומען פאַר זיך און פאַר רחלען די נייטיקע סאָוויעטישע, פראַנצויזישע און דייטשע פּאַפּירן, — וואָלט ער איצט שוין געווען אַ סאָוויעטיש־ליטווישער בירגער, אָבער דאָס וואָלט היינט, ווען ליטע געפינט זיך אונטער דייטשן שטיוול, געוויס געווען נאָך ערגער...

זיין שכן, ראובן גוטמאַן, איז עד היום פאַרבליבן אַ רוסישער פּליט, אָבער נישט אַזאַ, ווי די רוסישע פּליטים אין יענער זייט לאַגער, וואָס זענען נאָך דעם צווייטן אַפּעל שוין באַפרייט געוואָרן, ניין, ער איז אַ ייד. אים וועט מען נישט באַפרייען.

אויך פּאָפּאָווסקי וועט נישט ווערן באַפרייט, ער איז פאַרבליבן אַ רוסישער פּליט, כאָטש ס'איז אים קיין מאָל נישט געקומען אויפן געדאַנק צו וועלן זיך אומקערן אין זיין אַלטער היים. ער האָט קיין בקשה נישט אָנגעגעבן, ווי ראַבינאָוויטש און גוטמאַן.

ראַבינאָוויטש און גוטמאַן האָבן געהאַט די געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט פּאָפּאָווסקין ביי יאָסל גראָסמאַן אין שטוב. מחותנים זענען זיי, גראָסמאַן און פּאָפּאָווסקי, וואָרעם זיין זון איז יאָסלס איידעם. היינט געפינט זיך זיין זון ערגעץ אין דייטשלאַנד אין אַ סטאַלאַג. אַ פראַנצויזישער קריגסגעפאַנגענער איז ער.

גראָד האָט עמעצער אַ וואָרף געטאָן אין חלל, אין דער זעלביקער מינוט, דאָס וואָרט „סטאַלאַג".

— ווי עס ווייזט אויס — הערט זיך אַ שטים פון איינעם, וואָס האָט דאָס געהערט, טאַקע מיט זיינע אייגענע אויערן — וועט מען אונדז אַלעמען קודם אָפּשיקן קיין פּיטיוויע, אָדער קיין באָן־לאַ־ראָלאַנד, און נאָך דעם וועלן מיר אַלע פאַרשיקט ווערן ווי רוסישע קריגס־געפאַנגענע קיין דייטשלאַנד אין אַ סטאַלאַג.

— באָבע־מעשיות — רופט זיך אָן אַ צווייטער ייד — נישט געשטויגן, נישט געפלויגן! וואָס זענען מיר, זעלנער, פראָנט־קעמפער, מען זאָל אונדז איינשפּאַרן אין אַ סטאַלאַג? נישטאָ וואָס צו הערן...

## קאַפּיטל 62

אין פּיטיוויע־לאַגער הודזשעט. אין יידיש, פאַרשטייט זיך, וואָרעם די טויזנטער מענטשן, וואָס געפינען זיך הינטער דעם שטעכיקן צוים, שטאַמען כמעט אַלע פון די מזרח־אייראָפּעיִשע לענדער. די פּאָר צענדליק ספרדישע

יידן, וואָס זייער מאַמע־לשון איז לאַדינאָ אָדער טערקיש, ווערן אין פּיטיוויע־לאַגער בטל בשישים.

פון אַלע צוואַנציק פּאַריזער אַראָנדיסמאַנען האָט מען די יידן אַראָפּ־געבראַכט אַהער. אָבער דער בעלוויל, דאָס פּלעצל, דער מאָנמאַרטער, מיט זייערע בולוואַרן, גאַסן און געסלעך, פּלעצער און הויפן, אַזוי גוט ווי די געגנטן פון דער באַסטיליע און פון דער רעפּובליק, וואַרפן זיך דאָ מער אין די אויגן, ווי די איבעריקע שטאָט־קוואַרטאַלן.

פּיטיוויע איז אַן אַלט שטעטעלע, וואָס האָט זיך קונה־שם געווען דורך אירע פאָרטיפיקאַציעס, וואָס שטאַמען פונעם פּופּצנטן יאָרהונדערט, דורך איר קלויסטער, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון „הייליקן סאָלאָמאָן". געמיינט איז נאַטירלעך נישט קיין אַנדערער ווי שלמה המלך, וואָס איז געווען דער קליגסטער פון אַלע יידישע מלכים.

אין אָט דעם לאַגער, פּונקט ווי אין אַלע אַנדערע לאַגערס אין דער באַזעצטער זאָנע, ווי, למשל, באָן־לאַ־ראָלאַנד, קאָמפּיען (אין קאָמפּיען זענען אייגנטלעך פאַראַן עטלעכע לאַגערס), פּרען, וואָס איז לעצטנס געוואָרן אַ תּפיסה־לאַגער פאַר פּאָליטישע געפאַנגענע, דראַנסי און נאָך און נאָך — ווערט דער איינצלנער מענטש איינגעשלונגען דורך דער מאַסע געפאַנגענע, אין איינעם מיט זיינע געדאַנקען, געפילן, זכרונות, פּראַגעס, ענטפערס. אַ סך מאָל מיינט ער, אַז עמעצער האָט אים אַרויסגעשלעפּט פון זיין אייגענער הויט און אַריינגעשליידערט אין אַ שמעלצטאָפּ. באַלד וועט ער בכלל אויפהערן צו עקזיסטירן ווי אַ יחיד, איבער וועמען ס'איז כדאי צו פאַרלירן אַ וואָרט.

אין דער זעלבער צייט אָבער קאָן זיך אים אויסדוכטן, דעם איינצלנעם מענטש, אַז נישט ער איז איינגעשלונגען געוואָרן דורך דער מאַסע, נאָר גראָד פאַרקערט — ער האָט אַריינגעזויגן אין זיך, ווי אַ שוואָם, גאָר דעם גערויש, גאָר דעם ליאַרעם, דעם גאַנג פון אַלעמענס צעכוואַליעטע געמיטער.

## קאַפּיטל 63

יעפים פּאָפּאָווסקי — מיט אַזאַ נאָמען און פאַמיליע־נאָמען וואָלט דער גאָלדשמיד פון די רישעליע דאָך געקאָנט, אָן גרויסע שוועריקייטן, גילטן ווי אַן אמתער רוס. לויט זיינע נאַנסען־פּאַפּירן מוז ער דאָך קאַליפיצירט ווערן ווי אַ רוסישער פּליט.

טוט אָבער אונדזער יעפים פּאָפּאָווסקי אַ געוואַלטיקע נאַרישקייט, וואָס ער קאָן עד היום זיך נישט מוחל זיין.

ווען מען האָט אויפן סמך פון אַ דייטשער פאַראָרדענונג, מיט אַ גע־ווויסער צייט צוריק, אין דער פּאַריזער פּאָליציי־פּרעפעקטור אָנגעהויבן צונויפשטעלן רשימות פון יידישע נעמען און פון יידישע אַדרעסן, האָט ער, ווי דאָס רוב יידן אין פּאַריז, זיך רעגיסטרירט ווי אַ ייד און האָט זיין יידישקייט נישט פאַרלייקנט. מיט די אייגענע הענט האָט ער געבראַכט דערצו, מען זאָל אים אַרויסטרייבן פון זיין געשעפט און נאָמינירן זיינעם אַ שכן, אַ פראַנצויז, ווי אַ פּראָוויזאָרישן פאַרוואַלטער. בעת מען האָט אין קאַמפּיען, באַלד נאָכן אויסברוך פון דער דייטש־רוסישער מלחמה, גענומען אויף אַ פאַרהער אַלע רוסן, האָט מען אים צוגעשטעלט צו די יעניקע, וואָס זענען געשיקט געוואָרן אין לינקן לאַגער־פליגל, צו „אחינו בני ישראל".

בעת דעם פאַרהער האָט ער געפּרוווט זיך גרויסן און יחוסן דערמיט, וואָס זיין זון האָט זיך געהאַט געמאָלדן פריייוויליק צום מיליטער, איז אַוועק אויפן פראָנט און איצט איז ער אַ קריגס־געפאַנגענער און געפינט זיך אין אַ סטאַלאַג ערגעץ אין דייטשלאַנד. דאָס איז אַ קנאַפּער יחוס, האָט מען אים געענטפערט, אין קאַמפּיען.

יעפים פּאָפּאָווסקי, וואָס רעדט יידיש נאָך עד היום, מיט אַ רוסישן אַקצענט, און אין דעם פראַנצויזיש, וואָס ער רעדט, ווי ס'ווייזט אויס, גאָר נישט שלעכט, שטויסט מען זיך אָן אין אַ שטאַרקן יידישן אַקצענט, האָט זיך אונטערגעגעבן זיין גורל, און אַזוי אַרום האָט מען אים געבראַכט קיין פּיטיוויע.

יעפים פּאָפּאָווסקי איז קיין מאָל נישט געווען אַ שטאַרק באַרעדעוו־דיקער. פאַר די לעצטע צוויי צענדליק יאָר אין פּאַריז איז אים נישט

געלונגען צוצופּאַסן צו זיך אַ פריינד צווישן אַלע שכנים זיינע אין דעם הויז, ווו ער האָט געוווינט, און איז געווען איין־איינציקער ייד צווישן פּראָנצויזן; אַפּילו נישט קיין גוטן באַקאַנטן צווישן זיינע קונדן, איינגייער אין דעם יוועליר־געשעפט, וואָס ער האָט פאַרמאָגט אין דעם זעלביקן הויז, זונטן. באַנזשור! אָרעוווּאַר! — און מער גאָרנישט.

וואָס שייך יידישקייט, האָט ער מיט איר אויך געהאַט אַ גאָר קנאַפּן מגע ומשא. בלויז צו די ימים נוראים פלעגט ביי אים אַ צאַפּל טאָן דאָס פּינטעלע ייד, אַן איבערבלייב פון זיינע קינדער־יאָרן, און עס פלעגט אים אַ ציִ טאָן צו דער איזראַעליטישער שול אויף דער רי דע לאַ וויקטואַר, ווו עס ווערט אויפן אָרגל געשפּילט, אַן אַ קרעכץ און אַן אַ זיפץ, סתם אַזוי, אַבי יוצא צו זיין, דער „מי בקיצו ומי לא בקיצו". אין משך פון די צוואַנציק פּאַריזער יאָרן זיינע האָט ער אַפילו נישט געהאַלטן פאַר נייטיק זיך איינצושרייבן אין אַ וועלכער נישט איז לאַנדסמאַנשאַפט, אין פאַרבאַנד פון די רוסישע יידן למשל. קיין מאָל איז ער נישט אַרויס פון זיין ענגן פאַמיליע־קרייז, און דער פאַמיליע־קרייז זיינער איז טאַקע געווען אַן ענגער ביז גאָר. זיין פרוי — אָלגאַ הייסט זי — שטאַמט פון טיף־רוסלאַנד. איר פאָטער איז געווען אַ רייכער סוחר, אַ האָלץ־הענדלער, ערשטע גילדע, וואָס האָט געמעגט וווינען מחוץ דעם תחום־המושב. דאָס האָט באַדייט: רעדן רוסיש אין שטוב, לערנען די טעכטער שפּילן פּיאַנע און בכלל זיך אויפ־פירן מעשה אַריסטאָקראַט. אָלגאַ איז פאַרבליבן אַן אַריסטאָקראַטקע אויך נאָך דעם ווי זי האָט חתונה געהאַט מיט יעפימען און האָט אים געבוירן צוויי קינדער: אַ טאָכטער און אַ זון.

— אונדזער טעכטערל קלאַראָטשקאַ — האָט יעפים איין מאָל אַ טיפן זיפץ געטאָן, דאָס איז געווען דריי יאָר פאַר דער מלחמה — פאַרמאָגט אַלע מעלות, און איין חסרון. אַלע מעלות — זי איז אַ גוטע, און קלוג איז זי, און שיין...

— טאָ ווו איז דער חסרון אירער?

— איר חסרון איז אַ רעזולטאַט פון אירע מעלות. וואָלט זי געווען אַ ביסעלע ווייניקער קלוג, אַ קאַפּעלע ווייניקער שיין, וואָלטן די יונגעלייט זי נישט אַזוי שטאַרק אַרומגערינגלט און זיי וואָלטן איר נישט נאָכגעלאָפן

אויף טריט און שריט, און דער אויסטראַלישער דזשענטעלמאַן, וואָס איז אַראָפּגעקומען אין פּאַריז מער אַ לעב צו טאָן, ווי צו לערנען אַרכעאָלאָגיע, וואָלט נישט געוואָרן, איינס, צוויי, די כפרה נאָך זײַר.

— יעפים! — האָט זיך אָנגערופן אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ — וואָס רעדסטו? ווי דריקסטו זיך אויס? וואָס? דער שידוך פּאַסט דיר אפשר נישט? דער עלעגאַנטער, רײַכער, זשאַן בעקלעי געפעלט דיר נישט?

— ער געפעלט מיר יאָ און ער געפעלט מיר נישט. ער וואָלט מיר געפעלן ווען ער זאָל זײַן אַ ייד.

אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט אָנגעקוקט איר מאַן מיט אַ קוק אַזאַ, פון וועלכן מען וואָלט געקאָנט אַרויסלייענען ר'חמנות, איראָניע און אַ סך פאַר־ווונדערונג. אמת, אָלגאַ, כאָטש זי איז נאָך ווייטער געווען פון יידישקייט ווי איר מאַן, וואָלט אפשר אויך געווען מער צופרידן ווען אין איר טאָכטער וואָלט זיך געהאַט פאַרליבט אַ רוס, און וואָלט דער רוסישער יונגערמאַן געווען אַ רײַכער יידישער בחור — וואָלט אַוודאי גוט געווען. אָבער אויב עס איז שוין יאָ געשען אַזוי, בפרט נאָך, אַז קלאַראַטשקאַ איז בעת איר חתונה געווען אין דריטן מאָנאַט, טאָ ווי קומט איצט יעפים מיט אַזעלכע טענות?

— ניטשעווא פאַדאַבנאָוואַ, יעפים! — האָט אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ פאַרענדיקט איר געדאַנק און האָט נאָך אַ וואָרף געטאָן דאָס וואָרט: — בעזאומנאַ! לעכערלעך!

אין זעקס חדשים אַרום האָבן די פּאַפּאָוווסקיס באַקומען אַ טעלעגראַמע, אַז קלאַראַטשקאַ האָט געבוירן אַ ייִנגל און מען האָט אים אַ נאָמען געגעבן הוסטאָן.

— זאָל זײַן הוסטאָן! — האָט יעפים אַ ברום געטאָן — כאָטש עס וואָלט געווען אַ יושר מען זאָל אים רופן גריגאָרי, נאָך מײַן טאַטן, אָדער אַלעקסאַנדער, נאָך דײַן טאַטן.

— וואָס גייסטו פאַרלאַנגען בײַ אַן אויסטראַליש פּאָרפאָלק? — האָט אָלגאַ אַ זאָג געטאָן און זי האָט אַליין נישט געוווסט פאַר וואָס דער נאָמען הוסטאָן געפעלט איר נישט.

— און ער וועט נישט געמלט ווערן, אונדזער אייניקל, וואָס מען האָט

אים אַ נאָמען געגעבן הוסטאַן — האָט יעפּים געגאָסן אייל אויפן פייער.

— ער וועט נישט געמלט ווערן — האָט אַלגאַ איבערגעחזרט די טענה פון איר מאַן מיטן טאָן פון אַ ווידערקול — אונדזער אייניקל הוסטאַן.

— אָבער — האָט יעפּים אַנטשלאָסן אַ זאָג געטאָן — שיקן וועלן מיר פאַרט קיין מעלבורן אַ טעלעגראַמע מיט אַ מזל־טוב.

אין פּיטיווע איז שוין נאַכט. דאָס ליכט איז אויסגעלאָשן. ליגט יעפּים אויף דער מיטלסטער נאַרע, און זיינע געדאַנקען באַמיִען אים אָוועקצופירן צו די אַמאָליקע טעג. די כראָפּעניש, וואָס טראָגט זיך אַרום מיט אַ פּייפעריי, מיט אַ כאָרכלעניש און געבייזער, דערמאָנט אים אָבער, אַז ער איז אַן אינטערנירטער ווי אַלע אינטערנירטע, אַז די טרחה פון זיינע געדאַנקען איז געווען אומזיסט.

צי ער וויל יאָ, צי ער וויל נישט, מוז יעפּים בכן נעמען טראַכטן פון דעם היינטיקן טאָג, וואָס איז פאַרביי אין ליאַרעם, אין שטופּעניש, אין גערעדעריי, אין שושקעריי. אַ מין נייעס־בירזשע איז דאָ, און יידן לויפן אַרום פאַרהאַוועטע, פאַרשמייעטע, איטלעכער מיט זיין בינטל נייעס.

— איר האָט געהערט וואָס מען זאָגט? די דייטשן וועלן באַלד איינ־נעמען אַ מיתה משונה. נאָך אַ וואָך, נאָך אַ חודש, וועט קיין זכר נישט מער בלייבן פון זיי.

— ר׳ ייד! נאַרישקייטן רעדט איר, זייט מיר מוחל. נאָך אַ וואָך, נאָך אַ חודש וועלן זיי האָבן פאַרפלייצט גאַנץ רוסלאַנד, די גאַנצע וועלט אפשר — הלוואַי זאָל איך ליגן זאָגן! קיינער קאָן זיי נישט איינהאַלטן, אָפּהאַלטן.

— דאָס דוכט זיך אייך אַזוי. איר נעמט נישט אין באַטראַכט די רוסישע טאַקטיק, די רוסישע סטראַטעגיע.

— וועלכע טאַקטיק? וועלכע סטראַטעגיע? איר ווייסט דען, מיסיע, ווּהין די דייטשן זענען שוין פאַרקראָכן?

— איך ווייס, איך ווייס, ר׳ ייד. אָבער דאָס זאָג איך דאָך טאַקע. סטאַלינס טאַקטיק איז אַריינצונאַרן די דייטשן וואָס טיפער אין רוסלאַנד, ביז אין סיביר אַריין אפשר, כדי זיי זאָלן פון דאָרט מער נישט קאָנען

אַרויסקריכן, אַז זיי זאָלן דאָרט אַלע אומקומען אין שניי, אין פראָסט און אין קעלט.

— וואָס פאַרשטייסטו נישט? — מישט זיך אַריין אַ דריטער ייד מיט אַ געלעכטערל — ווען זיי וועלן שוין זיין אין סיביר, די דייטשן מיט זייערע פאַנצערס און מיט זייערע מעסערשמידטן און מיט האַק און פאַק, וועט דער געניאַלער סטראַטעג סטאַלין, דער טאַטע פון די פעלקער — אַוועקשטעלן דאָרט אַ ריזן־פאַסטקע און וועט זיי מיט אַ כפל־שמונהדיקער רוסישער פאַמאַטערע אַרייניאָגן אַהין: איר אַזוינע און אַזוינע, פאַרברענט זאָלט איר ווערן! איך האָב מיט אייך יאָ אָדער נישט געשלאָסן אַ נישט־אָנגריף־פאַקט, אַ פריינדשאַפט־אָפּמאַך? איך האָב דיך געלאָזט איינשלינגען אַ גרויסן טייל פוילן און דו האָסט מיך געלאָזט איינשלינגען דאָס איבעריקע פוילן, חוץ דעם האָב איך פאַרכאַפּט ליטע, לעטלאַנד און עסטלאַנד...

— שאַ! — דערלאַנגט דער אָנגעגריפענער ייד אַ שפרונג אין דער לופטן — מען קען דיך אויפן בעלוויל, מען וויים ווער דו ביסט. אַ קאָמו־ניסטן־פרעסער ביסטו געווען און אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנער ביסטו געבליבן.

— אַ טראָצקיסט איז ער — לאָזט זיך הערן אַ קוויטשנדיק קולכעלע פון עפּעס אַ בחורל, וואָס איז געשטאַנען אין אַ זייט — אַ פּאַשיסט בלייבט אַ פּאַשיסט, אַפילו אין לאַגער...

פון דעם מאָמענט אָן האָבן זיך אויסגעמישט די קולות, די געשרייען, די קללות, די זלזולים, און עס האָט געהאַלטן ביים געבן קלעפּ. איין גליק, וואָס עס איז געקומען די צייט פון מיטאָג עסן און אַלע אינטערנירטע האָבן זיך דערמאָנט, אַז זיי זענען שטאַרק הונגעריק.

אַ מזל־טוב־טעלעגראַמע האָבן אָלגאַ און יעפים פּאָפּאָווסקי, הייסט עס, געשיקט קיין אויסטראַליע צו מיסטער און מיסיס בעקלעי, ווי אַן אויסדרוק פון פרייד צו דעם געבורט פון זייער אייניקל הוסטאָן.

דריי יאָר פאַר דער מלחמה איז דאָס געשען. וואָלטן יעפים גריגאָ־ריאָוויטש און אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ נאָך מער זיך געהאַט דערווייטערט פון יידישקייט און פון יידן, אָבער זייער זון סאַשאַ איז מיט זיבן יאָר

צוריק, דורך אַ ליבע־געשיכטע, אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער בעלווילער געגנט, ווו עס שווימלט און גריבלט מיט פּוילישע און גאַליציש יידן.

אַזוי אַרום איז יאָסל געוואָרן יעפימס אַ מחותן און יוכבד, זיין פרוי, איז געוואָרן אָלגאַס אַ מחותנתטע. און כאָטש דיביידע מחותנים, יעפים און יאָסל, און די ביידע מחותנתטעס, אָלגאַ און יוכבד, זענען נישט געווען פון איין שניט און זיי האָבן נישט פאַרמאָגט קיין בשותפותדיק לשון, ווי זיי וואָלטן געשטאַמט פון צוויי פאַרשידענע וועלטן, האָט זיך איינגעשטעלט צווישן זיי אַ פריינדשאַפט. געמיינזאַמע אייניקלעך האָבן ביידע פאַמיליעס באַקומען און ממילא אויך געמיינזאַמע פרייד.

די מחותנשאַפט מיט יאָסלען און יוכבדן האָט יעפימען און אָלגאַן געבראַכט אויך צו אַן אַלץ ענגערער באַקאַנטשאַפט נישט בלויז מיט גראָסמאַנס הויזגעזינד, נאָר אויך מיט דער פאַרצווייגטער פאַמיליע שטיין, מיט ר' פנחסן, מיט זיינע זין, שניר, טעכטער, איידעמס און אייניקלעך.

דערפאַר האָט געקאָנט געשען, אַז ביים שטעכיקן לאַגערצוים זאָלן צו גלייכער צייט זיך צונויפקלייבן איינער לעבן דעם צווייטן פינף אינטער־נירטע פּיטיוויע־יידן, כדי זיך צו טרעפן מיט זייערע פאַמיליעס, וואָס זענען געקומען פון פאַריז זיי איבערצוגעבן אַ פּעקל עסנוואַרג, אַ בינטל וועש, כדי זיי צו שטאַרקן, זיי אויפצומונטערן און זיי צו זאָגן, אַז זיי זאָלן זיך אָנגאַרטלען מיט מוט, וואָרעם גאָר לאַנג וועלן זיי שוין נישט דאַרפן זיצן אין לאַגער. מען באַמיט זיך פאַר זייערטוועגן, מען טוט וואָס מען קאָן, זיי זאָלן וואָס גיכער באַפרייט ווערן.

שוין אויפן ערשטן בליק האָט מען געזען, אַז דער חשבון שטימט נישט. ביידע משפחות, יאָסל גראָסמאַן פון בעלוויל און ר' פנחס שטיין פון פּלעצל, זענען נישט געווען פאַרטראָטן אין דער פּולער צאָל זייערער, נישט פון איין זייט שטעכיקן צוים, נישט פון דער צווייטער זייט. יאָסל איז געלעגן צו בעט אַ קראַנקער, און ר' פנחס איז דאָך שוין עלטער פון אַכציק יאָר. די לעצטע פרוי זיינע, גאָלדע, איז געשטאָרבן מיט דריי מאָנאַט צוריק. בעלאַ און איר מאַן, האַנס בוימאַן, אַזוי גוט ווי דניאל און שאַרלאָט, געפינען זיך, ווי מען ווייסט, אין דער אומבאַזעצטער זאָנע, און וואָס שייך ר' פנחסעס איבעריקע קינדער, שניר און איידעמס, וועלן

זיי מסתמא קומען אַן אַנדער טאָג אָפּשטאַטן אַ וויזיט דעם ד״ר זשאַק שטיין. ער האָט, קאָן מען זאָגן, געהאַט מזל דערמיט, וואָס אַנשטאָט ווי אַ געפערלעכן קאָמוניסט, און ייד דערצו, דעפּאָרטירט צו ווערן דירעקט קיין דייטשלאַנד אָדער קיין פּוילן, איז ער נאָמינירט געוואָרן ווי אַ דאָקטאָר אין לאַגער פּיטיוויע.

נישט לאַנג האָט דער באַזוך ביים טויער פונעם פּיטיוויע־לאַגער גע־דויערט. די וועכטער־זשאַנדאַרן האָבן גענומען צעטרייבן די באַזוכער פון איין זייט שטעכיקן צוים און די אינטערנירטע פון דער אַנדערער זייט.

פּיטיוויע. ס'איז נאַכט. יעפים מאַכט צו די אויגן. ער איז מיד, אָבער ער קאָן נאָך אַלץ נישט איינשלאָפן. ער טראַכט, אַז ווען ער וואָלט געווען פריי, וואָלט ער מער קיין איין טאָג נישט געוואַרט. ער וואָלט גענומען זיינע צוויי אייניקלעך און צוזאַמען מיט אָלגאַן און מיט זיין שנור פּערעלע, ווי איר טאַטע־מאַמע רופן איר, וואָלט ער זיך דורכגעריסן קיין ליאָן, קיין גרענאָבל, אַלץ איינס וווהין, אַבי נישט מער זיצן דאָ אין פּאַריז, אין כסדרדיקער שרעק פאַר אַן אַבלאַווע.

האָט דאָך זיין מחותנתטע יוכבד דערציילט ביים לאַגער־טויער, אַז אַלע יידן אין פּאַריז, אַלע אויסלענדישע יידן, אויפן בעלוויל דער עיקר און אויפן פּלעצל, טראַכטן לעצטנס זיך אַריבערצושמוגלען אין דער פרייער זאָנע. אַ סך זענען שוין אַוועקגעפאָרן. פאַראַן מאַכערס אַזעלכע, וואָס פירן אַריבער דער דעמאַרקאַציע־ליניע. נישט אַלע אָבער קאָנען זיך דערלויבן דאָס צו טאָן, ווייל ערשטנס, רייסן די מאַכערס די הויט, און צווייטנס, זענען פאַראַן אַזעלכע מאַכערס, וואָס נעמען שווערע הונדערטער פראַנקן פאַרן אַריבערשמוגלען אַ פּאַרשוין, פירן אים צו ביז דער דעמאַרקאַציע־ליניע, און דאָרטן לאָזן זיי אים שטיין, אָדער נאָך ערגער: זיי גיבן אים איבער די דייטשן אין די הענט. פון דעסטוועגן טראַכט יעפים, איז כדאי צו ריזיקירן, וואָלט ער נישט געווען איצט פאַרשפּאַרט אין פּיטיוויע, וואָלט ער טאַקע ריזיקירט.

## קאַפּיטל 64

מאָריס הענדלער וווינט אויפן דריטן שטאָק, אַזוי צו זאָגן, אויף אַ נאַרע העכער, ווי יעפּים, שלאָפט ער. אויך ער איז באַזעסן פון דעם געדאַנק זיך אַריבערצופּעקלען ביי דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט אויף יענער זייט פראַנקרייך, צוזאַמען, פאַרשטייט זיך, מיט זיין פרוי ראָז, וואָס איר מומע יוכבד רופט זי רייזעלע, און מיט זיין טעכטערל חנהלע.

גרויס עגמת נפש האָט ער געהאַט יענעם טאָג, וואָס חנהלע איז נישט געקומען אים באַזוכן. צוגעקילט האָט זיך זיין טעכטערל, האָט ראָז אים דערציילט. אַן אַנגינע האָט זי, מיט ביין און דרייסיק גראַד היץ.

מאָריסן האָט די מעשה מיט חנהלעס אַנגינע אַזוי צערודערט, אַז ער קאָן עד היום נישט טראַכטן וועגן עפּעס אַנדערש, ווי וועגן דער קראַנקייט פון זיין בת־יחידה, כאָטש היינט האָט ער דערהאַלטן פון ראָזן אַ בריוועלע, אין וועלכן זי שרייבט אים, אַז חנהלע איז שוין כמעט אין גאַנצן געזונט. זי האָט שוין נישט מער קיין היץ און אין צוויי טעג אַרום וועט זי מעגן אויפשטיין פון בעט, און ווי מען וועט ווידער באַקומען אַ באַזוך־דערלויבעניש וועט ראָז מיטנעמען חנהלען אין פּיטיוויע.

הונדערט און זעכציק יידן אין איין באַראַק, אין באַראַק נומער 3. כמעט אַלע געהערן זיי צו יענעם טיפּ פּאַריזער אויסלענדישע יידן, וואָס מען רופט האָרעפּאַשניקעס: שוסטערס, שניידערס, בייטלמאַכערס און קירזשנערס. זיי שטאַמען פון בעלוויל, פון פּלעצל, פון מאָנמאַרטר. ביז צו זייער אַרעסט האָבן זיי אַלע פאַרדינט זייער שטיקל ברויט אין שווייס פון זייער פּנים, ווי מען זאָגט.

די מערסטע אינטערנירטע זענען אויסגעמאַטערט פון אַ גאַנצן טאָג אַרומגיין ליידיק, פון די זינלאָזע וויכוחים, וואָס זיי האָבן געפירט צווישן זיך, פון די קריגערייען, וואָס זענען אַרויסגעקומען ביי די דיסקוסיעס וועגן דעם כאַראַקטער פון ווידערשטאַנד, וואָס דאַרף אָנגעווענדט ווערן קעגן דייטש מחוץ דעם לאַגער פּיטיוויע און איבער דער פאָרעם פון קאַמף, וואָס דאַרף געפירט ווערן אין לאַגער גופא קעגן די אומדערטרעגלעכע

באַדינגונגען: באַזונד־פּאַרבאַט, הונגער, שמוץ, ענגשאַפּט און אַזוי ווייטער.

חנהלע... אין חלום איז זי אפשר נאָך מער אַ „היגע" אַזוי צו זאָגן, ווי אין דער ווירקלעכקייט, וואָרעם בעת איר טאַטן חלומט זיך דאָ אַ חלום — און דאָס קומט פּאָר כמעט יעדע נאַכט — איז זי דאָך נישט בלויז אַ מיידעלע, וואָס וועט גאָר אין גיכן דאַרפן פייערן איר צען־יאָריקן געבוירן־טאָג, נאָר מען זעט ווי אַזוי זי טראָגט אויף זיך אַלע אירע יאָרעלעך זינט זי איז געבוירן געוואָרן. אַ קייטעלע פון יאָרעלעך, ווי קאָרעלן, טראָגט זי אויף זיך.

ער ציילט זיי, חנהלעס קאָרעלן, חנהלעס יאָרעלעך. ער שפּילט זיך מיט זיי. אָט איז זי אַלט געוואָרן אַ יאָר, חנהלע. רייזעלע און מאָריס קוקן זיך אָן, זיי כאַפּן אַ קוק אויף זייער טעכטערל, זיי דריקן זי צו זיך, קושן זי און האַלדזן זי, זיי פרייען זיך מיט זייער חנהלען, וואָס איז אַלט געוואָרן אַ יאָר, און זי הייבט שוין אָן צו פּלאַפּלען און צו שטעלן אירע פּיסלעך איינס נאָך דעם צווייטן אויף דער ערד, אַ סימן, אַז זי וועט באַלד אָנהייבן גיין אָן קיינעמס הילף. מען וועט אפילו נישט דאַרפן מער זי אָנגעמען פּאַר אַ הענטל.

ער, מאָריס, אַרבעט ביי זיין פאַך און פאַרדינט גאַנץ נישקשהדיק. ער האָט גוט געטאָן, וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט די מלאכה פון צאָן־טעכניק. מיט ניין יאָר צוריק איז די וועלט נאָך געווען אַ וועלט, און פּאַריז איז נאָך געווען פּאַריז, אַ שטאָט, וואָס איז איין און איינציק אין גאָר דער וועלט. נישטאָ קיין גרעסערער פאַרגעניגן, דוכט זיך, ווי צו שפּאַצירן אויף די גרויסע בולוואַרן. עס שווימלט און גריבלט מיט אַלערליי מענטשן אויף די פּאַריזער בולוואַרן. יידן און נישט־יידן, פראַנצויזן פון דור־דורות און יידישע אימיגראַנטן, אָקערשט געקומענע פון פּוילן, פון ליטע, פון רומעניע. אַלע פאַרדינען אויף חיונה, ווער מער, ווער ווייניקער. און מען לעבט, מען מאַכט אַ לעבן, ווי מען זאָגט.

און דאָ וואַקסט אונטער חנהלע, דאָס טעכטערל. אָט איז זי שוין אַלט געוואָרן צוויי יאָר, דריי יאָר, פיר יאָר... אַזאַ געראָטן מיידעלע, אַזוי שיין, אַזוי קלוג ווי זי איז — אַזאַ אוצר געפינט זיך גאָרנישט אין דער גאַנצער וועלט. געוויס, אַלע עלטערן מיינען, אַז זייערע קינדער אין חנהלעס עלטער

האָבן נישט זייער גלייכן צו זיך. אָבער עס איז געגוג, האָט זיך געטראַכט דאָס פּאַרפּאָלק, מאָריס און רייזעלע, ס׳איז גענוג צו פאַרמאָגן אַ ביסל אָביעקטיווקייט, כדי איינצוזען, אַז חנהלע איז אויף אַן אמת מיט אַלע מעלות.

און אָט איז חנהלע שוין אַ מיידעלע פון אַ יאָר זיבן. איין קליינקייט! חנהלע איז געבענטשט מיט אַ קינדיש־זיסן קולכעלע, מיט וועלכן עס זינגט זיך אַזוי נאַטירלעך, אַזוי היימיש און אַזוי האַרציק יידישע קינדער־לידער. און זיי, די דאָזיקע לידער, ציִען צו צו דער יידישער צוגאָבשול נישט בלויז די יידישע קינדערלעך, נאָר אויך זייערע טאַטע־מאַמעס. הערנדיק דאָס געזאַנג פון זייערע קינדער, דערמאָנען זיי זיך אין זייערע אייגענע קינדער־יאָרן אין זייער אַלטער היים. שוין אָפּגערעדט דערפון, אַז די ימים־טובים, די טעאַטער־פאַרשטעלונגען, וואָס ווערן אויסגעפירט דורך די קינדער גופא, ווערן דאָך געפייערט נישט בלויז פאַר די קינדער, נאָר אויך פאַר זייערע עלטערן.

עס רעדט זיך דאָ דער עיקר וועגן די קינדער־פאָרשטעלונגען, וואָס די לערערין שיינע ווינקלער פלעגט איינשטודירן מיט די קינדער צו חנוכה און צו פורים. אין די זונטיק־נאָכמיטאָגן — ווייל אין דעם טאָג זענען דאָך אַלע פריי, די קינדער פון דער פראַנצויזישער טאָגשול זייערער און די טאַטע־מאַמעס פון זייער אַרבעט אָדער פון זייערע אַנדערע עסקים — איז חנהלע געווען די הויפּט־קראַפט, סיי מיט איר געזאַנג, סיי מיט איר שפּיל.

און איצט, טיף אין דער נאַכט, אויף אַ נאַרע אין באַראַק נומער 3 פונעם לאַגער פּיטיוויע, ווען מאָריס זעט זיין חנהלען אין חלום, הערט ער זיך געוויס אויך צו צו איר זינגען און עס ווערט אים ליכטיק אין די אויגן. ער זיצט אין זאַל פון טעאַטער „אַנטרעפּאָ”, אין דער רי איוו טודיק, וואָס געפינט זיך לעבן פּלאַס דע לאַ רעפּיבליק, און קוקט זיך צו צו זיין טעכטערלס שפּיל אין דער ראָל פון אסתּר המלכּה.

אָבער וואָס קומט דאָ פאַר? המן? געוויס, ס׳איז דער אַלטער המן פון דער מגילה, אָבער ווי נאָר מען קוקט זיך צו צו אים, ווי נאָר מען קוקט אַריין אין זיין רוצחישן פּנים, ווי נאָר מען קוקט אָן די קליינע וואָנסעלעך זיינע, ווי נאָר מען זעט דעם לאָק, וואָס הענגט אים אַריבער איבערן שטערן,

זעט מען, אַז עפּעס וואָס האָט אין דער פּורים־שפּיל, ווו חנהלע שפּילט די הויפּטראָל, זיך געענדערט.

אַ גרויסע ענדערונג איז דאָרט פאָרגעקומען. אַעראָפּלאַנען פליִען אַרום אין פראַנקרייכס הימלען און אין רוסלאַנד יאָגן זיך די טאַנקען ווי שדים. אַ מיליאָן, אפשר פינף מיליאָן שדים האָבן זיך אַ לאָז געטאָן איבער דער גאָרער וועלט און עס פאַלן מענטשן אָן אַ שיעור. יידן, אָנגעטאָן אין טליתים, לויפן און שרייען „שמע ישראל!"

— חנהלע! חנהלע! — שרייט מאָריס פון שלאָף אַרויס — ווי אַזוי לאָזטו דאָס צו? פאַר וואָס גייסטו נישט צו אַחשוורושן און דערציילסט אים נישט וואָסערע רציחות המן־היטלער באַגייט קעגן אומשולדיקע מענטשן, קעגן אַ גאַנץ פאָלק, קעגן דיין יידיש פאָלק? גיי, חנהלע! לויף! פאַל אים, אַחשוורושן, צו די פיס! בעט זיך ביי אים ער זאָל אָפּשטעלן די מוראדיקע שחיטה! ס'איז גענוג אַחשוויר'וש זאָל אַ פאָכע טאָן מיט זיין סצעפּטער, און פון המן־היטלערן זאָל ווערן אַש און בלאָטע... חנהלע! חנהלע!

און ווייטער — גאָרנישט. מסתמא האָט זיך אַראָפּגעלאָזט דער פאָר־האַנג. מאָריס ווייסט נישט וואָס ער זאָל איצט טאָן. זאָל ער אָפּלאָדירן זיין טעכטערל, ווי דאָס טוט דער גאַנצער זאַל, פון קליין ביז גרויס?

עפּעס וואָס דריקט אים, עפּעס וואָס האָט אַריינגעטריבן אַן אומרו אין זיין האַרץ. אפשר איז דאָס די מוראדיקע שטילקייט אין זאַל נאָך די רוישנדיקע אַפּלאָדיסמענטן?

אַ שטילקייט אַ שווערע, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ מען ווייסט נישט פון וואַנען, אויף די גלידער און דריקט, צעדריקט דאָס געמיט און דאָס גאַנצע לייב־און־לעבן.

אָנגעהויבן האָט זיך מאָריס הענדלערס חלום דווקא גוט: זיין טעכטערל, אסתר המלכה, אַ פּורים־שפּיל... אָבער אין מיטן חלום שוין איז אויפגע־שטעלט געוואָרן אַ תליה, אמת, פאַר די שונאי ישראל איז די דאָזיקע תליה באַשטימט געוואָרן, אָבער פאַר וואָס איז דווקא חנהלע אויסגעקליבן געוואָרן צו זיין די הענקערין, זי גראָד, די צאַרטע, קליינע חנהלע, וואָס קאָן נישט זען ליידן אַפילו אַ קעצעלע?

ווען די קאַץ האָט זיך געקעצלט אין שטוב, מיט יאָרן צוריק, האָט

מען נישט געקאָנט אַלע קעצעלעך איבערלאָזן. חנהלע האָט זיך דערוווּסט, וואָס מען וויל טאָן מיט די קעצעלעך, האָט זי אָנגעהויבן וויינען און בעטן, מען זאָל זיי גאָרנישט טאָן, די קעצעלעך, זיי זאָלן בלייבן לעבן, אַלע פינף, און מען האָט איר געמוזט נאָכגעבן. מען האָט אויסגעהאָדעוועט אַלע פינף קעצעלעך אין שטוב. טאָ ווי אַזוי וועט זי איצטער ווערן פּלוצלינג אַ הענקערין?

דער פאַרהאַנג לאָזט זיך אַראָפּ. ער לאָזט זיך אַראָפּ מיט אַזאַ רעש, גלייך ווי די ערד וואָלט אַ ציטער געטאָן. וואָס קומט דאָ פאָר? פאַר וואָס איז דער זאַל געוואָרן אַזוי פּוסט, אַזוי ליידיק?

מאָריס האָט זיך אויפגעכאַפּט אַ באַגאָסענער מיט שווייס. אַ ווילסטער חלום האָט זיך אים געחלומט. אָבער איצט ליגט ער אויף אַ נאַרע אין באַראַק נומער 3 אינעם לאַגער פּיטיוויע. ער האָט שוין אַרויסגעריסן זיך פון זיין קאָשמאַר, אָבער ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ מין היגערפלעט און ער ווייסט נישט, וואָס מיט אים טוט זיך, ווו ער געפינט זיך אין דער אמתן.

און טאָמער אַפילו דער נאָמען פּיטיוויע וואַנדערט נאָך אַרום אין דעם כאַאָס, אין זיין קאָשמאַר, געדענקט ער שוין אויך נישט די סיבה פון דעם שגעון, וואָס אים איז באַפאַלן ווען ער האָט באַקומען אַ צעטל צו קומען דעם אַנדערן טאָג אין פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט, ווו מען וועט אַ קוק טאָן זיינע פּאַפּירן, צי זיי זענען אין אָרדענונג. ער האָט אַוודאי זיך געטראַכט, שטעלט ער זיך איצטער פאָר, אַז עס רעדט זיך וועגן אַ פאָרמאַליטעט, וואָס האָט נישט קיין באַדייטונג. ווי אַזוי האָט ער נישט געוווּסט, אַז די מעשה מיט זיינע פּאַפּירן איז אַ תירוץ אים אַריינצוגאַרן אין פּיטיוויע?

ניין, ער האָט טאַקע נישט געוווּסט. קיין איין ייד פון די טויזנטער יידן אין פּאַריז, וואָס האָבן באַקומען די דאָזיקע „איינלאַדונג", האָבן נישט געוווּסט, אַז מען פאַרבעט זיי, אייגנטלעך, כדי זיי צו אינטערנירן אין באָן־לאַ־ראָלאַנד, אין פּיטיוויע אָדער אין אַן אַנדערן לאַגער.

וואָס זשע וועלן דאָ העלפן אַלע טענות צו זיך אַליין?

י. פיבער

## קאַפּיטל 65

געקומען איז אַ נייער פּרימאָרגן. די געפֿאַנגענע האָבן אויפֿן סיגנאַל — אַ מין קלינגען ווי פֿון אַ גלאָק, אַ מין פּייפֿן ווי פֿון אַ פֿאַבריק־קוימען — זיך אויפֿגעכאַפּט, גיך־גיך האָבן זיי גענומען זיך אָנטאָן, כּדי זיי זאָלן קאָנען פֿאַרכאַפּן אַן אָרט אין וואַשרומים, אָדער אין די קלאָזעטן, און זיי זאָלן וואָס פֿריִער זיך אַ לאָז טאָן מיט זייערע קענדלעך צו דער פֿעלדקיך אין לאַגער־הויף, ווו זיי וועלן באַקומען יעדערער זיין פּאָרציע שוואַרצע געראָשטענע קאַווע. דערנאָך וועלן זיי לויפֿן צוריק אין זייערע באַראַקן, כּדי צו ברענגען אין אָרדענונג זייערע געלעגערס.

האָט זיך אָנגעהויבן, הייסט עס, אַ נייער טאָג אין פּיטיוויע פֿאַר די אינטערנירטע יידן בכלל און כמעט פֿאַר אַלע אינטערנירטע איינוווינער פֿון באַראַק נומער 3. כמעט, וואָרעם צוויי פֿון די דאָרט אינטערנירטע, יעפּים פּאָפּאָווסקי און זיין שכן מאָריס הענדלער, האָבן דעם טאָג זיך נישט אויפֿ־געהויבן פֿון זייערע נאַרעס גיך־גיך, אַזוי ווי דאָס האָבן געטאָן אַלע איבעריקע, זיי האָבן זיך געפֿילט נישט מיט אַלעמען. אַ ברעכעניש האָבן זיי געפֿילט אין זייערע גלידער, דער קאָפּ האָט זיי ווייגעטאָן, און נישט געקוקט אויף אַלע זייערע אָנשטרענגונגען, איז זיי נישט געלונגען זיך אַ ריר צו טאָן פֿון אָרט.

אויף וואָס אייגנטלעך האָבן זיי זיך געקלאָגט? אויף צו דערקענען אַ קראַנקייט דאַרף מען זיין אַ דיאַגנאָסטיקער, אָבער כּדי זיך אויסצוהיילן אין אַ לאַגער, איז נישט אַזוי לייכט. דאָקטוירים דאָ זענען באַלאַגערט פֿון באַגינען ביז שפּעט אין דער נאַכט דורך די קראַנקע יידן. פֿאַראַן צווישן זיי אַזעלכע, וואָס זענען קראַנק געווען נאָך איידער זיי זענען אינטערנירט געוואָרן. אַ סך פֿון זיי האָבן זיך געמאַכט נישט וויסנדיק, צי ווייל זיי האָבן קיין צייט נישט געהאַט קראַנק צו זיין — זיי האָבן געדאַרפֿט אַרבעטן, כּדי צו פֿאַרדינען זייער שטיקל חיונה — צי איבער אַן אַנדער סיבה. מאַלע צוליב וואָס אַ ייד וויל נישט האָבן צו טאָן מיט אַ דאָקטאָר! פֿאַראַן אָבער אויך אַזעלכע אין פּיטיוויע, וואָס זענען קראַנק געוואָרן פֿון אַרומגיין ליידיק, פֿון דאַגות און האַרצקלעמעניש.

און נאָך אַ סאָרט קראַנקע איז פֿאַראַן אין פּיטיווויע ווי אין יעדן לאַגער: אַזעלכע, וואָס זענען כּלומרשט קראַנק, זיי רעדן זיך איין, אַז זיי זענען קראַנק און זיי באַמיִען זיך מיט אַלע כּוחות צו אַנטלויפֿן. אויב נישט אַנטלויפֿן ממש, דאָס הייסט, פֿון לאַגער איבער דער צווייטער זייט פֿון שטעכיקן צוים, איז כאָטש אַנטלויפֿן אין דער קראַנקייט. דאָס איז אַזאַ מין מחלה, וואָס איז שוין פֿון לאַנג אַנטדעקט און אויסגעפֿאָרשט געוואָרן דורך פּסיכאָלאָגן און פּסיכיאַטערן. די דאָזיקע קראַנקייט קאָן אַרויסרופֿן קאָמפּליקאַציעס סיי פֿאַרן גוף און סיי פֿאַר דער נשמה; נישט בלויז הויכע טעמפּעראַטור, נאָר טאַקע אויך אָרגאַנישע שטערונגען אין לייב און אין מוח.

יעפֿים פּאָפּאָווסקי וואָלט געקאָנט אַריינגערעכנט ווערן אין דער ערשטער קאַטעגאָריע פֿון די לאַגער־קראַנקע. ער האָט שוין פֿון לאַנג געליטן אויפֿן מאָגן, אָבער כּל זמן ער איז געווען אַ פֿרייער מענטש, האָט ער געקאָנט זיך דערנערן לויט דיעטעטישע כּללים, אין דעם לאַגער־רעזשים אָבער, אויב ער האָט נישט געוואָלט אויסגיין פֿאַר הונגער, האָט ער געמוזט עסן דאָס, וואָס מען באַקומט אין פּיטיווויע.

היינט אין דער פֿרי האָט ער נישט געקאָנט זיך אויפֿהייבן מיט די אייגענע כּוחות און ער האָט געמוזט רופֿן צו הילף מאָריס העגדלערן, זיין אייבערשטן נאָרע־שכן, ער זאָל אים העלפֿן אַראָפּגיין און אים צופֿירן צום בית הכּסא.

מאָריס הענדלער אַליין איז אויך געווען קראַנק, האָט ער נישט געקאָנט קומען פּאָפּאָווסקין צו הילף, ביז עמעצער אין באַראַק האָט זיך אָפּגערופֿן און יעפֿימען אַרויסגעפֿירט אין דרויסן. מאָריס אָבער איז געבליבן ליגן און געוואַרט ביז פֿון דער אינפֿערמעריע וועט מען קומען מעסטן אים די היץ. אויב זיין טעמפּעראַטור וועט אַריבערשטייגן אַכט און דרייסיק גראַד, איז ער ראוי אויפֿגענומען צו ווערן דורך איינעם פֿון די אינטערנירטע דאָקטוירים.

די צרה איז אָבער, וואָס מאָריס — ער פֿילט דאָס בחוש און אָן אַ טערמאָמעטער — האָט נישט קיין היץ. וועט מען דאָך מסתּמא זאָגן אויף אים, אַז ער איז אַ סימולאַנט און אים אָפּגיסן מיט זילזולים, הלמאַי ער

וויל זיך היינט אַרויסדרייען פון זיין ריי צו העלפן ראַמען דעם לאַגער אָדער מיטהעלפן אין קיך.

מאָריס פילט זיך שוואַך אויף די פיס און דער קאָפּ דרייט זיך אים. וואָס איז מיט אים געשען? ווי אַזוי וועט ער געבן צו פאַרשטיין דעם דאָקטאָר, אויב אַפילו מען וועט אים שוין צולאָזן צו דער אינפערמעריע, וואָס אים איז? קאָן ער דאָך נישט דערציילן, אַז פאַרשאַט האָט אים אַ שרעקלעכער חלום, וואָס האָט זיך אים די נאַכט געחלומט. וואָס איז ער, דער דאָקטאָר? אַ פּותר חלומניק?

מאָריס הענדלער, דער בעל החלומות, וועט דאָס קיינעם נישט קאָנען דערציילן: אַ מעשה מיט אַ פּורים־שפּיל, מיט אַ תליה, וואָס מען האָט אויפגעשטעלט, כדי אויפצוהענגען אויף איר די רוצחים: המן, היטלער, פּעטען, דעם פראַנצויזישן לאַגער־קאָמענדאַנט און אַלע אַנדערע שונאי־ישראל.

אָבער דאָס, וואָס האָט אים אַזוי שטאַרק וויי געטאָן, איז פאָרגעקומען ביים סוף פון חלום, ווען ער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאַשמאַר. זיי זענען דעמאָלט אַלע אַנטלאָפן פון דער תליה, די שטריק מסתמא האָט זיך איבערגעריסן, אָדער די פּעטליעס האָבן נישט געוואָלט זיך עפענען, און געבליבן איז בלויז ער און ווייטער קיינער נישט. איז ער, ווייזט אויס, געפאַלן אין חלשות... און דאָס סאַמע שרעקלעכסטע איז דאָס, וואָס חנהלע איז געשטאַנען און האָט זיך צוגעקוקט, און מער גאָרנישט. זיין טעכטערל האָט גאָרנישט נישט געטאָן, כדי אים צו ראַטעווען, אים צו מינטערן און אים צו שטעלן אויף די פיס. ווי אַזוי האָט זי געקאָנט פועלן ביי זיך צו בלייבן שטיין אין אַ זייט און גאָרנישט נישט צו טאָן, כדי אים צו ראַטעווען?

גיי, דערקלער אים, דעם דאָקטאָר, אַז דערפון טאַקע איז ער קראַנק געוואָרן. דאָס איז אַזאַ קראַנקייט, וואָס נישט ער און נישט קיינער וועט זיין אין שטאַנד זי צו באַשרייבן און צו שילדערן.

## קאַפּיטל 66

איינער פון די אינטערנירטע דאָקטוירים, וואָס דאַרפן זיך מטפל זיין מיט די קראַנקע אין פּיטיוויע, איז ד״ר זשאַק שטיין, ר׳ פּנחסעס זון. ער האָט אין זיין לעבן שוין דורכגעמאַכט אַ לאַנגן סטאַזש פון טורמעס און לאַגערן. צו ערשט האָט ער זיך אַרומגעוואַלגערט אין אַלערליי פּוילישע תפיסות, ביז עס האָט זיך אים איינגעגעבן צו אַנטלויפן קיין פראַנקרייך. דאָ טאַקע האָט ער פאַרענדיקט זיין מעדיצינישן שטודיום. און דערנאָך — ווידער טורמע. אין דער פראַנצויזישער תפיסה פרען איז ער געזעסן ביז מען האָט אים איינגעשפּאַרט אין אַ לאַגער אין קאָמפּיען, און אָט האָט מען אים מיט דריי חדשים צוריק אַריינגעזעצט אין פּיטיוויע.

ד״ר זשאַק שטיין האָט זיך דערוווּסט דורך אַן „איינוווינער״ פון באַראַק נומער 3, אַז יעפים פּאָפּאָווסקי און מאָריס הענדלער זענען געבליבן אויף זייערע געלעגערס. זיי מיינען מסתמא, האָט זיך דער ייד געוויצלט, אַז זיי זענען קראַנק פאַרביי. זיי קלאָגן זיך, איינער אויף בויכווייטיק, דער צווייטער אויף קאָפּווייטיק, און ביידע זענען זיי קראַנק אויף דער געוויינ־לעכער „לאַגער־קראַנקייט״, צו וועלכער עס איז פאַראַן בלויז איין סגולה: באַפרייונג.

וואָלט זיך גערעדט וועגן סתם אינטערנירטע, וואָלט ד״ר שטיין זיך געמאַכט נישט הערנדיק. ער ווייסט גאַנץ גוט, וואָס פאַר אַ געפערלעכע קראַנקייט די „לאַגער־קראַנקייט״ איז. וואָלט ער געווען בכוח, וואָלט ער אַלע יידן דאָ מיט איין מאָל אויסגעהיילט, און אַ סוף. „גייט זיך, יידעלעך״, וואָלט ער זיי געזאָגט, „גייט אייך געזונטערהייט אַהיים!״

אָבער יעפים פּאָפּאָווסקי און מאָריס הענדלער זענען דאָך כמעט פון זיין משפּחה. פּאָפּאָווסקי איז יאַסלס אַ מחותן. הענדלער איז כמעט אַ שטיפ־ברודער זיינער, ווייל זשאַקס מאַמע, נאָך איידער זי איז געוואָרן זיין מאַמע נאָך דעם ווי זי האָט חתונה געהאַט מיטן אַלמן ר׳ פּנחס, האָט געהאַט מיטגעבראַכט די צוויי זין, וואָס זי האָט געהאַט פון איר ערשטן מאַן — הענדלער, נתן און מאָריס, דער וואָס ליידט איצט אין באַראַק נומער 3

פון דער „לאַגער־קראַנקייט". דאַרף מען גיין אין באַראַק נומער 3 זען, וואָס עס איז מיט זיי.

ביידע האָבן זיי געטענהט, אַז אייגנטלעך פילן זיי זיך שוין בעסער און אַז זיי נייטיקן זיך נישט אין קיין שום מעדיציניִשער באַהאַנדלונג. יעפּים האָט געזאָגט, אַז לויט זיין דערפאַרונג, איז גענוג ער זאָל פאַסטן אַ טאָג, צוויי, וועט ער ווידער קומען צו זיך. אפשר איז פאַראַן אין אַפּטייקל פון דער אינפערמעריע קוילנזויער אָדער בי קאַרבאָט דע זוט, ווי מען רופט עס, און אַלץ וועט גוט זיין.

מאָריס האָט בכלל גאָרנישט פאַרלאַנגט. פאַר דעם שרעקלעכן חלום, האָט ער געזאָגט, וואָס אים האָט זיך געחלומט, איז נישטאָ נישט אין דער אַפּטייק און נישט אין ערגעץ עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל אים ווידער ברענגען צו זיך. דאָס בעסטע פאַר אים וואָלט געווען, ווען ער וואָלט געקאָנט פאַר־געסן אי זיין חלום, אי די וואָר.

ער קאָן נישט דערציילן קיינעם זיין חלום און וואָס שייך די סימפּטאָמען, וואָס דער דאָקטאָר באַמערקט ביי אים: קאַלטער שווייס אויפן שטערן, ברעכרייץ און אַ הודזשעניש אין קאָפּ, קאָן ער בלויז וויסן פון וואַנען זיי נעמען זיך. ער וויל, אַז מען זאָל אים לאָזן צורו.

דאָך האָט ד״ר שטיין זיי נישט געפאָלגט און האָט זיך באַמיט פאַר זייערטוועגן צוויי בעטלעך אין דער אינפערמעריע.

## קאַפּיטל 67

דער באַשלוס זיי אַריינצונעמען אין דער אינפערמעריע ווי מער־וויניקער „סטאַבילע" אָדער כראָניש־קראַנקע, איז דעם דאָקטאָר זשאַק שטיין נישט אַזוי לייכט אָנגעקומען, נישט ווייל עס זענען געווען אַנדערע קראַנקע, וואָס האָבן זיך מער גענייטיקט אין שטענדיקער מעדיציניִשער באַהאַנדלונג און אויפזיכט, נאָר גאָר איבער אַן אַנדערן טעם.

כדי צו פאַרשטיין די דאָזיקע סיבה, דאַרף מען קודם וויסן וואָסער פונקציע נאָך די אינפערמעריע האָט אויסגעפילט. אין דער אינפערמעריע

איז איינגעשטאַנען דער „גענעראַל־שטאַב״ פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין לאַגער. כמעט אַלע קראַנקע, וואָס זענען געלעגן אין דעם „היילבאַראַק״, זענען געווען מיטגלידער פון דער יידישער אָדער אַלגעמיין־פראַנצויזישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג נאָך איידער זיי זענען אינטערנירט געוואָרן. געווען צווישן זיי אויך אַזעלכע, וואָס זענען טאַקע אינטערנירט געוואָרן, ווייל מען האָט זיי חושד געווען אין געהערן צו דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אָדער צו דער קאָמוניסטישער פאַרטיי. די דאָזיקע ווידערשטענדלער האָבן זיך געלאָזט רייַן מעדיציניש אַטעסטירן, ווייל זיי זענען טאַקע אַלע געווען זייער אויסגעצערט, אויסגעמאַטערט און מערסטנס זענען זיי טאַקע, פּראָסט־פּשוט, קראַנק געווען.

עס זענען געווען אויך אַזעלכע קראַנקע, וואָס זענען פּלוצלינג געוואָרן קראַנק אויף אַזאַ קרענק, אַז אין דעם אָרעמען „היילבאַראַק״ מיט זיינע פּרימיטיווע היילמיטלען וואָלט געווען אַ סכנה פאַר זיי צו בלייבן, איבער־הויפּט ווען זיי האָבן געמוזט אָפּערירט ווערן. אין דעם פאַל האָט ד״ר שטיין געמוזט פירן אַ קאַמף צו ערשט מיטן אָפיציעלן פראַנצויזישן לאַגער־דאָקטאָר פאַרטיע פון שטעטל פּיטיוויע, וואָס פלעגט איין מאָל אַ וואָך קומען אין לאַגער אַריין, כדי געוויר צו ווערן, צי עס געפינען זיך נישט סימולאַנטן צווישן די קראַנקע, דערנאָך — מיטן לאַגער־קאָמענדאַנט און צו לעצט — מיטן שפּיטאָל אין פּיטיוויע, מען זאָל — אונטער אַ שטרענגער וואַך, פאַרשטייט זיך — אָפּטראַנספּאָרטירן די שווער־קראַנקע אין שטעטלשן שפּיטאָל.

אין דער אינפערמעריע זענען געווען בלויז דרייסיק אייזערנע בעטלעך. דער פראַנצויזישער דאָקטאָר פון פּיטיוויע, וואָס איז געווען דער גאַנצער דעה־זאָגער און די העכסטע מעדיצינישע אויטאָריטעט אין לאַגער, האָט אַכטונג געגעבן, אַז אַ סימולאַנט זאָל זיך נישט אַריינשמוגלען אין „הייל־באַראַק״.

אַ קאַמף האָט ד״ר שטיין געפירט אויך מיט זיינע קאָלעגן, די איבעריקע אינטערנירטע דאָקטוירים, וואָס האָבן בשום אופן נישט געוואָלט מאַכן קיין אונטערשיד צווישן אָט די אַלע, וואָס האָבן זיך פאַרמאָסטן ווער פון זיי ס׳איז מער ראוי, ווער עס האָט מער רעכט, פון מעדיצינישן שטאַנדפּונקט,

אויפגענומען צו ווערן אין „היילבאַראַק״. אָבער בלויז דער יעניקער, וואָס איז דורכן ווידערשטאַנד־קאָמיטעט אין לאַגער „דיפּלאָמירט״ געוואָרן, ווי אַן אַקטיווער ווידערשטענדלער, האָט געהאַט די בכורה אַקצעפּטירט צו ווערן.

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז דער קאַמף, וואָס ד״ר זשאַק שטיין האָט געמוזט פירן קעגן די ווידערשטאַנד־פאַרבינדלערס, וואָס האָבן נישט געוואָלט זיך לאָזן „פּאַראַליזירן״, ווי זיי האָבן דאָס גערופן, אין „הייל־באַראַק״, אַפילו דאַן ווען זייער געזונט־צושטאַנד האָט דאָס געפאָדערט. זיי האָבן נישט געוואָלט לאָזן זיך אָפּרייסן פון דער דרויסנדיקער וועלט, און נישט געקוקט אויף דעם, וואָס זיי זענען אינטערנירטע, ווי אַלע איבעריקע, איז געציילטע פון זיי ז׳אַך געלונגען נישט בלויז אָנצוקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט דער יידישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין פּאַריז, נאָר אויך צו פאַרשווינדן אויף עטלעכע טעג פון לאַגער און צוריקקומען אין פּיטיוויע מיט ידיעות פון דעם ווידערשטאַנד־פראָנט אין פּאַריז, אין דער פּראָווינץ, פון די חברים, וואָס לעבן נאָך האַלב־לעגאַל און פון די חברים, וואָס האָבן זיך פאַרשטעלט, ווי אמתע פראַנצויזן, מיט פראַנצויזישע פּאַפּירן און מיט פאַלשע ראַציאָנירונג־טיקעטן.

נישט איין מאָל פלעגט אויסקומען אַריינצוזשומען אין די אויערן פון אַן אומגעדולדיק געוואָרענעם רעזיסטאַנט אַזאַ מין פּזמון:

— דיסציפּלין, חבר! געזונטערהייט און קראַנקערהייט! מיר וואָלט זיך מסתמא אויך געגלוסט אַרויסצוגיין פון דאַנען און נישט האָבן צו טאָן מיט טערמאָמעטערס, מיט דיאַגנאָזן, מיט פּראָגנאָזן. פון דעסטוועגן פאַרהאַלט איך זיך רויק, איך טו וואָס מען הייסט מיך טאָן.

און טאָמער האָט דער ווידערשפּעניקער חבר געפּרוווט זיך פאַרטיידיקן און אים ענטפערן, צום ביישפּיל, אין אַזאַ לשון:

— דו חבר, דאָקטאָר, דו טוסט דאָך כאָטש עפּעס, דו היילסט קראַנקע. אָבער איך, וואָס טו איך? מיט וואָס פאַרברענג איך מיין צייט? — האָט דער דאָזיקער חבר אַריינגעכאַפּט פון דעם חבר דאָקטאָר אַזאַ גאַב, אַז ער איז שוין געבליבן ליגן אויף זיין בעטל אָן לשון.

— וואָס מיינסטו עפּעס, דיסציפּלין איז אַ הונט? מיך הייסט מען זיין

אַ דאָקטאָר, בין איך טאַקע אַ דאָקטאָר. דיך הייסט מען זיין אַ קראַנקער, דאַרפסטו זיך נישט בונטעווען און דו מוזט בלייבן קראַנק, ביז אַן אַנדערער פון דרויסן אָדער דאָ פון לאַגער גופא, וועט קומען דיך פּאַרבייטן. אַ נישט וועט דאָך זיין אַ כאַאָס, אַנאַרכיע. וואָס מיינסטו עפּעס? דיסציפּלין, חבר!

און דער פּאַציענט האָט פאַרשטאַנען, וואָס זשאַק מיינט. אַ ביטערע מלחמה ווערט געפירט אין דער וועלט. און יעדער דיסציפּלין־ברוך קאָן אָנמאַכן גרויסע היזקות אין דער באַוועגונג. מען דאַרף פאָלגן, מען מוז פאָלגן!

## קאַפּיטל 68

פּאָפּאָווסקי און הענדלער זענען נישט געווען קיין ווידערשטענדלער. זיי זענען געווען סתם קראַנק. איז דאָס טאַקע געווען פאַר ד"ר זשאַק שטיין אַ האַרטע נוס. אויפנעמען זיי אין היילבאַראַק האָט געשמעקט מיט פּראָטעקציע.

אַ מאָדנע זאַך: גראָד אין לאַגער האָט זיך אין אים דערוועקט אַ מין משפּחה־געפיל, וואָס איז אים פריִער פרעמד געווען. פּאָפּאָווסקי און הענ־דלער האָבן געהערט צו זיין משפּחה, הגם ביז איצט האָט ער מיט זיי כמעט קיין שום מגע ומשא נישט געהאַט.

ליגן זיי איצט ביידע אין דער אינפערמעריע, אַ בעטל לעבן אַ בעטל. אין די אַנדערע בעטלעך ליגן שפּאַניע־קעמפער, געוועזענע מיטגלידער פון דער פּאַריזער „קולטור־ליגע". זיי האָבן שוין געהאַט הינטער זיך אי אַ פראָנט, אי אַ לאַגער, און זיי האָבן מחמת דעם געהאַט צו דערציילן פאַר־שידענע מעשיות.

אַלע זענען זיי געווען פּאַטענטירטע רעוואָלוציאָנערן, אָבער נישט אַלע זענען געווען פון איין פּאָליטישן טייג געקנאָטן. חוץ די אויסגעשפּראָכענע קאָמוניסטן פון כטאַליניסטישן שניט, וואָס זענען געווען די מערהייט אין דעם „היילבאַראַק" האָבן זיך דאָרט אויך געפונען בונדיסטן, טראָצ־קיסטן, פּועלי־ציוניסטן, איין השומר־הצעירניק און איין אַנאַרכיסט פון קראָפּאָטקינס ריכטונג.

מער ווי איין מאָל האָט געטראָפן, אַז דער „דריטער אינטערנאַציאָנאַל"

איז אַרויסגעשפּרונגען פון זיין בעטל מלא רציחה, גרייט דורס צו זיין דעם „דריטהאַלבן אינטערנאַציאָנאַל" — איינעם אַן אָפּגעמאָגערטן לינקן פּועלי־ציוניסט, וואָס איז געלעגן אין אַ בעטל נישט ווייט פון דעם בעטל פון דעם קאָמוניסט.

האָט זיך אַריינגעמישט דער אַנאַרכיסט, געמאַכט אַש און בלאָטע פוןביידע אינטערנאַציאָנאַלן, און דערצו נאָך אָפּגעחוזקט פון אַלע כלומרשטע ציוניסטיש־פּראָלעטאַרישע אויך־מיר רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען. פּעך און שוועבל האָט ער געשאָטן אויף אַלע מלוכות, אויף אַלע מלוכהשע אידעאָלאָגיעס, שוין אַריינגערעכנט אויך די סאָוויעטישע מלוכה, וואָס האָט איינגעפירט, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, נישט קיין דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, נאָר אַ דיקטאַטור איבער דעם פּראָלעטאַריאַט.

געהערט אַזעלכע לעסטערנדיקע דיבורים, האָבן די פריִערדיקע אַנטאַגאָניסטן, דער קאָמוניסט און דער פּועלי־ציוניסט, געמאַכט יד־אחת און זענען ביידע אַרויפגעפאַלן אויפן אַנאַרכיסט, וואָס האָט מיט זיינע רייד באַשמוצט נישט בלויז די ביידע אינטערנאַציאָנאַלן, נאָר אויך פאַרטשעפּעט דעם טראָצקיסטישן פערטן אינטערנאַציאָנאַל.

ס'איז נישט געווען וואָס מקנא צו זיין דעם אָרעמען אַנאַרכיסט פאַר דער גאָב, וואָס ער האָט איצט באַקומען פון די אַלע דריי אינטערנאַציאָנאַלן אויף אַ מאָל, ווארעם דער טראָצקיסט האָט זיך דאָך אויך נישט געלאָזט שפּייען אין דער קאַשע און אויך דער השומר־הצעירניק האָט נישט געשוויגן, דער בונדיסט אַוודאי און אַוודאי נישט.

ד"ר בערנאַרד ראָזענבוים איז אין צווייטן צימער גראָד געווען פאַרנומען מיטן אויסהאָרכן איינעם, אַ ווייניקער פּריווילעגירטן „נישט־סטאַבילן" חולה. די דיסקוסיעס האָבן אים געשטערט אין דער אַרבעט, איז ער אַריינגעלאָפן אַן אויפגערעגטער אין קראַנקן־צימער און האָט זיך צעשריגן:

— שטיל זאָל ווערן! איר הערט? איר זענט געקומען אַהער, כדי זיך צו קורירן, און נישט כדי מיך צו שטערן מיט אייערע זינלאָזע מיטינגאָווע מחלוקתן. שווייגט, אַנישט וועל איך אייך צוריקשיקן אין די באַראַקן פון וואַנען איר זענט געקומען!

אין דעם „היילבאַראַק" האָט מען שטאַרק פאַראיבל געהאַט אויף ד"ר

ראָזענבוים, אויף דעם אַסימילאַנט, אויף דעם פּויליש־רעדער, וואָס שעמט זיך מיט יידיש, וואָס בעת ער ווערט אין כעס, נעמט ער פאַרגעסן, אַז ער קאָן נישט פאַרטראָגן דעם זשאַרגאָן, און אויב שוין יאָ אַרויסזייען פון די ליפּן אַ וואָרט, טוט ער עס אָדער אין פּויליש אָדער אין פראַנצויזיש.

— אַ ווילדער רעאַקציאָנער, דער ד״ר ראָזענבוים! — האָט דער איינגעשטילטער קאָמוניסט אַ זאָג געטאָן, נאָך דעם ווי יענער האָט זיך אומגעקערט אין זיין קאָנסולטאַציע־צימער.

— אַ מיאוסער אַסימילאַטאָר! — האָט דער בונדיסט מוסיף געווען.

— אַן אַסימילאַטאָר און אַ שונא ציון! — האָט דער פּועלי־ציוניסט געפּסקנט.

— אַ שונא ציון און אַ שונא ישראל! — האָט דער השומר־הצעירניק מסכים געווען.

פּאַפּאָווסקי און הענדלער האָבן אין דעם ליאַרעם זיך נישט באַטייליקט. זיי האָבן אפשר געטראַכט בעת מעשה, אַז וואָס דער ד״ר ראָזענבלום זאָל נישט זיין אין זיין פּריוואַט־לעבן, גייט קיינעם נישט אָן. אין דעם פאַל איז ער פולשטענדיק גערעכט געווען. ס׳איז דאָך טאַקע לעכערלעך זיך אַרומצושלאָגן איבער אַ נומער פון אַן אינטערנאַציאָנאַל. אַלע יידן האָבן פיינט היטלערן, פעטענען און לאַוואַלן, מען וואַרט אויף זייער מפּלה, און וואָס נאָך דעם וועט זיין, איז דאָס אַ פראַגע פון דער קומענדיקער געשיכטע, און זי, די געשיכטע, הערט דאָך אַלעמען סיי ווי סיי ווי דעם קאָטער.

אָבער נישט געקוקט אויף די שטענדיקע זילזולים, מיט וועלכע זיי פלעגן זיך באַשיטן איינער דעם צווייטן, האָט זיך אין לאַגער געשאַפן אַ מין יידישער פאַלקספּראַנט, שיר נישט לויטן מאָדעל פון דעם געוועזענעם פאַלקספּראַנט אין פּאַריז, עטלעכע יאָר פאַר דער מלחמה.

און אויב שוין יאָ פאַלקספּראַנט, טאָ פאַר וואָס זאָל דער קראַנקער, יעפים, וואָס איז, ווי זיי האָבן דערפאַרן, משפּחה מיט די צוויי העלדן, וואָס זענען דורך פאַשיסטישע קוילן דערשאָסן געוואָרן, בעת אַ פאַלקספּראַנט־מאַניפעסטאַציע אין פּאַריז, נישט זיין דאָ אַ גלייכבאַרעכטיקטער שותּף צו די סודות, וואָס די פאַרבינדלערס ברענגען אַריין אין „היילבאַראַק״? און

חבר יעפים, ווי מען האָט אָנגעהויבן אים רופן, איז אַריינגענומען געוואָרן אין דער חברה. איצט איז ער געוואָרן געווויער אַלע סודות פון דער ווידער־שטאַנד־אָרגאַניזאַציע אין פּיטיוויע.

פאַר ד״ר זשאַק שטיין האָבן אַלע געהאַט דרך־ארץ און ווען ער פלעגט אַריינקומען זענען זיי אַנטשוויגן געוואָרן. ער גופא האָט זיך נישט באַטייליקט אין קיין דיסקוסיע, נישט ווייל ער האָט זיך געהאַלטן גרויס און זיך געשטעלט העכער איבער אַלע מיינונגען, נאָר ווייל ער אַליין, כאָטש ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, איז אויך נישט געווען גאַנץ זיכער ביי זיך. ס׳איז געווען אַ צייט נאָך דעם ווי ער איז אַנטלאָפן פון דער פּוילישער תפיסה און געקומען אין פראַנקרייך פאַר־ענדיקן זיין מעדיצינישן שטודיום, אַז ער האָט בכלל געוואָלט זיך אַרויס־דרייען פון יעדער פּאָליטישער טעטיקייט. ערשט נאָכן טויט פון זיין שוועסטער בת־שבע בעת דער פּאָלקספראָנט־מאַניפעסטאַציע, האָט ער זיך אומגעקערט צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. פון דעמאָלט אָן פילט ער זיך ווי אַ סאָלדאַט און שטעלט נישט מער קיין קשיות.

נאָך היטלערס מפּלה, טראַכט ער וויפל מאָל ביי נאַכט ליגנדיק אויף זיין געלעגער, וועט ער זאָגן אַ גוטן טאָג דער קאָמוניסטישער באַוועגונג און אָנהייבן פירן אַ פּריוואַט־לעבן.

טראַכט ער וועגן זיין טאַטן. ער איז שוין איצט נישט מער דער זעלביקער, וואָס מיט צוויי־דריי יאָר צוריק, ווען ער האָט, נישט געקוקט אויף זיין טיפן עלטער, נאָך אַלץ אויסגעזען ווי אַ דעמב, וואָס קיין שטורעמווינט קאָן אים נישט איינברעכן. איצט אָבער, נאָך דעם ווי זיין דריטע פרוי גאָלדע איז געשטאָרבן און עטלעכע איידעמס זיינע זענען אינטערנירט געוואָרן, איז ער צוזאַמענגעבראָכן.

צער האָט ער אויך אַוודאי, זיין אַלטער טאַטע, וואָס זיין גערעטענער און דאָך עפּעס ווי פאַרלוירענער זון, דער דאָקטאָר, האָט זיך דווקא איינ־געעקשנט און איז געבליבן עד היום אַן אַלטער בחור.

אַזאַ זון, כאָטש אַ היינטוועלטיקער, אַ פּאַריזער, אַ מאָדערנער מענטש דורך און דורך, וואָלט ער דאָך אויך געמעגט בלייבן אַ ייד ווי עס דאַרף צו זיין, ווי מען האָט עס שוין געזען ביי דאָקטוירים, און נישט זיך

אַרויסשטעלן ווי אַן אַפּיקורוס בפרהסיא. באשר וואָס? באשר אַלע סאָציאַ־ליסטן און קאָמוניסטן האָבן באַשלאָסן צו זיין פריידענקערס, צו לויפן אין די גאַסן און שרייען, אַז עס איז, חלילה, נישטאָ קיין גאָט אויף דער וועלט און אַלץ איז אָדער לופט, אָדער קאַרל מאַרקס, וואָס איז געווען, כידוע, אַ משומדס אַ זון?

נאָך מער: ער וואָלט געקאָנט, ווי ער אַליין האָט אים געגעבן אָנצוהערן, אַ דאַנק זיינע פאַרבינדונגען, אַנטלויפן פון לאַגער, ווי דאָס האָבן שוין געטאָן וויניקער וויכטיקע פאַרשוינען ווי ער, אָבער ער וויל גאָרנישט אַנטלויפן, זאָגט ער. ער טענהט, אַז גראָד די ווידערשטאַנד־באַוועגונג האָט אים געהייסן בלייבן אין לאַגער און דאָקטאָרעווען, פונקט ווי אַן אים וואָלטן קיין אַנדערע יידישע דאָקטוירים נישט געווען אין לאַגער.

דעם אמת געזאָגט, טראַכט זשאַק, ליגנדיק אויף זיין געלעגער אין איינעם פון די דריי צימערן פון דעם „היילבאַראַק״, ווו עס שלאָפן אויך די איבעריקע קאָלעגן זיינע, וויל מען זיך אַריינטראַכטן אין דעם גאַנצן ענין, קאָן מען קומען צום באַשלוס, אַז זיין אַלטער טאַטע איז גאָרנישט אַזוי שטאַרק אומגערעכט. און האָט מען אים שוין אַריינגעזעצט אין לאַגער, וואָלט ער דאָך געמעגט זוכן אַ וועג ווי אַזוי צו אַנטלויפן און נישט וואַרטן ביז מען וועט אים דעפּאָרטירן קיין פוילן, ווו, ווי דער לאָנדאָנער ראַדיאָ דערציילט, די יידן ווערן אומגעבראַכט אויף דעם אַכזריותדיקסטן אופן.

אָט צו וואָס פאַר אַ מסקנה ד״ר זשאַק שטיין קומט סוף־כל־סוף פאַרן איינשלאָפן.

— וואָס מיינסטו זיך עפּעס, חבר! — דערמאָנט זיך זשאַק, ווי ער האָט זיינעם אַ פּאַציענט פון דער ווידערשטאַנד־גרופּע אויסגעמוסרט — דיסציפּלין, חבר! מען הייסט דיך קראַנק זיין, דאַרפסטו בלייבן קראַנק.

— און דו, זשאַק, דו, חבר שטיין — נעמט ער זיך אַליין מוסרן — דיסציפּלין! מען הייסט דיך איינשלאָפן, דאַרפסטו, מוזסטו איינשלאָפן! מאָרגן וועט ווידער זיין אַ שווערער טאָג. נישט לייכט איז צו זיין אַ דאָקטאָר אַ רעזיסטאַנט אין אַ לאַגער!

# קאַפּיטל 69

שוין אַ וואָך געפינען זיך פּאָפּאָווסקי און הענדלער אין דער אינפער־מעריע. זיי זענען נאָך אַלץ קראַנק, אָבער די אַרט קראַנקייטן, אויף וועלכע זיי ליידן, איז נישט אַזאַ, אַז זיי זאָלן דאַרפן פאַרנעמען צוויי בעטלעך, אין דער צייט ווען אין לאַגער זענען פאַראַן אַזוי פיל קראַנקע, וואָס מוזן זיך געפינען אונטער אַ שטענדיקער מעדיצינישער השגחה. און בכלל, איז דאָך פאַר פּאָפּאָווסקין און הענדלערן נישט פאַראַן דאָ קיין שום אויסזיכט באַלד געזונט צו ווערן.

פּאָפּאָווסקי, ווי עס זעט אויס, וועט אָן אַן אָפּעראַציע נישט קאָנען זיך באַגיין — הלוואַי זאָל אים די אָפּעראַציע העלפן! — עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז ער ליידט אויף אַ ראַק, און אַ מאָגנראַק איז דאָך אַ קראַנקייט, וואָס זעלטן ווער עס גייט פון איר אַרויס.

וואָלט מען געדאַרפט וואָס גיכער אים שיקן אין אַ שפּיטאָל, ווו עס געפינט זיך אַ ספּעציעלער אָפּטייל פאַר אַזעלכע חולאים, מען וואָלט געדאַרפט אים אונטערזוכן ווי געהעריק מיט ראַדיאָ־אויפנאַמעס, אַנאַליזן כלערליי, וועט מען זען, צי עס לוינט זיך נאָך בכלל אים צו אָפּערירן.

נעמט זיך ד״ר זשאַק פאַר וואָס גיכער צו קאָנטאַקטירן דעם ד״ר פּאָרטיע, כדי צו פועלן ביי אים ער זאָל פאַראָרדענען אַריבערצופירן פּאָפּאָווסקין אין אָנקאָלאָגישן אינסטיטוט. זיינע באַציִונגען מיט ד״ר פּאָרטיע זענען נישט קיין גוטע, נישט קיין שלעכטע. עס ווענדט זיך אין וואָס פאַר אַ לוינע מען טרעפט אים. ער מיינט אָבער, אַז איצט וועט ער נישט קאָנען אים אָפּזאָגן. אַדרבה, זאָל ער קומען עקזאַמינירן פּאָפּאָווסקין. אויב ער פאַרמאָגט נאָך אַ ביסל מעדיצינישן געוויסן, וועט ער אַנדערש נישט קאָנען האַנדלען.

אַ סך לייכטער און אַ סך שווערער צו גלייכער צייט איז הענדלערס געזונט־צושטאַנד. לייכטער איז ער דערמיט, וואָס ער געפינט זיך נישט אין לעבנס־געפאַר ווי פּאָפּאָווסקי, מיט הענדלערס קראַנקייט קאָן מען זיך עלטערן ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, און אָפּערירן אים איז אויך נישטאָ וואָס, סיידן מען וועט וועלן אַרויסרייסן פון זיין מוח די פאַנטאַזמען און

די קאַשמאַר־בילדער, וואָס האָבן זיך דאָרט באַזעצט. דערפאַר טאַקע איז זיין פאַל אויך אַ סך האַפענונגסלאָזער, ווי פּאַפּאַווסקיס. אין די לעצטע דריי טעג הערט ער נישט אויף צו דעלירירן, ווי ער וואָלט געהאַט הויכע היץ, אין דער צייט ווען זיין טעמפּעראַטור איז אַ נאָרמאַלע.

ער זאָגט זיך אָפּ פון יעדער דערנערונג. לויט אַלע סימנים געהערט ער צו דעם טיפּ גייסטיק קראַנקע, וואָס מען רופט זיי מעלאַנכאָליקער. דאָס איז אַ שגעון אַזאַ, וואָס איז אַ סך ערגער ווי סכיזאָפרעניע, ווייל כאָטש די שפּאַלטונג פון דער פּערזענלעכקייט מאַניפעסטירט זיך דאָס רוב ווי אַן אַגרעסיוו־בושעווענדיקער אויסברוך, וואָס קאָן ווערן זייער געפערלעך פאַר די אַרומיקע, איז די רויִקע און שטילע מעלאַנכאָליע פאַרוואָרצלט אין לייב־און־לעבן פונעם גייסטיק־קראַנקן. זי דערשיטערט גאָר דעם גייסט, און דער גייסט לאָזט זיך נישט אָפּערירן; ס'איז נישטאָ קיין צוטריט צו אים. זעלטן ווען קייקלט זיך אַ מעלאַנכאָליקער אַרויס פון זיין קראַנקייט.

וואָס קאָן מען פאָרט טאָן מיט אַזאַ מענטש? נישטאָ קיין אַנדער ברירה, ווי אים אַריינצוזעצן אין אַן אַזיל. די צרה איז אָבער די, וואָס מעלאַנכאָליע איז פאַרהעלטנישמעסיק לייכט צו סימולירן. אויב דער סימולאַנט איז פלינק און האַלט זיך שטאָל־און־אייזן אין זיין שגעון, וועט קיין איין געניטער פּסיכיאַטאָר נישט זיין ביכולת אים צו דעמאַסקירן.

דערפאַר טאַקע האָבן די דייטשן, האָט ד"ר שטיין געהערט זאָגן, זיך באַוואָרנט אויף דעם געביט און האָבן אין אַלע משוגעים־הייזער אין פראַנקרייך איינגעפירט אַ שטרענגע קאָנטראָל סיי אויף די פּסיכיאַטאָרן, סיי אויף די משוגעים און סיי אויף די וועכטער.

ווי אַזוי, פרעגט זיך ד"ר זשאַק שטיין, וועט ער געפינען אַן אַנשטאַלט, וואָס זאָל וועלן אַריינגעמען הענדלערן, כאָטש ער איז זיכער, אַז מאָריס איז נישט קיין סימולאַנט? פאַרקערט, הענדלער, ווי עס דרינגט אַרויס פון די שמועסן, וואָס ער האָט מיט אים, ווערט זיך מיט אַלע כוחות קעגן דעם געדאַנק, אַז עפּעס איז נישט אין אָרדענונג אין זיינע געדאַנקען — נאָך אַ סימן, אַז ער איז נישט קיין סימולאַנט. אַן אמתער משוגענער האַלט, אַז ער איז אין גאַנצן קלאָר, אַז אים פעלט נישט קיין קלעפּקע אין מוח. וועט ער דאָך אַוודאי פּראָטעסטירן, נישט מסכים זיין אַריינצוגיין אין אַ משוגעים־

הויז. און מער ווי דאָס פאַרלאַנגען זיי דאָך נישט, די פּסיכיאַטאָרן, וואָס זענען אַזוי שטאַרק אָנגעשראָקן דורך דער געשטאַפּאָ.

טאַקע, אין וואָס באַשטייט העגדלערס שגעון? פון וואַנען נעמט זיך זיין טיפע מעלאַנכאָלישע דעפּרעסיע? ער האָט זיך איינגעשפּאַרט, דאָפּלט איינגעשפּאַרט. פון איין זייט, האַלט ער, אַז דער חלום, וואָס האָט זיך אים געחלומט, איז אייגנטלעך נישט קיין חלום, נאָר אַ ווירקלעכקייט, וואָס האָט זיך מיט אים טאַקע געטראָפן אויף דער וואָר; פון דער צווייטער זייט, אָבער, האָט ער זיך איינגערעדט, אַז די אמתע וואָר, וואָס דריקט אויף אים דאָ אין לאַגער, איז נישט מער ווי אַ קאָשמאַר.

מיט דער צווייטער, נישט גאַנץ משוגענער טעזע, וואָלט אַ פאַרהעלט־נישמעסיקער קלאָרער מענטש ווי נישט ווי נאָך געקאָנט מסכים זיין. אָבער מיט זיין ערשטער טעזע, אַז דער חלום, וואָס ער האָט געזען: זיין חנהלע, די פּורים־שפּיל, המן־היטלער, די תליה, אַז אָט דאָס אַלץ, שפּילט זיך אָפּ עד היום, נישט אין חלום, נאָר אויף דער וואָר, נישט אין אַ קאָשמאַר, נאָר דאָ אין לאַגער — וועלכער פּסיכיאַטאָר וועט וועלן אים גלייבן, אַז ער איז נישט אַ כיטרער סימולאַנט?

ד״ר זשאַק שטיין איז געפאַלן אויף אַ המצאה: ער וועט זיך מאַכן, ווי ער וואָלט אים טאַקע געגלייבט. אַלץ, וואָס העגדלער דערציילט, איז אמתדיק פון אָנהייב ביזן סוף, אָבער ער זאָגט דאָך אַליין, אַז די וואָר איז נישט מער ווי אַ קאָשמאַר, נישט מער ווי אַ חלום, און אַ חלום דאַרף מען פּותר זיין, דאַרף מען אויסטייטשן, אַנישט ווייסט מען דאָך נישט וואָס ער באַדייט. טאָ זאָל ער זיך צוהערן, וואָס זיין גוטער־פריינד, ד״ר שטיין, ר׳ פּנחסעס זון, וועט אים דערקלערן, וואָס די דאָזיקע וואָר, דאָס הייסט דער דאָזיקער חלום, מיינט אייגנטלעך צו זאָגן:

ס׳איז קלאָר, אַז העגדלער דאַרף סימולירן, אַז ער סימולירט, דאָס הייסט, ער דאַרף באַשטיין אויף דעם, אַז דאָס אַלץ, וואָס ער זעט — אַלץ איינס אין חלום צי אויף דער וואָר — מיינט ער בלויז, אַז ער זעט עס, פילט עס, לעבט עס איבער, אין דער אמתן אָבער איז דאָס אַלץ נישט געשטויגן, נישט געפלויגן. אָבער אמת, צי נישט אמת, אַזוי ווי ער קאָן נישט אַנדערש, ווי טאַקע זען דאָס, וואָס ער מאַכט זיך זעענדיק (ביי זיך

אין האַרצן טראַכט זיך בעת מעשה ד״ר שטיין, אַז אויפן פסיכיאַטרישן לשון הייסט דאָס: צוואַנג־פאַרשטעלונג, ער זאָגט עס אָבער נישט העגדלערן), איז ער בכן נישט קיין ליגנער, נישט קיין סימולאַנט...

— דעריבער טאַקע — פאַרענדיקט ד״ר שטיין דעם כלומרשטן לאָגישן אויספיר — דאַרף מען געפינען פאַר אײַערטוועגן אַ זיכער אָרט, ווו איר זאָלט קאָנען זיך באַהאַלטן, אי פאַר דער דאָזיקער שרעקלעכער וואָר, אי פאַר אײַערע שרעקלעכע חלומות.

הענדלער האָט אים רויק אויסגעהערט פון אָנהייב ביזן סוף און זיך פאַרטראַכט. ער האָט אָבער נישט געענטפערט קיין וואָרט.

ד״ר שטיין אָבער האָט ווי געפילט, אַז ער האָט ביי אים יאָ געפועלט. וואָס געגנוי ער האָט ביי אים געפועלט, האָט ער נאָך נישט געוווסט, אָבער ער האָט פאַרשטאַנען, אַז פון מאָריסעס צד וועט שוין מער קיין מניעה נישט זיין.

אין דריי טעג אַרום נאָך דעם דאָזיקן שווערן פאַרמעסט איז שוין אַלץ געווען דערליידיקט. מיט פּאַפּאַווסקיס ענין האָט ער זיך אָפּגעפּאַרטיקט גאַר לייכט. ד״ר פּאַרטיע האָט תיכף צוגעשטימט. ער איז געקומען אין לאַגער, האָט אים אויסגעהאָרכט און מסכים געווען, אַז מען דאַרף דעם דאָזיקן שווער קראַנקן פּאַציענט וואָס גיכער איבערשיקן אין דעם אָנקאָלאָגישן אָפּטייל פון אַ פּאַריזער שפּיטאָל. אַ ביסל שווערער איז אים אָנגעקומען איינצואָרדענען מאָריס הענדלערן. סוף־כל־סוף האָט ד״ר פּאַרטיע געמוזט צושטימען, אַז ווי דער פּסיכיאַטרישער דיאַגנאָז זאָל נישט אויספאַלן, איז אין לאַגער פאַר אים נישט קיין פּלאַן צו בלייבן, און האָט טאַקע אין דעם זינען געמאַכט אַ ראַפּאָרט. דער קאָמענדאַנט פון לאַגער האָט נישט געזאָגט ניין, אָבער איידער ער באַפרייט הענדלערן פון לאַגער, האָט ער דערקלערט, מוזן צוויי באַדינגונגען אויסגעפילט ווערן: ערשטנס, מוז ער האָבן די באַוויליקונג פון דער פּרעפעקטור, און צווייטנס, דאַרף ד״ר שטיין אויס־געפינען אַן אַזיל, וואָס זאָל זיין גרייט אויפצונעמען הענדלערן ווי אַ פּענסיאָנער, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט.

ד״ר שטיין האָט זיך געקענט, נאָך פאַר דער מלחמה, מיט אַ יידישן

פּסיכיאַטאָר, וואָס איז געווען דער הויפּט־דאָקטאָר פון אַ פּאַריזער משוגעים־הויז. ער האָט טאַקע איינקוואַרטירט אין זיין אַזיל העַנדלערן, וואָס האָט סימולירט — מען דאַרף גאָרנישט בעסער — אַן עכטן און געניטן סימולאַנט.

## קאַפּיטל 70

פּאַפּאָווסקי, ווי שוין דערמאָנט, איז פאַר דער מלחמה און אַפילו אויך בעת דער מלחמה, ביז דעם טאָג, ווען ער איז אינטערנירט געוואָרן אין פּיטיוויע, געווען אַ „וועלט פאַר זיך" און מיט אַלע אַרומיקע „וועלטעלעך", סיי יידיש־עמיגראַנטישע, סיי יידיש־איינגעבוירענע, סיי רוסיש־עמיגראַנטישע און סיי פראַנצויזישע, האָט ער כמעט נישט געהאַט קיין שום מגע ומשא. ביי טאָג פלעגט ער זיצן אין זיין יוועליר־געשעפט און זיינע אָוונטן פלעגט ער פאַרברענגען אין שטוב ביי זיך, וואָס האָט זיך געפונען אין זעלביקן הויז וואָס זיין געשעפט, אויפן צווייטן שטאָק. נישט קיין זיצונגען, נישט קיין פאַרזאַמלונגען, נישט קיין טעאַטער, סיידן איין מאָל אין אַ נאָווינע, ווען אַ רוסיש־סאָוויעטישע טרופּע פלעגט אַראָפּקומען אין פּאַריז, פלעגן זיי ביידע, ער און זיין פרוי אָלגאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ, גיין אָנקוקן דעם ספּעקטאַקל, דער עיקר כדי זיך אָפּצוכאַפּן דאָס האַרץ, כדי אָפּצופרישן די זכרונות מיט דער רוסישער שפּראַך, וואָס דאָס פאַרפאָלק האָט נאָך אַלץ גערעדט צווישן זיך אין זייער אָפּגעצאַמטער היים.

אמת, זינט סאַשאַ האָט חתונה געהאַט מיט רייזעלע גראָסמאַן זענען יעפּים און אָלגאַ פּאַפּאָווסקי געוואָרן אמתע מחותנים מיט יאָסלען און מיט יאָסלס ווייב יוכבד. שפּעטער, ווען עס זענען געבוירן געוואָרן פּאַפּאָווסקיס צוויי אייניקלעך, איז שוין דער קאָנטאַקט צווישן די פאַמיליעס פּאַפּאָווסקי און גראָסמאַן געווען נאָך ענגער.

פון דעסטוועגן, נישט געקוקט אויף דער אויספּילונג פון פּאַפּאָווסקיס פאַמיליע־קרייז מיט ניי־צוגעקומענע קרובים און באַקאַנטע, האָט זיין איינזאַמקייט, אָדער בעסער געזאָגט — זיין געפיל פון פרעמדקייט, זיך קנאַפּ וואָס פאַרענדערט. ערשט אין לאַגער פּיטיוויע, האָבנדיק העַנדלערן פאַר

אַ נאַרע־שכן און ד״ר זשאַק שטיין פאַר אַ באַשיצער, איז ער געוואָרן מער באַרעדעוודיק און ער האָט גענומען אַ ביסל זיך אינטערעסירן מיט זיין סביבה.

אָבער ווען יעפים פּאָפּאָווסקי האָט זיך דערוווּסט, אַז ער דאַרף דורכמאַכן אַ שווערע אָפּעראַציע, האָט ער ווידער גענומען זיך פילן אַזוי איינזאַם, אַז ער האָט אַפילו נישט געוואַגט צו קלאָגן זיך. נישט געווען פאַר וועמען. פון גאָט איז ער געווען ווייט, אָלגאַ איז געווען ווייט פון אים, ווייל מען האָט זי נישט צוגעלאָזט צו אים, בלויז אין שפּיטאָל, צוויי טעג פאַר דער אָפּעראַציע, האָבן די דאָקטוירים איר דערלויבט צו זיצן לעבן אים, כדי זי זאָל אים טרייסטן און אים צוגעבן מוט. זיין זון סאַשאַ איז נאָך אַלץ געזעסן אין אַ סטאַלאַג און האָט אַוודאי נישט געקאָנט איםביישטיין מיט אַ גוט וואָרט. האָט יעפים, פאַר דער אָפּעראַציע זיינער, נישט געהאַט, חוץ צו אָלגאַן, צו וועמען זיך צו ווענדן, נישט צו גאָט, נישט צו זיין זון, נישט צו זיין טאָכטער, נישט צו זיינע פאַריזער און נישט צו זיינע אויסטראַלישע אייניקלעך.

און נאָך דער אָפּעראַציע... עס איז נישט געווען קיין „נאָך דער אָפּעראַציע". ער איז געשטאָרבן אויפן אָפּעראַציע־טיש.

ווען מען נעמט אין באַטראַכט דעם אומווילן פון יידן אין די אָקופּאַציע־טעג זיך צו באַווייזן אויף דער גאַס, קאָן מען זאָגן, אַז נישט ווייניק יידן, דער עיקר פרויען, האָבן באַגלייט פּאָפּאָווסקין צו זיין אייביקער רו אויפן פאַריזער בית־עולם באַניע. כאָטש עס איז געווען אַ קאַלטער מאַרץ־טאָג און צווישן די באַגלייטער האָבן, קאָן זיין, זיך געפונען אויך אַזעלכע, וואָס אין זייערע אייגענע צרות און אומגליקן האָבן זיי געהאַט אַ גרונד זיך צו דערמאָנען אָן יענעם פּסוק פון ירמיהו, וואָס ווענדט זיך צו די טרויערנדיקע אויף אַ לוויה מיט די ווערטער:

„איר זאָלט נישט וויינען אויפן מת,
און איר זאָלט אים נישט באַדויערן.
וויינען וויינט אויף דעם וואָס גייט אַוועק,

וואָרעם ער וועט זיך נישט מער אומקערן
און וועט נישט זען מער דאָס לאַנד ווו ער איז געבוירן געוואָרן".

יאָ, אין דעם דאָזיקן חודש מאַרץ פון יאָר 1942 זענען די דעפּאָרטאַציעס פון יידן פון פראַנקרייך שוין געווען אין גאַנג, און נישט ווייניק יידן, וואָס זענען שוין געזעסן איינגעשפּאַרט אין דראַנסי, האָבן זיך געריכט אַ ליאַדע טאָג דעפּאָרטירט צו ווערן.

אָט זעט מען אויף דער לוויה רבקהלען, ר' פּנחסעס טאָכטער, ד"ר זשאַקס שוועסטער. דורך איר ברודער זשאַק, האָט זי אין אַ בריוו פון אים זיך דערוווּסט פון דעם פאַל פּאָפּאָווסקי.

זי איז טרויעריק, רבקהלע גליצמאַן, אי איבער פּאָפּאָווסקיס טויט, וואָס איז נאָך נישט אַלט געווען קיין זעכציק יאָר, אי איבער דעם, וואָס איר מאַן וואָלף איז מיט אַ חודש צוריק דעפּאָרטירט געוואָרן פון דראַנסי, ווו ער איז דריי חדשים געווען אינטערנירט.

פאַר דער מלחמה איז פּאָפּאָווסקי געווען איינער פון וואָלפס זעלטענע קליענטן. געווען אַ מעשה מיט עפּעס אַ פּראָצעס, וואָס פּאָפּאָווסקי האָט פאַרפירט קעגן אַ פראַנצויז, זיינעם אַ שכן, אַ סכסוך וועגן זיין דירה און וועגן דעם יוּוועליר־געשעפט, וואָס האָט זיך געפונען אין זעלביקן הויז. און געטראָפן האָט אַ נס, אַז דער ווינקל־אַדוואָקאַט וואָלף האָט צום ערשטן מאָל געוווּנען אַ פּראָצעס, פּאָפּאָווסקיס פּראָצעס.

אָבער וואָס איז געווען דער סוף? דער פראַנצויז, פּאָפּאָווסקיס שכן, וואָס האָט פאַרלוירן דעם פּראָצעס, איז געוואָרן נישט בלויז אים אַ דם־שונא, נאָר אויך אַן אַנטיסעמיט און אַ שונא פון אַלע יידן, און ווי נאָר עס האָט זיך געמאַכט אַ מעגלעכקייט זיך אָפּצורעכענען מיטן יידישן יוּוועליר, האָט ער עס געטאָן אויף אַ גרינטלעכן אופן. ער האָט געפועלט ביי קסאַוויע וואַליאַ, דעם קאָמיסאַר פאַר יידישע ענינים, ער זאָל אים באַשטימען פאַר אַ זשעראַנט פון פּאָפּאָווסקיס געשעפט. ער איז געוואָרן דער באַלעבאָס און דער יידישער גאָלדשמיד האָט נישט געטאָרט מער אַריבערטרעטן דעם שוועל פון זיין אייגן געשעפט.

כדי אין גאַנצן זיכער צו זיין מיט זיין רויב, האָט דער פראַנצויז־

קאַלאַבאַראַנט פאַרמסרט פאַפּאָווסקין, אַז ער איז אַ קאָמוניסט. דאָס איז טאַקע געווען איינע פון די סיבות פון זיין אינטערנירונג אין פּיטיוויע. דער פראַנצויז, דער זשעראַנט, האָט אויך געוואָלט זיך נוקם זיין אין דעם יידישן אַדוואָקאַט וואָלף גליצמאַן, און האָט אים אויך באַשולדיקט אין קאָמוניזם. ער איז אינטערנירט געוואָרן אין דראַנסי און געווען צווישן די ערשטע דעפּאָרטירט צו ווערן קיין פּוילן.

נאָך איינע, אַ לחלוטין פרעמדע, האָט זיך באַטייליקט אין פאַפּאָווסקיס לוויה. עמאַנועלאַ הייסט זי, און זי איז אַ ווידערשטענדלערין, אַ פאַרבינד־לערין.

איר איז שוין אויסגעקומען עטלעכע מאָל זיך צו באַגעגענען מיט עמעצן אויף אַ בית־עולם, אין שייכות מיט דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, אָבער ביז איצט האָט זי קיין מאָל נאָך נישט געדאַרפט זיך טרעפן מיט אַ לוויה־צוג.

געקומען איז עמאַנועלאַ צו פאַפּאָווסקיס לוויה אין שליחות פון שאַרלי — אַזוי האָט דניאל זיך אַ נאָמען געגעבן אין דער ווידערשטאַנד־גרופּע, צו וועלכער זייביידע געהערן — זיך צו טרעפן מיט זיין שוועסטער, פרוי פאַפּאָווסקי, און מיט זיין מאַמען. שאַרלי האָט זיך משער געווען, אַז אי זיין שוועסטער, אי זיין מאַמע וועלן גיין צו דער דאָזיקער לוויה.

עמאַנועלאַ האָט זיי ביידן נישט געקענט, און ווען זי איז געקומען אויף דער לוויה, האָט זי לכתחילה נישט געוווסט, ווי אַזוי זיי צו דערקענען. אָבער זי האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז די דריי פרויען, וואָס זענען די ערשטע נאָכגעגאַנגען דעם אָרון, דאַרפן זיין די אַלמנה פאַפּאָווסקי, איר שנור, שאַרליס שוועסטער און זיין מאַמע.

זי האָט זיך אַריינגעגליטשט אין לוויה־צוג הינטער די דאָזיקע דריי פרויען און דער ייִנגסטער פון אַלע דריי אַ שושקע געטאָן אין אויער אַריין, אַז זי האָט איר עפּעס וואָס איבערצוגעבן פון איר ברודער שאַרלי.

פערעלע האָט געכאַפּט אַ קוק אויף עמאַנועלאַ און האָט איר אַ פרעג געטאָן:

— איז עפּעס מיט אים געשען?

— ס׳איז גאָרנישט נישט געשען, פּרוי פּאָפּאָווסקי! — האָט עמאַנועלאַ געענטפערט — איר האָט נישט וואָס זיך צו באַאומרויקן.

אין צווישן האָט יוכבד אויך שוין געהערט, אַז מען רעדט וועגן שאַרלין, וועגן איר שעפּסעלע הייסט עס, און זי האָט גענומען ציטערן ווי אַ בלאַט. אָבער פּערעלע האָט אַ פליסטער געטאָן צו איר:

— מאַמעשי, דו הערסט דאָך וואָס די פריילין זאָגט. אַלץ איז אין אָרדענונג.

כאָטש די דאָזיקע ווערטער זענען געזאָגט געוואָרן אין יידיש, האָט עמאַנועלאַ פאַרשטאַנען, וואָס זיי באַדייטן, און זי האָט צוגעגעבן:

— איך פאַרזיכער איך, מאַדאַם, מיט אייער זון איז גאָרנישט נישט געשען...

## קאַפּיטל 71

אַ לוויה איז דאָס געווען אַ געוויינטלעכע, אָבער אויף אַ געמישטן בית־עלמין, אויף וועלכן בלויז איין טייל איז באַשטימט פאַר יידישע מתים. די יידישע מצבות געפינען זיך דאָ אין גאָר נאָענטער שכנות מיט די קריסטלעכע מצבות און די מגן־דודס ווינקען זיך איבער מיט די צלמים.

די בית־הקברות־לייט זענען אויך נישט קיין חברה־קדישא־לייט, נאָר סתם באַגרעבער, וואָס מאַכן נישט קיין אונטערשיד צווישן אַ קריסטלעכן טויטן און אַ יידישן מת. זיי טראָגן אַ בית־עולם־אוניפאָרם. ביים אָפענעם קבר שטייען צוויי פראַנצויזישע באַגרעבער, איינער פון זיי האַלט אַ קעסטל זאַמד און אַ רידעלע, וואָס ער באָט אָן יעדן איינעם ביים קבר, און דער צווייטער האַלט זיין אוניפאָרמירט היטל אין האַנט כדי מקבל צו זיין די נדבות.

אָבער נאָך ווייניקער יידיש קוקט אויס אין יוכבדס אויגן דער רב. אפשר איז ער גאָר אַ שמש אָדער אַן אַנדערער מאַכער ביי די פראַנצויזיש־יידישע כלי־קודש? אַנגעטאָן איז ער ווי אַ גלח. אַ פלאַטשיקן שוואַרצן קיילעכדיקן קאַפּעלוש טראָגט ער אויפן קאָפּ און אַ מין טיכל אויפן האַלדז,

וואָס זעט אויס ווי אַ גאַוועד־טיכל, וואָס מען טוט אָן אויפן האַלדז אַ קינד בעת מען גיט אים עסן.

אַלגאַ פאַרמאָגט נאָך אַ קליינעם פאַרמעגן, וואָס איז איר איבערגעבליבן בירושה פון איר מאַנס אַמאָליקן יוועליר־געשעפט, האָט זי נישט געוואָלט, אַז איר מאַן זאָל אַוועקגיין פון דער וועלט ווי אַ קבצן. זי האָט באַשטעלט אַ לוויה, ערשטע קלאַס, אַזוי צו זאָגן, אַ לוויה מיט אַ צערעמאָניע־מייסטער, וואָס זיין אויפגאַבע איז נישט בלויז מנחם־אָבל צו זיין די פאַמיליע־מיטגלידער, נאָר אויך אַכטונג צו געבן, אַז אַלץ זאָל פאָרקומען אין דער פולסטער אָרדענונג, יעדער זאָל שטיין אויף דעם פּלאַץ, וואָס אים קומט לויט דעם ראַנג, וואָס ער פאַרנעמט אין דער משפחה־צוגעהעריקייט, און אַ „ראַבען” זאָל זיין, וואָס וועט נישט בלויז אָפּריכטן די געהעריקע תפילות, זאָגן דעם „צידוק הדין”, נאָר אויך מאַכן אַ הספד, אין וועלכן ער זאָל דערמאָנען די צדקות פון דעם פאַרשטאָרבענעם — אויף ריין פראַנצויזיש פאַרשטייט זיך — און זאָל אויסרעכענען אַלע זיינע מעלות טובות און מעשים טובים, וואָס באַגלייטן אים איצט אויף יענער וועלט.

קדיש האָט געזאָגט דער רב, ווייל סאַשאַ האָט צו דער קבורה פון זיין טאַטן נישט געקענט קומען. פון אַ סטאַלאַג לאָזט מען נישט אַרויס גע־פאַנגענע, דערצו נאָך יידישע געפאַנגענע, צו אַ לוויה.

ווען די לוויה־מענטשן זענען שוין געשטאַנען ביים טויער פון בית־עולם, האָט פּערעלע, וואָס מיט איין אָרעם האָט זי געאָרעמט איר מאַמען און מיט איר צווייטן אָרעם איר שוויגער, זי אָנגעקוקט און האָט איר אַ זאָג געטאָן:

— מאַמאַן! איר פאָרט איצט צו מיר, אַוודאי צו מיר, וואָס דען?

יוכבד האָט זיך אַריינגעמישט מיט אַ וויינענדיק קול:

— שבעה זיצן מעג מען נישט בלויז ביי זיך אין דער היים.

אָבער פּערעלע האָט זיך דערמאָנט אין דעם מיידל, וואָס איז געקומען צו דער לוויה אין אַ שליחות פון איר ברודער, און האָט, זיך אומקערנדיק אויף הינטן, זי באַמערקט און אַ זאָג געטאָן:

— וואָס רעד איך? צו ערשט דאַרפן מיר דאָך אָפּנעמען אַ גרוס פון...

— ווי רופט מען אייך, פרײלין? — האָט זי אַ פרעג געטאָן דער אומ־באַקאַנטער.

— מיך רופט מען עמאַנועלאַ.

— יאָ, עמאַנועלאַ. זאָגט מיר, איך בעט אייך, נאָך וואָס האָט ער אייך געשיקט צו אונדז? מסתמא איז דאָס עפּעס זייער וויכטיקס, ווען מיר דאָך דאָ נישט בלייבן שטיין ביים טויער... אפשר וועט איר מיטפאָרן מיט אונדז. מיר וואָלטן אויך געקאָנט אַרייגגיין אין אַ קאַפע ערגעץ ווו... אָבער איר פאַרשטייט, איצט, באַלד נאָך דער לוויה... נו, ווי אייך איז ליבער, אַזוי וועלן מיר טאָן... נאָר פריִער לאָמיר זיך געזעגענען מיט אַלע איבריקע, וואָס זענען געקומען צו דער לוויה.

עמאַנועלאַ האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— שטערט זיך נישט. איך האָב צייט. מיר וועלן נאָך דעם באַשליסן וווהין צו גיין. איר מעגט רויִק צו ערשט זיך געזעגענען מיט אייערע פריינד.

## קאַפּיטל 72

עמאַנועלאַ האָט נישט געטאָרט גיין מיט פערעלען אַהיים. פון בית־עולם איז זי געפאָרן גלייך צום פאַרק ביטשאָמאָן. זי האָט זיך אָפּגערעדט מיט פערעלען צו טרעפן זיך דאָרט מיט איר אין אַ צוויי־שעה אַרום.

— שאַרלי האָט מיך געהייסן אייך איבערגעבן: ס'איז פאַראַן אַ פּלאַן מען זאָל אַריבערפירן, אייך, אייערע קינדער, אייער פאָטער און מוטער, איבער דער דעמאַרקאַציע־ליניע, ווו איר וועט זיין אויסגעהיט פון אינ־טערנירונג און דעפּאָרטאַציע.

— ווי אַזוי?

— אַנטשולדיקט מיר, וואָס איך קאָן אייך דעם פּלאַן נישט איבערגעבן אין אַלע פּרטים.

— דאָס פאַרשטיי איך — רופט זיך אָן פערעלע — אָבער צי האָט אייך מיין ברודער געזאָגט, וואָס מיר זאָלן אָנהייבן צו טאָן? ווען?

— גייט אַהיים און פּאַקט זיך. מער ווי איין רענצל וועט יעדע פּערזאָן

נישט קאָנען מיטנעמען. דאָס איבעריקע וועט איר זיך דערוויסן אַזוי שנעל ווי מעגלעך. זאָרגט זיך נישט, און איצט, מיין איך, איז צייט פאַר אונדז זיך צו געזעגענען. יאָ, איך האָב שיר נישט פאַרגעסן — זאָגט עמאַנועלאַ פאַרן פונאַנדערגיין זיך — זייט אַזוי גוט און גיט איבער דער פאַמיליע שטיין אין נאָמען פון זשאַק — אַזוי הייסט ער, ניין?

— ד״ר זשאַק שטיין?

— יאָ, אים מיין איך... גיט איבער דער פאַמיליע, אַז איך וועל קומען צו איר מיט אַן ענלעכער בשורה. וועל איך זיך אָראָפּכאַפּן מיט אַ וויזיט, צו זיין ברודער, אפרים הייסט ער... זאָל ער מיך אָפּוואַרטן לעבן טעאַטער סאַראַ בערנאַרד אויף שאַטלע, מאָרגן נאָך מיטאָג פינף אַ זייגער... איך וועל האַלטן אין האַנט די צייטונג „לע מאַטען״ און זיין אָנגעטאָן ווי היינט. קוקט זיך צו צו מיר נאָך אַ מאָל. מאָרגן, פינף אַ זייגער נאָך מיטאָג. אויף ווידערזען!

— אויף ווידערזען, עמאַנועלאַ!

## קאַפּיטל 73

עמאַנועלאַ גייט און טראַכט פון דער באַגעגעניש מיט פּערעלען. מאָדנע, פּערעלע איז ענדלעך צו איר ברודער, נישט בלויז מיט איר פּנים און מיטן שפּילעוודיק־גרינלעכן גלאַנץ פון איר בליק, נאָר אויך מיטן טאָנפאַל פון איר שטים.

— ווי אַזוי וועלן זיי אַלע קאָנען אַריבערגיין די דעמאַרקאַציע־ליניע? — האָט פּערעלע געפרעגט. עמאַנועלאַ האָט זיך עפּעס ווי אַרויסגעמאַכט פון אַן ענטפער אויף אָט דער גאַנץ געוויינלעכער פראַגע. זי האָט געמאַכט אַ מינע, ווי זי וואָלט נישט געוווסט, אָדער ווי זי וואָלט נישט געטאָרט אַנטפּלעקן דעם דאָזיקן סוד. דעם אמת געזאָגט, ווייסט זי טאַקע אַליין אויך נישט, ווי אַזוי דאָס וועט צו שטאַנד קומען. עס פרעגט זיך, צי שאַרלי גופא ווייסט אַלע פּרטים פון דער דאָזיקער געוואַגטער אָפּעראַציע.

דערפאַר אָבער וועט עמאַנועלאַ דער פאַמיליע שטיין יאָ דערציילן אַלץ,

וואָס זי ווייסט פון די אויפטועך פון ד״ר טובאָ, פון דער דעמאָנסטראַציע, וואָס אים האָט זיך איינגעגעבן צו אָרגאַניזירן אין לאַגער פּיטיוויע באַלד נאָך דער עקזעקוציע פון די הונדערט ערובניקעס. ווי אַזוי ער איז נאָך דעם אַנטלאָפן פון לאַגער, ווייסן זיי מסתמא, אָבער זיי ווייסן נישט, אַז אין דעם ספּעציעלן אַנטי־יידישן פּאָליציי־אַפּטייל פּאַרענדיקט מען איצט פּלעכטן די פּעטליע פאַר די פּאַריזער יידן. אין קאָמיסאַריאַט פאַר יידישע ענינים און אין אַנטי־יידישן פּאָליציי־אָפּטייל אין דער פּרעפעקטור, וואָס בראש פון אים שטייט דער יידן־פרעסער פּראַנסואַ, ווערן צוגעגרייט רשימות פון אַלע יידן אין פּאַריז און סביבה. ווען די דאָזיקע רשימות וועלן זיין פאַרטיק, וועלן, קאַטעגאָריעוויז, אָט די אַלע יידן אינטערנירט ווערן אין דראַנסי און אין אַנדערע לאַגערס, פון וואַנען מען וועט זיי דעפּאָרטירן קיין פּוילן.

דאָס זענען איצט עמאַנועלאַס אַלגעמיינע געדאַנקען, אַזוי צו זאָגן. זיי מישן זיך אויס מיט אירע „פּריוואַטע״ געדאַנקען. עס קומט איר אויפן זינען איר אייגענע פאַמיליע, וואָס וואָלט געקאָנט גילטן ווי פּריווילעגירט. איר פאַמיליע איז בלויז אַ האַלב־יידישע, בלויז איר מאַמע איז אַ יידישקע, איר פאָטער אָבער איז אַ פולבלוטיקער אַריער, ווי די דייטשן זאָגן. וואָלט זי געבליבן אין דער היים, עמאַנועלאַ, און וואָלט נישט אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, וואָלט זי אויך נישט געהאַט וואָס זיך צו שרעקן פאַר דער געשטאַפּאָ.

וואָס וועט אָבער זיין מיט איר פאַמיליע, פרעגט זי זיך, טאָמער מען כאַפּט זי און מען דערוויסט זיך, אַז איר ריכטיקער נאָמען איז עלזאַ, עלזאַ קירכער? גלייכער נישט צו טראַכטן וועגן דעם. טאַקע כדי צו פאַר־קלענערן די געפאַר האָט זי איבערגעריסן אַלע באַציִונגען מיט איר פאַמיליע. די עלטערן אירע ווייסן נישט ווו זי איז אַהינגעקומען און זי פרווט אַפילו נישט דערוויסן זיך וואָס זיי מאַכן און וואָס אירע צוויי יינגערע ברידערלעך מאַכן. זי איז נישטאָ, און זיי זיצן אין שטראַסבורג און טרויערן אפשר איבער איר.

זי האָט אַרויסגעלאָזן אַ קלאַנג, אַז זי איז פאַרפירט געוואָרן דורך אַ דייטשן אָפיציר, וואָס האָט זי, אַזוי שטעלן זיי זיך אַוודאי פאָר, אַוועק־

געפירט קיין דייטשלאַנד. ווען זיי גיין זיך קלאָגן אויף אַ העכערן דייטשישן אָפיציר? ניין, אַוודאי ליידן זיי און זיי שווייגן.

עס טרעפט, אַז דאָס געוויסן מאַטערט זי. זי באַטראַכט זיך שיר נישט ווי אַ פאַרברעכערין, אָבער זי זאָגט דאָס קיינעם נישט אויס. אפשר וועט קומען אַ טאָג און זי וועט זיך אָפּרעכענען מיט זיך אַליין — אויב זי וועט אַריינפאַלן צו דער געשטאַפּאָ אין די הענט. אַ קליין פלעשעלע סם טראָגט זי אַרום מיט זיך, ציאַן קאַלי...

איצט גייט זי גאַס־איין, גאַס־אויס, באַלד וועט זי זיך אומקערן צוריק צו זיך. צו זיך? זי שטייט איין ביי איינעם אַ בריוטרעגער, און דאָס דירהלע זיינס איז גאָר אַ קליינס, צוויי צימערלעך בלויז. אין איין צימער שלאָפן מאַן און ווייב, און זי שלאָפט אין דעם עסצימער, וואָס איז גלייכצייטיק אַ קיך.

ער איז אַ מיטגליד פון איר ווידערשטאַנד־גרופּע. אַ בריוטרעגער אין ווידערשטאַנד — איז ממש אַן אוצר. די ווידערשטאַנד־באַוועגונג איז זייער צופרידן מיט אים.

## קאַפּיטל 74

פּערעלע האָט באַשלאָסן צו פאַרבלייבן אין פּאַריז, ווייל מען האָט איר געזאָגט, אַז זי, ווי אַ פרוי פון אַ פראַנצויזישן געפאַנגענעם, האָט נישט וואָס מורא צו האָבן, בפרט נאָך, אַז זי האָט צוויי קליינע קינדער און אַז אירע פראַנצויזישע שכנים האָבן זי געלויבט ביז גאָר.

דאָס אַליין וואָלט געווען אַ קנאַפּע מניעה פאַר דער געשטאַפּאָ צו האַלטן אַן אויג אויף איר און נאָך דעם זי און אירע צוויי קליינע קינדער צו אינטערנירן אין פּיטיוויע אָדער אין דראַנסי. זי איז דאָך אַ טאָכטער פון יאָסל גראָסמאַן און אַ שוועסטער פון אַ רעזיסטאַנט, וואָס די געשטאַפּאָ האָט אים, אונטער דעם אָדער יענעם נאָמען, שוין זיכער געהאַט אידענטיפיצירט ווי אַ געפערלעכן „טעראָריסט“.

אָבער אויך פון איר צד האָט פּערעלע זיך אָנגעשטויסן אויף מניעות

צו פאַרלאָזן פאַריז. די ערשטע מניעה איז איר שוויגער אַלגאַ אַלעקסאַנ־דראָוונאַ. זינט איר מאַנס טויט האָט זי זיך אַריבערגעקליבן צו איר שנור אין שטוב. וועגן מיטנעמען זי האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין; זי איבער־לאָזן אין פאַריז איינע אַליין איז אויך נישט מעגלעך געווען.

דער צווייטער אָפּהאַלט איז די פאַרבינדונג מיט איר געפאַנגענעם מאַן. ווי נישט ווי, באַקומט זי דאָ רעגלמעסיק ידיעות פון אים. פערעלען דוכט זיך, אַז אין פאַריז וועט זי אויך זיך קאָנען טרעפן, אויב נישט מיט איר ברודער, איז כאָטש מיט עמאַנועלאַן.

וואָס שייך ר׳ פנחסן און זיין פאַמיליע, זענען לכתחילה אין אויסגע־אַרבעטן רעטונגס־פּלאַן פאַרויסגעזען געווען די דריי קינדער, וואָס זיין דריטע, דאָ נישט לאַנג פאַרשטאָרבענע פרוי, האָט אים געהאַט געבוירן — האַנרי, אסתרל און יונהלע — ווי זיין סאַמע עלטסטער זון אפרים, אפרימס פרוי און זייערע קינדער.

אָבער אין דעם מאָמענט, ווען דער דאָזיקער פּלאַן האָט געזאָלט רעאַליזירט ווערן, האָט ד״ר זשאַק, אָדער ווי מען האָט אים אַ צונאָמען געגעבן „טובאָ״ (אַ פאַרקירצונג פון וואָרט „טוביב״, וואָס באַדייט אין דער פראַנצויזישער אומגאַנגס־שפּראַך „דאָקטאָר״) געמוזט צוגעבן, אַז אין דער דאָזיקער עקספּעדיציע־רשימה האָט מען אַריינגעשטעלט צו פיל מענטשן. האָט מען באַשלאָסן קודם צו „עקספּעדירן״ דעם אַלטן פנחס, זיין טאָכטער רבקהלע, וואָס זינט איר מאַן וואָלף גליצמאַן איז אינטערנירט געוואָרן אין דראַנסי, וווינט זי ביי איר טאַטן, זיין מיזיניקל יונהלע און אפרימען מיט זיין פרוי. אויך דאָ האָט מען געמוזט רעדוצירן ר׳ פנחסעס צד אין דער דאָזיקער אייגנאַרטיקער קאַראַוואַנע.

דאָס איז טאַקע געווען איינער פון די דעליקאַטסטע פונקטן פון עמאַנועלאַס שליחות. זי האָט געדאַרפט זיך באַמיִען צו איבערצייגן אפרימען אין צוויי זאַכן: עס איז ביז גאָר נייטיק, אַז אַ קענטיקער טייל פון זיין פאַמיליע זאָל זיך אַריבערקלייבן פון יענער זייט דעמאַרקאַציע־ליניע, אָבער נעמענדיק אין באַטראַכט די פאַרשטאַרקטע שמירה, זאָל ער, אפרים, זיך פאַרבינדן מיט וועמען ער וויל, וואָס זאָל אים און זיין פאַמיליע אַריבער־פירן אין דער אומבאַזעצטער זאָנע.

כדי צו זיין גאַנץ ערלעך מיט אפרימען האָט עמאַנועלאַ אים געזאָגט, אַז לויט ווי איר איז באַקאַנט, קאָן מען נישט שטענדיק זיך פאַרלאָזן אויף די דאָזיקע שמוגלערס, און נישט קליין איז די צאָל פון די יידן, וואָס זענען כלומרשטע רעטער און באַשיצער. ס׳זענען געווען אויך פאַלן, וואָס נאָך דעם ווי די פאַריזער פליטים זענען באַרויבט געוואָרן דורך זייערע באַגלייטערס, זענען זיי נאָך אויסגעליפערט געוואָרן דער געשטאַפּאָ. זאָל ער דעריבער גוט אַכטונג געבן, מיט וועמען ער וועט האָבן צו טאָן. אָבער וואָס שייך זיין טאַטן, האָט ער נישט וואָס זיך צו שרעקן. דער פּלאַן פון זיין אַנטלויפן איז גוט דורכגעטראַכט און אויסגעאַרבעט געוואָרן.

אפרימען האָט נישט בלויז נישט פאַרדראָסן, וואָס ער וועט מוזן בלייבן — ווער ווייסט ווי לאַנג נאָך — אין פאַריז, נאָר ער איז אין אַ געוויסן זינען גאָר צופרידן געווען. ער האָט מורא געהאַט זיך צו דער־ווייטערן פון זיין געשעפט, פון דעם זשעראַנט, וואָס מען האָט אים אַרויפ־געצוווּנגען. פאַרט ער איצט אַוועק, איז ווער ווייסט, צי ער וועט נאָך ווען נישט איז קאָנען ווערן צוריק באַלעבאָס, כאָטש דער זשעראַנט זיינער איז נישט פון די סאַמע ערגסטע. אַדרבה, ער פירט זיך אויף מיט אים לייטיש און ער ציט נאָך היינט אַרויס אויף פּרנסה, און אויך עפּעס מער, אַזוי אַז ער קאָן נאָך שטיצן זיין אַלטן טאַטן און זיינע פאַראָרעמטע ברידער און שוועסטער, פלימעניקעס און פלימעניצעס.

האָט ער געדאַנקט עמאַנועלאַן, וואָס זי זאָרגט זיך אַזוי שטאַרק וועגן זיין פאָטער, און ביי זיך אין האַרצן איז ער געווען צופרידן, וואָס זי באַפרייט אים פון דער נייטיקייט צו ליקווידירן, איינס צוויי, אַ געשעפט, אַ פאַרמעגן, אַ פיינע דירה מיט שיין מעבל — און זיך לאָזן אין אַ לויפעניש, וואָס ווערט באַגלייט דורך אָרעמקייט, דחקות און נויט.

## קאַפּיטל 75

יאָסל פון בעלוויל און ר׳ פּנחס פון פּלעצל האָבן אַן אָוונט פאַר זייער אַנטלויפן פון פאַריז שוין געוווּסט אַלץ, וואָס זיי האָבן געדאַרפט וויסן.

זיי האָבן, קודם כל, געדאַרפט איינפּאַקן דאָס סאַמע נייטיקסטע. דערנאָך האָבן זיי קיינעם נישט, אַפילו די נאָענטסטע שכנים זייערע, נישט געטאָרט אויסזאָגן, אויף וועלכער „אָפּעראַציע" זיי ריכטן זיך. קיינער טאָר נישט וויסן, וואָס און ווי אַזוי, אַנישט קאָן דער גאַנצער פּלאַן חרוב ווערן.

הויל און נאַקעט זענען די יידן געלאָפן מיט דער הילף פון אַ גרענעץ־שמוגלער, וואָס אים זענען באַקאַנט די וועגן און שטעגן אַרום דער דעמאַרקאַציע־ליניע און ער ווייסט אויך ווו און ווען מען אויף דער דעמאַרקאַציע־ליניע מען דאַרף געבן לאו יחרץ־געלט. עס זענען געווען אַ סך דורכפאַלן און בלויז דורך אַ נס האָט מען זיך געקאָנט אַרויסראַטעווען פון די שונאימס הענט.

פון די אַלע חבלי דעמאַרקאַציע־ליניע האָבן יאָסל און ר' פּנחס נישט געוווסט. אין דער פרי האָבן זיך אָפּגעשטעלט צוויי אַמבולאַנס־אויטאָס, איינע ביי דעם נומער הונדערט צוועלף פון דער רי דע בעלוויל, און אַ צווייטע ביים נומער זעכצן פון דער רי די רואַ דע סיציל, אויפן פּלעצל.

אָן איבעריקע דיבורים, מיט אַ קאַרגן „גוטמאָרגן" און מיט אַ צוויי־דייטיקן שמייכל אויף די ליפּן האָבן צוויי קראַנקן־ברידער געבעטן — אויפן בעלוויל — יאָסלען זיך מטריח צו זיין און זיך לאָזן אַראָפּפירן אויף אַ טראָגבערעטל פון די צוויי עטאַזשן גלייך אין אַמבולאַנס־אויטאָ אַריין. גענוי די זעלביקע פּראָצעדור האָבן אַנדערע צוויי קראַנקן־ברידער דורכגעפירט ביי ר' פּנחסן. אין יאָסלס אויטאָ איז מיטגעפאָרן יוכבד, און אין ר' פּנחסעס אויטאָ — רבקהלע און דאָס יינגל יונהלע.

געפאָרן זענען ביידע אַמבולאַנס־אויטאָס אין דער ריכטונג פון פּיקפּיס, ווו עס געפינט זיך דער ראָטשילד־שפּיטאָל. אָנגעקומען פאַרן טויער פון דעם באַוואַכטן ראָטשילד־שפּיטאָל, אין וועלכן עס ווערן אויפגענומען בלויז די שווער־קראַנקע יידן, וואָס זענען אינטערנירט אין דראַנסי — זענען יאָסל און ר' פּנחס אויף טראָגבעטלעך אַריינגעפירט געוואָרן אין אַ צימער מיט צוויי ליידיקע בעטן. יוכבד, רבקהלען און יונהלען האָט מען אַריינ־געפירט אין אַ צווייטן קראַנקן־צימער.

ס'האָט נישט לאַנג געדויערט, און אַ דאָקטאָר מיט אַ קראַנקן־שוועסטער זענען אַריינגעקומען צו יאָסלען און צו ר' פּנחסן. די קראַנקן־שוועסטער

האָט מיטגעבראַכט צווי קראַנקן־טאָוולען, אויף די נעמען — די פאַלשע נעמען, פאַרשטייט זיך — פון די ביידע נייע פּאַציענטן.

— אָט וועל איך מיט איהנעןביידן — האָט דער דאָקטאָר זיך גענומען חכמהנען אויף אַ דייטשמערישן יידיש — לערנען אַ־בע־צע, אָדער ווען זי וואָלען, אַלף־בית. פאַר אַלעם מוס איך צייגן יעדען פאָן אויך ווי זי הייסען יעצט.

זיך ווענדנדיק צו ר׳ פּנחסן, מאַכט דער דאָזיקער מאָדנער דייטשמע־רישער דאָקטאָר אַזוי:

— זי, ליבער גלויבנסגענאָסע, הייסען פון הויטע אַב אונד זאָ לאַנגע זי היער זינד, איין טאָג אָדער צוויי, בערנאַרד גראַבאָווסקי אונד ניכט אַנדערס. זי פערשטעהען?

ר׳ פּנחס פאַרשטייט יאָ און פאַרשטייט נישט. דעם דאָקטאָרס יידיש קומט אים פאָר היפשלעך קראַנק, מיט צעבראָכענע ווערטער, וואָס מען וואָלט זיי געדאַרפט אָנטאָן אין גיפּס, ווי אַ צעבראָכענע האַנט אָדער אַ צעבראָכענעם פוס.

— דאָס איז נאָך ניכט אַלעס — רעדט ווייטער דער דאָקטאָר — היער האַבען זי איינען גאַנצען צעטל און זי ווערדען מיסען לערנען אויסווענדיק וואָ זי געבאָרען זינד, זייט וואַן זי אין פראַנקרייך וואָהנען אונד זאָ ווייטער אונד זאָ ווייטער. איך האָפע זי ווערדען עס ניכט בראַוכען, אָבער אים פאַלע ווען די געסטאַפּאָ קאָמען זאָלטע, מוסט אַלעס ביי איהנען שטימען. האַבען זי פערשטאַנדען?

דער דאָקטאָר גייט צו צו יאָסלס בעטל, און דאָ חזרט זיך איבער די זעלביקע מעשה.

— איהר נאַמע איזט — זאָגט צו אים דער דאָקטאָר — מאָריס סלאָוויק.

היות ווי זיי ליגן שוין סיי ווי סיי אין שפּיטאָל, באַטראַכט זיי דער דאָקטאָר און פרעגט זיי ביידן אויס וועגן זייערע קראַנקייטן. ער פאַראָרדנט אויך, אַ ביסל לפנים וועגן און אַ ביסל טאַקע אויך ווייל זייער געזונט־צושטאַנד פאָדערט דאָס, די און יענע רפואות, און זיי, יאָסל און ר׳ פּנחס, שפּילן די ראָל פון שווער קראַנקע יידן, וואָס דאָס איז נישט סתם אַ מעשה אויסגעזויגן פון פינגער, נאָר דער ריינסטער אמת.

## קאַפּיטל 76

יאָסל און ר׳ פּנחס זענען פאַרבליבן אין ראָטשילד־שפּיטאָל צוויי נעכט מיט אַ טאָג. יוכבד אָבער, רבקהלע און דאָס יינגל זענען נאָך דעם זעלביקן טאָג דורך צוויי „זשאַנדאַרן" אָפּגעפירט געוואָרן אין אַן אָרט אַזאַ, האָט מען זיי געזאָגט, ווו זיי וועלן מער זיכער זיין.

— זאָרגט זיך נישט פאַר זיי — האָט געזאָגט דער דאָקטאָר ווען ס׳איז געקומען די מינוט זיך צו געזעגענען — אַלעס איז פאַרויסגעזען געוואָרן דורך ד״ר טובאָ און ער ווייסט שאָן וואָס צו טאָן.

— ד״ר טובאָ... ד״ר טובאָ... — דערלאַנגט פּנחס אַ קנייטש דעם שטערן — איר קענט הייסט עס, הער דאָקטאָר, מיין זון?

— דאָס איז מיינע זאַכע — טוט דער דאָקטאָר כלומרשט ברוגזלעך אַ ברום, אָבער ער צעשמייכלט זיך תיכף — וואָס מיינען זי, הער בערנאַרד גראַבאָווסקי? העטע איך איהרען זאָהן ניכט געקאַנט, ווערן זי יעצט בעשטימט ניכט היער. איבעריקנס, ווירד עס גאַר באַלד איין ווידערזעהען געבען מיט איהרעם זאָהן. זי אונד איהרע...

— טאָכטער — פאַרכאַפּט ר׳ פּנחס די רייד — זי איז מיין טאָכטער.

— זי האָט שוין אויך — זאָגט דער דאָקטאָר — איר ריכטיגען, דאָס הייסט דען איר צוגעדאַכטען נאָמען בעקאָמען.

— ווי איז היינט איר נאָמען? — פרעגט ר׳ פּנחס.

— דאָס ווערדען זי מאָרגען ערפאַהרען — ענטפערט דער דאָקטאָר קורץ.

— אונד זי — ווענדט זיך דער דאָקטאָר צו יאָסלען — איהרע פרוי הייסט אויך סלאָוויק.

יאָסל ווייסט אַליין נישט פאַר וואָס, נאָר אים דוכט זיך, אַז דער דאָקטאָר האָט אים אַ גרויסע טובה געטאָן, וואָס ער האָט זיי ביידן, אים און יוכבדן, געגעבן דעם זעלביקן פאַמיליע־נאָמען.

אַרויסגעפירט האָט מען ביידן אין צוויי אַמבולאַנס־אויטאָס און גע־בראַכט האָט מען זיי צו פירן שפּעט אין דער נאַכט אין אַ פאָרשטאָט פון

פּאַריז, אין אַ הויז פון אַ פראַנצויז, ווו יאָסל און יוכבד, ר׳ פּנחס, רבקהלע און יונהלע, האָבן זיך פון דאָס ניי געטראָפן און זיי האָבן דאָרט איבער־גענעכטיקט. דעם אַנדערן באַגינען זענען געקומען צוויי זשאַנדאַרן און צוויי אין ציוויל געקליידעטע פראַנצויזן, וואָס האָבן זיי געבראַכט צום ליאָנער וואָקזאַל.

איין זשאַנדאַר און איין ציווילער האָבן אַריינגעזעצט אין וואַגאָן די צוויי פרויען און דאָס יינגעלע, און אַ צווייטער זשאַנדאַר מיט אַ ציווילן האָבן געהאָלפן יאָסלען און ר׳ פּנחסן אַריינגיין אין וואַגאָן ערשטע קלאַס, וואָס ווערט געוויינלעך באַנוצט דורך די דייטשע אָפיצערן. זיי זענען אַריין אין וואַגאָן אַ האַלבע שעה איידער דער צוג האָט גענומען רירן און קיין דייטשע אָפיצערן זענען נאָך אין דעם וואַגאָן נישט געווען. די ציוויל־געקליידטע פראַנצויזן האָבן נאָך געקאָנט אויסרעדן אומגעשטערט אַ פּאָר ווערטער מיטן קאָנטראָלער פון צוג.

דער קאָנטראָלער האָט אַלע פינף בלינדע פּאַסאַזשירן פאַרשפּאַרט אין זיין אייגן קעמערל און פאַרשלאָסן פון דרויסן די טיר, אָבער פריִער נאָך האָט ער איטלעכן פון זיי געהייסן גיין אין קלאָזעט, ווייל אין מיטן דער נסיעה, האָט ער זיי אָנגעזאָגט, וועט ער קיינעם נישט קאָנען אַרויסלאָזן פון קופּע.

און אַזוי, צוזאַמענגעפּרעסט, האָבן אַלע פינף געמוזט זיצן אויפן בעטל בעת דער גאַנצער נסיעה און אַפילו נאָך איבעריקע צוואַנציק מינוט, נאָך דעם ווי מען איז שוין אַריבערגעפאָרן די דעמאַרקאַציע־ליניע.

אַ נייער טאָג, אַ נייער וואָקזאַל, אַ נייע שטאָט — ליאָן. ליאָן ליגט אין דער אומבאַזעצטער זאָנע, וואָס איז נאָך מער־ווייניקער אַ פרייע זאָנע. אַלץ איז דאָ ניי. פרייען זיך טאַקע די בלינדע פּאַסאַזשירן, וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן אויף טערקיש די דעמאַרקאַציע־ליניע און אירע דייטשע שומרים. זיי זענען טאַקע מיד, יאָסל, ר׳ פּנחס און די צוויי פרויען, יוכבד און רבקהלע. דאָס יינגל אַוודאי אויך, כאָטש ער האָט באַלד ביים אָנהייב פון צוג אַנידערגעלייגט דעם קאָפּ אויף ר׳ פּנחסעס שויס און זיך גאַנץ גוט דורכגעשלאָפן.

זיי זענען טאַקע אויסגעמאַטערט און דער שלאָף ליגט זיי אויף די פּנימער. אָבער וואָס פאַר אַ ווערט האָט דאָס קעגן דער פרייד זייערער וואָס זיי זענען ענדלעך אָנגעקומען אויף אַן אָרט, ווו מען דאַרף זיך מער נישט שרעקן?

זייערע באַשיצער, די צוויי „זשאַנדאַרן" און די אַנדערע צוויי אין ציוויל געקליידטע פראַנצויזן, באַגלייטן זיי צום אַרויסגאַנג פון וואָקזאַל, מסתמא וועלן זייערע באַשיצער זיי שפּעטער אויך נישט פאַרלאָזן. זיי ווייסן דאָך נישט וווהין צו גיין, וווהין זיך צו קערן און צו ווענדן.

— רבקהלע! — ווענדט זיך ר' פּנחס צו זיין טאָכטער — דו רעדסט דאָך פראַנצויזיש, ווי עס דאַרף צו זיין, גיב זיי אַ פרעג, וווהין זיי פירן אונדז.

אַ שרעקלעכער געדאַנק איז פּלוצלינג דורכגעפלויגן דורך זיין מוח. אפשר האָט מען אונדז אַרעסטירט? אפשר פירט מען אונדז אין תפיסה אַריין? וואָרעם אַנישט וואָלטן זיי דאָך נישט געווען אַזעלכע שווייגנדיקע, וואָלטן זיי דאָך עפּעס געזאָגט.

אַ נאַרישער געדאַנק. אָבער ווי שנעל ער איז געקומען, דער דאָזיקער חשד, אַזוי שנעל איז ער צוריק פאַרשוווּנדן. רבקהלע רעדט מיט איינעם פון די צוויי ציווילע פראַנצויזן און ער ענטפערט איר אַזוי פריינדלעך, אַזוי מיטפילנדיק, אַז בעסער קאָן גאָרנישט זיין. דער צווייטער פראַנצויז זאָגט אַפילו, אַז כאָטש ער און זיינע קאָלעגן האָבן אייגנטלעך אויסגעפילט די שליחות, וואָס ד"ר טובאָ האָט זיי געהאַט אָנגעטרויט, וועלן זיי פאָרט זיי ברענגען אויף אַן אָרט, אין זייער נייער דירה. ער בעט בלויז אַנטשול־דיקונג פאַר די „זשאַנדאַרן", וואָס וועלן נישט קענען מיטגיין מיט זיי.

— איר פאַרשטייט — פאַרענדיקט ער מיט אַ שמייכעלע — עס איז זייער נישט באַקוועם פאַר זיי צו שפּילן די ראָל פון זשאַנדאַרן...

ר' פּנחס, אַז ער האָט געהערט פון זייער מויל זיין זונס נאָמען ד"ר טובאָ, האָט אים דאָס האַרץ געקוואָלן פון פרייד. דאָס איז יאַנקעלע, זיין זון, לאַנג לעבן זאָל ער, וואָס פאַר אַ טייער קינד ער איז און מיט וואָס פאַר אַ מסירת־נפש ער נעמט זיך אָן די עוולה פון אַלע יידן. אויף קידוש השם גייט ער יעדע רגע.

און איידער ער קוקט זיך אַרום, האָבן שוין יאָסל און יוכבד זיך געקושט און געהאַלדזט מיט זייער טאָכטער און מיט זייער איידעם. זיי זענען, ווייזט אויס, געקומען באַגעגענען נישט בלויז דעם טאַטן און שווער, נאָר אויך אים, ר׳ פּנחסן, זיין טאָכטער און זיין מיזיניקל. אַז מען שמועסט מחותנים, איז דאָך נישט שייך. איצטער ווייסט ער שוין קלאָר, אַז זיי זענען געוואָרן ווי איין משפּחה. אַפילו דער געוועזענער פּראָפעסאָר פון אור־גערמאַנישער געשיכטע, האַנס בוימאַן, האָט אויך אַ נאָענטע שייכות צו אים...

## קאַפּיטל 77

דער דוחק אין וווינונגען איז געווען זייער גרויס, האָט מען נאָך לאַנגע זוכענישן, געפונען אַ בשותּפותדיקע דירה פאַר די ביידע משפּחות אין אַלטן שטאָטטייל פון ליאָן — אַ הויז, וואָס איר אייגנטימער איז געווען אַ מיטגליד אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, אַ ליאָנער פון דור־דורות.

פון דעסטוועגן האָט דער דאָזיקער פראַנצויז נישט אָנגעהויבן צו וויסן, אַז דער אַלטער ייד מיט דער לאַנגער ווייסער באָרד הייסט פּנחס שטיין און דער צווייטער ייד הייסט יאָסל גראָסמאַן. זיינע נייע שכנים רופט מען בערנאַרד גראַבאָווסקי און מאָריס סלאָוויק, און אַזוי אויך האָט ער זיי פאַרשריבן אין דער רשימה פון זיינע לאָקאַטאָרן.

זיי גופא האָט מען אָנגעזאָגט, זיי זאָלן אויך זיך נישט רופן אַנדערש אַפילו אין ליאָן. מען קאָן דאָך נישט וויסן, וועלכע בייזע אָנשיקענישן דער מאָרגנדיקער טאָג איז אין שטאַנד צו ברענגען; מען קאָן אויך נישט וויסן, צי פון דער פּאַריזער פּאָליציי־פּרעפעקטור און פון דער פּאַריזער געשטאַפּאָ, וווּ זייער אַנטלויפן איז זיכער באַקאַנט געוואָרן, וועט נישט געשיקט ווערן אויך קיין ליאָן אַ זוכבאַפעל.

קיין מאָל נאָך זענען אין ליאָן אַזוי פיל יידן נישט געווען. אַלע טאָג קומען צו פריש־אָנגעלאָפענע יידן פון פּאַריז און פון אַנדערע געגנטן פון דער באַזעצטער זאָנע. אויך עלזאַסישע יידן זענען פאַראַן, און אַלזשירישע

יידן, אַפילו טערקישע יידן קאָן מען דאָ באַגעגענען׳ ווען מען גייט אַ קוק טאָן, וואָס עס טוט זיך אַרום דער היגער שול, ווי אַזוי יידן לעבן דאָ, ווי אַזוי זיי מאַטערן זיך, וואָס עס איז זייער טועכץ און וואָס פאַר אַ לעצטע נייעס זיי האָבן מיטגעבראַכט.

כאָטש ר׳ פּנחס איז אַלט, קראַנק און צעבראָכן, האָט ער דאָך געמאַכט, אָנגעלענט פון איין זייט אויף זיין שטעקן, און פון דער צווייטער זייט אויף זיין טאָכטער רבקהלען, אַ שפּאַצירגאַנג אין דער שולגעגנט. אָבער דער דאָזיקער גאַנג האָט אים אַזוי אויסגעמאַטערט, אַז מער איז ער אַהין נישט געגאַנגען. ס׳איז נישט מער פאַר זיינע כוחות אַפילו צו פאָרן אַהין מיטן אויטאָבוס. בכלל איז ר׳ פּנחס אין די לעצטע פינף וואָכן, וואָס ער געפינט זיך אין ליאָן, נישט מער דער אַפילו, וואָס ער איז געווען מיט אַ זעקס חדשים צוריק.

רבקהלע האָט זיך געבייזערט אויף אים וואָס ער האָט דורכויס געוואָלט גיין אָנקוקן די יידן אין ליאָן. קוים אַ לעבעדיקער איז ער צוריקגעקומען אין שטוב. אפשר אַ שעה האָט געדויערט ביז ער האָט אַרויפגעקלעטערט אויפן דריטן שטאָק, ווו די דירה האָט זיך געפונען. דעם אַנדערן טאָג האָט מען געדאַרפט רופן אַ דאָקטאָר. פאַר איינוועגס האָט שוין אויך יאָסל געגאָסן פון דעם דאָקטאָרס וויזיט.

יאָסל, כאָטש אַ סך יינגער ווי ר׳ פּנחס, איז נאָך מער שברי־כלי. ר׳ פּנחס איז נישט מער ווי אַלט — ברוך השם, דאַרף מען זאָגן — און ווען מען איז אַלט, איז מען ממילא שלאַף, אָפּגעשוואַכט, אַזוי איז שוין דער דרך העולם. יאָסל אָבער, חוץ דעם וואָס ער איז האַרץ־קראַנק, האָט ער לעצטנס געקריגן נאָך אַ מחלה, די פּאַרקינסאָן־קראַנקייט. רחמים דאַרף ער האָבן!

זענען אין שטוב פאַראַן, הייסט עס, צוויי חולאים, צוויי קראַנקע יידן. און זיי זענען כמעט מחותנים. ר׳ פּנחסעס אייניקל, שושנה, אפרימס עלטסטע טאָכטער, דאַרף אין עטלעכע וואָכן אַרום חתונה האָבן מיט יאָסלס זון דניאל, דעם אינזשעניר.

שוין צייט כ׳לעבן, טוט ווי־דער׳ ר׳ פּנחס אַ זיפץ, שוין צייט זיי זאָלן

ביידע חתונה האָבן, כדת משה וישראל, ווי עס פּירט זיך ביי יידן, און נישט סתם לעבן אַזוי, אין הפקרות.

מיטלייד האָט ר׳ פּנחס אויף יאָסלס יידענע, אויף יוכבדן. זי האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַן אמתע אשת חייל. אַזוי ווייט האָט יוכבד אויסגענומען אין ר׳ פּנחסעס אויגן זינט זי וווינט מיט איר מאַן אין דער זעלביקער דירה וואָס ער, אַז יעדעס מאָל ווען ער קוקט זיך צו מיט וואָסער געדולד זי פּאָרעט זיך אַרום איר קראַנקן מאַן, פאַרדריסט אים ביז גאָר די בייזע רייד, די טענות וואָס ער האָט געהאַט צו איר, די פאָרווורפן וואָס ער פלעגט איר מאַכן, צו ערשט — הלמאַי זי האָט כלומרשט אָנגערעדט איר זון הירשקען ער זאָל פאַרפירן זיין טאָכטער בת־שבע, פּונקט ווי יוכבד וואָלט געווען שולדיק אין דעם, און אויך נאָך דעם גרויסן אומגליק, וואָס האָט געטראָפן מיט בת־שבען און הירשקען וועןביידע זענען אומגעקומען, און אַ צייט שפּעטער, בעת איר צווייטער זון דניאל האָט אָנגעהויבן זיך שטאַרק צו חברן מיט זיין אייניקל שושנה — פאַר וואָס זי, זיין מאַמע האָט זיך נישט אַריינגעמישט און גאָרנישט נישט געטאָן דער שידוך זאָל זיך פונאַנ־דערגיין נאָך איידער עס איז געווען אַ רייד זיי זאָלן חתונה האָבן.

וואָס איז זי נעבעך געווען שולדיק, אין ביידע פאַלן, די אָרעמע יוכבד? פּונקט אַזוי שולדיק איז זי געווען ווי ער, פּנחס, דער טאַטע, דער זיידע. די היינטיקע וועלט איז שולדיק.

דאָס איז עס, פּסקנט ר׳ פּנחס. קיין ייד איז אין גאָרנישט נישט שולדיק. אַלץ וואָס יידן טוען, אָדער עס איז גוט, אָדער אויב עס איז אַפילו שלעכט, טוען זיי עס בשוגג, ווי מען זאָגט צו כל נדרי: „כי לכל העם בשגגה״, אַלץ איז בשוגג.

יאָסל פילט זיך גאָר נישט גוט, ערגער, דוכט זיך אים, ווי נעכטן און אייערנעכטן. ער ליגט אין בעט אין צווייטן צימערל, וואָס גרענעצט זיך מיט ר׳ פּנחסעס חדרל, און האָרכט זיך צו — קודם צו זיינע אייגענע טויבע ווייטיקן, וואָס שטעכן אים אין ברוסטקאַסטן און צווייטנס — וועד ווייסט? אַפילו ער אַליין אויך נישט — צו ר׳ פּנחסעס געדאַנקען, אויב געדאַנקען פאַרמאָגן אַ קול, ווי אים דוכט זיך.

וואָס מער יאָסל קוקט זיך צו צו ר׳ פּנחסן, וואָס מער ער האָרכט זיך צו צו דעם זקנס גמרא־ניגונדל, וואָס ער ברומט כמעט אַ גאַנצן טאָג אין זיין ווייסער לאַנגער באָרד אַריין, אַלץ מער יראת הכבוד האָט ער פאַר אים, אַלץ מער וואָלט ער וועלן האָבן אַ חלק אין זיינע מחשבות. כדי אויפ־צוכאַפּן יענעמס רעיונות, מוז מען אָבער בלייבן ליגן שטיל, רויק און נישט באַוועגן קיין איין גליד. אַזוי מיינט יאָסל.

דאָס טוט ער טאַקע. ער ליגט שטיל ווי אַ טויב. ס׳איז נישט אמת, אַז ער איז געוואָרן קאַפּריזנע. פּונקט פאַרקערט, ווען יוכבד פרעגט אים ווי ער פילט זיך, מעג ער ווי ליידן, ענטפערט ער איר, אַז ער פילט זיך אַ סך בעסער, אַ סך בעסער. פאַר וואָס טאַקע זאָל ער איר אָנטאָן עגמת נפש? זי האָט אַזוי אויך שוין גענוג אויסצושטיין צרות מיטן זאָרגן פאַרן ביסל עסן, ווען מען דאַרף באַצאָלן אַ דאָקטאָר פאַר אַ וויזיט און קויפן רפואות.

יאָ, שוין אַן אָפּגערעדטע זאַך. אין דריי וואָכן אַרום דאַרפן זיי ביידע, דניאל און שושנה, קומען קיין ליאָן, און דאָ וועט מען פראַוועון די חתונה. זיי ווילן, אַז זייער חתונה זאָל זיין אַן עכט יידישע, מיט אַ רב, מיט חופּה וקדושין. וועט טאַקע זיין אַ גרויסע פרייד.

## קאַפּיטל 78

האַנס און בעלאַ קומען געוויינלעך צו „פּאַטי און מוטי", ווי האַנס רופט אָן זיין שוועער און שוויגער, אַן אָוונט איבער אַן אָוונט, כדי צו זען וואָס זיי מאַכן אין געזונט און בכלל וואָס עס טוט זיך ביי זיי.

בעלאַ ברענגט מיט אַ ביסל עסנוואַרג פון דעם, וואָס זי קויפט איין אויף די שפּייז־קאַרטן, און צום טייל — וואָס זי האַנדלט איין אויפן שוואַרצן מאַרק. איר האָט מען טאַקע צו פאַרדאַנקען די מאָגערע אויס־קומעניש פון די ביידע משפחות, וואָס וווינען אין אַ געסל פון דער אַלט־שטאָט פון ליאָן.

האַנס ווידער פאַרזאָרגט ביידע משפחות מיט אינפאָרמאַציע. ער הערט

זיך צו אי צום מאָסקווער ראַדיאָ אי צום לאָנדאָנער ראַדיאָ. ער ווייסט אַלץ, וואָס עס קומט פֿאָר אויף אַלע פראָנטן — אין אַפריקע, אין רוסלאַנד און אויך אויפֿן ווידערשטאַנד־פראָנט אין פראַנקרייך. גליקלעך איז ער געווען, האַנס בוימאַן, ווען ער האָט געקאָנט ברענגען צום אָונטערוויט ביי ביידע משפחות עפּעס אַ גוטע ידיעה. מען האָט קאָמענטירט יעדן נצחון איבער די דייטשן.

גערעדט האָט מען אויך ביים אָונטערוויט וועגן די יידישע נויטבאַ־דערפטיקע פּליטים, וואָס קומען טאָג־טעגלעך אין ביוראָ פון די יידישע פאַראייניקטע הילף־אָרגאַניזאַציעס, ווו האַנס אַרבעט אַלס סעקרעטאַר, און דערציילן צום באַדויערן נישט וועגן נצחון, נאָר וועגן אומגליק, דחקות און שרעק פאַרן מאָרגנדיקן טאָג.

האַנס בוימאַן, דער געוועזענער אוניווערסיטעט־פּראָפעסאָר פון אור־גערמאַנישער געשיכטע און מיטאָלאָגיע, איז ביסלעכווייז געוואָרן כמעט אַן „אָסטיודע". נישט בלויז האָט ער זיך אויסגעלערנט רעדן יידיש, נאָר ער נעמט שוין פּאַמעלעך און גרינדלעך, ווי עס פּאַסט פאַר אַ יעקע, לערנען עברית. האַנס האָט זיך צוגעכאַפּט צו לשון־קודש. לשון־קודש, ווי באַקאַנט, לערנט מען אין די כתבי הקודש, אין די הייליקע ספרים, אין תנך.

אָבער לשון־קודש, תנך, דאַרף מען לערנען נישט בלויז פּאַמעלעך און גרינדלעך, נאָר מען מוז אויך פאַרשטיין זייער „מאי קא משמע לן", וואָס לאָזן זיי אַ ייד אַ בעל־תשובה הערן. האַנס בוימאַן פילט, אַז פון טאָג צו טאָג ווערט ער אַלץ מער בעל־תשובה.

דעם דאָזיקן וועג זיינעם צו יידישקייט, באַשרייבט ער אָונט נאָך אָונט אין זיין טאָגבוך, וואָס ער שרייבט נאָך אַלץ אין דייטש. ער צייכנט אים פונקט אַזוי, ווי מען צייכנט אַ לאַנדקאַרטע, און ער האָפט טאַקע, אויב אים וועט זיך איינגעבן אַרויסצוגיין בשלום פון דעם קאַטאַקליזם, צו פאַרעפנט־לעכן זיין טאָגבוך, כדי אויך אַנדערע געוועזענע יידישע פּראָפעסאָרן פון דייטשלאַנד זאָלן זיך אַראָפּנעמען אַ מוסר־השכל פון זיין לעבנסגאַנג.

ער ווייסט אָבער, אַז ער האָט נאָך אַ סך, גאָר אַ סך צו לערנען פון יידישקייט, ביז ער וועט שוין אין גאַנצן זיין אויסגעליידיקט פון זיין

גוישקייט. לאַנג איז דער וועג פון דעם ערשטן שפּראָץ פון יידישן באַ־וווסטזיין ביז עס וואַקסט אויס אַ צייטיקע פּרי פון אַן אמת יידישער באַוווסטזיניקייט; דער וועג, וואָס הייבט זיך אָן מיטן ערשטן טריט, וואָס מען מאַכט אין דער יידישער הייגטצייטיקער געשיכטע ביז עס עפנט זיך אָן אַריינגאַנג אין דער יידישער צוקונפט; פון דער וואָכעדיקער יידישקייט ביז דער נשמה יתירה, וואָס פירט אַריין אין דער רחבותדיקער שבת־יומטובדיקער יידישקייט.

דערפאַר איז האַנס בוימאַן מלא שמחה יעדעס מאָל ווען ער קומט צו „פּאַטי און מוטי״ און קאָן נהנה זיין פון ר׳ פּנחסעס אַ ווערטל, אַ פּסוק, אַ מימרא, אַ שטיקל תורה, אַ מאַמר חז״ל.

ר׳ פּנחס זשאַלעוועט נישט צו געבן האַנס בוימאַנען כאָטש אַ ברוכטייל פון דעם, וואָס ער גופא פאַרמאָגט אין יידישקייט; ער האָט אים אויף אַן אמת ליב באַקומען, דעם דאָזיקן גר, און ער איז ביי אים פאַררעכנט ווי ער וואָלט געהערט צו זיין פאַרצווייגטער משפחה, אָדער ווי ער וואָלט געווען זיינער אַ באַליבטער תלמיד.

## קאַפּיטל 79

ערב פּסח 1942. געקומען די צייט בודק חמץ צו זיין. וועט נאָר דער מאָרגנדיקער טאָג אַדורכגיין בשלום, וועלן די בני־בית פון די צוויי משפחות קאָנען זיך אַנידערזעצן ביים גרויסן טיש, וואָס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן פון פיר קליינע טישלעך, און אָפּריכטן דעם סדר.

אין דרויסן, אין ליאָן, אין פּאַריז, כמעט אין גאַנץ אייראָפּע בושעוועט נאָך אַלץ די מלחמה, און עס קומט פאָר אַ שווערער געראַנגל אויף אַלע רוסישע פראָנטן. מיטן אָנקומען פון פרילינג איז דער גרעסטער שונא היטלערס, דער „גענעראַל ווינטער״, ווידער נעלם געוואָרן, און די דייטשן, זאָגט מען, פייערן נייע נצחונות. טאָ ווי אַזוי זאָל מען זיך פרייען מיטן נייעם פּסח?

ר׳ פּנחס קריכט אַרויס פון בעט. שווער קומט אים אָן צו האַלטן זיך

אויף די שוואַכע פּיס. גאָט איז אָבער פאַרט אַ טאַטע. מורמלט ער אין זיך אַריין דעם היימיש געוואָרענעם פּסוק פון תהילים: „אַל תשליכנו לעת זקנה, ככלות כוחנו אַל תעזבנו", וואָס דאָס איז דער טייטש: דו זאָלסט אונדז נישט אַוועקוואַרפן אין דער צייט פון זקנה, ווען די כוחות גייען אויס, זאָלסטו אונדז נישט פאַרלאָזן — און ער ווערט פעסטער ביי זיך.

גאַנץ תהילים קאָן ר׳ פּנחס אויף אויסווייניק. דערמאָנט זיך אים אין דער רגע אַ צווייטער פּסוק: „אַל תשליכנו מלפנך ורוח קדשך אל תקח ממנו", וואָס עס באַדייט אויך: „דו זאָלסט אונדז נישט אַוועקשליידערן פון דיר און דיין גייסט דיין הייליקן זאָלסטו נישט צונעמען פון אונדז". זיין האַרץ שטאַרקט זיך מיט בטחון און מיט פרייד, אַ פרייד, וואָס נעמט זיך פון זיין גרייטקייט מקיים צו זיין די מצווה פון ביעור־חמץ, אַ „שמחה של מצווה".

— חמץ — גיט ער צו פאַרשטיין האַנס בוימאַנען — איז דער יצר־הרע, און דער יצר־הרע איז דער שטן, און דער שטן איז דער מלאך־המוות.

אָנגעטאָן אין אַ כאַלאַט, אַ מין שלאַפראָק, גייט ר׳ פּנחס זיך אָנ־האַלטנדיק אויף זיין טאָכטערס פּלייצע, פון ווינקעלע צו ווינקעלע, און שאַרט צונויף מיט אַ גענדזענער פעדער די ברעקלעך ברויט, וואָס ער האָט מיט עטלעכע מינוט צוריק צעזייט און צעשפּרייט, אין אַ הילצערנעם לעפל אַריין.

## קאַפּיטל 80

דער סדר־טיש שטייט שוין גרייט ציכטיק און פייערלעך. מיט אַ קלאָרווייסן טישטעך איז ער באַדעקט און אָנגעלאָדן איז ער מיט אַלץ, וואָס איז נייטיק אויף צו פאַרטייטשן יענעם גרויסן נס פון יציאת מצרים, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט מיט דריי טויזנט יאָר צוריק.

איצט פעלט נישט מער נאָר אַז די דריי באַלעבאָסטעס, ר׳ פּנחסעס טאָכטער, יאָסלס ווייב יוכבד און זייער טאָכטער בעלאַ זאָלן בענטשן ליכט יעדערע פאַר זיך. אין בלעכענע לייכטערס וועלן זיי מוזן בענטשן. די

זילבערנע לייכטערס זייערע זענען פאַרבליבן אין פּאַריז. די מענער וואָלטן געדאַרפט אָנטאָן זייערע יום־טובדיקע בגדים און זיך לאָזן גיין אין שול אַריין. אָבער פון גיין אין שול קאָן דאָך היינט קיין רייד נישט זיין. ר׳ פּנחס שטעלט קוים אַ טראָט אין שטוב גופא. יאָסל איז אויך נישט מער אַזאַ וואָזשנער פוסגייער. אויך ר׳ פּנחסעס זונדעלע און בעלאָס מאַן קאָנען זיך נישט דערלויבן אַוועקגיין פון שטוב, ווייל דער צוריקוועגס געדויערט מער ווי אַ שעה און די הגדה־זאָגן געדויערט אויך אַ היפּשע ווײַלע. חוץ דעם ווערן האָנס און בעלאַ נאָך דאַרפן היינט גיין צוריק צו זיך אַהיים. ווער מען מוזן דאַוונען אָן אַ מנין.

האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז ווען די פיר יידן האָבן געהאַלטן אין אויסגיין די שמונה עשרה פון מנחה, מאַכט זיך אויף די טיר און ווי אין דער הגדה שטייט געשריבן: מיגון לשמחה:

— גוט יום־טוב!

אומגעריכט, ווי פון הימל, זענען דניאל און שושנה אַריינגעפאַלן אין שטוב שיינענדיקע און גליקלעכע.

— פאַר וואָס זענט איר אַזוי שפּעט געקומען?

— נישט געקאָנט. מיר זענען געווען שטאַרק פאַרנומען... אַרבעט איבערן קאָפּ...

ר׳ פּנחס פרייט זיך מיט זיין אייניקל. יאָסל און יוכבד פרייען זיך מיט זייער זון: אַ ברכה צו מאַכן אויף אים! יאָסל שאָקלט צו כסדר מיטן קאָפּ און עס קוקט אויס, ווי ער וואָלט געענטפערט „יאָ" אויף פראַגעס, וואָס קיינער פרעגט אים נישט. נאָך אַ צען־צוואַנציק מאָל צושאָקלען מיטן קאָפּ „יאָ", נעמט זיך דער קאָפּ ביי אים באַוועגן דאָ פון רעכטס אויף לינקס און דאָ פון לינקס אויף רעכטס, ווי ער וואָלט זיך איינגעעקשנט און נישט מסכים געווען מיט גאָרנישט, פּראָסט־פּשוט: ניין און ניין. נאָר דאָס דוכט זיך בלויז, ווארעם סיי דער „יאָ" זיינער, סיי זיין „ניין" זענען דער אויסדרוק פון זיין פּאַרקינסאָן־קראַנקייט. קוקט דניאל אויף זיין טאַטן, און די פרייד זיינע באַדעקט זיך מיט אַ שוואַרצן שלייער.

ר׳ פּנחס קלייבט נחת פון זיין אייניקל שושנה. נאָך שענער איז זי

געוואָרן, שענער און ערנסטער. יאָ, ערנסט און לאַכנדיק קוקן אים אָן אירע גרויסע בלאָע אויגן.

זעקס און צוואַנציק יאָר איז זי אַלט, דערמאָנט זיך ר׳ פּנחס. אַ כלה־מויד איז זי, און גאָר אין גיכן וועט זי חתונה האָבן מיט דניאלן, יאָסלס זון. שוין צייט כ׳לעבן, שוין צייט...

אין דעם אויגנבליק שפּילט זיך אָפּ עפּעס, וואָס וואָלט ביי אַ זייטיקן עולם, אַ נישט שטאַרק באַהאַוונטן אין די קרובהשאַפט־גראַדן פון ר׳ פּנחסעס פאַרצווייגטער משפּחה, געדאַרפט אַרויסרופן פאַרוואונדערונג: די הויכגע־וואַקסענע כלה־מויד שושנה כאַפּט אַריין דעם פּערצניעריקן יונהלע אין אירע אָרעמס מיטן אויסגעשריי: „אָנקעלע מיינער, ליבינקער, טייערער!״.

זי האָט אים אויפגעהויבן, כדי זיין פּנים זאָל קאָנען זיך אָפּשפּיגלען אין איר פּנים, און פאַר גרויס פרייד האָט זי גענומען זיך דרייען מיט אים אין אַ קאַראַהאָד.

ר׳ פּנחס קוקט זיי ביידן אָן, זיין מיזיניקל יונהלע און זיין אייניקל שושנה, און פאַרטראַכט זיך. איך בין טאַקע אַלט, קראַנק און שוואַך, זאָגט ער זיך, אָבער ווען דער אייבערשטער זאָל וועלן, קאָן דאָך געשען, אַז איך זאָל דערציִען עד מאה ועשרים, און איך זאָל דערלעבן צו האָבן אַן אייניקל פון מיין מיזיניקל יונהלע און אַן אוראייניקל פון מיין אייניקל שושנה!

## קאַפּיטל 81

אַז ביי אַ פאַמיליע־צוזאַמענקום ביים סדר־טיש זאָל זיך צוטשעפּען אויך אַן עכטער פראַנצויזעלע, פון אַ יאָר דרייצן־פערצן, כדי מיטצופראַווען דעם סדר — דאָס איז מסתמא ביי יידן נאָך נישט געשען. אָבער בעת דניאל און שושנה האָבן געדאַרפט פאָרן צו זייערע עלטערן קיין ליאָן, האָבן זיי קיין אַנדער עצה נישט געהאַט, ווי מיטצונעמען פּיעראַן.

אין צוג האָט דניאל זיך באַמיט צו געבן פּיעראַן צו פאַרשטיין, וואָס דאָס איז אַזוינס אַ סדר — אַ רעליגיעזע צערעמאָניע, וואָס מען געפינט נישט איר גלייכן ביי פראַנצויזן און ביי קיין איין פאָלק, אין קיין לאַנד.

און די מעשה, וואָס ווערט דערציילט ביי דעם דאָזיקן סדר, איז זיך פאַר־לאָפן מיט דריי טויזנט יאָר צוריק, ווען די אַלע פעלקער, וואָס פירן היינט מלחמה מיטן דייטש, האָבן נאָך בכלל נישט עקזיסטירט, און די דייטשן — אַוודאי און אַוודאי נישט.

קיינער האָט פּיעראָן נישט געזאָגט, ווי אַזוי ער דאַרף זיך נוהג זיין ביים טיש. טראַכט ער, אַז דאָס בעסטע וועט זיין, ער זאָל קוקן אויף יענעם יינגל, און וואָס יענער וועט טאָן, וועט ער אויך טאָן. ער באַשליסט דעריבער נישט אָראָפּצונעמען פון אים די אויגן. אָבער ווי קאָן פּיעראָ זיך פאַרגלייכן מיט אַ יינגל, וואָס געפינט זיך ביי זיך אין שטוב, אַפילו אויב ער איז מיט אים אין די זעלבע יאָרן? און דאָס איז דאָך נישט דאָס ערשטע מאָל ביי יענעם יינגל. אַלע יאָר צו דער זעלביקער צייט, האָט אים דניאל געזאָגט, ווערט געפּראַוועט ביי יידן אַ „סדר", ווי זיי רופן אָן דאָס, וואָס אין פראַנצויזיש איז פאַר דעם גאָר קיין וואָרט נישטאָ.

דער הגדה־טעקסט האָט זיך געלייענט לייכט. האַנס האָט דאָרט אַלץ געפונען אויף אַן אָרט. אויף אַן אָרט זענען געלעגן די פיר מה נשתנה־קשיות, וואָס שושנהס אָנקל יונהלע האָט געפרעגט זיין טאַטן, און דער ענטפער אויף די דאָזיקע פיר קשיות, וואָס עס האָבן געגעבן, ווי מיט איין קול און מיט דעם זעלביקן ניגון, דער פירזאָגער ר' פנחס און אַלע אַרומיקע סדר־בייזיצער, חוץ פאַרשטייט זיך, פּיעראָ, וואָס איז דאָ אַריינגעפאַלן טאַקע ווי אַ יוון אין סוכה.

— „עבדים היינו לפרעה במצרים", איז דער ענטפער, קנעכט זענען מיר געווען ביי פּרעה אין מצרים. און דאָ, האָט יעדערער זיך געפרעגט און אין איין אָטעם געענטפערט, איצט זענען מיר ערגער נאָך ווי קנעכט. ווען פאַרט וועלן מיר שוין קאָנען זיך פרייען מיט דער אמתער גאולה, מיט דער גאולה, וואָס וועט אונדז באַפרייען פון אַלע צרות און יאָכן? ווער ווייסט? „שלא אחד בלבד", הייסט עס ווייטער אין דער הגדה, נישט איין פּרעה, נישט איין המן, האָט זיך אָנגעזעצט אויף אונדז, כדי אונדז צו פאַרניכטן, נאָר אין יעדן דור שטייען זיי אויף פון דאָס ניי, אונדז אויסצוראָטן. אָבער הקדוש ברוך הוא, הייסט עס ווייטער, ראַטעוועט אונדז אַרויס פון זייערע הענט.

האַנס קאָן נישט אונטערדריקן דאָס שמייכעלע אויף זיינע ליפּן. ער טראַכט וועגן דער הילף־גרייטשאַפט פון הקדוש ברוך הוא, און עפּעס ווי נישט ווילנדיק מוז ער אַ טראַכט טאָן וועגן די אַלע אומגליקלעכע פּליטים, וואָס ער באַגעגנט טאָג־טעגלעך.

איטלעכער פון זיי קומט אים דערציילן זיין פּעקל מכות, פּלאָגן, גזירות, וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטיין ביז ער האָט זיך געראַטעוועט אין ליאָן.

און אין ליאָן גופא קומען פאַר יעדן טאָג נייע אַרעסטן, רדיפות און גירושים. פאַראַן אויך אין ליאָן אַ געשטאַפּאָ, וואָס פאַרפּייניקט מענטשן צום טויט אָדער זי שליידערט זיי אַריין אין דער פינצטערער תפיסה מאָנלוק, פון וועלכער מען גייט שוין קיין לעבעדיקער נישט אַרויס. פרעגט זיך: ווו זענען זיי, גאָטס חסדים?

דאָס דאָזיקע „אַפּיקורסישע" טראַכטן דויערט אָבער נישט לאַנג, באַלד ווערט ער צוריק פאַרכאַפּט פון די הגדה־ניגונים, וואָס ר׳ פּנחס זינגט אויס מיט אַזוי פיל האַרץ און געפיל. ס'איז ממש נישט צו גלייבן וואָס פאַר אַ כוח דעם שוואַכן זקן ר׳ פּנחס גיט זיך אַיין אַריינצוהויכן אין די ווונדערלעכע הגדה־ניגונים.

## קאַפּיטל 82

געווען אַ מאָל אַ תנא, האָט ער געהייסן ר׳ יוחנן הסנדלר, ר׳ יוחנן דער שוסטער. וואָס וואָלט ער נישט געגעבן, פּרוווט האַנס זיך אַ וויצל טאָן מיט זיך אַליין, אַז ער זאָל זיין אַזאַ תנא־שוסטער, ווי ר׳ יוחנן? זיינע בעסטע יאָרן האָט ער פאַרלוירן ביי די גערמאַנישע געטשן. וואָס פאַר אַ מחותן איז ער מיט דער גערמאַנישער מיטאָלאָגיע?

נאַכט. בעלאַ שלאָפט. נאָר ער, האַנס, און זיין טאָגבוך זענען וואַך. וואַך איז האַנס׳ געדאַנק. הייבט ער אָן צו טראַכטן טאָקע פון דעם אַלט־העברעיִשן נאָמען יוחנן. אַזוי לאַנג ווי איינער אַ יוחנן איז געווען אַ תנא, האָט ער זיך געקאָנט דערלויבן, זעט אויס, צו זיין אויך אַן איינפאַכער שוסטער. אַפילו אַזאַ יוחנן המטביל, וואָס גילט ביי די קריסטן, ווי דער

פאַרלויפער פון יעזוסן, ווייל ער האָט אים טובל געווען, איז פאַרבליבן אַ ייד. ערשט שפּעטער האָבן די קריסטן געמאַכט פון ישון אַ יעזוס, אַ גאָט. און ווי באַלד ישו האָט זיך גערופן יעזוס, האָט שוין אויך יוחנן געמוזט זיך געבן אַ נאָמען אין לאַטייניש: יאָהאַן. אויף פראַנצויזיש איז דאָס זשאַן, אויף רוסיש — איוואַן און אויף דייטש — אַזוי ווי מען האָט אים ביז איצט גערופן — האַנס. הייסט מען אָבער האַנס, מוז מען, צי מען וויל יאָ, צי מען וויל נישט, זיך אויפפירן, לעבן ווי האַנס. אַ ייד, וואָס הייסט האַנס, קאָן נישט זיין אַנדערש ווי האַנס. וועט ער פון איצט אָן זיך רופן יוחנן. און ער דערפילט אַז מיטן אומקערן זיך צום יידישן נאָמען איז אין אים אַריינגעהויכט געוואָרן אַ יידישע נשמה.

## קאַפּיטל 83

דעם ערשטן יוני האָט דער „מיליטערישער באַפעלסהאַבער אין פראַנקרייך" פאַרעפנטלעכט זיין „אַכטע פאַראָרדענונג" פון דעם ניין און צוואַנציקסטן מאַי 1942.

אין דעם ערשטן פּאַראַגראַף רעדט זיך וועגן דעם „צייכן", וואָס די דייטשן האָבן אויסגעפונען פאַר די יידן, אַן אָפּצייכן, וואָס דאַרף זיי דער־ווייטערן פון דער אַרישער באַפעלקערונג און דאַרף זיי באַגלייטן ווי אַ שאַנדפלעק אויף טריט און שריט. די צוויי ווייטערדיקע פּאַראַגראַפן רעדן וועגן די סאַנקציעס, וואָס וועלן אָנגענומען ווערן קעגן די יעניקע, וואָס וועלן אויסמיידן צו טראָגן די דאָזיקע „אויסצייכענונג".

אָט איז דער אינהאַלט פונעם דעקרעט:

„1. די יידן טאָרן נישט, פון זייער זעקסטן לעבנסיאָר אָן, זיך באַווייזן עפנטלעך אָן דעם יידישן שטערן.

„2. דער יידישער שטערן דאַרף זיין אַ זעקס־שפּיציקער, גרויס ווי אַ האַנטפלאַך, איינגעראַמט אין שוואַרצע קאָנטורן. ער איז געמאַכט פון געלן שטאָף און טראָגט די אויפשריפט אין שוואַרצע אותיות „זשוויף". יעדער

ייד וועט מוזן טראָגן דעם יידישן שטערן אָנזעעוודיק אויף דער לינקער זייט ברוסט, פעסט אָנגענייט אויף זיין בגד.

„3. פאַר עובר זיין אויף דער פאַראָרדענונג וועט מען באַשטראָפט ווערן מיט געפענגעניש און מיט געלטשטראָף אָדער מיט איינער פון דיביידע שטראָפן. חוץ דעם וועלן קאָנען אָנגעווענדט ווערן לגבי דעם ייד, וואָס וועט עובר זיין אויף דער פאַראָרדענונג, געוויסע פּאָליציי־מאָסמיטלען, ווי אינ־טערנירונג אין אַ ספּעציעלן יידן־לאַגער אָדער בלויז אינטערנירונג.

„4. די דאָזיקע פאַראָרדענונג וועט ווערן גילטיק פון דעם זיבעטן יוני אָן”.

חנהלע וועט ווערן אַלט צען יאָר דעם קומענדיקן זעכצנטן יולי. וואָלטן דייטשן געהאַט פאַרכאַפּט פּאַריז, טראַכט חנהלע, מיט פיר יאָר צוריק, וואָלט זי שוין דעמאָלט געדאַרפט אָנטאָן אויף איר קליידל דעם זעקסעקיקן שטערן: „זשוויף!”

אַ שפּאָט־שמייכעלע באַווייזט זיך אויף חנהלעס ליפּן. די דייטשן הייבן נישט אָן צו וויסן ווי מען דאַרף רעדן פראַנצויזיש. איר לערערין, מאַדאַם לעלאָנג, וואָלט פאַר אַזאַ צעקאַליעטשעטן פראַנצויזיש געגעבן אַן 1 אויף 10. אויב זי חנהלע, וועט טראָגן דעם דאָזיקן שטערן וואָלטן די גרויסע אותיות געדאַרפט זיין נישט „זשוויף” נאָר „זשוויוו”. זי איז דאָך אַ מיידל, נישט קיין יינגל. איר חבר דודל, ער טאַקע איז יאָ אַ „זשוויף”, לויט דער גראַמאַטיק... יאָ, דודל, ער וועט אַוודאי דאַרפן טראָגן דעם געלן שטערן. ער איז אַלט 12 יאָר, מיט צוויי יאָר איז ער עלטער פון איר.

דודל איז שוין איצט כמעט אַ גרויסער, ער וועט דאָך אַוודאי איצט מוזן טראָגן אַ שטערן אויף זיין רעקל, אַ געלן שטערן.

וועגן דעם טאַקע וויל חנהלע היינט אין אָוונט מיט אים זיך דורכ־שמועסן. ער ווייסט אַלץ, דודל, אַלץ קען ער. אַפילו יידישע געשיכטע קען ער אויף אויסווייניק.

וואָס איז דער וווּנדער? זיין פּאַפּאַ, האָט ער איר דערציילט, האָט דאָך אַ מאָל געלערנט אין אַ ישיבה, איז אַ שול אַזאַ, ווו מען לערנט תלמוד, און תלמוד לערנט מען, זאָגט דודל, כדי צו קענען זיין אַ רב. זיין פּאַפּאַ

איז אָבער נישט געוואָרן קיין רב, נאָר אַ לערער איז ער געוואָרן אין אַ העברעיִשן ליציי.

יאָ, אַ סך אַזעלכע ליציייען זענען געווען אין ליטע, פון וואַנען דודלס פּאַפּאַ שטאַמט. אין פּאַריז זענען קיין העברעיִשע ליציייען נישטאָ, איז דודלס פּאַפּאַ דעריבער געוואָרן אַ בוכהאַלטער. דודלס מאַמע איז אויך אַ גרויסע קענערין פון העברעיִש און פון יידישער געשיכטע, וואָרעם זי שטאַמט אויך פון ליטע. אין ליטע, זאָגט דודל, זענען אַלע יידן געווען אָדער העברעער אָדער יידישיסטן, דאָס הייסט אַזעלכע, וואָס טראַכטן און רעדן נאָר אויף העברעיִש און אַזעלכע וואָס רעדן און טראַכטן נאָר אויף יידיש.

דודל האָט אָנגעטרויט חנהלען, אַז ער קאָן באַווייזן אַ קונץ צו טראַכטן און רעדן אין פראַנצויזיש, העברעיִש און יידיש, אָבער חלומען חלומט זיך אים נאָר אין יידיש, דאָס איז דודל.

אויסגעלערנט האָט זיך דודל פון זיין פּאַפּאַ און פון זיין מאַמאַ יידישע געשיכטע, העברעיִש. דודל האָט איר דערציילט, אַז מיט זיין פּאַפּאַ און מיט זיין מאַמאַ רעדט ער אַ מאָל נאָר העברעיִש, אויב זיי האָבן צייט, איבערהויפּט בעת די יידישע יום־טובים, ווען זיי אַרבעטן נישט. אַזוי פירן זיי זיך פון שטענדיק אָן.

פאַר זיין מאַמאַ איז געווען לייכט אויסצופירן נישט צו אַרבעטן שבת און בעת די יידישע יום־טובים, וואָרעם ביז די דייטשן זענען אריינגעקומען אין פּאַריז, האָט זי געאַרבעט אין אַ סעקרעטאַריאַט פון אַ ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, אָבער זיין פּאַפּאַ...

מיט צוויי מאָנאַטן צוריק האָט מען דודלס פּאַפּאַ צוגענומען אין דראַנסי. דראַנסי איז אַ לאַגער, וווּ יידן ווערן פאַרשפּאַרט, אַפילו פראַנצויזישע יידן. אָבער די מערהייט אינטערנירטע באַשטייט פון אַזעלכע יידן, וואָס זענען פאַרבליבן אויסלענדער ביז צום היינטיקן טאָג, פּוילישע, ליטווישע, רומע־נישע יידן. אָט קען חנהלע אַ מיידל, וואָס גייט מיט איר אין איין קלאַס, איז איר פּאַפּאַ גאָר אַ טערקישער ייד, און אים האָט מען אויך אינטערנירט אין דראַנסי. טרויעריק איז חנהלע. ווען נישט די דייטשן, וואָלט איר טאַטעשי נישט געווען איצט דאָרט, ווו ער איז היינט־צו־טאָג. די נערוון זענען אים קראַנק געוואָרן בעת ער איז געווען אינטערנירט אין פּיטיוויע.

איצט מוז ער זיצן אין אַ משוגעים־הויז, וואָס איז פּונקט ווי אַ לאַגער, און אפשר נאָך ערגער...

אמת, איר מאַמעשי זאָגט, אַז אין דעם שאַרענטאָן־אַזיל איז זיכער. אפשר... פון דעסטוועגן איז נישט אַזוי פיין זיך צו געפינען אין אַ משוגעים־הויז, אַפילו אויב מען מאַכט זיך בלויז משוגע, ווי דאָס טוט איר טאַטעשי. דעם דאָזיקן סוד האָט איר מאַמעשי איר אָנגעטרויט און תיכף חרטה געהאַט פאַר וואָס זי האָט איר דאָס געזאָגט. אָבער חנהלע, דאַרף די מאַמעשי וויסן, קאָן האַלטן אַ סוד. קיינעם אין איר קלאַס האָט זי נישט דערציילט, אַז איר טאַטעשי געפינט זיך אין שאַרענטאָן. בלויז די לערערין אירע ווייסט דער־פון. אָבער אויף מאַדאַם לעלאָנג, ווייסט חנהלע, קאָן מען זיך פאַרלאָזן. און אויב דודל ווייסט אויך דערפון — אים וואָלט דאָך חנהלע אָנגעטרויט נישט בלויז הונדערט, נאָר אַפילו טויזנט סודות, אַזוי דוכט זיך איר.

טראַכט חנהלע ווייטער אי פון דודלען אי פון זיין מאַמאַ, וואָס פלאָגט זיך אַזוי שטאַרק, כדי צו קאָנען שיקן צום טאַטעשי פון צייט צו צייט אַ פּעקל עסנוואַרג אין דראַנסי. זי וועט, טראַכט זי, זיך אַ נעם טאָן ענערגיש צו איר מאַמעשי, זי זאָל זי מיטנעמען אין שאַרענטאָן צום טאַטעשי. דאָנערשטיק און זונטיק איז זי פריי פון דער שול.

דודל ווייסט שוין אַלץ וואָס מען דאַרף וויסן וועגן דעם געלן שטערן, וואָס די יידן וועלן דאַרפן טראָגן אין זיבן טעג אַרום. אַ מאָדנע זאַך, עס זאָל דאָס אים אָנהייבן צו אַרן, וואָס ער וועט דאַרפן אַרומטראָגן זיין געלן שטערן אויפן גאַס.

— פונקט פאַרקערט — זאָגט דודל צו איר אין אַ האָפערדיקן טאָן — די דייטשן מיינען דאָך אַוודאי, אַז זיי טוען די יידן אַ גרויסע רעה מיטן מגן־דוד, אין דער אמתן אָבער איז דאָך דער דאָזיקער שטערן אַ באַשיצנ־דיקער שטערן, ווי זיין נאָמען מגן־דוד גופא באַטייט אין העברעיש.

— און נישט קיין געלע לאַטע? — וויל חנהלע דערגיין ביי דודלען — ווי מיין מאַמעשי זאָגט? ווי אָדעט האָט געזאָגט? מיין חברטע אָדעט האָט מיר היינט געזאָגט, אַז זי וועט קיין מאָל דעם געלן שטערן נישט טראָגן. מעג מען זי שיקן אין אַ לאַגער אַריין, וועט זי אים נישט טראָגן.

— וואָס פאַרשטייט די אָדעט דיינע, וואָס אַזאַ שטערן באַדייט? — קאָכט זיך דודל — אמת, דיין מאַמע איז גערעכט, ס'איז טאַקע אַ געלע לאַטע, אָבער דער עיקר, חנהלע, איז דאָך דער מגן־דוד, נישט די געלע לאַטע.

## קאַפּיטל 84

פאַראַן יידן אין פּאַריז, וואָס ווייסן בכלל נישט וואָס דער אַזוי גערופענער „יידישער שטערן" איז, וואָס אַזוינס ער סימבאַליזירט — אין שול אָדער אויף דער ווייס־בלויער ציוניסטישער פאָן. זיי האָבן קיין מאָל דאָס וואָרט „מגן־דוד" נישט געהערט און זיי ווייסן דעריבער נישט, אַז ער באַדייט „דודס פּאַנצערשילד". און די יעניקע אַפילו, וואָס ווייסן דאָס יאָ, איז שוין דער געדאַנק גופא צו דאַרפן היינטיקע צייטן זיך אויסטיילן פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג, פּראָסט־פּשוט אַ גרויל. און זיי זענען גערעכט, בפרט נאָך, ווען מען ווייסט, אַז די דאָזיקע גזירה קומט נישט פון די פראַנצויזן, נאָר פון די דייטשן, וואָס זייער ציל איז דאָך צו דערנידעריקן די יידן אָדער נאָך ערגער: זיי צו האָבן שטענדיק אויפן אויג.

סיי דעם ערשטן מין, סיי דעם צווייטן מין פּאַריזער יידן האָט די גזירה געטראָפן ווי אַ דונער. זיבן טעג האָט נישט אויפגעהערט צו גריזשען דער געדאַנק: וואָס וועט זיין? ווי אַזוי וועט מען קוקן אויף אונדז? ווי אַזוי וועט מען זיך אויסהיטן נישט בלויז פון אַן „עין הרע", פון אַ בייזן בליק, נאָר אויך פון אַ בייזער טאַט, פון מסירות, פון קלעפּ און פון חרפּות?

די יידן, וואָס האָבן געקענט יידישע געשיכטע, האָבן זיך דערמאָנט, אַז דער פּויפּסט אינאָסענץ דער דריטער האָט אויפן קאָנציל אין לאַטראַן — מיט מער ווי זיבן הונדערט יאָר צוריק, אין יאָר 1215 — גוזר געווען אויף די „שונאים פון קריסטלעכן גלויבן" צו טראָגן אַזעלכע מלבושים, וואָס דורך זיי זאָל מען קאָנען אונטערשיידן די יידן פון זייערע שכנים קריסטן. זיי האָבן אויך געוווּסט, אַז די דייטשן האָבן פון תמיד אָן זיך געקליגט, געפּלאָנעוועט, ווי אַזוי צו פאַרמיאוסן די יידן אין די אויגן פון זייערע שכנים. איז דאָך אין דער מיטלעלטערלעכער גערמאַנישער אימפּעריע

צושטאַנדגעקומען אַ קאַנציל אין ווין — אין יאָר 1267 — וואָס האָט די אָקערשט דערמאָנטע גזירה קאָנקרעטיזירט דורך אַ דעקרעט, לויט וועלכן אַלע יידן האָבן געמוזט טראָגן אַ ספּעציעלן „יודענהוט".

אין פראַנקרייך האָבן די יידן געמוזט טראָגן אויף זייערע מלבושים אַנדערע שאַנד־סימנים, ווי צום בײַשפּיל דאָס רעדל, וואָס האָט אויסגעזען ווי די קאַרטאָן־רעדלעך אין די ביידלעך אויף די היינטיקע בולוואַרן, ווו מען לערנט זיך שיסן אין ציל אַריין.

וואָלט מען אָבער אַ פרעג געטאָן דודלען, ווי אַזוי ער קוקט אויף דער געלער לאַטע, וואָס ער וועט דאַרפן טראָגן אויף זיין רעקל פון דעם זיבעטן יוני אָן, אַפילו אין פאָלקסשול, אין זיין קלאַס, וואָלט ער אַוודאי פאַרריסן דעם קאָפּ מיט שטאָלץ און געענטפערט:

— איך וועל באַטראַכטן מיין לאַטע נישט ווי אַ שאַנדפלעק, נאָר ווי מיין פאַנצער. הייס איך דען נישט דוד? טאָ פאַר וואָס זאָל איך זיך שעמען מיט מיין פאַנצער, מיט מיין מגן־דוד?

פאַר די יידן, וואָס האָבן געדאַרפט גיין אין קאָמיסאַריאַט אָפּגעבן אַ „פונקט" פון זייערע טעקסטיל־קאַרטן און „איינקאַסירן" אַ יידישן שטערן, אַ געלן שטערן, איז דאָס געווען אַ שווערע איבערלעבונג. אָבער איבער־ראַשט זענען זיי געוואָרן דעם זיבעטן יוני ווען זיי זענען אַרויס אין גאַס מיט זייערע געלע „יידישע שטערנס". נישט בלויז האָט מען נישט אָפּ־געקערט פון זיי דעם קאָפּ, נאָר פונקט פאַרקערט: אומבאַקאַנטע פראַנצויזן האָבן זיי גאָר פריינדלעך געגריסט, און ס'האָט אויסגעזען, ווי די פראַנצוי־זישע פאַרבייגייערס וואָלטן זיי מקנא געווען זייער מגן־דוד, זייער יידישן „פאַנצער". האָבן דאָך די יידן זוכה געווען, דורך אַ ספּעציעלן סימן, אויס־צושטעכן די דייטשן די אויגן זייערע און זיי געבן צו פאַרשטיין, אַז זייער סוף איז נאָענט.

הייסט עס, אַז די יידן דאַרפן נישט מער, ווי אַ סך פראַנצויזן־פּאַטריאָטן, ריזיקירן מיט לאַגער און דעפּאָרטאַציע דורכן אויסקריצן אָדער דורכן אויסמאָלן אַ לאַטייניש „V", וואָס באַדייט „וויקטואַר", זיג, נאָר זיי קאָנען

פראַנק און פריי אויף זייערע מלבושים דעמאָנסטרירן דעם קינפּטיקן נצחון־סימבאָל זייערן?

ניין, אַזאַ כוח האָט דער מגן־דוד דאָך נישט פאַרמאָגט. פאַרקערט, די רדיפות זענען שטאַרקער געוואָרן פון טאָג צו טאָג, די אָבלאַוועס אויף די יידן האָבן זיך פאַרמערט, און פון דעם זיבעטן יוני אָן האָבן די דייטשן און די פראַנצויזישע היטלעריסטן נישט מער געדאַרפט זיך קליגן און זיך פרעגן כסדר: צי איז דער פאַרבייגייער אַ ייד, כאָטש אויסזען זעט ער אויס ווי אַן אַריער — ער האָט נישט קיין „יידישע נאָז", האָט נישט קיין געקרייזלטע נעגער־האָר. געזען, אַז עמעצער טראָגט אויף זיין בגד אַ געלע לאַטע, האָבן זיי תיכף געוווּסט, אַז מען מעג אים באַהאַנדלען, ווי מען באַהאַנדלט אַ ייד אין אַלע דורך די דייטשן אָקופּירטע לענדער.

פראַנצויזישע סטודענטן האָבן געפּרוּווט אָנקלעפּן אַ מגן־דוד אויף זייער ברוסט אָדער אויף זייער אָרעם, כדי אָפּצוחוזקן פון די דייטשן און פון זייערע פאַראָרדענונגען. אָבער קיינעם פון זיי איז נישט באַשערט געווען לאַנג צו שפּאַצירן אויף די פּאַריזער גאַסן און בולוואַרן מיט זייער אומ־לעגאַלן מגן־דוד און זייער חוזק־שמייכעלע: מען האָט זיי פאַרהאַלטן אויפן גאַס, אויף דער קאַפע־טעראַסע אָדער אין דער מעטראָ און מען האָט זיי אַוועקגעשלעפּט אין די פּאָליציי־קאָמיסאַריאַטן. עס האָט געטראָפן, אַז פאַר אַזאַ מעשה האָט מען זיי אויך אַריינגעזעצט אין דראַנסי.

אָבער קעגן די פראַנצויזן, וואָס פלעגן ביי אַ שפּייז־געוועלב אָנבאָטן אַ יידישער פרוי, וואָס האָט געטראָגן דעם געלן שטערן, זייער אָרט אין דער ריי, האָבן די דייטשן נישט געוווּסט ווי אַזוי זיך צו געבן אַן עצה. און אין די פאָלקסשולן האָבן כמעט אַלע לערער און לערערינס אָפּגעגעבן גרויס כבוד זייערע יידישע תלמידים, וואָס האָבן געטראָגן דעם מגן־דוד.

דאָ האָבן גאַנץ באַזונדער זיך אויסגעצייכנט אין דער מיידל־שול, ווו חנהלע האָט זיך געלערנט, די לערערין מאַדאַם לעלאָנג, און איר מאַן, דער לערער לעלאָנג — אין דער ייִנגל־שול וואָס האָט זיך געפונען אין דעם זעלביקן בנין. דודל האָט טאַקע געקאָנט אָן פּחד שטאָלצירן מיט זיין מגן־דוד, וואָס האָט זיך אַזוי גוט געפּאַסט צו זיין נאָמען. דער לערער מיסיע לעלאָנג האָט אים באַוווּנדערט, אים און זיין מגן־דוד.

— זעסטו שוין — האָט ער גייענדיק דעם זיבעטן יוני אין אָוונט אַהיים צוזאַמען מיט חנהלען געזאָגט — זעסטו שוין, אַז איך בין גערעכט געווען.

— דודל — האָט זי מיט באַגייסטערונג געענטפערט — איך ווייס, איך ווייס. ביסט אַלע מאָל גערעכט.

עס וועט נישט זיין קיין גוזמא צו זאָגן, אַז די געלע לאַטע האָט געהאַט אַ פאַרקערטע פעולה ווי די, אויף וועלכער די דייטשן האָבן געהאָפט. קודם האָט זיך פאַרשטאַרקט די פראַנצויזיש־יידישע פאַרברידערונג און פון דער צווייטער זייט, האָט זיך נאָך מער צוגעשפיצט דער אַלטער האַס, וואָס די פראַנצויזן האָבן דורות לאַנג געטראָגן אויף די דייטשן. דערגאַנגען איז דאָס אַזוי ווייט, אַז אַ געוויסע צאָל פראַנצויזן, וואָס זענען געווען באַקאַנט ווי אַנטיסעמיטן פון דרייפוסעס צייטן אָן, האָבן אָפּן גענומען זיך חברן מיט יידן.

אויף דעם קוקנדיק האָבן יידן אַלץ מער און מער זיך באַפרייט פון זייער מאַראַנען־קאָמפּלעקס און גענומען זיך גרויסן מיט זייער „שאַנדפלעק״.

## קאַפּיטל 85

אין ליאָן און אין דער גאַנצער אַזוי גערופענער פרייער זאָנע, זענען די געלע לאַטע, די אַנטי־יידישע גזירות, ווי דער פאַרבאָט אַרויסצוגיין פון שטוב נאָך זעקס אַ זייגער ביי נאַכט ביז זעקס אַ זייגער באַגינען, דער פאַרבאָט צו באַזוכן די שטאָטישע פּאַרקן, צו בייטן דעם אַדרעס אאַז״וו, נישט איינגעפירט געוואָרן.

ר׳ פּנחס האָפט, אויב נישט אויסצולעבן זיינע הונדערט און צוואַנציק יאָר, איז לכל הפחות צו דערציִען ביז היטלערס שוואַרצן סוף, כדי ער זאָל זוכה זיין צו זען אַ נקמה אין די רשעים.

אַ דאַנק און אַ לויב צום אויבערשטן, טרייסט זיך ר׳ פּנחס, וואָס ער האָט דערהאַלטן מיין נשמה ביז צום היינטיקן ד׳ בסיוון, פּרשה שלח — אַ טאָג, וואָס פאַלט אויס לויט דער קריסטלעכער צייטרעכענונג דעם זיבעטן

יוני, דעם טאָג ווען די פּאַריזער יידן זענען „באַנייט״ געוואָרן מיט דער געלער לאַטע.

אין די ספירה־טעג טאָר מען ביי יידן קיין שמחות נישט פּראַווען. ל״ג בעומר אָבער מעג מען יאָ חתונה האָבן. זענען אָבער דעם טאָג דניאל און שושנה געווען פאַרטאָן אין זייער אַרבעט אין מאַרסיי. אויף שבועות זענען דניאל און שושנה ענדלעך געקומען קיין ליאָן, אייגנטלעך אין אַ שליחות פון „אָזע״. אָבער ווי באַלד מען האָט שוין יאָ געקאָנט אויס־קאָמבינירן די אַרבעט צו קאָנען נאָך אַזאַ לאַנגער צייט ווידער זיך טרעפן מיט טאַטע־מאַמע, טאָ פאַר וואָס זאָל מען נישט אויסנוצן די דאָזיקע געלעגנהייט אויף צו פאַרעפנטלעכן קודם די חתונה־מודעה אין דער ליאָנער שטאָט־פאַרוואַלטונג, כדי צו קאָנען אין אַ צען טעג דורכפירן אין דער זעלביקער שטאָט-פאַרוואַלטונג די פאָרמעלע חתונה־צערעמאָניע ?

די אמתע חתונה אָבער, די יידישע חתונה, וועט געפייערט ווערן היינט נאָך מיטאָג, אין ר׳ פנחסעס און אין יאָסלס דירה, ווייל נישט ר׳ פנחס, נישט יאָסל פילן זיך בכוח צו גיין אין שול אַריין צו דער חופה און נאָך דעם אין אַ יידישן רעסטאָראַן, כדי דאָרטן צו פאַרזוכן דעם טעם פון אַן אמתער יידישער סעודה.

האָט מען זיך געפּאָרעט אין די לעצטע טעג מיט דער צוגרייטונג צו דער חתונה. אמת, אַ סך באַקן, פּרעגלען, קאָכן האָט מען נישט געקאָנט. חתונה־מלבושים האָט מען אויך נישט געלאָזט זיך נייען — ס׳איז דאָך מלחמה־צייט. בלויז חתן־כלה האָבן ווי נישט ווי זיך אַ ביסל באַשוכט און באַקליידט, פאַר יונהלען האָט מען אויך געפונען אַ פאַרטיקן אָנצוג. ער איז דאָך שושנהס פעטער, מוז ער גיין אָנגעטאָן ווי עס באַדאַרף צו זיין.

פּיעראָ וועט אויך זיין איינער פון די מחותנים אויף שושנהס חתונה. זי נעמט אים מיט וווהין זי גייט, אַפילו צו איר חתונה אויך.

עס פרעגט זיך נאָר: ווו וועלן זיך אַלע אַהינטאָן אין אָט דער קליינער שטוב, ווו עס איז קוים פאַראַן אָרט ווו צו שטעלן אַ חופה? אַפילו ווו זיך צו זעצן וועט דאָך נישט זיין פאַר אַלע. ר׳ פנחס ציילט אין געדאַנק די אורחים, וואָס וועלן ביי זיין אויף דער חתונה. און עס לאָזט זיך אויס, אַז

חוץ ביידע משפחות וועלן נאָך קומען אַ פופצן־זיבעצן פּאַרשוין, שוין אַרייַנגערעכנט דעם ליאָנער רב, וואָס וועט דאַרפן מסדר קידושין זיין.

— רבונו של עולם! — כאַפּט זיך יוכבד פאַרן קאָפּ — אָרום און אָרום וועלן זיין... נישט איינס, נישט צוויי, נישט דריי... אויב איך האָב קיין טעות נישט, וועלן מיר דאַרפן אַנידערשטעלן שטולן פאַר פינף און צוואַנציק מענטשן, ווי אַזוי וועט מען דאָס באַווייזן?

— נעמט זיך נישט צום האַרצן, מחותנתטע! — רופט זיך אָן אפרימס ווייב צו יוכבדן — מיר האָבן, גאָט צו דאַנקען, פיר הינדלעך און געפּרעגלט פלייש, און פיש, פרישע קאַרפּן, צען פלעשער כשרן ווייַן האָבן מיר אויך — און איר דאַרפט נישט פאַרגעסן, מחותנתטע, אַז ס'איז מלחמה־צייט אויף דער וועלט און מיר וואַלגערן זיך אַרום אין ליאָן... וואָס זאָל מען טאָן? פאַראַן יידן, וואָס האָבן דאָס אויך נישט, פאַראַן יידן, וואָס שמאַכטן נעבעך אין די תפיסות און אין די לאַגערס... און אין פּאַריז טוען די יידן היינט אָן די געלע לאַטע. דאַרפן מיר זיך נישט זאָרגן איבער אַ פּאָר שטולן...

— אַוודאי, מחותנתטע ליבע! — פאַרענטפערט זיך יוכבד — איך זאָג עפּעס? גליקלעך בין איך, איי זיצן? מילא, מען וועט זיך שוין אַן עצה געבן.

— זאָל נאָר זיין מיט מזל! לאָמיר זיך גיין אָנטאָן... ס'איז שוין צען אַ זייגער. באַלד וועט מען אָנהייבן זיך צונויפקומען... וואָלט נאָר דער שווער געקאָנט גיין אויף די פיס, און וואָלט דער מחותן, אייער מאַן, געקאָנט אַרויסגיין פון שטוב, אַוודאי וואָלט אין אַ רעסטאָראַן די חתונה געהאַט אַן אַנדער פּנים...

— וואָס זאָל מען טאָן? מען קאָן זיך דען עפּעס העלפן? זיי זענען דאָך ביידע אַזוי קראַנק און שוואַך, ר' פּנחס און מיין יאָסל, זאָל גאָט אויף זיי רחמנות האָבן!

און גאָט האָט טאַקע רחמנות געהאַט. זיי האָבן זיך געשטאַרקט און זיך ביידע באַטייליקט אין דער שמחה פון זייערע קינדער ווי זיי האָבן געקאָנט. חופּה, קידושין, ווינטשעוואַניעס, טרערן פון פרייד. ס'האָט גאָרנישט נישט געפעלט אויף דער דאָזיקער חתונה. פאַרקערט. ס'איז נאָך איבערגעבליבן אי פיש, אי פלייש, אי ווייַן.

אָבער דאָס דאָזיקע איבערבלייבן איז גראָד נישט געווען קיין גוטער סימן. צוויי שטולן זענען געבליבן שטיין ליידיק. ר׳ פּנחס און יאָסל,ביידע ווי זיי וואָלטן זיך צונויפגערעדט, זענען אויף דער חתונה פאַרשלאָפט געוואָרן און זיי האָבן געמוזט זיך לייגן צוריק אין בעט אַריין. דער חתן דניאל האָט אונטער דער חופּה, ווי עס פּירט זיך אויף אַ יידישער חתונה, צעטראָטן מיט זיין פוס דאָס גלאָז, וואָס מען האָט אים דערלאַנגט, כדי מען זאָל זיך דערמאָנען דעם חורבן בית־המקדש, און אַלע האָבן דעם יונגן פּאָרפאָלק אָפּגעגעבן אַ הילכיקן מזל־טוב, און וואָלטן ר׳ פּנחס און יאָסל זיך נישט געפילט אַזוי שלעכט, וואָלט מען אַוודאי ערשט רעכט גענומען זינגען פריילעכע חתונה־לידער, אויב נישט קיין מוזיק, נישט קיין מצווה־טענצל, טאָ זאָל מען כאָטש זינגען.

אָבער יאָסל און ר׳ פּנחס האָבן זיך געפילט נישט מיט אַלעמען און די חתונה האָט זיך געמוזט פאַרענדיקן גאָרנישט אין אַ געהויבענער שטימונג. די געסט האָבן נישט געוווּסט וואָס צו טאָן: זאָלן זיי בלייבן אויף דער סעודה אָדער זאָלן זיי זיך צעגיין און נישט צורירן זיך צו די מאכלים, וואָס זענען געשטאַנען אויפן לאַנגן, פון עטלעכע טישלעך צונויפגעשטור־קעוועטן, מיט אַ ווייסן טישטעך באַדעקטן טיש?

אַ יידישע חתונה, אָבער אַן אומעטיקע חתונה. יוכבד האָט נישט געקאָנט זיך איינהאַלטן און זיך צעוויינט מיט טרערן, נישט פון פרייד, נאָר פון צער.

ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ געלויף נאָך דאָקטוירים. ר׳ פּנחסעס אייניקל, שושנה, וואָס איז כמעט אַ דאָקטאָר, איז געלאָפן פון איר זיידנס בעט צו יאָסלס בעט, און איר טאַטן אפרימען האָט זי געשיקט גיין טעלעפאָנירן דאָ צו איין דאָקטאָר, דאָ צו אַ צווייטן.

צוויי דאָקטוירים זענען געקומען. זיי האָבן אויסגעהאָרכט די קראַנקע, וואָס האָבן, ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט קלינגען, זיך נישט געקלאָגט אויף גאָרנישט, אויף קיין שום וויטיק נישט. גראָד דאָס איז געווען פאַרדעכטיק. די דאָקטוירים האָבן פאַראָרדנט, מען זאָל ביידע קראַנקע תיכף אָפּפירן אין שפּיטאָל אַריין.

אין איין שפּיטאָל האָט מען זיי געבראַכט, פּונקט ווי מיט חדשים

צוריק. אָבער אין אַ וואָך אַרום האָט מען ר׳ פּנחסן שוין געדאַרפט פירן צום ליאָנער בית־הקברות, און עס איז נישט פאַרבייגעגאַנגען אַ צווייטע וואָך, ווי ס׳איז געקומען יאָסלס ריי זיך צו געזעגענען מיט דער וועלט.

צוויי לוויות אין קנאַפּע צוויי וואָכן.

אָנגעהויבן האָט זיך דניאלס און שושנהס חתונה מיט טרערן פון פרייד און פאַרענדיקט האָט זי זיך מיט טרערן פון צער און פון טרויער. פון די שבע־ברכות זענען געוואָרן שבעה־טעג, צוויי מאָל שבעה־טעג.

## קאַפּיטל 86

מען קלאַפּט אין טיר. חנהלע שלאָפט נאָך, ס׳איז נאָך אַזוי פרי. דאָס פּויקן אין דער טיר ווערט אָבער שטאַרקער. רייבט זיך חנהלע די אויגן. זי שטרענגט אָן איר געהער און זי הערט אַ גראָבע שטים:

— עפנט, פּאָליציי!

חנהלע לויפט אַריין אַ דערשראָקענע אין שלאָפצימער, כדי אויפצוועקן די מאַמעשי. די מאַמעשי איז וואָך.

— פּאָליציי, מאַמעשי!

— שרעק זיך נישט, חנהלע! וואָס האָבן מיר מורא? דער פּאַפּאַ איז דאָך סיי ווי נישטאָ אין שטוב.

שנעל כאַפּט די מאַמעשי אַרויף אַ שלאָפראָק אויף אירע פּלייצעס און גייט עפענען די טיר.

— און דו, חנהלע — באַווייזט זי איר נאָך צו זאָגן — גיי צוריק אַריין אין דיין צימער. ס׳איז גאָרנישט.

חנהלע אָבער רירט זיך נישט פון אָרט. זי וויל זען וואָס, וועמען די פּאָליציי זוכט.

עס קומען אַריין צוויי פּאָליציסטן און אַ דריטער, אין ציווילע קליידער.

— טוט זיך אָן גיכער. מיר וואַרטן.

— אויף וועמען וואַרט איר? — פרעגט פרוי הענדלער.

— מיר נעמען אייך מיט. איר זייט דאָך מאַדאַם הענדלער, ניין ? פרעגט דער ציוויל־געקליידטער פאַרשוין.

— פרוי הענדלער. יאָ, אָבער ?...

— איר זענט אַרעסטירט. צען מינוט גיבן מיר אייך, נישט מער.

— פאַר וואָס אַרעסטירט איר מיך ? — וווּנדערט זיך פרוי הענדלער.

— איר ווייסט אַליין פאַר וואָס. מיר פילן אויס אַ באַפעל — ברוגזט זיך דער פּאָליציסט — פאַרלירט נישט קיין צייט מיט אייערע פראַגעס.

— ס׳איז דאָך אָבער נישט מעגלעך — צעשרייט זיך פרוי הענדלער — פאַר וואָס ? ווי אַזוי ? און דאָס קינד ? מיין מיידעלע ? ווי קאָן איך זי איבער־לאָזן איינע אַליין.

— אייער קינד ? — פרעגט איינער פון די פּאָליציסטן, אַ שטאַרקער, אַ ברייטפּלייציקער — פאַר אייער מיידעלע דאַרפט איר זיך נישט זאָרגן. אויב איר האָט נישט ווו זי איבערצולאָזן, וועלן מיר זי אויך מיטנעמען, כאָטש זי איז אַ געבוירענע אין פראַנקרייך, נישט אמת ?

— יאָ געבוירן אין פראַנקרייך, נישט געבוירן אין פראַנקרייך, מיר נעמען זי מיט — פּסקנט דער ציוויל־געקליידטער — אָבער מאַכט עס וואָס גיכער, איילט זיך צו.

— וווהין פירט איר אונדז ? — וויל פרוי הענדלער וויסן — ס׳איז דאָך נישט מעגלעך... פרויען, קליינע קינדער... שוין יאָרן לאַנג ווי מיר וווינען אין פּאַריז...

— זאָרגט זיך נישט. מען וועט בלויז קאָנטראָלירן, צי אייערע פּאַפּירן זענען אין אָרדענונג — מישט זיך אַריין דער דריטער פּאָליציסט, אין אַ טאָן ווי ער וואָלט וועלן וואָס גיכער פּטור ווערן פון אַלע פראַגעס און טענות.

האָט ער אָבער אַ טעות. פרוי הענדלער פאַרשטייט שוין, וואָס עס וועט געשען. זי פאַרשטייט, אַז עס האָט נישט קיין זין זיך אויסצוטענהן מיט די דאָזיקע דריי ראַבאָטן.

פרוי הענדלער שווייגט. זי דערמאָנט זיך, אַז מיט עטלעכע טעג צוריק האָט מען זי געוואָרנט. שליחים פון דער פּאַריזער יידישער רעזיסטאַנס זענען געגאַנגען פון שטוב צו שטוב און האָבן זיך ממש געבעטן ביי די יידן

זיי זאָלן לויפן, אַנטלויפן ווהין די אויגן וועלן זיי טראָגן, וואָרעם אַן איבערפאַל ווערט געפּלאַנט אויף אַלע יידן.

אָבער ווהין האָט זי דען געקאָנט לויפן? ווו האָט זי געקאָנט זיך באַהאַלטן? האָט זי זיך געמאַכט ווי נישט וויסנדיק, אַז מען האָט זי געוואָרנט. אין אַ פּאָר טעג אַרום וואָלט זי אפשר אויך געזוכט אַ מיטל ווי אַזוי צו אַנטלויפן אין דער אומבאַזעצטער זאָנע. וואָרעם, דעם אמת געזאָגט, וואָס האָט זי דאָ צו זיצן און צו וואַרטן? מילא, די שכנים אירע, די שניידערס, די קירזשנערס, די הענטשקע־מאַכערס, זיי קאָנען דאָך נישט הענדום־פּענדום לויפן, איבערלאָזן זייערע אַטעליעס, זייער האָב און גוטס פאַרן טייוול. אָבער זי? מאָריס איז אַ צאָן־טעכניקער און איצט געפינט ער זיך אין שאַרענטאָן. טאָ וואָס האָט זי דאָ צו טאָן?

גראָד היינט, דעם זעכצנטן יולי, האָט חנהלע איר געבוירן־טאָג. גראָד היינט ווערט זי אַלט צען יאָר. שוין עטלעכע טעג, ווי זי לויפט אַרום אויפן שוואַרצן מאַרק און זוכט איינצוקויפן אַ ביסל זיסע זאַכן, געבעקס, כדי צו קאָנען פייערן דעם צענטן געבוירן־טאָג פון איר טעכטערל. די לערערין מאַדאַם לעלאָנג האָט צוגעזאָגט צו קומען.

חנהלע האָט אויך געהאַט פאַרבעטן צו איר געבוירן־טאָג דעם גאַנצן הויף יידישע קינדער, און קודם כל, פאַרשטייט זיך, דודלען, וואָס וווינט דאָ נישט ווייט, און מיט אים חברט זי זיך מער ווי מיט אַלע קינדער, כאָטש ער איז מיט צוויי יאָר עלטער פון איר. אָבער די שענסטע, די חשובסטע געסט אויף חנהלעס שמחה, וואָלטן געווען מיסיע און מאַדאַם לעלאָנג. זיי האָבןביידע צוגעזאָגט צו קומען.

פּלוצלינג — אויס! צען מינוט האָט מען פרוי הענדלער געגעבן זיך צוצוגרייטן. אין אָט די צען מינוט דאַרף זי זיך אָנטאָן אין דער גרעסטער איילעניש. אַ כאַפּ טאָן וואָס עס לאָזט זיך און דאָס אַלץ אַריינפּאַקן אין צוויי רענצלעך. אַ בלוזקע, אַ קליידל, זאָקן, אַ פּאָר שיך, אַ ביסל חנהלעס זאַכן... זאָל זי נאָר נישט פאַרגעסן מיטצונעמען דעם אַלבאָם פאָטאָגראַפיעס און די סאַמע נייטיקסטע פּאַפּירן.

אפשר זאָל זי זיי בעטן, די פּאָליציסטן, זיי זאָלן דערלויבן צו פרישטיקן, אויפצוקאָכן אַ ביסל ערזאַץ־קאַווע פאַר איר און פאַר חנהלען?

נײַן, רײזעלע איז נישט אין שטאַנד אַרױסצובררענגען אַ װאָרט אויף אירע ליפּן. אויך חנהלע שװײַגט. זי קוקט אָן די פּאָליציסטן און כאַפּט אַ קוק אויף איר מאַמעשי. זי פֿאַרשטײט אַלץ. ס׳איז מער נישטאָ װאָס צו זאָגן. אַלץ איז אַ פּרעגצײכן און אַן אויסרוף־צײכן. די געדאַנקען, אַלע געדאַנקען, רײזעלעס און חנהלעס, בלײַבן שטײן פֿאַרװוּנדערטע, צעריסענע, באַלײדיקטע.

בלויז אײן אויגנבליק האָט דאָס געדויערט. דער גערויש, װאָס איז געקומען פֿון דריטן שטאָק, די פּויקעניש אין די טירן, דאָס געװײן, דער טומל, װאָס רײַסט זיך אַרײַן פֿון הויף, דער אָפּקלאַנג פֿון טריט אויף די שטיגן — דאָס אַלץ שלעפּט אַרויס רײזעלען און איר חנהלען פֿון זײער פֿאַרגליװערטקײט און זײ נעמען זיך בײדע פֿאַרען מיטן פּאַקן זיך צו דער אומגעריכטער נסיעה.

װען אַלץ איז שוין געװען פֿאַרטיק, װען בײדע רענצלעך און חנהלעס שולזאַק זענען שוין געװען פֿול, איז חנהלע צוגעגאַנגען צו די אומגעדולדיקע פּאָליציסטן בײַ דער טיר און האָט זיך טיף־טיף פֿאַרנײגט פֿאַר זײ. ס׳האָט אויסגעקוקט, װי זי װאָלט איצט געשטאַנען אויף דער בינע פֿון דער ײדישער צוגאָבשול פֿון פֿאַר דער מלחמה נאָך אײנער פֿון די קינדער־פֿאַרשטעלונגען. צו זײער איבערראַשונג האָבן זײערע אויערן געמוזט הערן אָט װאָס:

— מעסיע לע גאַרדיען, אַמי דע באָש ע ענעמי דע זשויף! (מײנע הערן, פּאָליציסטן, פֿרײַנד פֿון די דײטשוקעס און שונאים פֿון ײדן). מיר זענען גרײט, מײַן מאַמעשי און איך. אַרעסטירט אונדז, נעמט אונדז מיט. איר האָט געװוּנען די מלחמה קעגן די ײדן. מיר זענען גרײט.

אין אײן אָטעמצוג און אין אַ ביז גאָר פֿײערלעכן טאָן האָט די צען־יאָריקע חנהלע דעקלאַמירט דעם דאָזיקן פּזמון, װאָס זי װײסט אַלײן נישט פֿון װאַנען ער האָט זיך צו איר גענומען. נײַן, זי װײסט יאָ פֿון װאַנען — פֿון די לאַנגע שמועסן, װאָס זי האָט געפֿירט מיט דודלען. דאָס זענען דודלס רײד. ער איז געװען דער, װאָס האָט די דאָזיקע װערטער אַרײַנגעשושקעט איר אין די אויערן.

מיט פֿאַרשעמטע און װי באַלײדיקטע פּנימער, בלײַבן זײ שטײן בײַ

דער טיר און איילן זיך נישט מער. זיי קאָנען, ווייזט אויס, זיך נישט באַ־שליסן, ווי אַזוי זיי זאָלן רעאַגירן.

זעכצנטער יולי 1942 — ווי אַזוי וועט מען קוקן אין פינף הונדערט יאָר אַרום אויף די פּאָליציסטן, וואָס זענען געקומען נעמען יידישע קינדער? ווער ווייסט וואָס פאַר אַ גורל עס וואַרט אויף זיי אין די דייטשע קאָנצענ־טראַציע־לאַגערס, ווו זיי וועלן פאַרשיקט ווערן?

עפּעס וואָס האָט מסתמא אַ פּיק געטאָן אין דעם איינגעשלאָפענעם געוויסן פון די פּאָליציסטן.

— אין דער אמתן — ווענדט זיך פלוצלינג דער געהיים־אַגענט צו פרוי הענדלער — אויב איר זענט נאָך נישט פאַרטיק מיטן פּאַקן, דאַרפט איר זיך נישט אַזוי איילן. איר קאָנט רויק פרישטיקן. מיר וועלן קומען, אויב איר ווילט, אין אַ האַלבער שעה אַרום. ביז דאַן...

ער קוקט זיך איבער מיט די צוויי אַנדערע פּאָליציסטן. זיי שאָקלען צו מיטן קאָפּ.

אָבער נישט רייזעלע, נישט חנהלע, ווילן פרישטיקן. האָבן זיי נישט פאַרשטאַנען, אַז די פּאָליציסטן ווילן זיי געבן אַ מעגלעכקייט צו אַנטלויפן אָדער זיך צו באַהאַלטן? ווער ווייסט? מסתמא האָבן זיי געטראַכט, אַז ווי באַלד אין אַ האַלבער שעה אַרום וועלן די פּאָליציסטן צוריקקומען, טאָ וואָס וועט מען דאָ געווינען? נאָך אַ האַלבע שעה? אָדער אפשר איז פלוצלינג געלייזמט געוואָרן זייער ווילן זיך צו ראַטעווען.

— מיר זענען גרייט! —זאָגט חנהלע.

— גרייט — איז איר מאַמעשי מסכים.

אָנגעטאָן אין נייעם קליידל, וואָס די מאַמעשי האָט איר אויפגענייט לכבוד דעם צעניאָריקן געבוירן־טאָג, באַפּוצט מיט אַ געלן מגן־דוד, ווי ס'איז די מאָדע היינטיקן זומער געווען ביי אַלע פּאַריזער יידישע קינדער פון זייער זעקסטן לעבנסיאָר אָן, לאָזט זיך חנהלע אַראָפּפירן פון אירע דריי שומרים. מאַמע און טעכטערל האַלטן זיך פאַר די הענט. עס קוקט אויס ווי חנהלע וואָלט געהאַלטן איר מאַמעשי פאַר דער האַנט.

די רענצלעך אָבער, כאָטש זיי זענען לייכטע, לאָזט דער הויכער פּאָליציסט נישט אַרויס פון האַנט. ברייטע הענט האָט ער, שטאַרקע הענט.

ער ווייסט נישט וואָס מיט זיי צו טאָן, טראָגט ער די רענצלעך. מיט איין האַנט טראָגט ער זיי.

## קאַפּיטל 87

רייזעלע און איר טעכטערל זענען די לעצטע אַראָפּגעגאַנגען אין הויף. ס׳האָט אויסגעקוקט, ווי מען וואָלט אויף זיי געוואַרט. די טאַטעס, די מאַמעס, די זיידעס, די באָבעס, די קליינע קינדער — אַלע זענען שוין געשטאַנען אין הויף. זעקס יידישע משפּחות האָבן געוווינט אין דעם דאָזיקן הויף. אייגנטלעך זענען דריי־פיר פאַמיליעס אין אָט דעם זעכצנטן יולי שוין נישט מער געווען אין זייער פולן באַשטאַנד, וואָרעם פיר טאַטעס פון קליינע קינדער האָט דער דראַנסי־לאַגער שוין געהאַט איינגעשלונגען.

זעקס משפּחות, אָבער ווען מען זאָל זיי נאָך אַ מאָל איבערציילן, וועט מען זען, אַז דער חשבון איז נישט אין גאַנצן ריכטיק, וואָרעם פון דער פאַמיליע צוקערבערג — אָדער זיקערבערג, ווי די הויז־וועכטערין מאַדאַם לעפּטי פלעגט מיט איר פראַנצויזישן אַקצענט, אַרויסרעדן דעם דאָזיקן אויסלענדישן נאָמען — איז קיין איינער דאָ נישט געווען אין אָט דעם „שוואַרצן דאָנערשטיק". קיינער נישט, נישט דער ראש פון דער פאַמיליע צוקערבערג, מאַקס, נישט זיין פרוי, סאַראַ, נישט זייערע צוויי קינדער — די ניין־יעריקע סעסיל און דער זיבן־יעריקער זשאָזשאָ.

ווו זיי זענען אַהינגעקומען, די צוקערבערגס, האָט קיינער נישט געוווּסט. אפשר האָבן די דריי פּאָליציסטן אויך זיי געגעבן אָנצוהערן מיט פּאַר־שלייערטע רייד, אַז מען וועט קומען אין אַ האַלבע שעה אַרום זען, צי זיי זענען שוין איינגעפּאַקט, און זיי האָבן יאָ דעם דאָזיקן רמז פאַרשטאַנען. עס האָט זיי אָפּגעגליקט, ווייל זיי האָבן זיך געפונען אויפן ערשטן פייער און מיט זיי האָט געדאַרפט זיך אָנהייבן די אָבלאַווע אין דעם דאָזיקן הויף, האָבן זיי געקאָנט אויסנוצן די האַלבע שעה, וואָס די פּאָליציסטן האָבן זיי צוגעשאַנצט, אויף זיך צו ראַטעווען.

אָבער חוץ די צוקערבערגס זענען אַלע יידישע איינוווינער פון דעם

הויף געשטאַנען מיט זייערע קלומיקעס, רענצלעך און רוקזעק; אַלע זענען זיי געווען צעטומלט, צעשראָקן און פאַרצווייפלט; אַלע האָבן זיי אויך געטראָגן אויף דער ברוסט דעם געלן מגן־דוד, די געלע לאַטע — די קינדער, אַזוי גוט ווי די דערוואַקסענע.

די קינדער פון הויף האָבן זיך געגרייט צו חנהלעס געבוירן־טאָג מיטן זעלביקן ברען, ווי דאָס וואָלט געווען זייער אייגענע שמחה. און גיט מען נאָך אַ טראַכט פון אַלע גוטע, ביים היינטיקן טאָג אַזוי זעלטענע נאַשערייען, וואָס האָבן געוואַרט אויף זיי, קאָן מען גוט באַגרייפן זייער ביטערע אַנטוישונג.

וועט דאָס אַלץ איצט גיין לאיבוד? ניין, חנהלע האָט אַלץ צונויפגענומען אין אַ גרויסן פּאַפּירענעם בייטל און פרעגט ווען זי די סעודה אין אויטאָקאַר, וואָס שטייט און וואַרט אויף די יידן, כדי זיי אַוועקצופירן.

אַזוי איז טאַקע געווען. אין אויטאָקאַר האָט חנהלע אויסגעפּאַקט דעם בייטל און די אַלע נאַשערייען גענומען פאַרטיילן אויף רעכטס און אויף לינקס — ווערמען אַ הויפן ניסלעך, וועמען אַ פּאָר פייגן און וועמען אַ געבעקס. יעדערער האָט עפּעס וואָס באַקומען, נישט בלויז די קינדער, נאָר אויך די דערוואַקסענע, די טאַטעס, די מאַמעס, אַלע.

אַלע, אַחוץ דודל. ווו איז ער? ער האָט דאָך געזאָלט קומען זיך משמח זיין אויף חנהלעס געבוירן־טאָג. אפשר איז אים געלונגען, אים און זיין מאַמען — זיין פּאַפּאַ זיצט שוין פון לאַנג אין דראַנסי — זיך צו ראַטעווען.

איין גאַס, אַ צווייטע, הייזער רעכטס און לינקס, באַקאַנטע הייזער. דער אויטאָקאַר פאָרט טאַקע דורך די גאַסן, וואָס חנהלע קען זיי אַלע. דאָס זענען דאָך די זעלביקע גאַסן, וואָס פירן זי יעדן אינדערפרי פון שטוב אין פאָלקסשול אַריין און יעדן אָוונט — צוריק אַהיים.

וואָס קומט דאָ פאָר? פרעגט זיך חנהלע. אָט שטעלט זיך דער אויטאָקאַר אָפּ ביי דער פאָלקסשול, און אָט קומט אָן אַ צווייטער אויטאָקאַר, אַ דריטער. אַלע זענען זיי פול אָנגעפּראָפּט מיט מענער, מיט פרויען, מיט קינדער.

—אויסשטייגן! — הערט זי אַ קול — אַלע זאָלן אַרויסגיין!

צוויי שולן אין איין געביידע, אַ ייִנגלשול און אַ מיידלשול. און יעדע

שול פאַרמאַגט איר אייגענעם הויף, ווו די קינדער שפּילן זיך בעת די הפסקות: ייִנגלעך אין איין הויף און מיידלעך אין אַ צווייטן הויף. געוויינטלעך זענען די ביידע הויפן פונאַנדערגעטיילט דורך אַ הילצערנעם שטאַכעטן־צוים. איצט אָבער זענען די טירן פון דעם צוים אָפן און די צונויפגעשלעפּטע הונדערטער קליינע און דערוואַקסענע געפאַנגענע קאָנען זיך באַוועגן פריי פון איין הויף אין אַנדערן.

חנהלע פילט זיך דאָ, ווי ביי זיך אין דער היים. זי האָט ליב איר שול, אויף אַזוי ווייט ליב, אַז זי האָט שיר נישט מיט צוויי וואָכן צוריק געגומען באַדויערן, וואָס די שולפעריען האָבן זיך אָנגעהויבן דאָס יאָר צו דער זעלביקער צייט ווי אַלע יאָר. זענען דאָך די איצטיקע צייטן נישט, ווי די אַמאָליקע, ווען מען פלעגט פאָרן פאַרברענגען צוויי זומער־חדשים אין אַ יידישער שול־קאָלאָניע, אין די בערג אָדער ביים ברעג ים.

אָבער פאַר וואָס האָט מען אַלעמען אַהערגעבראַכט, דווקא דאָ? חנהלע האָט געהערט עמעצן זאָגן, אַז דאָ וועט מען לאַנג נישט בלייבן, מעגלעך, נישט מער ווי עטלעכע שעה. און דערנאָך? וועט מען אַלעמען באַפרייען און מען וועט צוריקגיין אַהיים?

אָבער קודם כל דאַרף זי זיך דערוויסן, צי דודל געפינט זיך דאָ. אפשר האָט מען אים פריִער אָדער שפּעטער געבראַכט צו פירן אַהער.

איידער וואָס־ווען האָט עמעצער שטילערהייט זיך צוגערוקט צו חנהלען און פאַרשטעלט איר די אויגן מיט די הענט.

— ווער בין איך?

— וואָס הייסט „ווער?״ — רופט אויס חנהלע אַ פריידיק איבערראַשטע.

חנהלען פאַרדריסט וואָס זי פרייט זיך, אַז דודל איז אויך אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט. עס האָט דאָך געקאָנט געשען אַ נס, טראַכט זי זיך, אַז גראָד אים זאָל זיך איינגעבן צו אַנטלויפן.

פון דער צווייטער זייט אָבער איז זי ממש גליקלעך, חנהלע, וואָס זי האָט דודלען געטראָפן, און דווקא דאָ, אין זייער ביידנס פאָלקסשול. און איצט — אַלץ וואָס זי ווינטשט זיך, איז בלויז דאָס, אַז וואָס עס זאָל נישט געשען, וווּהין מען זאָל אַלע בעלווילער יידן פון דאַנען נישט אַוועקפירן,

זאָלן זיי אַלע פיר, זי און איר מאַמעשי, דודל און זיין מאַמע, זיך האַלטן שטענדיק צוזאַמען.

— דודל — דערלאַנגט חנהלע אים פּלוצלינג אַ פרעג און לאַכט זיך בעת מעשה פונאַנדער — דו ווייסט וועגן וואָס איך האָב אַ טראַכט געטאָן? דו ווייסט נישט?

— איך ווייס נישט.

— דו געדענקסט — פרעגט זי אים — דאָס מעשהלע וואָס דו האָסט מיר דערציילט נאָך דעם ווי דו האָסט דעם הויכן גאַסטאָן, וואָס האָט מיך געהאַט פאַרטשעפּעט ווייל איך טראָג אַ געלע לאַטע, אַזוי צעשלאָגן, אַז ער איז שיר נישט געבליבן ליגן אַ טויטער?

— איך האָב געטאָן וואָס איך האָב געדאַרפט — ענטפערט דודל — און דער לערער פון אונדזער קלאַס האָט באַלד דערנאָך, נישט מיך אויסגעזידלט, נאָר דווקא אים. און גאַסטאָן איז דעם אַנדערן טאָג צוגעגאַנגען צו אונדזביידן און געבעטן מיר זאָלן אים מוחל זיין. פון דעמאָלט אָן זענען מיר ביידע אַפילו געוואָרן גוטע חברים.

— יאָ, דודל, אָבער דערמאָן זיך וואָס דו האָסט מיר דערציילט — די מעשה מיט דוד און גלית הפלישתי. זעסט טאַקע אויס ווי דוד און ער, גאַסטאָן, זעט אויס ווי אַן אומגעלומפּערטער גלית הפלישתי.

אַ טומל האָט זיך אַ טראָג געטאָן פון אַלע זייטן און צו נישט געמאַכט די לעצטע ווערטער, וואָס חנהלע האָט געוואָלט אַרויסרעדן. ס'האָט געהייסן, אַז אַלע זאָלן צונויפנעמען זייער געפּעק און זיך קלייבן ביים טויער פון הויף.

עס געשעט, אַז מען זוכט עמעצן אַרום אין מיטן העלן טאָג, און כאָטש דער דאָזיקער „עמעצער" געפינט זיך גאָר נאָענט, שטייט ממש פאַר די אויגן, באַמערקט מען אים נישט, ווי מען וואָלט פּלוצלינג געשלאָגן געוואָרן דורך עפּעס אַ מאָדנער פאַרבלענדעניש. דאָס זעלבע איז געשען מיט מיסיע און מיט מאַדאַם לעלאָנג. אַ שטיק צייט האָבן זיי זיך אַרומגעדרייט אין ביידע הויפן ביז זיי האָבן סוף־כל־סוף געפונען חנהלען און איר מאַמאַ, דודלען און זיין מאַמאַ. די פיר זענען שוין גרייט, מיט זייערע רענצלעך אין די הענט, ווי אַלע אַנדערע יידן, צו גיין צום טויער.

די לעלאַנגס איז דאָ געווען דערלויבט אַרומשפּאַצירן פראַנק און פריי. די פּאָליציי־אינספּעקטאָרן האָבן נישט געוואַגט זיי צו פאַרווערן דעם צוטריט צו זייער שול. וואָלטן זיי געקומען כאָטש מיט אַ האַלבער שעה פריִער, וואָלטן זיי אפשר געפונען אַ מעגלעכקייט צו באַהאַלטן די צוויי באַליבטע תּלמידים זייערע, מיט זייערעביידנס מאַמעס, ערגעץ אין קלאַסצימער, אין קעלער, כאָטש געהיים־אַגענטן האָבן זיך אַרומגעדרייט אין ביידע הויפן און אַכטונג געגעבן, אַז קיינער פון די געפאַנגענע זאָל נישט נעלם ווערן.

איצט אָבער איז קיין אַנדער ברירה נישטאָ, ווי צו אימפּראָוויזירן אין איין מינוט אַזאַ פּלאַן, וואָס זאָל דורכגעפירט ווערן, אויב נישט דאָ אויף אַן אָרט, איז כאָטש אין ווינטער־וועלאָדראָם, ווו עס וועלן אינטערנירט ווערן, ווי מיסיע לעלאַנג האָט נאָר וואָס זיך דערוווּסט פון אַ פּאָליציי־אָפיצער, נישט בלויז די בעלווילער יידן, נאָר אַלע יידן־אויסלענדער — עטלעכע צענדליק טויזנט — צונויפגעכאַפּטע היינט באַגינען אין פּאַריז און סביבה.

בליצשנעל איז אין מיסיע לעלאַנגס מוח אויסגעאַרבעט געוואָרן אַזאַ מין פּלאַן. אָבער כדי ער זאָל קאָנען פאַרווירקלעכט ווערן איז נייטיק, אַז די קרבנות גופא זאָלן אויך צולייגן אַ האַנט צו אים. ער וואָלט, אויב אַזוי, געדאַרפט זיי אויפקלערן וואָס ער האָט בדעה צו טאָן און ווי זיי זאָלן זיך אויפפירן בעת דער רעטונגס־אַקציע, וואָס ער האָט דאָ ערשט צוגעטראַכט.

אָבער דאָס וועט ער איצט נישט קאָנען באַווייזן. איז טאַקע נישטאָ קיין אַנדער עצה, נאָר זיך איינצובייגן און אַריינשושקען דודלען אין אויער, אין עטלעכע ווערטער כאָטש, וואָס ער פאַרלאַנגט פון ביידע קינדער און פון זייערע מאַמעס. דאָס ייִנגל, ווייסט ער, האָט אַ פלינק קעפּל, און ער איז זיכער, אַז ער וועט די ווערטער קאָנען פאַרשטיין, ווי געהעריק.

— הער זיך צו מיט קאָפּ! — שושקעט מיסיע לעלאַנג דודלען אין אויער אַריין — היינט וועל איך שוין נישט באַווייזן, נאָר מאָרגן וועלן מיר, מיין פרוי און איך, קומען אייך באַזוכן אין ווינטער־וועלאָדראָם. מיר וועלן ביידע טראָגן די געלע לאַטע. ווי נאָר איר וועט אונדז דערזען, זאָלט איר צולויפן צו אונדז און מיר וועלן אייך אַריינכאַפּן אין אונדזערע אָרעמס.

איר זאָלט אונדז רופן: „פּאַפּאַ״ און „מאַמאַ״ און איר זאָלט אונדז פרעגן ווו מיר זענען געווען. געפינען זאָלט איר זיך אַלע פיר נישט ביים אַריינ־גאַנג, נאָר טיף אין וועלאָדראָם, פונקט אַנטקעגן דעם אַריינגאַנג, און זיצן זאָלט איר נישט אויף דער אונטערשטער, נאָר אויף דער סאַמע העכסטער באַנק, גאָר אויבן. דאָס ווייטערדיקע וועל איך אייך שוין זאָגן דאָרטן... געדענק זשע, מיר דאַרפן זיך אַלע דוצן, ווייל דיין מאַמע איז מיין פרוי און אירביידע זענט מיינע קינדער, און הייסן הייסן מיר אַלע לעלאָנג...

## קאַפּיטל 88

אַ געמיש פון קולות, געשרייען, יללות און געוויינען ביי די אויטאָקאַרן און אויטאָבוסן, וואָס זענען געקומען אָפּפירן די יידן אין ווינטער־וועלאָדראָם. מען שטופּט זיך. פאַראַן אַזעלכע, וואָס ווילן אַריין דווקא די ערשטע אין אויטאָקאַר, כדי צו קענען וואָס גיכער פאַרכאַפּן אַ זיצאָרט; פאַראַן אָבער אויך אַנדערע, וואָס באַמיִען זיך דווקא צו בלייבן הינטערשטעליק. אַ נאַרישע האָפענונג: זיי מיינען, אַז מען וועט זיי איבערלאָזן און זיי וועלן קאָנען גיין צוריק אַהיים.

דער אויטאָבוס האָט זיך אָפּגעשטעלט. מעטראָ גרענעל. אַ גרויסער בנין. נישט דער טרויעריק באַרימט געוואָרענער דורכגאַנג־לאַגער דראַנסי, פון וואַנען מען דעפּאָרטירט די יידן. אויך נישט קיין תפיסה, ווי די „סאַנטע״, למשל. דאָס איז דער גרויסער ספּאָרטפּאַלאַץ, וואָס איז באַרימט אין גאַנץ פראַנקרייך מיט זיין ריזן־אַרענע, אויף וועלכער ס׳פלעגן פאַר דער מלחמה פאָרקומען וועליסאָפּעדישע פאַרמעסטן און אַנדערע ספּאָרט־אימפּרעזעס. „וועל ד׳היוו״, הייסט ער פאַרקירצט, דער ווינטער־וועלאָדראָם.

מען איז שוין אָנגעקומען, אָבער די טירן פון אויטאָבוס זענען נאָך פאַרמאַכט. לענג־אויס דעם טראָטואַר האָבן די פריִער אָנגעקומענע פול אָנגעפּאַקטע אויטאָבוסן נאָך נישט אויסגעלאָדן די יידן, וואָס זיי האָבן געבראַכט צו פירן אַהער. מען דאַרף נישט מאַכן קיין טומל ביים אַריינגאַנג צום וועלאָדראָם. אָרדענונג מוז זיין. יעדער אויטאָבוס וואַרט אויף זיין ריי.

אַ פערטל שעה, אַ האַלבע שעה איז אַוועק ביז די טירן פון די פיר אויטאָבוסן מיט די בעלווילער יידן האָבן זיך געעפנט. נישט אַלע מיט אַ מאָל, נאָר איינציקווייז, פריִער איין טיר, דערנאָך אַ צווייטע. אָרדענונג מוז זיין.

דודל און חנהלע און זייערע מאַמעס געפינען זיך אין דריטן אויטאָבוס. דאַרף מען ווידער וואַרטן מיטן אויסשטייגן. די מעלאטאַן, אַזוי הייסט די גאַס, ווו זיי דאַרפן אויסשטייגן. ווי נאָר זיי שטייגן אויס פון אויטאָבוס, שטויסן זיי זיך אָן אין ציוויל געקליידטע וואַכלייט און אויך אוניפאָרמירטע פּאָליציסטן.

„גיכער"! שרייט מען צו די ניי־אָנגעקומענע. אָבער ווי נאָר זיי ווערן אַריינגעשטופּט אינעווייניק, אין האָל, וואָס פירט צו דער אַרענע, יאָגט מען זיי נישט מער. די באַוואָפנטע וואַכלייט אין האָל שטייען אָפּגערוקט איינער פון צווייטן, אויף פינף מעטער, און זיי אַרט נישט, צי דער אָדער יענער בלייבט הינטערשטעליק. פאַלט ווער אונטער דער לאַסט פון די שווערע פּעקלעך — איז נישט זייער דאגה. ער וועט זיך ווי נישט ווי אויפהייבן, אָדער די, וואָס גייען הינטער אים, וועלן אים צוריקשטעלן אויף די פיס.

און אָט איז מען שוין אין דעם גרויסן רונדן וועלאָדראָם גופא. פון אונטן אַרויף, ביז צו די סאַמע אייבערשטע בענק, וועט מען קיין איין פּאָליציסט נישט זען. דער וועלאָדראָם איז פול מיט יידן, מיט אַלטע לייט, מיט פרויען, מיט קינדער, און דער ליאַרעם איז זייער גרויס. אַ האַגל פון רייד, אַ געוויין פון קינדער, אַ שלוכצעניש פון ווייבער. קיין שפּור נישט פון דייטשער אָרדענונג.

די אַרענע אונטן איז שוין באַזעצט מיט מענטשן אַזוי געדיכט, אַז מען קאָן דאָ מער, דוכט זיך, קיין איבעריק אָרט נישט געפינען. די בענק, וואָס ציִען זיך אַן עטאַזש איבער אַן עטאַזש, פון אונטן ביז אויבן, אַזש ביז צו דער סטעליע, זענען אויך שוין באַזעצט, די אונטערשטע בענק געדיכט, די אייבערשטע בענק שיטערלעך.

— מען דאַרף זיך צואיילן — זאָגט דודל — לאָמיר גיין פאַרכאַפּן פיר פּלעצער אויבן, אויף דער סאַמע העכסטער באַנק, פונקט אַנטקעגן דעם אַריינגאַנג.

ווי נישט ווי האָבן זיי זיך דורכגעשטופּט דורכן טומל, דורך די יללות, דורך די געוויינען און טענות, גאָר אויבן האָבן זיי אַרויפגעקלעטערט. זיי האָבן זיך ברייטלעך צעלייגט אויף דער סאַמע העכסטע באַנק, ווו ס׳איז נאָך געווען גענוג פּלאַץ אי פאַר זיי גופא, אי פאַר זייער געפּעק.

דער ליאַרעם אין וועלאָדראָם ווערט אַלץ גרעסער. די צאָל פון די יידן הערט נישט אויף צו שטייגן. צען טויזנט, צוועלף טויזנט, אפשר פופצן טויזנט נפשות. די אויטאָבוסן פון דרויסן שליידערן אַלע רגע אַהער אַריין נייע אַרעסטאַנטן־מאַסן. ביסלעכווייז ווערן אויך די אייבערשטע בענק באַזעצט, ביז צו דער סטעליע. אַן ענגשאַפט, אַ שטיקעניש, אַן עיפּוש. די פּאָר קלאָזעטן פון דעם וועלאָדראָם זענען שוין אין דער פרי פאַרשטאָפּט געוואָרן. איצט איז אַפילו דער צוגאַנג צו זיי אויך שוין באַדעקט געוואָרן מיט אורין און מיט מענטשלעכער צואה.

דאָס וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין דער ערשטער נאַכט אין דעם וועל ד׳היוו, לאָזט זיך נישט שילדערן, סיידן מען מיידט אויס צו דערציילן דעם אָדער יענעם עפּיזאָד פון דער וועלאָדראָם־טראַגעדיע: פון דער פרוי, וואָס האָט זיך אַראָפּגעוואָרפן פון דער העכסטער באַנק, אָדער פון דער פרוי, וואָס האָט אין אַ משוגעת־אָנפאַל אַראָפּגעשליידערט איר קינד פון אַן אַנדער באַנק; סיידן מען דערמאָנט נישט די שרעקלעכע ווייטיקן פון דעם יידן, וואָס איז אויסגעגאַנגען פאַר אַלעמען אין די אויגן אָן אַ פּיפּס, אָן אַ קרעכץ אַפילו; סיידן מען מאַכט זיך נישט הערנדיק די שוידערלעכע געשרייען פון די מאַמעס, וואָס זייערע קינדער זענען געשטאָרבן אין זייערע אָרעמס...

וויפל איז געווען דער זייגער? אפשר צוויי, אפשר דריי נאָך מיטאָג, צו מאָרגנס פון דעם „שוואַרצן דאָנערשטיק". פּלוצלינג זענען דודל און חנהלע אַ שפּרונג געטאָן אין דער לופטן און האָבן ביידע ווי מיט איין קול אַ געשריי געטאָן: „פּאַפּאַ! מאַמאַ!"

מיסיע און מאַדאַם לעלאָנג זענען ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן. זיי האָבן געטראָגן די געלע לאַטע. דערנאָך האָבן זיי זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן דיל, ממש צופוסנס פון דודל און חנהלעס מאַמעס און האָבן זיי עפּעס אַריינגעשושקעט אין אויער אַריין.

די צוויי „אַרישע" קינדער, דודל און חנהלע, זענען, האָט עס געהייסן,

פאַרשלעפּט געוואָרן על פּי טעות אין איינעם מיט זייער פּאַפּאַ און זייער מאַמאַ. אַזוי באַלד, ווי זיי וועלן אַראָפּקלעטערן אונטן — איז אויס יידן, אויס געלע לאַטעס! ווי נאָר זיי וועלן זיין אונטן — אַלע פיר אָדער אַלע זעקס? דאָס איז אַ פראַגע, וואָס בלייבט דערווייל אָפן, און וועגן איר שושקעט מען זיך טאַקע — וועלן זיי אַלע, קיינער זאָל נישט באַמערקן, אַראָפּרייסן זייערע געלע לאַטעס, און דער קאַשמאַר, וואָס האָט געדויערט מער ווי אַנדערהאַלבן טעג, וועט זיין פאַרענדיקט...

ביים אַרויסגאַנג שטייט אַ פראַנצויזישער פּאָליציי־אָפיצער, אַ מין פּאָליציי־אינספּעקטאָר. זיין אויפגאַבע איז צו קאָנטראָלירן זייערע פּאַפּירן און דערנאָך זיך צו אַנטשולדיקן פאַר זיי: „אַ טעות איז געשען — וועט ער זאָגן הויך אויפן קול, כדי אַלע אַרום און אַרום, זאָלן הערן — אַ זייער פאַרדריסלעכער טעות איז געשען״!

יאָ דאָס אַלץ איז טאַקע אין בעסטן אָרדענונג. אַ מאַן, אַ פרוי, צוויי קינדער, אַ יינגעלע און אַ מיידעלע — מאַלע וואָס עס קאָן געשען אין דעם היינטיקן פאַריז בעת אַ „שוואַרצן דאָנערשטיק״? מיט די קינדער איז הייסט עס קיין פּראָבלעם נישטאָ. אָבער די דאָזיקע צוויי קינדער האָבן דאָ צוויי אמתע מאַמעס, נישט קיין אויסגעטראַכטע, ווי די מאַדאַם לעלאָנג — טאָ וואָס וועט געשען מיט די צוויי יידישע מאַמעס?

דער דאָזיקער פּרט איז אויך געוועז פאַרויסגעזען אין לעלאָנגס פּלאַן. זאָלן זיי, דודלס מאַמאַ אָדער אַנעטס מאַמאַ, באַשליסן צווישן זיך ווער פון זיי ביידע זאָל זיך פאַרשטעלן ווי זיין פרוי. איינע וועט — אָן דער געלער לאַטע — מיט אים און מיט די קינדער, דורכגיין די „דעמאַרקאַציע־ליניע״, וואָס טיילט פונאַנדער דעם ווינטער־וועלאָדראָם פון דעם הייסן זומערדיקן דרויסן. וואָס שייך זיין אמתער פרוי, און די צווייטע מאַמע, די יידישע מאַמע, וועלן זיי ביידע, ווי ס'איז באַצייטנס געוואָרן אָפּגעמאַכט מיטן דערמאָנטן פּאָליציי־אינספּעקטאָר, אַ שעה שפּעטער דורכגיין די זעלביקע פּראָצעדור. מיט זיי ביידן קאָן דאָך אויך האָבן געשען אַ פאַרדריסלעכער טעות.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום זענען דודל, חנהלע, זייער „בייער״ פּאַפּאַ און זייער „נייע״ מאַמאַ — אַלע פיר אָן דער געלער לאַטע — שוין געווען אין דרויסן.

## קאַפּיטל 89

דודל און חנהלע האָבן געמוזט בייטן זייערע נעמען. פון דער מינוט, ווי זיי זענען אַרויסגעגאַנגען פון וועלאָדראָם־גיהינום, האָבן זיי זיך גערופן, ער — אַלליוויע און זי — זשאַנעט.

פאַר וואָס אַלליוויע (מיט צוויי ל׳ געשריבן)? אַ לערער בלייבט לערער אַפילו ווען ער געפינט זיך נישט אין קלאַס.

— אַלליוויע (געדענק, אַז דו שרייבסט זיך מיט צוויי ל׳) — קנעלט מיסיע לעלאָנג אַריין אין דודלען — איז געווען אַ הייסער פאַרטיידיקער פון דער ערשטער פראַנצויזישער רעפּובליק. ער האָט אין יאָר 1851 געמוזט אַנטלויפן פון פראַנקרייך. אַלליוויע איז געווען זיין פאַמיליע־נאָמען, אָבער ער קאָן אויך באַנוצט ווערן ווי אַ פאַרנאָמען.

— און פאַר וואָס האָט איר מיר — פרעגט חנהלע — אַ נאָמען געגעבן זשאַנעט?

— זשאַנעט הייסטו אָט דערפאַר: ערשטנס, איז זשאַנעט פאַנעטיש נישט ווייט פון אַנעט, דו דאַרפסט בלויז איבערבייטן איין אות אויף אַ צווייטן. ניין, לאָמיר דיך נישט אַריינפירן אין אַ טעות. צווייטנס, איז זשאַנעט די פאַרקירצונגס־פאָרעם פון זשאַן, און ווער זשאַן ד׳אַרק איז געווען, וואָס פאַר אַ ראָל זי האָט געשפּילט אין דער באַפרייונג פון פראַנקרייך, דאָס פאַרשפּאַר איך דיר צו דערציילן פון דאָס ניי.

אַבי מען געפינט זיך אין דרויסן, טראַכט דודל נישט מער וועגן זיין נייעם נאָמען אַלליוויע לעלאָנג. ער טראַכט, אַז זיין מאַמאַ איז דערווייל געבליבן אין וועל ד׳היוו. אויך חנהלע טראַכט פון איר מאַמעשי. וווּהין פאָרן זיי? — פרעגט זיך חנהלע. נישט אַהיים — וועגן דעם קאָן קיין רייד נישט זיין. איר היים איז פאַרחתמעט און פאַרזיגלט. נישטאָ מער קיין היים.

— אָרעמע קינדער! — זאָגט פרוי לעלאָנג. צום ערשטן מאָל אין מעטראָ, ווי זי מאַכט אויף איר מויל.

— מען האָט אייך גאָרנישט נישט געגעבן צו עסן? — פרעגט מיסיע לעלאָנג — און צו טרינקען האָט מען אייך אויך די גאַנצע צייט נישט געגעבן?

— ניין, נישט צו עסן, נישט צו טרינקען — ענטפערט חנהלע, אָבער איר — ווענדט זי זיך צו מאַדאַם לעלאָנג — האָט אונדז נעכטן געבראַכט געגנוג צו עסן...

— געגנוג? — רופט זיך אָן פרוי לעלאָנג — פאַר פיר פערזאָן? איך וואָלט קיין מאָל נישט געקאָנט זיך פאָרשטעלן, אַז מען וועט האַלטן אומשולדיקע מענטשן פאַרשפאַרט און זיי אַפילו אַ ביסל וואַסער נישט געבן...

— אונטן — זאָגט דודל־אַלליוויע — האָט מען יאָ פאַרטיילט וואַסער, אָבער צו די אייבערשטע בענק איז דאָס נישט דערגאַנגען. מיר האָבן זיך נישט גערירט פון אָרט, ווי איר האָט אונדז געהאָט באַפוילן...

מען דאַרף אומשטייגן און נעמען די מעטראָ, וואָס גייט אין דער ריכטונג פון שאַטאָ דע ווענסען. דאָרט וועט מען זיך פאַרקלייבן אין אַ ווינקעלע פון אַ גרעסערער קאַפע, כדי מיסיע לעלאָנג זאָל זיי קאָנען דערציילן מיט וועמען זיי וועלן זיך טרעפן אין דער ווילע אויפן ברעג פון דער מאַרנע אין סאַן־מאָר.

מען האָט געגעסן, געטרונקען און עס וואָלט זיי אַלעמען גוט געווען, ווען נישט דאָס בענקען פון די קינדער נאָך זייערע עלטערן. וואָס וואָלט אין דער אמתן זיי איצט געפעלט? ווי דורך עפּעס אַ כישוף־שפרונג האָבן זיי זיך דאָך אַרויסגעראַטעוועט פון וועלאָדראָם־גיהנום.

אין דרויסן איז נאָך געגנוג הייס, אָבער דאָ, אין קאַפע, איז קיל און רויִק.

פלוצלינג דערלאַנגט מיסיע לעלאָנג אַ פרעג דודלען:

— הער צו, מיין ליבער אַלליוויע. דו דערמאָנסט זיך דיין קלאַסן־חבר גאַסטאָן? דעם מיט וועמען דו האָסט זיך געשלאָגן? צוויי מאָל אַזוי די הויך ווי דו ביז ער, און דריי מאָל אַזוי שטאַרק, דער דאָזיקער גאַסטאָן... האָסט געזען דעם פּאָליציי־אַפּיצער, וואָס האָט קאָנטראָלירט מיינע פּאַפּירן און האָט מיך איבערגעבעטן, וואָס מען האָט אונדז אַלעמען על פּי טעות איינגעשפּאַרט אין וועלאָדראָם? ווער מיינסטו, איז ער? נישט קיין אַנדערער ווי גאַסטאָנס פאָטער.

— טאָ ווי אַזוי האָט גאַסטאָן?...

— גאַסטאָן אַליין האָט עס נישט געוווּסט ביז ער איז אַהיימגעקומען

מיט זיין צעשפּאָלטענעם קאָפּ, אין וועלכן דו האָסט אַזוי גוט אַריינגעהאַקט...
ווען זיין פאָטער האָט זיך דורך מיר אַלץ דערוווּסט, האָט ער אויך גענומען
אַריינפּויקן אין זיין זונס מוח, אַז דער שולדיקער איז ער, נישט דו. ער האָט
געבראַכט דערצו, אַז גאַסטאָן זאָל איינזען, אַז ער האָט שלעכט געטאָן.

— איך האָב זיך טאַקע געוווּנדערט — זאָגט דודל — וואָס ער איז
אין צוויי טעג אַרום צו מיר צוגעגאַנגען און האָט מיך איבערגעבעטן.

— אָט זיצן מיר און רעדן, און דאָ וועט באַלד דאָס גלעקל אַ קלונג
טאָן. איך מיין דערמיט צו זאָגן, אַז איך האָב אייך ביידן, דיך און זשאַנעטן,
נישט געזאָגט דאָס סאַמע וויכטיקסטע. מיר פאָרן איצט צו לעווריע —
אַזוי הייסט דער פּאָליציי־אָפיצער, פון וועלכן מיר האָבן גערעדט. אייגנטלעך,
נישט צו אים דירעקט, נאָר צו זיינעם אַ ברודער. דאָרט געפינט זיך אויך
גאַסטאָן. ער ווייסט, אַז איר דאַרפט קומען און ער פרייט זיך מיט אייער
קומען. איין זאַך פאַרלאַנג איך פון דיר, מיין ליבער אַלליוויע — פאַרענדיקט
מיסיע לעלאָנג זיין לעקציע — —דו ווייסט, אַז גאַסטאָן איז אַ ביסל
שוואַכלעך אין די לימודים, דער עיקר אין פראַנצויזיש און אין רעכענען.
בעט איך דיך, לערן מיט אים, דערקלער אים, כדי ער זאָל אַ ביסל
אַוואַנסירן. דאָס איז אַלץ. און איצט — היידאַ, אין וועג אַריין!

## קאַפּיטל 90

זינט ר׳ פּנחס און זיין שווער יאָסל גראָסמאַן זענען נפטר געוואָרן,
איז האַנס בוימאַן, אָדער ר׳ יוחנן הסנדלר, ווי דער למדן מופלג ר׳ פּנחס
פלעגט טייל מאָל האַלב אין שפּאַס און האַלב אין ערנסט אים באַטיטלען,
געבליבן הענגען ווי אין דער לופטן.

געאַרבעט האָט ער נאָך אַלץ אין דעם האַלב לעגאַלן יידישן הילפס־
קאָמיטעט. ער האָט געהאָט צו טאָן מיט אַ סך יידן, און יעדן טאָג זענען
אים צוגעקומען נייע באַקאַנטשאַפטן מיט די אין ליאָן גופא איינגעבוירענע
יידן־איזראַעליטן אָדער מיט די נאָך פאַר דער מלחמה אַהער איינגעוואַנ־
דערטע אַשכנזישע יידן. מיט עטלעכע ספרדישע יידן איז ער אויך געווען

באַקאַנט. פון דעסטוועגן האָט ער נישט געקאָנט זיך צופּאַסן אַ געזעלשאַפט, וואָס זאָל אים זיין צום האַרצן.

יוכבד, זיין שוויגער, איז פאַרבליבן וווינען אין דער זעלביקער דירה וואָס פריִער, צוזאַמען מיט אפרימס פאַמיליע, מיט ר׳ פּנחסעס טאָכטער און מיט זיין יינגסטן זון, יונהלע.

די אונטערשטע שורה איז, אַז יוחנן האָט איצט קיינעם נישט מיט וועמען זיך אויסצוטענהן. וואָס זשע טוט ער, יוחנן? ער רעדט צו זיך, אָדער בעסער געזאָגט: ער שרייבט דאָס אַריין אין זיין טאָגבוך.

דערלאַנגט ער אַ בלעטער די צענדליקער העפטן טאָגבוך, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט ביי אים, הייבט אים אָן צו שווינדלען אין קאָפּ. צווישן־סטאַנציעס אָן אַ צאָל. אויף יעדער צווישן־סטאַנציע האָט ער זיך אָפּגע־שטעלט. דערנאָך איז ער וויטער געגאַנגען ביז זיין איצטיקן געמיט־צושטאַנד.

אויך אין סטיל און אויסדרוק־פאָרעם פון זיינע געדאַנקען זענען פאָר־געקומען גרויסע ענדערונגען. דאָס מערקט זיך בולט אין דער שפּראַך, מיט וועלכער ער באַנוצט זיך אין זיין טאָגבוך. אמת ער פירט נאָך אַלץ זיין טאָגבוך אין געטעס שפּראַך, אין דייטש הייסט עס, וואָס איז אי זיין מאַמע־לשון, אי זיין שטודיע־שפּראַך. עס טרעפט אָבער אַלץ עפטער, אַז אים נעמט פעלן אין דייטש אַ וואָרט, אַן אויסדרוק, און ער מוז רופן צו הילף דעם ווערטער־אוצר פון דער יידישער שפּראַך, טייל מאָל אויך פון העבּרעיִש.

ער באַווייזט נישט צו פאַרצייכענען אַפילו אַ צענטחלק פון דעם, וואָס ער וואָלט געדאַרפט פאַרצייכענען, ווי ער האָט זיך לכתחילה געהאַט פאָר־גענומען, כדי שפּעטער, אויב דאָס מזל וועט אים צושפּילן און ער וועט איבערלעבן די מלחמה, זאָל ער עס באַאַרבעטן ווי געהעריק.

געלינגט אים שוין אַן אָוונט זיך פריי צו מאַכן, כאַפּט ער זיך צו צו זיין טאָגבוך, און גיך, כמעט אין אַ טעלעגראַם־סטיל, וואַרפט ער אים צו ברעקלעך כראָניק, אָנצוהערענישן אויף דעם אָדער יענעם רושם, וואָס אויף אים האָט געמאַכט אַ ידיעה, איבערגעגעבן דורך דעם לאָנדאָנער ראַדיאָ, — וואָס עס קומט פאָר אויף די פראָנטן, אין די געטאָס און קאָנצענטראַציע־לאַגערס אין פּוילן, וואָס עס הערט זיך אין פּאַריז, אָדער, אַז דאָס מזל

שפּילט אים צו, הערט ער דעם אָפּקלאַנג פֿון די באָמבעס, וואָס שיטן זיך אויף די דייטשע שטעט און אינדוסטריע־צענטערן.

אַטענטאַטן קעגן די דייטשע אָקופּאַנטן, העלדישע אויפטועַן פֿון די רעזיסטאַנטן, רעפּרעסיעס פֿון די דייטשן, באַגלייט־דערשיינונגען פֿון דער מלחמה, וואָס ווערט געפֿירט כמעט אין דער גאַנצער וועלט — דאָס אַלץ קומט צום אויסדרוק אין זיין טאָגבוך דורך אַ וואָרט, דורך אַ רמז, טייל מאָל אויך דורך אַ גאַנצער שורה.

אַ טאָג נאָך אַ טאָג, אַ וואָך נאָך אַ וואָך — רינגען אין אַ לאַנגער קייט. פֿאַראַן טעג, וואָס עס דוכט זיך, אַז זיי וועלן זיך קיין מאָל נישט פֿאַרענדיקן. לאַנגע, שווערע, טרויעריקע טעג.

דער זעכצנטער יולי אין פֿאַריז איז געווען אַזאַ מין טאָג. אין ליאָן האָט מען זיך דערוווּסט פֿון דעם דאָזיקן זעכצנטן יולי תיכּף ווי ער האָט זיך אָנגעהויבן. אין יוחננס „נאָכטבוך" איז ער איינגעראָמט געוואָרן אין אַ שוואַרץ רעמל אונטערן קעפּל: דער „שוואַרצער דאָנערשטיק" — און ווייטער קיין וואָרט נישט מער.

אין עטלעכע וואָכן אַרום האָבן דודל און חנהלע, וואָס זייער „מלאך הגואל" האָט זיי אַריבערגעשמוגלט איבער דער דעמאַרקאַציע־ליניע און האָט זיי געבראַכט צו פֿירן אין הילפֿס־קאָמיטעט, אים דערציילט אַלץ וואָס איז אין אָט דעם טאָג געשען מיט זיי און מיט אַלע יידן — צו ערשט אין שול־הויף, דערנאָך אין ווינטער־וועלאָדראָם, און דער נס, וואָס מיט זיי איז געשען דעם אַנדערן טאָג, דעם זיבעצנטן יולי.

פֿון דעם פֿאַריזער „שוואַרצן דאָנערשטיק" האָבן זיך געראַטעוועט אין ליאָן נאָך אַנדערע יידן, קינדער און דערוואַקסענע, אָבער חנהלע איז דאָך געווען זיין שוויגערס אַ פּלימעניצעס טאָכטער, בעלאַס קוזינקעס אַ טאָכטער, האָט יוחנן זיך געפֿילט, ווי ער וואָלט פּערזענלעך געהאַט אַ חלק סיי אין דעם אומגליק, סיי מיט דעם נס, וואָס איז געשען מיט חנהלען און דודל. יוחנן האָט ביידע קינדער גלייך געבראַכט צו פֿירן צו יוכבדן. ביז וואָס וועלן זיי ביי איר געפֿינען אַ שטיקל אָרט. שפּעטער וועט זיך יוחנן באַמיִען זיי איינצואָרדענען ערגעץ־ווו אין אַ דאָרף, אָדער — אין לעצטן פֿאַל —

אין אַ קלויסטער, ווו מען הייבט אָן צו באַהאַלטן יידישע קינדער, בפרט איצט, ווען די רדיפות אויף יידן־אויסלענדער און אויף זייערע קינדער זענען אויך אין דער דרום־זאָנע שוין אין פולן גאַנג.

דודלס מאַמען און חנהלעס מאַמען האָט מיסיע לעלאָנג, נישט געקוקט אויף אַלע באַמיִונגען, נישט באַוויזן צו ראַטעווען. מיט זיין גוטן פריינד דעם פּאָליציי־אָפּיצער איז, ווייזט אויס, עפּעס געשען. דעם אַכצנטן יולי האָט מען ביידע מאַמעס אַריבערגעפירט אין דראַנסי. אין דעם זעלביקן טאָג האָבן, מסתמא אין צוזאַמענהאַנג טאָקע מיטן פּאָליציי־אינספּעקטאָרס דורכפאַל — דודל און חנהלע געמוזט זיך אַריבערקלייבן אין אַ צווייטער באַהעלטעניש.

די נצחונות פון די דייטשן אויפן רוסישן פראָנט ווערן דורך בוימאַנען רעגיסטרירט מיט גרויס פּינקטלעכקייט, ווי ער וואָלט זיך באַמיט אַזוי אַרום אָפּצופרישן זיינע געאָגראַפישע קענטענישן. מער ווי אַלץ אָבער וויל ער אויף דעם אופן, ווי אַ סך אַנדערע טאָגבוך־שרייבערס, בולטער מאַכן די גרויסע מפּלות, וואָס זיי וועלן אָן ספק האָבן דעם קומענדיקן ווינטער.

אָבער יוחננס טאָגבוך האָלט נאָך נישט דערביי. איידער די דייטשן וועלן אויפן רוסישן פראָנט ווערן פאַרפרוירן און אין אַפריקע — פאַרברענט, וועלן זיי צו ערשט דאַרפן באַזיגט ווערן אין דער לופטן, אין זייער אייגענעם דייטשן הימל. אַ מבול פון שוועבל און פעך האָט זינט מאַי 1942 גענומען פאַרפלייצן דייטשע שטעט און דערפער, אינדוסטריע־צענטערס און באַנ־קנופּן.

דעם צווייטן מאַי האָבן טויזנט. בריטישע עראָפּלאַנען באָמבאַרדירט קעלן, דעם זעקסטן יוני האָט עסען דערפילט דעם זעלביקן טעם דורך טויזנט זעקס און דרייסיק ענגלישע באָמבאַרדירערס. דעם איין און צוואַנ־ציקסטן יוני זענען אויך דיסבורג און מערס באַפאַלן געוואָרן פון דער לופטן.

דער אַלט־גערמאַנישער וואָטאַן, דער גאָט פון דונער און בליץ, און זיין היינטיקער כוהן־גדול, דער פעלדמאַרשאַל הערמאַן גערינג, פילן זיך נישט מער זיכער אין זייער הימל און אויף זייער ערד.

ווי באַלד אין דער לופטן האָט זיך אָנגעהויבן די „געטער־דעמערונג”,

וועט שוין דער דאָזיקער נאַצי־בין־השמשות זיך פונאַנדערשפּרייטן אויף אויף אַלע ימים און אויף אַלע יבשות, וואָס געפינען זיך נאָך דערווייל אין די הענט פון דעם אַלט־גערמאַנישן געטש טהאָר, דער געטש מיטן שטאַרקן האַמער.

יאָ, אַלע פראַנטן האָבן שוין אָנגעהויבן זיך צו וואַקלען, חוץ איין איינציקער פראָנט, וואָס די דייטשן וועלן זיך באַמִיען אויפצוהאַלטן ביז צו זייער ענדגילטיקער מפּלה — דעם אַנטי־יידישן פראָנט. דאָס האָבן זיי זיך צוגעשווירן. ווי אַזוי די וועלט־מלחמה זאָל זיך נישט פאַרענדיקן, וועלן זיי האָבן „פאַרענטפערט" די יידן־פראַגע, וואָס דאָס הייסט: אויסראָטן אַלע יידן, וואָס וועלן זיי אַריינפאַלן אין די הענט.

דאָס אַלץ ווערט דורך יוחנן בוימאַן פאַרצייכנט אין זיין טאָגבוך, אָדער „נאַכטבוך", ווייל געשריבן ווערט דאָס אין דער שפּעטער נאַכט.

אין דעם דאָזיקן „נאַכטבוך" געפינט מען פון צייט צו צייט קורצע ידיעות וועגן ד"ר זשאַק טובאַ, דניאל, שושנה, פּיעראַ, עמאַנועלאַ. אַנדערע פריינד אָדער חברים זיינע ווערן אויך טייל מאָל דערמאָנט מיט איניציאַלן.

אין צווישן זענען אונטערגעקומען די ימים־נוראים פון יאָר 1942 — ראש השנה און יום־כיפור. יוחנן איז געגאַנגען אין שול אַריין, ער האָט געדאַוונט, זיך געשלאָגן „על חטא". יום־כיפור איז ער נישט אַרויס פון שול אַ גאַנצן טאָג און האָט דעם מחזור נישט אַרויסגעלאָזט פון האַנט. דערנאָך איז געקומען סוכות. די מצווה צו זיצן אין סוכה האָט ער נישט געקאָנט מקיים זיין, אָבער געפּרייט האָט ער זיך צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע יידן צו שמחת תורה.

די רדיפות אויף די יידן און אויף די ווידערשטענדלער אין דרום־פראַנקרייך האָבן זיך געמערט פון טאָג צו טאָג, אָבער שמחת־תורה איז שמחת־תורה און יוחנן איז געווען אַ בעל־תשובה. די שמחה מיט דער תורה איז אין זיינע אויגן אויך געווען אַן אויסדרוק פון פּראָטעסט.

מען דאַרף פון דעסטוועגן נישט פאַרגעסן די בשורה טובה: די אַמע־ריקאַנער האָבן דעבאַרקירט אין צפון־אַפריקע; דעם אַכטן נאָוועמבער איז דאָס געשען. די היסטאָרישע דאַטע האָט אין יוחננס טאָגבוך פאַרנומען אַ חשוב אָרט. אין דריי טעג אַרום אָבער — דעם עלפטן נאָוועמבער — האָבן

די דייטשע חיילות פאַרפלייצט די אַזוי גערופענע פרייע זאָנע, און ליאָן איז, אַנשטאָט אַ שטיקל מקום־מקלט, געוואָרן דאָס זעלבע וואָס פּאַריז: אַ פאַסטקע פאַר די יידן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען. דאָס אייגענע איז אויך געשען מיט די איבעריקע שטעט פון דרום־פראַנקרייך: טולוז, מאַר־סיי, ניס אאַז״וו.

אמת, אין די שטעט און שטעטלעך, וואָס זענען אָקופּירט געוואָרן דורך דער איטאַליענישער אַרמיי, האָבן די יידן זיך געפילט אַ ביסל זיכערער, אָבער דער ווייטערדיקער פאַרלויף פון די געשעענישן האָט געמאַכט אַ סוף צו דער קורצער אָטעם־פּויזע, פון וועלכער עס האָבן גענאָסן די דאָרטיקע יידן.

דער נייייאָר האָט זיך אָנגעהויבן מיט היטלערס אַ באַפעל צו דער דייטשער אַרמיי:

„דאָס יאָר 1943 וועט אפשר זיין זייער אַ האַרט יאָר, אָבער געוויס נישט אַזוי האַרט ווי די יאָרן, וואָס זענען שוין אַוועק... איין זאַך איז אָבער זיכער: אין דעם דאָזיקן געראַנגל קאָן נישט זיין קיין שום קאָמפּראָמיס...״

אין זיין צווייטן אויפרוף, דעם ערשטן יאַנואַר, צום דייטשן פאָלק, האָט זיך היטלער באַרימט, ווי געוויינטלעך:

„דאָס נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע דייטשלאַנד קאָן נישט ווערן באַזיגט און קיין מאָל וועט איר נישט איינפאַלן צו קאַפּיטולירן... מיר ווייסן, אַז דאָס דייטשע פאָלק וועט סוף־כל־סוף אַרויסגיין אַ זיגער...״

דעם גאַנצן חודש יאַנואַר האָבן די רוסן אָנגעגריפן אויף אַלע פראָנטן און פאַריאָגט די דייטשע חיילות פון אַ סך שטעט און דערפער. די שלאַכטן אויף די גאַסן און אין די חורבות פון סטאַלינגראַד האַלטן נאָך אָן, די צאָל פון די דייטשע הרוגים און געפאַלענע הערט נישט אויף צו וואַקסן. מען ריכט זיך אויף דער גרעסטער דייטשער מפלה — אויפן סטאַלינגראַדער פראָנט. אין פראַנקרייך גופא הייבן די דייטשן אויך שוין אָן צו שפּירן, אַז זיי געפינען זיך ווי אויף אַ ווולקאַן, וואָס קאָן אַ ליאַדע מינוט זיי פאַרשיטן מיט לאַווע.

דעם דרייסיקסטן יאַנואַר איז דורך אַ ווישי־דעקרעט געשאַפן געוואָרן

די פראַנצויזישע מיליץ ס.אַ.ל. איר אויפגאַבע איז צו דערשטיקן די רעזיסטאַנס אין אַלע אירע פאָרמען. בראש פון דער דאָזיקער פאַשיסטישער מיליץ האָט מען געשטעלט דעם פראַנצויזישן „וואַפען ס.ס." יאָזעף דאַרנאַן.

אָבער דאַרנאַן איז נישט געווען אין שטאַנד צו האַמעווען דעם פראַנצויזישן ווידערשטאַנד, ווי היטלערן האָט זיך נישט איינגעגעבן אויסצומיידן זיין מפלה אין סטאַלינגראַד. זי האָט זיך פאַרענדיקט דעם צווייטן פעברואַר מיט דער קאַפּיטולאַציע פון דער זעקסטער דייטשער אַרמיי. צוויי הונדערט צען טויזנט דייטשע זעלנער זענען געפאַלן און איין און נײַנציק טויזנט זעלנער, מיט זייער קאָמענדאַנט מאַרשאַל פאָן פּאַולוס בראש, זענען אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט.

פון די דייטשע הימלען פאַלן טויזנטער טאָנען ענגלישע באָמבעס אויף מאַנהיים, לודוויגסהאַפען, דאָרטמונד, דיסבורג און נאָך אַ סך אַנדערע דייטשע שטעט.

מאַרשאַל גערינג האָט דריי טעג פאַר דער סטאַלינגראַדער מפלה, דעם דרייסיקסטן יאַנואַר, קיין אַנדער אויסוועג פאַר די דייטשן אין דער שלאַכט נישט געזען, ווי „צו זיגן אָדער צו שטאַרבן". ער, פאַרשטייט זיך, וויל בעסער זיגן ווי שטאַרבן, ווייל ער גלייבט, זאָגט ער, „מיט אַן אומדערשיטערלעכן גלויבן אין דעם דייטשן נצחון". אויף יעדן פאַל באַוואָרנט זיך געבעלס דעם זעלביקן טאָג אין בערלינער ספּאָרטפּאַלאַסט: „מיר האָבן פון תמיד אָן זיך געהאַלטן ביי דעם פעסטגעשטעלטן פּרינציפּ: דאָס וואָרט קאַפּיטולאַציע עקזיסטירט נישט אין אונדזער ווערטערבוך".

## קאַפּיטל 91

דרייצן איז דאָס זעלביקע וואָס איינס, וואָס איין און איינציקער: גאָט, פאַרשטייט זיך, גאָט פון אַברהם, יצחק און יעקב...

דאָס איז, ווייזט אויס, די איינציקע זאַך, וואָס איז איצט קלאָר אין יוחננס מוח. וואָרעם אחד — איינס איז דאָך דער סך־הכל פון אַלע צאָלן,

וואָס טומלען זיך אַרום איצט אין יוחננס געדאַנקען: אלף איז איינס, חית איז אַכט און דלת איז פיר, אין איינעם — דרייצן.

מיט דרייצן, מיט „אחד" אויף די ליפּן, זענען דורות יידן געגאַנגען על קידוש־השם. אַזוי אַרום איז די טיפּסטע פּיין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין העכסטן גליק.

ציילט ער טאַקע, יוחנן. ער ציילט ביז דרייצן שטילערהייט און מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. קוים־קוים, וואָס ער הערט זיך צו צו זיך גופא, קוים קוים, וואָס ער הערט זיך ציילן די קלעפּ, די שמיץ, וואָס באַרביע, דער הויפּטשטורמפירער באַרביע, דער פירער פון דער געשטאַפּאָ אין ליאָן, האָט אַריינגעקלאַפּט אין זיין פאַרבלוטיקטן, נאַקעטן גוף. ווי מאָדנע, ווי אויס־טערליש דאָס זאָל נישט אויסזען: ער דערציילט זיך בעת מעשה, נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל, די ווונדערלעכע לעבנס־געשיכטע פון דעם מאַראַן דיאָגאָ פּירעס. דאָ נישט לאַנג האָט ער צופעליק געלייענט די געשיכטע פונעם יונגן הויף־באַגאַבטן קרוב למלכות, פּריוואַט־סעקרעטאַר פונעם פאָרטוגעזישן קעניג מאַנועל דער ערשטער, וואָס, נאָך אַ באַגעגעניש מיט דעם מיסטעריעזן „אַמבאַסאַדאָר" פון אַ ווייטער, אומבאַקאַנטער, בלי־ענדיקער יידישער מדינה, דוד הראובני, האָט ער זיך אומגעקערט צו זיין טאַטע־מאַמעס יידישקייט מיט לייב און לעבן, מיט געדאַנק און נשמה. ער האָט זיך מגייר געווען אין געהיים, און היות ווי ער האָט נישט געפונען קיין מוהל, וואָס זאָל אים צוריק אַריינפירן אין אַברהם אָבינוס ברית, האָט ער ביי זיך אין צימער אין מיטן נאַכט, איינער אַליין אין עלטער פון פינף און צוואַנציק יאָר, זיך מל געווען. און געשען איז אַ נס. ער וואָלט דאָך געקאָנט אָפּגיין מיט בלוט, האָט דאָס בלוט פון זיך אַליין זיך פאַרהאַלטן און אויפגעהערט צו פליסן. ער אָבער איז בעת מעשה געפאַנגען געוואָרן פון אַ ווונדערלעכען חלום.

וואָלט ער, האַנס בוימאַן, געווען ביכולת, פאַרמאָגט אַזוי פיל מוט, ביז צו אָפּערירן זיך איינער אַליין, כדי צו ווערן אַ ייד?

אָבער די דאָזיקע פראַגע, כאַפּט ער זיך, איז גאָר קיין פראַגע נישט. וואָלט ער, יוחנן, פריִער נאָך געוואָלט ווערן אַן אמתער ייד — ווער וואָלט עס אים דען געשטערט מיט פינף און צוואַנציק יאָר צוריק? געמלט איז

ער דאָך סיי ווי געווען, און כדי צו זיין אַן אינטעגראַלער ייד וואָלט ער דאָך אַפילו נישט געדאַרפט זיך אָפּזאָגן פון זיין אַקאַדעמישער קאַריערע. אַ ראַיה, אָט איז ער דאָך אַפילו נישט געווען געשמדט, און דאָך איז ער געווען פּראָפעסאָר פון גערמאַנישער אור־געשיכטע, פון גערמאַנישער מיטאָ־לאָגיע. מען איז ווייט־ווייט אַוועק פון דוד הראובנים און שלמה מולכוס צייטן, ווען די אינקוויזיציע האָט געבושעוועט אין שפּאַניע און אין פּאָרטוגאַל. נישטאָ מער קיין געוויסן־צוואַנג, קיין רעליגיעז־מאָטיווירטע רדיפות.

זאָגן דאָך די דייטשן היינט, אַז אויב די יידן האָבן נישט קיין רעכט צו עקזיסטירן אויף דער וועלט, איז דאָס נישט דערפאַר, וואָס זייער רעליגיע איז תורת משה, נאָר דערפאַר ווייל זיי געהערן נישט צו דער אַרישער ראַסע. אַפילו צו דער אָסטישער, אַלפּינישער און וויסט דער טייוול נאָך וועלכער נידעריקער ראַסע, געהערן זיי אויך נישט, דעריבער זענען זיי הפקר.

דאָס טאַקע האָט באַרביע געזאָגט צו יוחנן. ווען ער האָט אָנגעהויבן אים צו פּייניקן, האָט ער געקוואָלן פאַר נחת, דער דאָזיקער באַרביע, וואָס ער קאָן סוף־כל־סוף, מיט די אייגענע הענט זיינע, שמייסן אַ כלומרשט דייטשן פּראָפעסאָר פון גערמאַנישער אור־געשיכטע.

וואָס זאָגט ער איצט דערצו, דער פּראָפעסאָר? דאָס איז דאָך נישט קיין קלייניקייט. זיי קייכן אַוודאי פאַר געלעכטער, די אַלט־גערמאַנישע געטער, אין דער וואַלהאַלאַ זייערער. דער פּראָפעסאָר האַנס בוימאַן איז זיי גוט באַקאַנט פון די ווימאַרער צייטן. מעשיות פלעגט ער דערציילן זיינע בערלינער סטודענטן וועגן וואָטאַן, טהאָר, פרייאַ, די אאזן און וועגן גאָר דער דייטשער מיטאָלאָגיע. איצט ליגט ער, פּראָפעסאָר האַנס בוימאַן, און דרייט זיך פאַר יסורים, און פאַר חרפה טאַקע אויך. איז דאָס נישט צום לאַכן? וואָס מיינט ער? וואָס טראַכט ער, פּראָפעסאָר בוימאַן?

יוחנן אָבער טראַכט בעת מעשה בלויז וועגן דעם, אַז אויב שוין יאָ קריגן געשלאָגן, געשמיסן, דאַרף מען ציילן, ציילן ביז דרייצן, אַ צאָל איבער וועלכער באַרביע מאַכט זיך אַזוי לוסטיק. ווי עס זעט אויס, האָט דאָס אים עמעצער דערציילט, אָדער ער האָט אַליין געלייענט אין אַ דייטשער הגדה־איבערזעצונג, דעם באַקאַנטן הימען אין דער פאָרעם פון פראַגע און ענטפער: „אחד מי יודע”.

דרייצן... אחד מי יודע?... גאָטס מידות זענען דרייצן, און גאָר דער יידישער גייסטיקער פאַרמעג באַטרעפט דרייצן, וואָס איז גלייכצייטיק אחד, איינער, איין־איינציקער גאָט אין הימל...

איצט איז נאַכט, נאַכט אין מאַנליק. יאָ, עס רעדט זיך טאַקע וועגן דער תפיסה מאַנליק אין ליאָן, וואָס איטלעכן ווער נאָר עס הערט איר נאָמען, גייט דורך אַ שוידער דורך זיין לייב. מאַנליק איז באַרביע, מאַנליק איז פרענצל, דער דייטשער הויפט־אויפזעער פון דער טורמע.

— אפשר וועט איר איצט מסכים זיין צו קאַפּיטולירן, הער פּראָפּע־סאָר? — דערלאַנגט באַרביע אַ פרעג האַנסן אין אַ חוזק־טאָן.

יוחנן ווייסט אויף אַן אמת נישט, וואָס מען וויל פון אים, מיט וואָס און ווי אַזוי ער זאָל קאַפּיטולירן. קאַפּיטולירן קאָן דאָך נאָר דער, וואָס קעמפט און פאַרנעמט אַ וועלכע נישט איז פּאָזיציע, אָדער דער, וואָס ווערט אויפגעפּאָדערט זיך מודה צו זיין אין דעם, אין וואָס ער ווערט באַשולדיקט. אָבער יוחנן איז אַרעסטירט געוואָרן אין דער צווייטער סדר־נאַכט. געזעסן זענען זיי, אַ גרופּע יידן־פאַרשווערער, און האָבן געציילט די מכות, וואָס פרעה האָט פאַרצייטנס געהאַט אַריינגעכאַפּט. ס׳איז געווען קלאָר און דייטלעך. ער האָט אין גאָרנישט זיך נישט געדאַרפט מודה זיין. „שפוך חמתך אל הגויים״, און געענוג, דאָס איז אַלץ. ער האָט אויך נישט באַהאַלטן נישט זיין נאָמען און נישט זיין יידישקייט.

— קאַפּיטולירן זאָלסטו און זאָלסט אַלץ אויסזאָגן! — ריטשעט באַרביע, מיר האָבן מיטלען צו מאַכן רעדן אַפילו טויטע.

הייאָר, פּונקט ווי פאַר אַ יאָרן, האָט די ליאָנער קהילה איינגעאָרדנט אַ קאָלעקטיוון סדר פאַר אַ זעכציק־זיבעציק פאַרוואָגלטע יידן, וואָס האָבן נאָך נישט געפונען אַ היים אין ליאָן; פאַר פּליטים, וואָס האָבן געזוכט אַן אָרט, וווּ צו פראַווען דעם סדר. יוחנן, בעלאַ, יוכבד זענען אויך געווען צווישן זיי.

פאַר אַ יאָרן איז געווען עפּעס אַנדערש; פאַר אַ יאָרן האָבן נאָך געלעבט ר׳ פּנחס שטיין און יאָסל גראָסמאַן, האָט מען זיך טאַקע געטוליעט איינער צום צווייטן. פון פאַראַיאָריקן פסח ביז צום הייאָריקן — אַזוי פיל

קרבנות, אַזוי פיל טויטע, און עס זעט זיך נאָך אַלץ נישט קיין סוף צו דער מלחמה, נישט געקוקט אויף די דייטשע מפּלות אין סטאַלינגראַד, אין על אַלאַמיין, אין איטאַליע. ווער ווייסט, צי געבעלס איז טאַקע אומגערעכט ווען ער האָט דערקלערט, אַז אין זיין ווערטערבוך געפינט זיך נישט דאָס וואָרט „קאַפּיטולאַציע"?

פון דער צווייטער זייט אָבער איז דאָך שוין פאָרט נענטער ווי ווייטער, קאָן מען דאָך שוין ממש מיט די הענט אָנטאַפּן די דייטשע מפּלה, נישט געקוקט אויף באַרביעס רוט, נישט געקוקט אויף זיינע געוואַלטן, אַז קאַפּיטולירן וועט בוימאַן.

און באַרביע שלאָגט, שלאָגט אָן אויפהער. יוחנן חלשט, בלוט גיסט זיך פון אים, פון זיין גאַנצן קערפּער.

שלמה מולכו, באַווייזט נאָך יוחנן אַ טראַכט צו טאָן, האָט זיך איינער אַליין מל געווען און בלוט האָט זיך פון אים געגאָסן. אַזוי אַרום האָט שלמה מולכו געקאָנט מקיים זיין דעם אַלט־יידישן געבאָט „בדמיך חיי"! אין דיין בלוט זאָלסטו לעבן! געשטאָרבן איז ער ערשט אין עטלעכע יאָר אַרום. פאַרברענט איז ער געוואָרן לעבעדיקערהייט אויפן שייטערהויפן פון דער אינקוויזיציע, ווייל ער האָט בשום אופן נישט געוואָלט קאַפּיטולירן און פאַרלייקענען זיין יידישקייט.

יוחנן דערמאָנט זיך אין דער באַשרייבונג פון שלמה מולכוס גאַנג צום שייטערהויפן. ער האָט דאָס געלייענט אין דעם באַרימטן ספר „עמק הבכא" פון ר' יוסף הכהן:

— — און געקומען איז דער טאָג ווען מען האָט אים אָנגעטאָן אַ צוים אויפן מויל און מען האָט שלמהן אַרויסגעפירט אין דרויסן און די גאַנצע שטאָט האָט דעמאָלט געקאָכט און אים האָט מען געפירט צום פלאַמפייער וואָס מען האָט אָנגעצונדן פאַר זיינעטוועגן. איז געקומען צו לויפן איינער פון דעם קייסערס מיניסטאָרן און האָט אַ געשריי געטאָן: „נעמט אַראָפּ דעם צוים פון זיינע ציין ווייל איך האָב אַ וואָרט פון דעם קייסער אים צו זאָגן". האָבן זיי אַזוי געטאָן און ער האָט צו אים געזאָגט:

„דער קייסער האָט מיך צו דיר שלמה געשיקט כדי דיר צו זאָגן: קער זיך אום פון דיין וועג און זיי זיך מודה אַז דו האָסט זיך פאַרזינדיקט, וועט ער דיך לאָזן לעבן, דער קייסער, און דו וועסט ווייטער לעבן. טאָמער אָבער נישט — וועסטו האָבן דאָס וואָס דו פאַרדינסט!"

און ער איז געבליבן רויִק שטיין און האָט זיך אַפילו נישט אַ טרייסל געטאָן און געענטפערט האָט ער ווי אַ קדוש, ווי גאָטס אַ מלאך:

„פאַרביטערט איז מיין האַרץ און טרויעריק בין איך וואָס איך האָב אַזוי לאַנג אויסגעהאַלטן אין אייער גלויבן און איצט טוט מיט מיר וואָס איך געפעלט און מיין נשמה וועט זיך אומקערן אין איר טאַטנס היים ווען איך בין נאָך געווען אַ קליין קינד ווייל דעמאָלט איז מיר בעסער געווען ווי איצט".

זענען זיי געוואָרן אויף אים שטאַרק אין כעס און האָבן אים אַרויפ־געוואָרפן אויפן שייטערהויפן און האָבן אים מקריב געווען. האָט גאָט אַ שמעק געטאָן דעם ריח־ניחוח און ער האָט אַריינגענומען זיין ריינע נשמה אין גן־עדן און זי איז ביי אים פאַרבליבן אַ שפּילגעצייג מיט וועלכן ער שפּילט זיך כסדר. — —

אויך איך וועל נישט קאַפּיטולירן, זאָגט זיך יוחנן. איך וועל אַפילו זיך נישט באַמיִען צו קאַפּיטולירן פאַר די יסורים מיינע און וועל חלילה נישט אַריינפאַלן אין יאוש, אין מרה־שחורה, וואָס קאָן מיך פאַרפירן צו בעטן דעם טויט אויף זיך. פאַרקערט, איך וועל זיך קלאַמערן אין לעבן אַזוי לאַנג ווי עס וועט זיך לאָזן. אַפילו אויב איך זאָל דאַרפן זיך אָנכאַפּן אין אַ שאַרפער שווערד, וועל איך אויך נישט אויפהערן צו האָפן, כדי מקיים צו זיין דעם זאָג: „אַפילו ווען אַ שאַרפע שווערד ליגט אויפן האַלדז פון אַ מענטשן, זאָל ער פון דעסטוועגן זיך אויך נישט אָפּזאָגן פון לעבן".

נישט קאַפּיטולירן, קיין מאָל נישט, כדי איך זאָל נישט פאַרשעמען דעם ליכטיקן אָנדענק פון שלמה מולכו, עליו השלום.

פון פסחדיקן טיש, פון דער הגדה, האָט מען אַלעמען אַוועקגענומען. נישט אומזיסט שטייט געשריבן אין דער הגדה, טראַכט יוחנן, „שלא אחד

בלבד עמד עלינו לכלותינו", נישט איינער בלויז, נישט איין פרעה, האָט זיך אָנגעזעצט אויף אונדז, כדי אונדז אויסצוראָטן, „אלא שבכל דור ודור עומדים עלינו לכלותינו" נאָר אין יעדן דור לייגט מען זיך אָן אויף אונדז, כדי צו פאַרניכטן, אָבער...

יוחנן האָט קיין מוט נישט צו פאַרענדיקן דעם הגדה־ציטאַט, ווייל דער סוף פסוק, ווייסט ער גאַנץ גוט, דער אויספיר פון דער דאָזיקער כלומרשטער קאָנסטאַטירונג, שטימט נישט אין דאָס רוב פאַלן מיט דער ווירקלעכקייט. זעלטן, זעלטן טרעפט, אַז „הקדוש ברוך הוא מצילנו מידם", דער אויבערשטער ראַטעוועט אונדז אַרויס פון זייערע הענט.

אמת, יוחנן ווייסט אויך, אַז דאָ רעדט זיך וועגן כלל ישראל, דאָס גאַנצע יידישע פאָלק. אָבער ווי אַזוי, פרעגט זיך יוחנן ווידער, ווי אַזוי קאָן דען דאָס גאַנצע פאָלק געראַטעוועט ווערן, ווען די זיידעס און די באָבעס, די טאַטעס און די מאַמעס, און אַפילו די קליינע קינדער, די פיצעלעך, די עופהלעך ווערן אומגעבראַכט?

אַט איז געזעסן אַ גאַנצע עדה יידן ביים סדר, ווו זענען זיי איצט? נישט באַוויזן האָט מען אויסצורעכענען די מכות, וואָס גאָט האָט אַראָפּגעשיקט אויף די מצריים, נישט באַוויזן האָט מען אויסצורעכענען די גוטע מעלות פון דעם אויבערשטן, די טובות אַלע, וואָס גאָט האָט געטאָן מיט אונדזערע אור־עלטערן אין מצרים און אויפן ים — אַ געוואַלט, אַ געשריי, אַ באַנדע געשטאַפּאָ־מענער און פראַנצויזישע מיליציאָנערן האָט זיך אַריינגעריסן אין סדר־זאַל און אַלע זענען אָפּגעפירט געוואָרן — מען ווייסט נישט וווהין.

וווהין די איבעריקע זענען פאַרשלעפּט געוואָרן, האָט יוחנן נישט געוווסט. וווהין מען פירט אים, האָט ער יאָ געוווסט: האָטעל „טערמינוס". די אַנדערע יידן האָט מען אייגנטלעך אויך געבראַכט צו פירן אַהין, אָבער אים האָט מען תיכף אָפּגעטיילט פון אַלע איבעריקע, פון זיין פרוי, פון איר מאַמען, פון יוכבדן הייסט עס, און אויך פון חנהלען און פון דודלען, וואָס יוחנן האָט געהאַט אַראָפּגעבראַכט פון זייער קינדערהיים, כדי ער זאָל קאָנען מיט די דאָזיקע קינדער, אַנטרונענע פון דעם פּאַריזער זעכצנטן יולי, זינגען צוזאַמען די „חד־גדיא" פון דער הגדה.

פון דעמאָלט אָן זענען שוין פאַרביי צען טעג און עלף נעכט. נאָך אַ

פראָבע־פאַרהער האָט מען אים געבראַכט צו פירן אין מאַגליק און אים קודם אַריינגעשליידערט אין אַ צעלע, אַ נאַסע און אַ גליטשיקע, ווו עס ווערן געווייינטלעך געהאַלטן די צום טויט פאַרמשפטע אַרעסטאַנטן.

ער איז אַן ערובניק, האָט מען אים געזאָגט, און טאָמער וועט עפּעס וואָס געשען, וועט ער אין איינעם מיט די איבעריקע ערובניקעס, וואָס געפינען זיך אין שכנותדיקע צעלעס אויפן אונטערשטאָק, דערשאָסן ווערן דאָ, אין דעם הויף פון דער תפיסה מאַגליק.

אַן ערובניק? יוחנן ווייסט שוין פון לאַנג, אַז ער איז נישט עפּעס אַנדערש ווי אַן ערובניק. אַלע יידן זענען דאָך ערובניקעס, נאָך פון די אוראַלטע צייטן אָן. אָבער ביז צו דעם טאָג, אָדער גענויער געזאָגט — ביז צו דעם דאָזיקן סדר־אָוונט, ווען מען האָט אים געגעבן צו פאַרזוכן דעם טעם פון ליגן אַ געשמידטער אין אַ צעלע פון פאַרמשפּטע צום טויט, האָט ער נישט פאַרשטאַנען דעם אמתן באַדייט פון דעם שוידערלעכן וואָרט „ערובניק״.

פאַר זיך אַליין קאָן דאָך אויך קיין איין מענטש קיין מאָל נישט ערוב זיין און ער קאָן נישט זאָגן ווי אַזוי ער וועט אין דעם אָדער אין יענעם פאַל זיך פירן, שוין אָפּגערעדט דערפון, אַז קיינער קאָן נישט ערוב זיין פאַר אַ צווייטן, און נאָך וויניקער — פאַר אַ גאַנצער גרופּע מענטשן, אויף וועלכע מען האָט קיין שליטה נישט און מען האָט מיט זיי קיין מגע־ומשא נישט. און טאָמער דערציילט מען דיר נאָך, אַז דו ביסט דער יעניקער, וואָס דאַרף טראָגן די אַחריות פאַר די מעשים פון אַ גאַנצער געגנט, שטאָט, לאַנד — וואָס קאָנסטו אויף דעם ענטפערן? וואָס קאָנסטו טאָן עפּעס אַנדערש, ווי זיך האַקן קאָפּ אין וואַנט, ווי שרייען און יאָמערן, אַזוי לאַנג, ביז די נשמה וועט דיר אויסגיין — פאַר שרעק, פאַר מורא, פאַר בהלה?

ניין, יוחנן האָט זיך נישט געשלאָגן קאָפּ אין וואַנט, ער האָט נישט געשריגן, נישט געליאַרעמט, נישט געיאָמערט. תפיסה איז תפיסה, האָט ער זיך געזאָגט, און זיין אַן ערובניק — פאַר וואָס נישט? אַלץ דאַרף אַ מענטש אויספּרובירן אין לעבן, אַלץ דאַרף ער דורכמאַכן, אויף אַלץ מוז

מען האָרעווען און פראַצעווען; אויפן לעבן פונקט אַזוי ווי אויפן טויט. ס'איז גאָרנישט פאַראַן אומזיסט אויף דער וועלט.

יוחנן האָט זיך נישט געבונטעוועט קעגן קיינעם. נישט קעגן גאָט, נישט קעגן דער מענטשהייט, נישט קעגן זיך אַליין אַפילו, קעגן דעם אייגענעם גורל. אַלץ איז באַשערט.

ס'איז אויך ריכטיק דאָס, וואָס דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ איז אויסגעבראָכן דווקא ערב פסח, ווי דאָס האָבן זיך שוין דערוווּסט ביים צווייטן סדר די יידן אין ליאָן. דורכן לאָנדאָנער ראַדיאָ האָט מען זיך דערוווּסט וועגן אָט דעם צווייטן חשמונאים־אויפשטאַנד אין דער יידישער געשיכטע. אין הלל־געזאַנג, וואָס ווערט געזונגען צום סדר, האָט שוין מיט־געקלונגען אַן עכאָ פון דעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. אין דער דאָזיקער סדר־נאַכט האָט אַ סך האָפערדיקער געקלונגען דער „שפוך חמתך אל הגויים".

טאַקע דעם דאָזיקן הויך־קלינגענדיקן „שפוך חמתך" האָבן די געשטאַפּאָ־באַרביע־לייט נישט געקאָנט פאַרטראָגן. דערפאַר האָט מען אַלעמען פאַר־כאַפּט, יונג און אַלט, מאַן און פרוי, קינד און קייט. און ער, יוחנן, איז אָפּגעשטעמפּלט געוואָרן פאַרן ערובניק נומער איינס. באַרביע האָט אים פאַראַנטוואָרטלעך געמאַכט פאַר די געשעענישן אין וואַרשעווער געטאָ.

איצט אָבער, אין דער טיפער מאָנליק־נאַכט, ווען דער זייגער פון דער גרויסער ליאָנער טאַבאַק־פאַבריק, וואָס געפינט זיך דאָ נישט ווייט, זאָגט אָן יוחנן אַלע שעה, אַז ער האָט שוין מיט אַ שעה ווייניקער צו לעבן, הייבט ער סוף־כל־סוף אָן צו פאַרשטיין, פאַר וואָס באַרביע האָט פון אים פאַרלאַנגט ער זאָל קאַפּיטולירן. אַן ערובניק איז ער, האָט ער געזאָלט ערוב זיין פאַרן וואַרשעווער געטאָ, ערוב זיין, אַז די וואַרשעווער יידן וועלן זיך לאָזן פירן ווי שאָף צו דער שחיטה און נישט אַרויסווייזן קיין ווידער־שטאַנד. איצט, אַז דער אויפשטאַנד קעגן דעם טויזנטיעריקן רייך איז שוין אויסגעבראָכן, האָט יוחנן געזאָלט ערוב זיין, אַז די אויפשטענדלערס זאָלן זיך אונטערגעבן.

וואָס איז געוואָרן פון דעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ? אומ־מעגלעך זיך צו דערוויסן. זינט ער איז אַרעסטירט געוואָרן, זינט ער זיצט

אין מאָגליק — שוין אַ מעשה פון באַלד דריי וואָכן — „דריי וואָכן אין עומר״ — האָט ער מער קיינעם פון זיין וועלט נישט באַגעגנט, גלייך ווי אַלע וואָלטן שוין געווען, חלילה, אויסגעשטאָרבן.

די ערשטע באַגעגעניש מיט דער ליאָנער געשטאַפּאָ האָט זיך פונאַנדער־געוויקלט אַ סך לייכטער, ווי ער האָט זיך אויף איר געהאַט געריכט. באַרביע האָט אים ביים ערשטן פאַרהער נישט געשלאָגן, נישט געפייניקט. ער האָט בלויז געהאַלטן אין איין פרעגן אים, צי ער גיט זיך אָפּ אַ דין וחשבון, וואָס פאַר אַ זעלטענער „פויגל״ ער איז — אַזוי טאַקע האָט ער זיך אויס־געדריקט — דאָס איז איינס, און צווייטנס, צי ווייסט ער, וואָס פאַר אַ שטראָף עס וואַרט אויף אים.

— איך וויס נישט — האָט בוימאַן געענטפערט. ער האָט געוואָלט הערן פון באַרביעס מויל, אין וואָס אייגנטלעך מען באַשולדיקט אים.

—באַשולדיקט... — איז באַרביע מיט שפּאָט אים אַריינגעפאַלן אין די רייד — דאָ איז נישט ווייטאַר, איר געפינט זיך דאָ נישט אונטער אַ יידיש־סאָציאַל־דעמאָקראַטיש־באָלשעוויסטישן רעזשים, מען זאָל גיין זיך שפּילן מיט אייך אין פאָרמעלע באַשולדיקונגען. אַן ערובניק, הער פּראָפעסאָר, אַן ערובניק וועט איר זיין, אָט וואָס! געגנוג אויף היינט.

דעם ערשטן אָוונט שוין פרווט יוחנן אָנקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט זיינע שכנים. ער ענטפערט מיט אַ קלאַפּ אין די באַהייצונג־רערן פון זיין צעלע אַ מיטגעפאַנגענעם, וואָס פרעגט זיך אָן ביי אים ווער ער איז און וואָס ער איז, ער ענטפערט אַזוי ווי ער קען. איין קלאַפּ, דערנאָך דריי, דערנאָך פינף, און ווייטער, כדי איבערצוגעבן זיין נאָמען. אָבער איידער אים איז געלונגען צו פאַרשטיין, ווי זיך אומצוגיין מיט דעם תפיסה־אלף־בית, האָט מען אים שוין אַריבערגעפירט אין אַ צווייטער צעלע, דאָס מאָל אויפן דריטן שטאָק, ווו עס זענען נישטאָ קיין פאַרמשפּטע צום טויט.

דעם פערטן טאָג פון זיין געפאַנגענשאַפט איז דאָס געשען. דעם טאָג האָט מען אים אויך דערלויבט אַרויסצוגיין אַ האַלבע שעה אויף שפּאַציר אין הויף. ער האָט באַגעגנט אַ באַקאַנטן און האָט זיך מיט אים איבער־געוווּנקען. וואָס באַדייט דאָס, האָט ער זיך געפרעגט, וואָס מען האָט אים

איבערגעביטן די צעלע? איז ער נישט מער קיין ערובניק? וועט ער אפשר איצט קאָנען דערגיין, וואָס עס איז געשען מיט זיין פרוי, מיט זיין שוויגער, מיט חנהלען, מיט דודלען?

צוויי מאָל בסך הכל איז אים באַשערט געווען צו כאַפּן אַ שפּאַציר אין תפיסה־הויף. אין די ווייטערדיקע טעג און נעכט איז ער געלעגן מיט געהאַקטע ווונדן אויף זיין נאַרע. באַרביע האָט אויפגעהערט אים צו שאַנעווען אויף די פאַרהערן אין האָטעל „טערמינוס”, וווהין מען האָט אָנגעהויבן אים צו פירן טאָג נאָך טאָג.

אַזוי זענען פאַרביי טעג אין פּייניקונגען, אין קלעפּ, אין צוגרייטונג צום טויט. יוחנן האָט גוט געוווּסט, אַז לאַנג וועט נישט דויערן די קאַץ־און מויז־שפּיל, וואָס באַרביע שפּילט מיט אים. מען וועט אים צוריק אַרונטערפירן אין דעם אונטערשטאַק, ווו עס געפינען זיך די ערובניקעס, די פאַרמשפּטע צום טויט.

יענע צייט איז געווען אַ געמיש פון לעבן, טויט, קאַמף און געראַנגל. קעגנשטעלן זיך דעם טויט איז געווען דער גרעסטער קאַמף פון יעדן ווידערשטענדלער, פּאַרטיזאַן און מאַקי־קעמפער.

ווען בוימאַן איז געווען אין די טאָרטור־קאַמערן פון דער געשטאַפּאָ, האָט דניאל, וועלכער איז איצט געווען דער פאַראַנטוואָרטלעכער פון זיין פּאַרטיזאַנער־גרופּע, באַקומען די ראַנגע פון קאַפּיטאַן.

דניאל איז דורך שבעה מדורי גהינום געקומען ווידער צום וועג אָפּצוגעפינען זיין שושנה. אָבער אַנדערש איז איצט די וועלט, אַנדערש איז ער, דניאל. ער טראָגט אַ באָרד און איז עלטער געוואָרן ווי מיט צוויי טויזנט יאָר יידישע געשיכטע, — יידישער קיום.

איצט האָט ער צו זיין דיספּאָזיציע אַ מאָטאָציקל, אַ מאַשין אויף צוויי רעדער, אַ באַלאָדענע מיט אויפרייס־מאַטעריאַל אין פאַל פון אַ דורכפאַל.

ווידער לאָזט ער זיך אין די באַרגיקע געגנטן פון ווערקאָר. אַלץ קומט אים אַנטקעגן מיט אָפענע אָרעמס. ער פילט זיך, ווי ער וואָלט געווען פעיִק אַריינצואָטעמען מיט איין אָטעם־צוג די גאַנצע שיינע, רחבותדיקע וועלט, אין איינעם מיט אַלע אירע בערג און ימים. עס זינגט זיך אים אַ ליד,

פליט אין אים אַריין מיטן ווינט, וואָס שניידט קעגן אים אין זיין דורכרייסן זיך דעם וועג: שושנה, די זון פון האָפענונג אין מיין שאָטן פון דערמאָנונג.

דניאל האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין ווען עס איז נאָך געווען נאַכט אויף די באַרגיקע וועגן, אָבער די לעצטע שטערן האָבן זיך שוין געלאָשן און אויף מזרח האָט, ווי אַ גליִענדיקע קויל, וואָס טליִעט פון אונטערן אָפּגעקילטן אַש אַפּער, זיך צעגליט דער מאָרגנרויט, זיך צעטריפט איבער די בלויקייטן.

פלוצלינג איז אַזוי ליכטיק געוואָרן, אַז די וועלדער האָבן אַ וואַקס אַרויס געטאָן מיט אַ שוואַרצן רייץ און די זיגזאַגישע באַרג־וועגן האָבן באַקומען אַזאַ אויסזען, ווי עפּעס אַ חלום וואָלט זיי איינגעהילט מיט אויס־געזעצטע שורות סאָסנעביימער, איינגעבויגענע פון שווערן גאַנג באַרג־אַרויף. אין ליכט פון טאָג האָבן זיך אַרויסגערוקט די קלענערע און גרעסערע באַרג־שפּיצן.

דניאל האָט פאַרקירעוועט אויף אַ זייטיקן וועג אין וואַלד אַריין. דאָס שיסן פון מאַשין־געווער איז געוואָרן שטאַרקער און אָפטער, אַן אָנזאָג, אַז די ס. ס.־גרופּן געפינען זיך נישט ווייט פון דאַנען.

ער האָט געהאַט אַ סך אויפגאַבעס, אָבער דער הויפּטציל איז געווען: אָפּראַטעווען, אויב מעגלעך, האַנס בוימאַנען, וועלכער טראָגט איצט דעם נאָמען יוחנן.

## קאַפּיטל 92

אין אַ פאָרשטאָט פון ליאָן איז דניאל געווען באַהאַלטן אין אַ קאַטוילישן קלויסטער־סעמינאַר פאַר גלחים. דניאל האָט געבעטן אַ טרעפונג מיט זיין מאַמע מישעל (יוכבד). מען האָט אים דאָס צוגעזאָגט, ווי נאָר עס וועט ווערן רויִקער אַרום דעם צענטער.

נאָך דעם זעלבן טאָג האָט מען אים אַריבערגעפירט דורך טונקעלע קאָרידאָרן ביז אין דער קירכע אַריין. ער איז געווען אָנגעטאָן ווי דער גלח פון דער קירכע. זיין מאַמע וועט קומען צו אים געקליידט ווי אַ הייליקע

שוועסטער, אַ בלינדע. מען וועט זי פירן, און זי וועט אַריינגיין אין חדר־שטיבל, ווו מען איז זיך מתוודה.

דניאל האָט איצט געטראָגן דעם נאָמען פּיער לעמיער. ער האָט קוים דערקענט זיין מאַמע, געהערט דאָס שטילע שעפּטשען פון דער פרוי, וואָס איז געזעסן אויף אַ קליין בענקעלע (זי האָט זיך אָפּגעזאָגט צו קני׳ען). פון דער וויטנס האָבן זיך געטראָגן די קלאַנגען פון אָרגל, אויף וועלכן דער גלח אַליין, אַנגעטאָן ווי אַן אָרגאַניסט, האָט איצט געשפּילט.

— קינד מיינס, דאָס ביסטו? אַזוי פאַרשלייערט?

— מאַמע מיינע, דו מוזט זיין שטאַרק אויסצוטראָגן די אַלע ווייטיקן.

— שטיל, מיין זון, בייג זיך צו נענטער צו מיר און רעד פּאַמעלעכער. זאָג מיר, מיין קינד, ווו איז דיין ווייב? דערציילן, ווו זענען חיימקע, טערעז, לויז, מאַרי. זיי זענען דאָך שוין אַוודאי גרויסע.

— אַ סך פון זיי זענען אין דער פּאַרטיזאַנקע, מיט געווער אין די הענט.

— ווו זענען די פּיצלעך קינדער?

— אין דערפער, ביי גוטע פראַנצויזישע משפחות. מיט די אויסבאַהאַלטענע קינדער פאַרנעמט זיך טאַקע שאַרלאָט. נישט נאָר מיט די קינדער פון אונדזערע משפחות, נאָר מיט אַלע יידישע קינדער, און אויך די פון די פּאַרטיזאַנער... הער זיך איין, מאַמע. גאָר אין גיכן וועסטו באַקומען אַ צימער, און איך אָדער שאַרלאָט, און אפשרביידע צוזאַמען, וועלן קומען צו דיר יעדן אָוונט, ווען די נאַכט וועט צופאַלן. עס זענען דאָ גוטע נייעסן פון די פראָנטן.

די מוזיק האָט זיך צעקלונגען העכער און שטאַרקער, פאַרטויבט די תפילות און דאָס מתוודה זיין זיך פון דער בלינדער מאַמע פאַר איר זון דעם גלח. דאָס איז געווען דער פּאַראָל, אַז זיי דאַרפן פאַרשווינדן. צוויי הייליקע שוועסטער זענען ווי אַרויסגעשוואומען פון הינטער אַ טיר, מיט פּאַמעלעכע טריט צוגעגאַנגען צום ווידוי־חדרל, גענומען די בלינדע מאַמע מישעל אונטער די אָרעמס און זענען מיט איר פאַרשוואונדן.

דניאל איז אַרויס דורך אַ הינטערטיר, ער האָט נאָך באַוויזן צו זען צוויי מענער, וועלכע האָבן כלומרשט זיך איבערגעצלמט און זיך אַוועק־

געזעצט אויסהערן די מוזיקאַלישע תפילה פון באַך. זי איז איבערגעריסן געוואָרן מיט אַ מאָדנעם קראַך, ווי עס וואָלט ווער ברוטאַל פּאַרקלאַפּט אַ טיר.

ווער איז דאָס געווען? געסטאַפּאָ־לייט? קיינער ווייסט נישט. בלויז אין די קורצע באַריכטן פון די פּאַרצווייגטע קוריער־גרופּעס האָט מען וועגן דעם מיטגעטיילט.

— אומקומען? — רייסט זיך אַרויס פון יוחננס ברוסט אַ „מאין יבוא עזרי?" — פון וואַנען זשע וועט קומען מיין הילף?

יוחנן שטרענגט אָן זיין געהער אין דער תפיסה־נאַכט, ער וואַרט, ער לויערט אויף דער צווייטער העלפט פון דעם פּסוק, אויף „מאת ה' עושה שמים וארץ", די הילף וועט קומען פון גאָט, וואָס האָט באַשאַפן הימל און ערד. און עס קומט אים אויס, ווי ער וואָלט זיך דאָ איצט געשטעלט אויף אַ שיידוועג און וואָלט געוואַרט אויף אַן עכאָ פון אַ טרייסטוואָרט, וואָס זאָל אים שטאַרקן אין זיין איצטיקער נויט, באַקרעפטיקן אין זיין באַשלוס, אַז וואָס עס זאָל נישט געשען, זאָל ער, חלילה, נישט וואַגן מתרעם צו זיין אויף גאָט, וואָס וועגן אים שטייט דאָך געשריבן אין דער הגדה: „והקדוש ברוך הוא מצילנו מידם", און דער רבונו של עולם ראַטעוועט אונדז פון זייער האַנט, ווייל „לא ינום ולא יישן שומר ישראל", ווייל דער היטער פון ישראל דרעמלט נישט און שלאָפט נישט. מיט אַ רויִקן געמיט זאָל ער זיך צוגרייטן צו שטאַרבן על קידוש השם, ווי ר' עקיבא, ווי ר' שלמה מולכו... שטאַרבן וועט ער היינט באַגינען, אָדער מאָרגן אָדער איבערמאָרגן באַגינען מיט אַ שמע ישראל, מיט אַן „אחד" אויף די ליפּן. אויסגעמיטן האָט ער, מוז ער זיך איצט מודה זיין, צו האָבן קינדער אייגענע. וואָלט ער כאָטש אַדאָפּטירט באַצייטנס אַ יידיש קינד, אַ יתומל, דודלען, למשל, וואָלט איצט געווען ווער עס זאָל זאָגן קדיש נאָך אים.

ס'איז געווען פרילינגצייט. עס האָט אָנגעהויבן טאָגן. דער טוי האָט געדיכט געטריפט פון די ביימער, וואָס זענען, ווי פאַרשלאָפן, געשטאַנען אין נעפל.

די הייזקע, אַרומגערינגלט מיטביימער, האָבן ווי איינגעהילט די בלינדע מאַמע יוכבד, וואָס איז געווען באַגלייט דורך אַ פרוי מיט אַ צלם אויפן האַלדז. דאָס איז געווען אַ הייליקע שוועסטער, וואָס האָט געוואָלט זיך אָפּגעבן מיט דער גוטער, אָרעמער מאַמען.

דער טאָג האָט זיך שוין געשטעלט און זיך געראַנגלט מיט דער בלאָס־ווערנדיקער נאַכט. דער הימל האָט זיך מיט ליכטיקייט צעגאָסן און אַלץ מערער איבער דער וועלט זיך אַראָפּגעלאָזט.

צו דער זעלבער צייט ווען די בלינדע מאַמע האָט איינגעהזרט זיך אירע ראָלע ווי אַ בלינדע, האָט זי מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ געוואַרט אויף דער צווייטער נאַכט, ווען איר זון וועט קומען שלאָפן אין הויז, און אפשר וועט בקרוב אויך קומען זיין פרוי שאַרלאָט. די מאַמע האָט זיי קיין מאָל נישט געפרעגט, וואָס זיי טוען, פאַר וואָס באַוויזן זיי זיך קוים אויף עטלעכע שעהען און פאַרשווינדן מיט אַזוי פיל פאָרזיכטיקייט, אַז קיינער פון די אַרומיקע הייזקעס אָדער ווילעס זאָל זיי נישט זען. איר אינסטינקט זאָגט איר אָן אַ געפאַר, זי שרעקט זיך פאַר יעדן שאָטן און אויך פאַר איר אייגענעם שאָטן, וואָס באַגלייט זי ווי די גוטע קריסטינאַ. קריסטינאַ וווינט אין אַ בוידעם־צימערל. זי גייט יעדן פרימאָרגן אין דער דערבייאיקער קירכע צו די תפילות פון באַגינען.

יענע נאַכט, ווען די מאַמע האָט דערוואַרט איר זון, האָט איר האַרץ געקלאַפּט פאַר פחד. אין דער זעלבער נאַכט איז דניאל געקומען און גלייך אַוועק אין שלאָפצימער, ווו שאַרלאָט האָט שוין אויף אים געוואַרט. זיי האָבן געוווּסט, אַז מיטן באַגינען מוזן זיי זיך ווידער צעשיידן.

זיי האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן אין דער פינצטער. אַלץ אַרום איז פאַרשווונדן, ווען שאַרלאָט האָט דעם ערשטן קוש דערפילט אויף אירע פאַרמאַכטע אויגן. זיי האָבן צווישן זיך נישט גערעדט. די נאַכט האָט ווי אויסגעהויכט איר נשמה אין דער פאַרחלשטער דעמערונג־גרויקייט. פון דער צווייטער זייט הויז, מיט אַ באַזונדערן אַריינגאַנג, איז געלעגן די בלינדע מאַמע מיט אָפענע אויגן.

די דרייצן: פיר פראַנצויזן, דריי אויסלענדישע יידן, צוויי פּאָליאַקן,

איין שפּאַניער, איין רוס, איין דייטש. יוחנן פיגורירט ווי דער סאַמע לעצטער.

אַ שפּראַץ אויף טאָג. דרייצן ערובניקעס. דרייצן מידות — און אַלע פאַרענדיקן זיי זיך מיט אחד...

שמע ישראל, האָט יוחנן אויסגעשריגן, און דעם „אחד" האָט ער לאַנג געצויגן.

## קאַפּיטל 93

די בלינדע מאַמע לעבט איבער טעג און נעכט פון פאַרצווייפלונג. עס איז שוין לאַנג אַריבער די דאַטע, ווען אירע קינדער האָבן געדאַרפט קומען, און מען זעט נישט און מען הערט נישט. יעדע נאַכט זיצט זי אין דער פינצטער אויפן ראַנד פון איר בעט און הערט זיך צו צום מינדסטן שאָרך אַרום איר הויז.

„ווען וועלן שוין נעמען פאַלן די בלעטער פון די קאַשטאַנביימער ?"

דאָס איז געווען אַ געהיימער פּאַראָל־צייכן, וואָס דניאל האָט איר אויסגעטייטשט :

— וועסט זען, מאַמע, אַז ווי נאָר די בלעטער פון קאַשטאַנבוים ביי דיין פענצטער וועלן נעמען פאַלן, וועט קומען די באַפרייונג, די ישועה.

זי ווייסט נישט, צי זי איז איינגעשלאָפן אָדער דאָס איז געשען אויף דער וואָר. זי איז אַרויס אין מיטן נאַכט און גענומען קלייבן די קאַשטאַנ־בלעטער, וואָס זענען געפאַלן אויף דער ערד אָן דעם מינדסטן ווייקרעכץ. זי איז איצט זיכער געווען, אַז די באַפרייונג וועט קומען גאָר שנעל.

איר טרייע באַגלייטערין, קריסטינאַ, האָט איר אין יענעם פרימאָרגן געבראַכט די פריידיקע בשורה, אַז די אַליִירטע אַרמייען האָבן זיך אַרויס־געזעצט אויף די ברעגעס פון נאָרמאַנדיע. שטאַרקע אַמעריקאַנער אַרמייען, צוזאַמען מיט ענגלישע און אַפילו פראַנצויזישע, בראש מיטן גענעראַל לעקלערק. די דייטשע היטלער־אַרמייען זענען נישט אין שטאַנד געווען צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד.

אין די ערשטע טעג פון זומער ניינצן פיר און פערציק זענען די ווידערשטאַנד־גרופּעס איבערגעגאַנגען צום אָפענעם קאַמף. עס האָבן זיך געמערט די קרבנות סיי אין די בערג פון ווערקאָר, סיי אין די וועלדער און אין די שטעט: גרענאָבל, מאַרסיי, טולוז און ליאָן — אין דעם טייל פון פראַנקרייך האָבן געקעמפט יוכבדס קינדער.

פאַר וואָס גיבן זיי נישט קיין צייכן פון לעבן? איר מאַמע־האַרץ האָט נישט אָנגעזאָגט קיין נאָענטע פריילעכע צוקונפט. זי פילט, ווי איר בלוט פליסט אָפּ פון אירע אָדערן.

יוכבד הערט זיך איין אינעם שטילן ווינט. אין אַ תפילה וויל זי געפינען אַ טרייסט, ווי זי וואָלט איצט פאַרוויגט אַ קראַנק קינד, אָבער זי שוועבט איבער צייטן און זי ווייסט נישט מער וואָס איז וואָר און וואָס איז קאָשמאַר. ס'איז שרעקלעך צו טראַכטן און אוממעגלעך צו שווייגן.

מען דאַרף אַ דאָקטאָר — באַשטימט איר באַגלייטערין קריסטינאַ. זי מוז צוהעלפן אָנטאָן די בלינדע מאַמע (רופן אַ דאָקטאָר אַהער טאָר מען נישט). דער דאָקטאָר וווינט אין מיטן שטאָט. און אָט, נאָענט שוין פון דאָקטאָרס טיר, ברעכט אויס, ווי אַ שטורעם, אַ געלויף פון מענטשן. מען שטופּט זיך, מען יאָגט זיך, מען לויפט און מען אַנטלויפט.

די ס. ס.־לייט, אונטער דער אָנפירונג פון דער געשטאַפּאָ, האָבן אַרומגערינגלט די גאַנצע געגנט. זיי כאַפּן מענטשן, זיי שלאָגן מיט גומענע קאַנטשיקעס און טרייבן זיי אין די פּאָליציי־קעטשלעך.

די בלינדע מאַמע שפּילט איר ראָלע מיטן לייכטן ווייסן שטעקן. זי פּאָכעט אויף לינקס און אויף רעכטס, זוכנדיק אַ וועג. דער געלויף פון דער מענטשן־מאַסע ווערט שטאַרקער. די בלינדע מאַמע באַקומט אַ זעץ אין קאָפּ און פאַרלירט דעם באַוווסטזיין.

פון יענער רגע אָן איז זי אויסגעשטאַנען כלערליי טאָרטורן: אַן עלעקטריש ראָד רייסט איר די האָר, אַ נאַקעטע באַקומט זי קלעפּ מיט אַ גומענעם שטעקן. די מויד, וואָס האָט אָנגעפירט מיט די טאָרטור־באַפעלן, האָט געטראָגן אַ קלייד מיט אַ טיפן דעקאָלט. אירע פולע בריסטן האָבן זיך געטרייסלט יעדעס מאָל ווען זי האָט גענומען שרייען אויף דייטש, זי זאָל אָנגעבן אַן אַדרעס, אַ נאָמען: ווער איז זי? פון וואַנען קומט זי?

אויף איר פּעטן האַלדז האָט זי געטראָגן אַ צלמל, וואָס האָט זיך געבאַמבלט צווישן די בריסטן, ווי דאָס צינגל פון אַ מעשענעם גלאָק. נאָך די קלעפּ, וואָס האָבן זי דערפירט צו חלשות, האָט איצט די בלינדע מאַמע זיך ווינציקער געשראָקן.

זי האָט אַלץ מער גענומען אַרויסווייזן סימנים פון משוגעת — זי האָט געשריגן, געשאָלטן און געשפּיגן.

אין די נעכט, ווען מען האָט אַרויסגעפירט צום שיסן און קיינער האָט נישט געוווּסט וועמענס ריי עס איז, האָבן צוויי געשטאַפּאָ־לייט אין ציוויל זי געשלעפּט מיט קייטלעך אויף די הענט איבער די שטאָטישע גאַסן. אפשר וועט איר ווער דערקענען, זיך דערנענטערן צו איר, און אַזוי אַרום וועלן זיי דורך איר באַקומען דעם וועג צו דער אונטערערדישער באַוועגונג. די מאַמע האָט זיי אין כמעט באַוווּסטלאָזן צושטאַנד געזאָגט, אַז זי איז אַ פּאַרטיזאַנקע און פירט אָן מיט אַ גאַנצן שטאַב קעגן די מערדער. די געשטאַפּאָ־אָפיצירן זענען געוואָרן זייער אויפגעבראַכט און אַוועקגעפירט זי אין משוגעים־שפּיטאָל אונטער דער קאָנטראָל פון דאָקטאָר לאַראָש, וועלכער אַרבעט מיט זיי האַנט ביי האַנט.

די בלינדע מאַמע, אַ צעשלאָגענע, מיט אָפענע וווּנדן אויף איר קערפּער, געפינט זיך איצט אין משוגעים־הויז. זי קוקט מיט בלינדע אויגן, אויגן אָפענע, אָבער אויסגעלאָשענע. זי זעט אירע קינדער, אייניקלעך, ברידער און שוועסטער. מיט אירע ביינערדיקע פינגער ווייזט זי זיי: „אָט דאָרט, קינדער מיינע, אַנטלויפט, ראַטעווען זיך!”

ס׳איז געווען האַלבע נאַכט ווען דניאל האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין שווערן שלאָף. ער האָט נישט געקאָנט פונאַנדערטיילן צווישן חלום און וואָר. ער טאַפּט מיט די הענט, כדי צו קאָנטראָלירן, צי איז ער טאַקע אויף זיין בעט. ווו איז ער? אין וואָסער צייט לעבט ער? לעבט ער נאָך בכלל?

אַ שטורעם האָט געריסן די לאָדנס פון פענצטער. דער ווינט האָט אָנגעטראָגן די שוואַרצע וואָלקנס צום פענצטער, ווו דניאל איז געשטאַנען אַ פאַרגאַפטער און זיך צוגעקוקט מיט אַ מין געפיל פון ווילן, אַז די וועלט זאָל אונטערגיין. זאָל נעמען אַ סוף! די וואָלקנס — אָט רייסן זיי זיך

פונאַנדער, צעפאַלן זיך אויף שטיקער, און אָט קומט ווידער אָן אַ שוואַרצע כמאַרע און פאַרשליגגט זיי אַלע צוזאַמען. דער הימל — ווי ער וואָלט זיך צעעפנט און ווידער פאַרמאַכט. דער שטורעם האָט מיט זיינע בליצן צעריסן דעם בלייערנעם הימל.

די ערשטע טראָפּנס זענען צעשמעטערט געוואָרן אויפן אַספאַלט, וואָס האָט זיי געטרונקען מיט איין שלונג. מיט איין מאָל האָט אַ שלאַקסרעגן פאַרפלייצט די גאַסן, די קליינע צעבליטע גערטנער אַרום.

דניאל איז אַלץ געשטאַנען ביים אָפענעם פענצטער, פאַר די בליצן און פאַר די אויפטרייסלענדיקע דונערן. ביי דעם צעריסענעם פרימאָרגן זענען זיינע געדאַנקען געלאָפן אין אַלע ריכטונגען מיט אַ מאָל — צו זיין מאַמע, וועלכע איז געווען אויסבאַהאַלטן אין אַ דערבייִקער קירכע; צו שאַרלאָט, וועלכע איז ערשט נעכטן אַוועקגעפאָרן אין אַ ספּעציעלער געפערלעכער שליחות. זיין בליק האָט געשוועבט איבער די צעבליטע ביימער פון די גערטנדלעך דאָ הינטער דער שטאָט, ווו ער איז געווען באַהאַלטן אַ געוויסע צייט.

דניאל האָט דערזען זיין מאַמע, ווי זי שטייט אַ פאַרגליווערטע, אירע צוויי אָדערדיקע הענט אויפן מויל — איינצוהאַלטן אַ געשריי פון פּחד. זי, די מאַמע, וואָס קאָן נישט לעבן אָן אים, איז אַריינגעשליידערט אין אַזאַ פרעמדער וועלט — ווי אַ בלינדע פרוי.

דניאל קוקט ווי דער רעגן קלאַפּט מיט שווערע טראָפּנס אויף די שויבן. ער דערמאָנט זיך אין דער מיליטערישער תּפיסה אין ליאָן. יעדן באַגינען פירט מען דאָרט אַרויס ערובניקעס צום שיסן.

דניאל פרווט אַנטלויפן פון זיינע מחשבות. ער זוכט זיך צו קלאַמערן, ווי אַ קליין קינד, צו זיין מאַמע; ער זוכט אויפצולעבן די טעג, ווען ער פלעגט זיך טרעפן מיט זיין שאַרלאָט. עס דוכט זיך אים אויס, אַז ער פליט, ווי אַ מאָל, צו שאַרלאָט. אַלץ קומט אים באַגעגענען, אַלץ קומט אים אַנטקעגן מיט אָפענע אָרעמס, און ער פילט זיך, ווי ער וואָלט געווען פעיִק אַריינ־צואָטעמען אין זיך מיט איין מאָל די גאַנצע שיינע, רחבותדיקע וועלט — אין איינעם מיט אירע צעבליטע סעדער. מיט אירע ימען, פעלדזן, טאָלן און וועלדער.

דניאל כאַפּט זיך אויף: דיווירקלעכקייט איז גרויזאַמער ווי דער שרעקלעכסטער קאָשמאַר.

ער — אַ פּאַרטיזאַן, מיט זיין שווערער ראָלע פון אַ קוריער, וואָס באַקומט די באַריכטן, וועלכע ער דאַרף אַריבערברענגען צו די פאַרשידענע אונטערערדישע גרופּירונגען, מאַקיזאַרן און ווידערשטענדלער. ווו איז זיין מאַמע? שאַרלאָט? ווי לאַנג וועט ער דאָ וואַרטן אויף אַ צייכן ווידער אָנצוהייבן זיין אַרבעט?

ער גיט אַ קוק אין זיין קאַלענדאַר־ביכל: היינט איז דער 15 מאַי 1944, דאָס פערטע יאָר מלחמה. אַלע טייכן זענען פול מיט מענטשלעך בלוט. אַלע וועלדער ברענען און פלאַקערן.

אויף אַ צעבליטן בוים שפּרינגען פייגל אַרום פריי פון איין צווייג אויפן צווייטן, זינגען און ליבן זיך. ער דערזעט אויפן הימל אַ רעגנבויגן, איינגעטונקען אין אַזוי פיל פאַרבן. ווו זאָל ער נעמען מוט און גלויבן?

ס'איז טאָקע דער אָנזאָג פון באַגינען־אויפגאַנג, אַ בלאָסער און אַ צאַרטער.

## קאַפּיטל 94

די בלינדע מאַמע געפינט זיך איצט אין אַ ליאָנער משוגעים־הויז. עס איז פאַרוועדט געוואָרן אירע קינדער, און ספּעציעל איר זון דניאל, צו פּרווון אַפילו דערנענטערן זיך צום שפּיטאָל פאַר גייסטיק־קראַנקע. די ווידערשטאַנד־באַוועגונג פּרווט אָנבינדן קאָנטאַקטן דורך די דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטער. ביז איצט זענען די ידיעות נישט קיין גוטע. מען באַהאַלט זיי אויס פאַר איר זון דניאל און אויך פאַר די איבעריקע פון די צוויי משפּחות, וועלכע פּרווון זיך עפּעס דערוויסן.

די דאָקטוירים קאָנען נישט באַווייזן צו געווינען איר צוטרוי, און אַזוי אַרום איז זיי שווער צו דערגיין, צי זי, די מאַמע, סימולירט די משוגעת־אָנפאַלן, אָדער זי איז באמת געוואָרן משוגע פון די טאָרטורן אין די קעלערן פון געשטאַפּאָ.

די מאַמע האָלט פאַרמאַכט די אויגן, ליגט לאַנגע שעהען אין שווייגן, און פלוצלינג נעמט זי שרייען, וואַרפן וואָס עס קומט איר אונטער די הענט. בלויז איין שוועסטער איז געלונגען ביי נאַכט צו באַקומען ביי איר אַ ביסל צוטרוי. זי האָט פּאַמעלעך געעפנט די אויגן, לאַנג געקוקט דורך אירע וויִעס און געגומען עפּעס ברומען, אָבער מיט טאָג צוגלייך האָט זי ווידער גענומען רייסן דאָס העמד אויף איר לייב. מ׳האָט איר ווידער אָנגעטאָן דאָס קאַמיזעל־קלייד און אָוועקגעפירט אין אַ באַזונדערן צימער.

לאַר האָט אים געבראַכט גענויע ידיעות. די מאַמע איז געקומען מיט אַ טראַנספּאָרט גייסטיק־קראַנקע אין שפּיטאָל סענט־אַנטואַן. זי האָט זיך גלייך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט די דאָקטוירים פון דער ווידערשטאַנד־גרופּע, וועלכע אַרבעטן דאָרט. לאַר האָט צוויי טעג שפּעטער זי איינגעאָרדנט אין אַ צימער ביי אַ פראַנצויזישער פאַמיליע. די מאַמע יוכבד האָט אויפגעגעבן אַלע אירע ביטערע און טראַגישע ראָלעס, וואָס זי האָט געדאַרפט שפּילן. זי האָט זי איינגעאָרדנט צוזאַמען מיט חנהלען, וועלכע הייסט אַנאַ בירטאָן.

— און ווי הייסט איצט מיין מאַמע? — האָט אַ פרעג געטאָן דניאל.

— מען רופט זי ראָלאַנד וויקטאָריאַ.

ביידע, דניאל און שושנה, זענען געשטאַנען ביים אָפענעם פענצטער; דאָס איז געווען אין דער נאַכט פון 25סטן יולי. עס זענען געקומען באַריכטן, אַז עס פאַלן ווידערשטענדלער אויף די פאַריזער גאַסן, זייער בלוט רינט איבער דעם שוואַרצן פאַריזער אַספאַלט. די אַטמאָספער איז אַ שטיקנדיקע, מען ווייסט, אַז אָט־אָט קומען אָן די אַלייִרטע, די פאַנצער־אַרמייען פון גענעראַל לעקלערק.

## קאַפּיטל 95

ליאָן איז באַפרייט געוואָרן. אויס געשטאַפּאָ, אויס דאַרנאַן, אויס באַרביע. עס האָבן זיך געעפנט די טויערן פון דער תפיסה מאָנלוק, ווו יוחנן מיט

נאָך צוועלף ווידערשטענדלער, און הונדערטער אַנדערע פּאַרטיזאַנער, זענען דערשאָסן געוואָרן.

דער אויסברוך פון פרייד ביי דער ליאָנער באַפעלקערונג איז אין לשער. דער נקמה־קוואַל האָט זיך געעפנט אַ היפּשע צייט שפּעטער נאָך דער באַפרייונג פון ליאָן. אין דער צווישנצייט האָבן נישט בלויז אַ סך געשטאַפּאָ־לייט, נאָר אויך אַ גרויסע צאָל פון קאָלאַבאָראַציאָניסטן, באַוויזן צו אַנטלויפן פון באַפרייטן ליאָן, ווען מען האָט געהוליעט, געטאַנצט אין די גאַסן, ווי בעת דעם פערצנטן יולי פון פאַר דער מלחמה.

אמת, נישט אַלע דייטשע מערדער האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן, נישט אַלע פראַנצויזישע מוסרים־אויסוווּרפן, און גאָר ווייניק פון די היטלעריסטישע קעפּס־ווייבער אָדער זונות, איז געלונגען צו אַנטרינען אין דער לעצטער שעה. יענע פרויען, וואָס זייערע עס־עסניקעס אָדער דייטשע אָפיצערן האָבן זיי געהאַט איבערגעלאָזט אויפן באַראָט פון דער ליאָנער באַפעלקערונג, האָט מען אָפּגעשוירן די האָר, אויסגעטאָן זיי האַלב־נאַקעט און אַרומגעפירט איבער די ליאָנער גאַסן צו שאַנד און צו שפּאָט.

ליאָן, די הויפּטשטאָט פון דער פראַנצויזישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג איז טאַקע באַפרייט געוואָרן, אָבער פּאַריז איז איצט געוואָרן די סופּער־הויפּטשטאָט, נישט בלויז פון דער פראַנצויזישער, נאָר אין אַ געוויסן זינען — אויך פון דער אַלוועלטלעכער אַנטי־דייטשער רעזיסטאַנס.

יוכבד פרייט זיך אויך, פאַרשטייט זיך, מיט דער באַפרייונג פון ליאָן, אָבער גלייכצייטיק צאַפּלט זיך איר האַרץ פאַר שרעק טאָמער האָט עפּעס וואָס פאַסירט מיט אירע נאָענטע, בעת דער ערב־באַפרייונג פון פּאַריז.

— טו מיר צוליב, האַר פון דער וועלט — טענהט זי מיט איר תחינה־לשון צום רבונו־של־עולם — און טו פאַר מיינעטוועגן און פאַר זייערטוועגן עפּעס אַ נס, עס זאָל מיט זיי גאָרנישט נישט האָבן געשען, חלילה.

כאַפּט זיך אָבער יוכבד, אַז כאָטש גאָט איז אַלמעכטיק, קאָן ער שוין נישט צוריקכאַפּן דאָס, וואָס איז שוין, חלילה, געשען. טאָמער איז, חס ושלום, עמעצן פון זיי געשען אַן אומגליק, קאָן גאָט אים נישט מער צוריק־כאַפּן, סיידן... סיידן תחית המתים.

## קאַפּיטל 96

געקומען זענען די רעשטלעך פון די צוויי משפחות גראָסמאַן און שטיין צוויי שעה פאַרן אָפּגיין פון צוג, און דאָך האָבן זיי נישט געקאָנט זיך דערשלאָגן צו קיין זיצפּלאַץ.

ווי אַזוי זיי האָבן פּאָרט געקאָנט אויסהאַלטן די זיבן שעה אין אָט דעם איבערפולטן צוג ליאָן—פּאַריז, וואָס האָט מיט דער שטיקעניש און ענגשאַפט שיר נישט דערמאָנט אין די דעפּאָרטאַציע־צוגן — איז ממש נישט צו באַגרייפן. די פּאַסאַזשירן זענען געשטאַנען אויף די שפּיץ פינגער, אויף די וואַליזעס, אויף די פּעקלעך.

פון דעסטוועגן האָט זיך געפונען אַ יונגער מאַן, וואָס האָט זיין פּלאַץ אָפּגעטראָטן יוכבדן. די איבעריקע פון די צוויי משפחות האָבן געמוזט זיך צעשיטן אין באַזונדערע וואַגאָנעס און זיך באַגנוגענען מיט שטייפּלעצער.

דודל און חנהלע האָבן זיך געהאַלטן פאַר די הענט, אַנישט וואָלטן זיי געוויס פונאַנדערגעטיילט געוואָרן. די גאַנצע נאַכט איז פאַרביי אין רעדן, אין שושקען זיך. גערעדט האָבן זיי מאַלע וואָס, אַבי די געדאַנקען זאָלן בלייבן וואָך און זיי זאָלן נישט איינדרעמלען שטייענדיקערהייט. דודל האָט ערגעץ־ווו געלייענט, אַז פון אַ „שטייענדיקן חלום" קומט קיין גוטס נישט אַרויס. די בילדער, וואָס אַזאַ מין חלום איז בכוח אויסצומאָלן, זענען צעשטיקלטע, צעבראָכענע, אין דעם רוב פאַלן זענען זיי זייער נישט קיין אָנגענעמע.

זיבן שעה שטייען זיי אויף די פיס אין דער היץ, וואָס טריקנט אויס דאָס מויל, פאַרטויבט די אויערן און רופט אַרויס אַ חלשות־געפיל. קומט פלוצלינג אונטער אַ טונעל, מוז מען תיכף צומאַכן די וואַגאָן־פענצטער. אַנישט, קאָן מען דערשטיקט ווערן פון דעם רויך, וואָס דער לאָקאָמאָטיוו שפּייט פון זיך אַרויס, אַ רויך, וואָס צעשפּרייט זיך אין אַלע וואַגאָנעס.

חנהלע איז מיט אַ קאָפּ נידעריקער פאַר דודלען, קאָן זי אָנשפּאַרן איר קאָפּ אויף זיין פּלייצע און אַזוי אַרום געפינען אין אים אַ באַשיצער קעגן די שרעקבילדער, וואָס שטאַמען אַלע פון איר ביז איצטיקער קאָשמאַרן־וועלט. סיי אין דעם, וואָס דודל רעדט צו איר, סיי אין די פּאָר

דרעמל־מינוטן פון צייט צו צייט, מישט זיך אויס דאָס, וואָס איז שוין געשען און דאָס, וואָס קאָן נאָך געשען.

אַזוי ציט זיך די נאַכט פּאַמעלעך פון מינוט צו מינוט, פון שעה צו שעה, ביז מען קומט צו פאָרן אין דיזשאָן. מענטשן שטייגן אויס פון צוג. די צרה אָבער איז די, וואָס נייע פּאַסאַזשירן שטייגן איין, מער נאָך פּאַסאַזשירן ווי די, וואָס זענען אויסגעשטיגן, און עס ווערט נאָך ענגער אין די וואַגאָנעס.

אין דער צווישנצייט אָבער האָבן דודל און חנהלע באַוויזן צוצוקומען צו דער באָבע יוכבד, כדי אַ קוקט צו טאָן וואָס זי מאַכט. גרויס איז געווען די פרייד ביי דער דאָזיקער באַגעגעניש. די גוטע יוכבד! זי האָט נישט אַנדערש געוואָלט ווי איבערגעבןביידע קינדער איר זיצפּלאַץ. זיי, פאַר־שטייט זיך, האָבן זיך אָפּגעזאָגט און מיט גרויס מי האָבן זיי זיך דורכגע־שטופּט צום קאָרידאָר, ווו זיי זענען פאַרבליבן ביז צו פּאַריז כמעט הענגען אין דער לופט.

## קאַפּיטל 97

פּאַריז! פּאַריז! זאָל לעבן גענעראַל דע גאָל!

געווען אויסרופן אַזעלכע, און דער גאַר דע ליאָן האָט געענטפערט מיט אַפּלאָדיסמענטן אויף די דאָזיקע אַ ביסל פאַרעלטערטע פרייד־אויסרופן.

ווי נאָר זיי זענען אַרויסגעשטיגן פון צוג, איז די קלעמעניש דערגאַנגען ביז צום האַלדז. זי האָט גענומען אַזוי שטיקן יוכבדן, דודלען און חנהלען, אַז עס האָט זיי אַזש פאַרפעלט אָטעם. די איבעריקע: דניאל, שושנה, אירע עלטערן זענען אויך געוואָרן טרויעריק, אָבער אַ געניט אויג וואָלט געקאָנט באַמערקן, אַז זיי קוקן אויס רעזיגנירט, אַז זיי דערוואַרטן שוין גאָרנישט פון פּאַריז אַזוינס, וואָס זאָל שטילן זייער טרויער.

מיט צוויי וואָכן צוריק האָט דניאל דערהאַלטן פון זיין שוועסטער בעלאַ די טרויעריקע ידיעה, אַז האַנס איז געפאַלן. דניאל האָט דאָס דערציילט בלויז שושנהן און רבקהלען, מער קיינעם נישט, אַפילו נישט פּיעראָן.

אפרים האָט זיך דערוווּסט פון זיין אומגליק ערשט מיט אַ וואָך צוריק: זיינע צוויי זין און זיין טאָכטער זענען געפאַלן. זיי זענען געפאַלן מיט געווער אין די הענט. יוכבדן האָט ער פון דעם קיין וואָרט נישט געזאָגט, אָבער וואָס מיט זיין ברודער זשאַק איז געשען, ווייסט ער עד היום נישט.

רעשטלעך פון צוויי משפחות, וואָס זענען פון לאַנג אָן פאַרבונדן צווישן זיך דורך אַ פאַרבלוטיקטן פאָדעם־קנופּ; רעשטלעך פון צוויי משפחות אויפן גאַר דע ליאָן, עטלעכע וואָכן נאָך דער באַפרייונג פון פאַריז. אַ שרעקלעכע געוויסהייט פאַר איינע און אַ מוראדיקע פראַגע פאַר די אַנדערע. די יעניקע, וועלכע קענען שוין דעם שרעקלעכן סוד, איילן זיך נישט צו קומען אַהיים, נישט ווי די אַנדערע פּאַסאַזשירן, וואָס שטופּן זיך צו דער אַרויסגאַנג־טיר פון וואָקזאַל און לויפן צו אַן אויטאָבוס, צו דער מעטראָ אָדער צו אַ טאַקסי. אָבער ווי לאַנג קאָן מען דען בלייבן שטיין מיט די פּעקלעך אין אַ פאַררעגנטן פּרימאַרגן אויף אַ וואָקזאַל? סוף כל סוף מוזן זיי דאָך זיך לאָזן אין וועג אַריין.

נאָר אָט שטעלט זיך פון דאָס ניי אַ פראַגע: וועלכן אַדרעס זאָל מען געבן דעם שאָפער? די דאָזיקע פראַגע איז אייגנטלעך אַלעמענס פראַגע, וואָרעם אויך דניאל און אפרים ווייסן נישט, צי מען וועט זיי גלייך אַריינלאָזן אין זייערע אַלטע היימען. לויט ווי דניאל און אפרים האָבן געהערט, זאָלן זייערע וווינונגען זיין באַזעצט דורך נייע לאָקאַטאָרן, און יוכבדס וווינונג אויפן בעלוויל ווייסט מען אויך נישט, צי זי איז שוין פריי. יוכבד וועט סיי ווי פאָרן צו איר טאָכטער. אָבער דודל און חנהלע, צו וועמען זאָלן זיי זיך איצט קערן און ווענדן? זיי האָבן דאָך אַוודאי נישט וווהין צו פאָרן, סיידן אפשר צו מיסיע לעלאָנג? געוויס, צו מיסיע לעלאָנג!

דריי טאַקסיס זענען נויטיק געווען פאַר די רעשטלעך פון די צוויי משפחות. אין איין טאַקסי האָבן זיך אַריינגעזעצט: יוכבד, דניאל, שושנה און פיעראָ. אין אַ צווייטער טאַקסי האָבן זיך באַזעצט אפרים, זיין פרוי, זיין שוועסטער רבקהלע און דער יינגסטער ברודער, יונהלע.

דודל און חנהלע האָבן גענומען אַ דריטע טאַקסי. געוואָלט האָבן זיי פאָרן מיט דער מעטראָ, ווייל זיי האָבן ביידע אָרום און אָרום פאַרמאָגט זייער אייגנס נישט מער, וואָס עס קאָסטן צוויי מעטראָ־בילעטן. אָבער דניאל

האָט נישט אָפּגעלאָזט: נישט אַנדערש, נאָר מיט אַ טאַקסי זאָלן זיי פאָרן. ער האָט זיי געגעבן פיר הונדערט פראַנק, זיי זאָלן כאָטש די ערשטע פאָר טעג האָבן אויף אויסקומעניש. טאָמער געפינען זיי נישט לעלאָנגן אין דער היים, האָט ער זיי אָנגעזאָגט, זאָלן זיי תיכף קומען צו פאָרן צו רייזעלען און מען וועט זיי שוין איינאָרדענען ערגעץ־ווו ביז וואָס ווען.

לעלאָנג איז ערשט נעכטן אַרויסגעגאַנגען פון שפּיטאָל, ווו ער האָט דורכגעמאַכט צוויי שווערע אָפּעראַציעס. אויף קוליעס איז ער פון שפּיטאָל אַרויסגעגאַנגען. מען האָט געמוזט אים אַמפּוטירן אַ פוס. מען האָלט איצט אין אויסאַרבעטן פאַר אים אַ פּראָטעזע, אָבער געטראָפן האָבן אים דודל און חנהלע אַ שטראַלנדיקן פון פרייד.

ער פרייט זיך, גיט ער די קינדער צו פאַרשטיין די אַלע ניסים, וואָס זענען מיט אים געשען. די באַפרייאונג פון פאַריז איז די הויפּטפרייד, דער הויפּט־נס. דער צווייטער נס איז, וואָס אָפּגעקומען איז ער בלויז מיט איין אַמפּוטירטן פוס. אַ דריטער נס איז מיט אים געשען, וואָס פאַרוווּנדעט איז ער געוואָרן דורך צוויי קוילן — איין קויל האָט באַקומען זיין רעכטער פוס, די צווייטע קויל וואָלט אים געקאָנט קאָסטן דאָס לעבן ווען עס וואָלט זיך בעת מעשה נישט געפונען לעבן אים אַ חבר, אַ דאָקטאָר פון דער ווידערשטאַנד־גרופּע. ער האָט אים אַריינגעטראָגן אויף די הענט אין דער כירורגישער קליניק, און דאָרט האָט מען תיכף געקאָנט אים אָפּערירן. אַ קויל אין בויך איז דאָס געווען.

פאַר דעם חבר, דעם דאָקטאָר, וואָס האָט אים געראַטעוועט דאָס לעבן, דאַרף מען זיך משער זיין, איז די קויל באַשטימט געוואָרן. אין אים האָט דער דייטש זיך געצילעוועט. האָט זיך אָבער געמאַכט אַזוי, אַז לעלאָנג האָט אין דער אייגענער סעקונדע זיך אויסגעגליטשט, און פאַלנדיק, האָט ער מיטגעשלעפּט מיט זיך דעם פאַרטיזאַנער־דאָקטאָר. ער פאַרשטייט עד היום נישט ווי אַזוי דאָס איז געשען — דער דאָקטאָר איז געבליבן ליגן אונטער אים.

— אייגנטלעך — דערציילט ווייטער מיסיע לעלאָנג — האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין דאָקטאָר זשאַק שטיין, אַזוי האָט ער זיך גערופן מיט

זיין ריכטיקן נאָמען, וואָלט מען איצט נישט אייך געדאַרפט אָפּעריִרן, נאָר מיך. וואָרעםביידע קוילן האָבן געזאָלט מיך טרעפן, און טאָמער זיי האָבן פאַרבלאָנדזשעט צו אייך, איז אייער אומגליק מיין גליק.

— אָט ווי — דערציילט וויטער מיסיע לעלאָנג — דער טייערער דאָקטאָר האָט זיך געוויצלט. און זיין הומאָר, קאָן איך אייך פאַרזיכערן, מיינע ליבע קינדער, האָט טאַקע געמילדערט אַ היפּש ביסל מיינע ווייטיקן און צוגענומען אַ גרויסן טייל פון מיין שרעק פאַר דער אָפּעראַציע. מיין בויך־אָפּעראַציע האָט זיך איינגעגעבן, אָבער מיין פוס־אָפּעראַציע — נישט. מען האָט סוף־כל־סוף געמוזט אַמפּוטירן דעם פוס. מילא, זאָל נאָר די פּראָטעזע, וואָס מען האַלט מיר איצט אין מאַכן, מיך נישט דריקן, נישט ווי טאָן, און איך זאָל קאָנען גיין ווי אַ מענטש, נישט אויף קוליעס, וועל איך זיין צופרידן. ס׳איז פאָרט בעסער צו זיין אַ קאַליקע אויף איין פוס, ווי צו זיין אַ מת אויף ביידע פיס.

פאַרגאַפטע זענען דודל און חנהלע געזעסן און האָבן זיך צוגעהערט צו מיסיע לעלאָנגס ניסים, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט.

צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן, קאָן זיין, טראַכט דודל, באַנוצט זיך דער דאָזיקער אַנטי־קלעריקאַלער לערער מיטן אויסדרוק „נס״. דערמאָנט האָט ער דעם דאָקטאָר זשאַק שטיין. הייסט עס, פרייט זיך דודל, אַז זשאַק שטיין לעבט.

חוץ דעם, און פריִער ווי אַלץ, וואָלט ער אָבער געוואָלט, אַז מיסיע לעלאָנג זאָל אים זאָגן, וואָס עס איז געשען מיט זיין מאַמע און מיט חנהלעס מאַמע? אָבער וואָלט אַזוינס געווען מעגלעך, וואָלט דאָך מיסיע לעלאָנג, אַנשטאָט צו דערציילן זיינע אייגענע ניסים, צו ערשט געדאַרפט אַריינוואַרפן אַ וואָרט, כדי צו דערוועקן ביי אים און ביי חנהלען אין האַרצן אַ ברעקעלע האָפענונג. אָבער לעלאָנג מאַכט זיך ווי נישט וויסנדיק, און וועגן די ביידע מאַמעס — קיין וואָרט נישט.

אַ טומל, אַ כאַאָס איז אין דודלס קאָפּ. ער האָט מורא, ער קווענקלט זיך: זאָל ער פּרוּוון אַ פרעג טאָן מיסיע לעלאָנג, צי ער ווייסט עפּעס וואָס וועגן דעם גורל פון זיין מאַמען און פון חנהלעס מאַמען, אָדער ער זאָל וואַרטן ביז ער אַליין וועט אָנהייבן מיט אים צו רעדן דערפון?

# קאַפּיטל 98

מער ווי אַ וואָך איז פאַרביי זינט ליאָן איז באַפרייט געוואָרן, מער ווי דריי וואָכן זינט פאַריז איז צוריק געוואָרן פאַריז... און די רעשטלעך פון די צוויי משפחות גראָסמאַן און שטיין זענען נאָך אַלץ נישט געקומען, נישט צו זיך, אויף זייער אָרט, נישט צו זייער אַמאָליקן געמיט.

פון דודלען און חנהלען איז נישטאָ וואָס צו רעדן. וואָרעם אַפילו אויב זיין היים, דודלס היים, זאָל נישט זיין פאַרנומען דורך אַנדערע פרעמדע מענטשן, וועט ער דאָך אויך נישט קאָנען פועלן ביי זיך צו גיין וווינען איינער אַליין אין אַ שטוב, ווו עס איז מער נישט פאַראַן נישט דער פאַפּאַ, נישט די מאַמאַ. אַזאַ היים איז מער נישט קיין היים. הלוואַי וואָלט זי בעסער צעשטערט געוואָרן דורך אַ באָמבע, דורך אַן אויפרייס!

וואָס שייך חנהלען, קוקט די זאַך אויס אַ ביסל אַנדערש. זי טראַכט פון איר מאַמעשי, פון איר טאַטעשי. זי מאַכט זיך גרויסע פאָרוווּרפן פאַר וואָס זי איז נישט נעכטן, גלייך פון צוג, געפאָרן תיכף צו זיך אַהיים. נישט שוין זשע, פרעגט זי זיך, האָט איר טאַטעשי, דריי וואָכן נאָך דער באַפרייונג פון פאַריז, נישט באַוויזן זיך צו באַפרייען פון זיין משוגעת־שפּיל? און נאָך פרעגט זי זיך, איז דאָס טאַקע געווען בלויז סימולאַציע? זי האָט די גאַנצע צייט קיין איין ידיעה פון אים נישט געהאַט.

וואָלט זי דאָך געדאַרפט, קודם־כל, גיין זיך דערוויסן ווו איר טאַטעשי געפינט זיך איצט און נישט זיצן און אויסהערן וואָס עס איז געשען אין פאַריז פאַר דער באַפרייונג, בעת די צוויי־דריי וואָכן פון פאַריזער אויפ־שטאַנד, און באַלד נאָך דער דייטשער מפּלה.

— אמת — מאַכט צו איר דודל — קום חנהלע, לאָמיר צו ערשט צוגיין צו דיר אין שטוב. וואָס קאָן זיין? איז דיין פאַפּאַ געזונט, איז דאָך נישטאָ וואָס צו רעדן. טאָמער, חלילה, נישט, וועלן מיר מוזן צופאָרן אין שפּיטאָל. איך אָבער, חנהלע, האָב נישט, נישט קיין פאַפּאַ, נישט קיין מאַמאַ... קום חנהלע, ס'איז דאָך נישט ווייט, מיר וועלן גיין צו פוס, ווי אַ מאָל, ווען מיר פלעגן גיין פון שול אַהיים.

דניאל, שושנה און פיעראַ האָבן קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט ווי צו גיין שלאָפן אין אַ האָטעל־צימער. דאָס זעלבע האָבן געמוזט טאָן אפרים, זיין פרוי, זיין שוועסטער און דער קליינער יונהלע. אין זייער געראַכטער דירה האָבן זיך אויך געפונען פרעמדע לאָקאַטאָרן, וואָס זענען מיטן צוריקקום פון דער משפחה שטיין לחלוטין נישט געווען צופרידן און זיי האָבן אַפילו נישט אָנגעהויבן פאַרשטיין, ווי אַזוי אפרים קאָן האָבן פרעטענזיעס אויף דער דירה. צאָלן זיי דען נישט פינקטלעך דירה־געלט? מען האָט געגנוג געליטן פון דער דייטשער אָקופּאַציע, קומט איצט פּלוצלינג צו פאָרן אַ ייד, מען ווייכט נישט פון וואַנען, און וויל זיי פאַריאָגן פון זייער וווינונג...

אפרים האָט געפּרוווט זיי געבן צו פאַרשטיין וואָס עס איז געשען. ער האָט געמוזט אַנטלויפן פון פאַריז. דריי קינדער זיינע זענען געפאַלן אין די שלאַכטן פאַר דער באַפרייונג פון פאַריז. געוויס, האָט ער געטענהט, וועט ער וואַרטן ביז זיי וועלן געפינען אַן אַנדער וווינונג, אָבער די דירה איז זיינע. זאָלן זיי דאָס וויסן און געדענקען.

זיי אָבער, די נייע איינוווינער מיסיע און מאַדאַם ראָלאַנד, האָבן פון גאָרנישט נישט געוואָלט וויסן. זיי האָבן זיך געהאַלטן ביי דאָס זייעריקע: זיי טראַכטן אַפילו נישט צו זוכן אַ נייע וווינונג. דאָ וווינען זיי און דאָ וועלן זיי בלייבן.

איצט וועט אפרים מוזן פאַרפירן אַ פּראָצעס קעגן די נייע לאָקאַטאָרן. אפרים ווייסט, אַז אַזאַ פּראָצעס וועט דויערן געגנוג לאַנג, ביז ער וועט האָבן געפּועלט זיי זאָלן מיט גוטן אָדער מיט בייזן אים אַריינלאָזן אין זיין אייגענער דירה. דערווייל מוז ער זיך באַגנוגענען מיט אַ צימערל אין אַ האָטעל.

מיטן געוועזענעם קאָמיסאַר פון זיין געשעפט, טראַכט אפרים, האָט ער נישט שלעכט אָפּגעשניטן. אַפילו אין ליאָן האָט ער פון אים באַקומען חודשלעך אַן אָנזעעוודיקע סומע, און דחקות האָט ער נישט געליטן. מיט דעם דאָזיקן געלט האָט ער אַפילו אַרויסגעהאָלפן די משפחה גראָסמאַן. ער איז זיכער, אַז דער „אַרישער" זשעראַנט זיינער וועט אים איבערגעבן דאָס געשעפט. וועט זיך דאָרט געפינען אַ ביסל סחורה — איז אַוודאי גוט;

טאָמער נישט, וועט מען ווייטער מוזן קלעטערן באַרג־אַרויף; און אויב, טראַכט ווייטער אפרים, האָט דער דאָזיקער מער־ווייניקער ערלעכער זשעראָנט זיינער אָפּגעלעקט אַ פעט ביינדל פון אפרימס האָב און גוטס — מילא! ווערליק אַנדערע קאָמיסאַרן, איז זיין „אַריער" ממש אַ צדיק.

· ·

מעניל־מאָנטאָן. בעלוויל. גאַסן, געסלעך, בולוואַרן. דוכט זיך, אַלץ ווי אַ מאָל, און דאָך קומט דעם קיילעכדיקן יתום דודל פאָר, אַז אַלץ אַרום אים האָט זיך איבערגעאַנדערשט, און אַזוי שטאַרק, אַז מען קאָן קיין איין זאַך נישט מער באַגעגענען אויף זיין געוויינלעכן אָרט.

חנהלע ווייסט אויך נישט, ווי אַזוי אַרויסצוקריכן פון דער פּרעמדקייט, אין וועלכע זי פאַרפּלאָנטערט זיך אַלץ מער און מער. אָט שפּרייזט זי מיט דודלען, דער איינציקער, וואָס איז איר פאַרבליבן אויף דער וועלט. זי שפּרייזט מיט אים גיך פאָרויס און איר דוכט זיך, אַז אירע טריט פאַר־קירעווען זיך גאָר צוריק, זיי פאַרטראָגן זי נישט וווהין זי וויל אָנקומען...

זי האָט מורא, חנהלע, מורא פאַר די הייזער, פאַר די מענטשן, מורא פאַר דעם אַלעם, וואָס זי וועט זיך באַלד דערוויסן.

דאָס וועטער איז דווקא מילד, נישט הייס, נישט קאַלט — ווי עס פאַסט פאַר אַן אָנהייב סעפּטעמבער אין פּאַריז. און דאָך, זיי ביידע, דודל און חנהלע, זיי האַלטן זיך פאַר די הענט און איין האַנט פילט דעם שוידער פון דער צווייטער. אַלע פופציק מעטער שטעלן זיי זיך אָפּ ביי אַ פרישן אָנגעקלאַפּטן געדענק־טאָוול אויף אַ וואַנט אָדער אויף אַ טויער פון אַ הויז: דאָ איז געפאַלן דער פּאַרטיזאַנער... דעם צענטן אויגוסט 1944... דעם צוועלפטן אויגוסט... דעם דריי און צוואַנציקסטן יולי... אַ קרבן פון די נאַציס... אַ קרבן... אַ קרבן... די געדענק־טאָוולען זענען אַרומגעקראַנצט מיט בלומען, אַלערליי בלומען...

אָט די אַלע — טראַכט דודל — האָבן כאָטש איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ געדענק־טאָוול, אַ קראַנץ בלומען, יענע אָבער, וואָס זענען פאַרשלעפּט געוואָרן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערס און זענען דאָרט אומגעקומען — זיי זענען אַריינגעפאַלן אין אַ תהום, אַזאַ טיפן און פינצטערן, אַז זיי האָבן קיין שפּור נאָך זיך נישט געקאָנט איבערלאָזן.

ווי עס איז געווען פֿאַרויסצוזען, איז סיי חנהלעס, סיי דודלס געוועזענע היים געווען אָקופּירט דורך נייע באַלעבאַטים. און שפּעטער האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז חנהלעס פֿאָטער איז מיט מער ווי אַ חודש צוריק געשטאָרבן אין פּסיכיאַטרישן שפּיטאָל.

פֿון וואָס איז ער געשטאָרבן? אין אַ פּסיכיאַטרישן אַזיל זענען פֿאַראַן נאָך מער קראַנקייטן, ווי אין די אַזוי צו זאָגן נאָרמאַלע שפּיטעלער, וואָס דערפֿירן אַ מענטשן צום גרוב. חוץ די געוויינלעכע מחלות לויערן אויף די פּסיכיש־קראַנקע פּאַציענטן אַן אַ צאָל ביז גאָר אויסטערלישע שונאים, וואָס באַפֿאַלן זיי נישט פֿון דרויסן, נאָר פֿון אינעווייניק. דאָס זענען שונאים, וואָס דער חולה האָט איינער אַליין אויסגעהאָדעוועט ביי זיך אין בוזעם, אָדער אין מאַרך פֿון זיינע צעשטערטע חלומות, פֿאָרשטעלונגען און איינ־רעדענישן.

## עפּילאָג

זונטיק. ווידער זענען פֿאַרגאַנגען דריי וואָכן. ווען פֿרייט זיך אַן אָרעמאַן? זאָגט אַ יידיש גלייכווערטל, ווען ער געפֿינט דאָס וואָס ער האָט פֿאַרלוירן, מעג דאָס פֿאַרלוירענע און צוריקגעפֿונענע גאָרנישט נישט ווערט זיין, אַבי מען איז ווידער אויף עפּעס אַ בעל־הבית, בפֿרט נאָך ווען עס רעדט זיך וועגן זיך גופֿא: מען האָט צוריקגעפֿונען די פֿאַרלוירן־געגאַנגענע פֿרייהייט. איין קליינעקייט: אַרומגיין פֿראַנק און פֿריי אויף די גאַסן, אָן אַ געלער לאַטע אויף דער ברוסט, אָן דער שרעק, אַז אָט־אָט קומט אַ דייטש און פֿאַרשטעלט דיר דעם וועג.

דריי וואָכן זענען אַוועק. אַ וועלט מיט מעשיות האָבן דניאל און שושנה פֿאַר דער צייט זיך אָנגעהערט וועגן דעם, ווי אַזוי עס איז צוגעגאַנגען אויף די באַריקאַדן און אין יעדן ווינקל פֿון פּאַריז איידער די רעזיסטאַנטן האָבן געצוווּנגען פֿאָן שאָלטיצן צו קאַפּיטולירן.

דריי וואָכן. אין צווישן האָט דניאל ווידער גענומען אַרבעטן אין דער אויטאָמאָבילן־פֿאַבריק, און שושנה — אין „אָזע״, ביי די גערעטעוועטע

קינדערלעך, האַלבע אָדער גאַנצע יתומים. דאָ איז פרייד געווען אויסגע־מישט מיט טרויער — פרייד איבער דעם געפונענעם טייל יידישע קינדער, און טרויער איבער דעם גרעסטן טייל פאַריזער יידישע קינדער, וואָס זענען פאַרשלעפּט געוואָרן אין איינעם מיט זייערע טאַטע־מאַמעס, אָדער אין באַזונדערע טויטצוגן אין די פאַרניכטונגס־לאַגערס פון דייטשלאַנד און פון פוילן.

יעדן טאָג זענען צוגעקומען נייע קינדער. מען האָט געדאַרפט קודם־כל פאַריאָגן דעם פּחד פון זייערע אויגן, דערנאָך באַשפּייזן, באַקליידן, באַשוכן, און דער עיקר — היילן. כמעט אַלע זענען זיי קראַנק געווען.

נישטאָ קיין צייט — פלעגט שושנה יעדן אָוונט, צוריקקומענדיק פון דער אַרבעט, זיך באַקלאָגן פאַר דניאלן. נישטאָ קיין צייט, נישט זיך צו פרייען, נישט צו טרויערן.

היינט אָבער האָבן ביידע זיך דערלויבט צו מאַכן אַ שפּאַציר אויף די ברעגעס פון דער סענע. עפּעס ווי נישט ווילנדיק האָבן ביידע זיך דערמאָנט צו גלייכער צייט אין קאַרנאַק, אין אַ שפּאַצירביים ברעג פון ים ערב דעם אויסברוך פון דער מלחמה. קאַרנאַק איז אַ פישער־דאָרף, אין קאַרנאַק געפינט זיך אַ יידישע קינדער־קאָלאָניע. ס׳איז ערב־מלחמה. ווי יונג מען איז דעמאָלט געווען! גאַרנישט זיך משער צו זיין!

— געדענקסט? — טוט דניאל אַ פרעג שושנהן. ער שושקעט איר די פראַגע זיינע אין אויער אַריין.

— געדענקסט? — ענטפערט זי אים אָפּ מיט דער זעלבער פראַגע.

זיי כאַפּן זיך אַרום, זיי קוקן ביידע אויס, ווי אַ פריש־פאַרליבט פּאָרל. דער ים, די סענע — וואָס פאַר אַ גרויסן מהלך האָבן זיי פאַר די לעצטע פיר יאָר געמוזט דורכמאַכן סיי אין צייט, סיי אין רוים, דעם מהלך פון דער שוידערלעכער מלחמה־צייט.

אין דער אמתן אָבער גייען זיי איצט נישט סתם אַזוי שפּאַצירן. אויסגעקליבן האָבן זיי דעם דאָזיקן וועג לענג־אויס דער סענע, אָבער זייער ציל איז דער וואַסערפאַל פון בולאָנער וואַלד, וווּ עס האָט זיך אָפּגעשפּילט די לעצטע פאַרטיזאַנער־טראַגעדיע. דאָס איז געשען בסך־הכל עטלעכע טעג פאַר דער באַפרייונג. קיין דראַנסי האָבן זיי עולה־רגל געווען דעם דריטן

טאָג נאָך זייער צוריקקום אין פּאַריז. אויך אין קאַמפּיען, פון וואַנען דער לעצטער טראַנספּאָרט רעזיסטאַנטן איז דורך די דייטשן פאַרשלעפּט געוואָרן, ווער וייסט וווהין, זענען זיי שוין געווען. אין אַנדערע ערטער אויך אויפן מאָן וואַלעריאַן, למשל, ווו אַזוי פיל יידישע און נישט־יידישע ווידער־שטענדלער זענען דערשאָסן געוואָרן. איצט זענען זיי עולה־רגל צום בולאָנער וואַלד, ווו עס איז פאָרגעקומען די שרעקלעכע עקזעקוציע.

ווי אַזוי דאָס איז געשען, זענען זיי געוויר געוואָרן דורך זייערע באַקאַנטע רעזיסטאַנטן, וואָס האָבן מיט דעם דאָזיקן שוידערלעכן פאַל זיך באַשעפטיקט באַלד נאָך דעם ווי דער דייטש איז פאַרטריבן געוואָרן פון פּאַריז:

אין דער נאַכט פון דעם זעכצנטן אויפן זיבעצנטן אויגוסט, דאָס הייסט עטלעכע טעג פאַרן אויפשטאַנד, האָבן עטלעכע צענדליק אַנגעהעריקע פון דער א. צ. מ. (קריסטלעכע קעמפערישע יוגנט), אַ באַוועגונג, וואָס האָט זיך געהאַט אָנגעשלאָסן אין די פּ. פ. אי. („פאָרס פראַנסעז ענטעריער — פראַנצויזישע אינערלעכע כוחות״) אָנגעקניפּט אַ קאָנטאַקט מיט אַ געוויסן פאַרשוין, וואָס האָט זיך אָנגערופן מאַרשערע. ער האָט זיי דערציילט, אַז געקומען איז ער קיין פּאַריז ווי אַ ספּעציעלער שליח פון לאָנדאָן. ער איז אין שטאַנד, האָט ער זיי דערקלערט, זיי צו פאַרשאַפן דאָס געווער, וואָס איז פאַר דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג געווען אַ לעבנס־פראַגע. אין דער ווירקלעכקייט איז ער אָבער געווען, דער דאָזיקער מאַרשערע, אַ געשטאַפּאָ־אַגענט.

ס׳איז באַשטימט געוואָרן אַ באַגעגעניש אויפן אַנדערן טאָג, דעם זעכצנטן אויגוסט, ביים פּאָרט מאַיאָ. אויפן באַשטימטן אָרט זענען שוין געשטאַנען גרייט דריי גרויסע פאַרמאַכטע קאַמיאָנען. אויף זיי האָבן אַ שפּרונג געטאָן עס־עסניקעס און געשטאַפּאָ־לייט, די פראַנצויזישע יונגע רעזיסטאַנטן אַ שליידער געטאָן אין די קאַמיאָנען און זיי אַוועקגעפירט אויף די דע סאַסעי, אַוועני פאָש און רי לערו, אין די געביידעס, ווו עס האָבן זיך געפונען די טרויעריק־באַרימטע פאַרהער־און פייניקונג־צענטראַלעס פון דער געשטאַפּאָ.

אין דער קומענדיקער נאַכט זענען די פינף און דרייסיק יוגנטלעכע

רעזיסטאַנטן אַוועקגעפירט געוואָרן אין בולאָנער וואַלד און אַלע זענען זיי, ביי דעם וואַסערפאַל אומגעבראַכט געוואָרן.

צום גליק האָבן די מערדער נישט באַוויזן צו אַנטלויפן. אויף דעם משפט זייערן האָבן זיי זיך מודה געווען, אַז דער מאָרד־באַפעל איז געגעבן געוואָרן דירעקט פון גענעראַל פאָן שאָלטיץ, דער זעלביקער גענעראַל, וואָס הייבט איצט אָן אַרומצושפּאַצירן אין דער געשיכטע פון דער באַפרייונג פון פּאַריז מיט זיין ניי־דערוואָרבענעם טיטל: „דער איינציקער איידעלער דייטש, וואָס אים האָט מען צו פאַרדאַנקען דאָס נישט־צעשטערן פּאַריז".

## ביכער פונעם זעלבן מחבר

**די שעה פון בין השמשות** — פאַרלאַג אויפסניי, פּאַריז 1951

**נאָוועלן** — פאַרלאַג יידיש בוך, וואַרשע 1961

**די פיר צייטן** — פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב 1966

LES BRUMES DE l'ETE —
Editions Pavillon, Paris, 1967

**צוויי משפחות**, ערשטער באַנד, פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב, 1971

DANS UNE FORET IMAGINAIRE —
Editions Vendome Opera, Paris, 1975.